# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע

1
יאַנואַר

1988

# אינהאַלט



ײַערע לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד"!
מיר לעבן איצט
אין אַן אויסשליסלעכער צײַט
פון רעוואָליוציאָנערער באַנײַונג,
ווען די שײַן פון אונדזער היימלאַנד,
דערגרייכנדיק צו די ווײַטסטע ווינקלען
פון דער פּלאַנעטע,
באַלײַכט אַלץ נײַע און נײַע טיפקײַטן
פונעם מענטשלעכן פּראָגרעס.
גלאַסנאָסט,
דעמאָקראַטיע,
איבערבויונג
זײַנען אַרײַן אין באַוווסטזײַן
פון דער גאַנצער מענטשהײַט.
גייענדיק אויפן דאָזיקן וועג,
טרעט אַרײַן אונדזער באַליבט היימלאַנד
אין דעם נײַעם, 1988 יאָר.
מיר באַגריסן אײַך האַרציק
מיטן מערקווירדיקן נײַ־יאָר
און ווינטשן אײַך
געזונט און גליק!

רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"



הערשל פּאָליאנקער

# געווען אַמאָל אַ שטעטל

ראָמאַן

## דריטער טייל

קאַפּיטל דרײַ און צוואַנציק

### מוישע ראַביינוס אייניקל

שוין אָוועק, קיין אײַנהאָרע, צוויי מעסלעס, זינט דער עשעלאָן מיט די איבערוואַנדערער טראָגט זיך אױף מיזרעך, און בײַ פּעסיען אין די אויערן הילכט נאָך אַלץ שולאַמיסעס געשריי:

— מאַ־אַ־אַ־מע! איך וויל אַהיים!

נו, געפעלט אײַך עפּעס — זי וויל אַהיים!..

דאָס שרעקלעכע קאָל רײַסט דאָס האַרץ אױף שטיקער און, דאַכט זיך, זי וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. וויפל זי וועט לעבן, וועט עס אַזוי קלינגען אין אירע אויערן.

---

פּאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4, 5, 6, 8, 9, 10, 1987.

זי ווייסט ניט, די קליינע שטיפּערקע, אַז די מאַמע קאָן זיך אויך ניט מוחל זייַן, וואָס זי האָט זיך אַזוי פּלוצעם און אומבאַטראַכט געלאָזט אין אַזאַ ווייַטן וועג, פאַרלאָזט דאָס לייַבלעכע שטעטל, דאָס געסל, דאָס הייַזל לעבן די צוויי אַקאַציעס, וואָס וועלן זיך איר שטענדיק כאַלעמען.

וואָלט כאָטש געווען אַף וועמען זיך בייזערן, אַף וועמען אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ, וואָס זי האָט געוואָרפן דאָס שטיבל, דאָס סעדל, האַקל־באַקל, און וויאָ, הייַדאַ!

מע פאָרט ערגעץ אין אויסרייַסעניש אָנהייבן דאָס לעבן באַנייַס אַ קאָן. זיך אַרויסגעריסן פונעם שטיבל, ווי פון אַ סרייפע און, מישטיינס־געזאָגט, וואָס האָט מען מיט זיך מיטגענומען אין וועג? קאָן מען דען מיט זיך פירן אַלץ, וואָס מע האָט אייַנגעשאַפן פאַר אַזויפיל יאָרן? איבערגעלאָזט דאָס מעבל, דאָס געפעס, דאָס בעטגעוואַנט, אָן אַ שיר זאַכן, וועלכע וועלן איר נייטיק זייַן סייַ אין וועג, סייַ דאָרטן. ווייַל טאַטע־מאַמע האָבן איר נאָך דאָרטן גאָרניט אָנגעגרייט, און די וואָלאַסט האָט בילכערע זאַכן, ווי צו טראַכטן, אין וואָס נייטיקט זיך שויעל דער זיפּנמאַכער מיט זייַן פּלוינעסטע!

אוי, ווען זי האָט ניט מוירע פאַר איר סאָוועסט, פאַר גאָט, וואָלט זי אָנגעפאַלן אַפן מאַן און אים געגעבן אַ גוטן פּעטשאַטעק, וואָלט איר עפּשער געוואָרן אַ ביסל גרינגער. נאָר וואָס איז ער, נעבעך, שולדיק? מיט וואָס האָט שויעל זיך פאַרזינדיקט פאַר איר און פאַר די קינדער? דאָס האָט זי דאָך געוואָלט לאָזן זיך צום טייַערן בענאָק, צו דאָווידקען, געמיינט, אַז אָן איר וועט ער אין דער פרעמד אומקומען. דאָס האָט זיך איר פאַרגלוסט פאָרן אין אויסרייַסעניש, עפּשער וועט זי זיך קענען דאָרטן אויסוויינען אַפן קייווער פון איר שיקען? אַף וועלכע קאָרבאָנעס וועט ניט גיין אַ מאַמע צוליב אירע קינדער?! זי איז אין אַלץ שולדיק. ווען זי וויל ניט, וואָלט מען געבליבן אַפן אָרט, זיך אין ערגעץ ניט גערירט. דאַרף זי פאַרטייַען אין זיך דעם ווייטיק, אָפּטרייַבן פון זיך אַלע שווערע געדאַנקען. אַזוי איז באַשערט, דאַרף מען זיך באַרויִקן און זיך ניט אויפעסן לעבעדיקערהייט. צוליב וועמען זשע לעבט אַ מאַמע, אויב ניט צוליב אירע קינדער? דאָווידקע רופט זי. ער האָט עטלעכע מאָל געשריבן, זי זאָל קומען און מע וועט ניט כאַראָטע האָבן. די בענקשאַפט נאָך אים האָט זי ניט געלאָזט לעבן. ער שרייַבט, וויִאַזוי ער בויט דאָרטן הייַזער, אַז ער האָט שוין באַקומען אַ צימערל און פילט זיך ניט שלעכט. נאָר ווער קאָכט אים דאָרטן אָפּ אַ טעלער זופּ? ווער וואַשט אים דאָרט אויס אַ העמד? ווער גיט אים אייַן אַ רעפוע, מעסט אים די היץ, ווען ער ווערט, כאָלילע, קראַנק? קאָן זי דען רויִק אייַנזיצן פאַר עטלעכע טויזנט ווערסט פון איר ליבלינג?

שלעפּט מען זיך מיטן עשעלאָן און דערווייַל זעט מען ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף.

נאָך אַ גליק, וואָס די קלייינקע שולאַמיס האָט זיך שוין אַ ביסל באַרויִקט. זי האָט זיך שוין צונויפקאָמפּאַנייעט מיט אַ כאַליאַסטרע מיידעלעך און ייִנגעלעך, וואָס האָבן פאַרפולט דעם וואַגאָן, און זי הערט שוין די גאַנצע וועלט פאַר אַ דרייַער. איר איז שוין גוט. אָט שפּילט זי זיך אין באַהעלטערלעך, מע לויפט אַרום איבערן וואַגאָן, מע דראַפּעט זיך איבער די אָנגעוואָרפענע זעק און פּעק, מע לאַכט, מע טומלט, מע שרייַט, מע קערט מאַמעש וועלטן.

און קיינער מאַכט זיי ניט קיין אויסרייד. פאַרקערט, מע איז צופרידן, וואָס די כעוורע זייַנען אַזוי פאַרהאַוועט. זאָגן, אַז זיי זייַנען שטאַרק זאַט פון דעם פּאַיאָק, וואָס מע האָט זיי אַרויסגעגעבן אַפן וועג, קאָן מען ניט. מע נאַרט אָפּ די קישקע מיט אַ שטיקל ברויט און וווּרשט, מיט אַ רעטעכל און אַ ציבעלקע. און מע איז צופרידן. עמעס, אַף אַ גרויסער סטאַנציע, ווען מע פאַרטרייַבט דעם עשעלאָן אין אַ טופּיק און ער שטייט עטלעכע שאָ, כאַפּן די מאַנצבלען די טשייַניקעס און מע לויפט אַוועק אַף דער סטאַנציע נאָך אַ ביסל אָקרעפּ. עס מאַכט זיך אויך, אַז מע ברענגט אַ פּאָר טעפּלעך זופּ און קאַשע, ווערט גאָר יאָמטעוו. מע כאַפּט איבער, דאָס ביסל געקעכטס דערוואַרעמט די נעשאָמע, הייבט אויף באַם אוילעם די שטימונג. און דאָס קליינוואַרג — גאָר אַפן זיבעטן הימל.

פּעסיע זיצט אין איר ווינקל, אין וואַגאָן באַם סאַמע פענצטער, שטריקט וואַרעמע הענטשקעס פאַר די כעוורע, ווייַל זי ווייסט, אַז דאָרטן איז נאָך גאַנץ קאַלט, מע שוויצט דאָרט ניט. פון מאָל צו מאָל וואַרפט זי אַן אויג אַף שולאַמיסן און אירע צוויי שוועסטערלעך, וואָס טראָגן זיך אַרום, ווי די דולע און טראַכטן אויס אַלעמאָל אַ שפּאָגל־נייַע שפּיל.

שויעל האָט זיך נאָך דעם ערשטן טאָג גלייַך געפונען אַ קאָמפּאַניע און מע האַלט אין איין טומלען, קלאַפּן מיט דיביינדלעך איבער אַ טישל. און אין זייער ווינקל איז אָנגערייכערט, מע שרייַט, מע לאַכט, מע איז צופרידן, מע האָט פאַרגעסן אין אַלע צאָרעס! דער איקער באַ די לייצים איז — די ביינדלעך. קיין אַנדערע דייַגעס האָט מען ניט.

די גאַנצע צייַט הערט מען שויעלס שטים. ער שיט מיט כאָכמעס און וויצן, און אַלע, וואָס האָבן זיך צונויפגעשטויסן אין זייַן ווינקל, הערן ניט אויף צו לאַכן.

עס איז פֿריילעך אין שטעטל! געוואָרפֿן די היים, מע טראָגט זיך ערגעץ אין אויסרײַסעניש, קיינער שטעלט זיך ניט פֿאָר, וואָס דאָרטן וועט זײַן, וויאַזוי וועט מען דאָרטן לעבן, נאָר מע איז צופֿרידן. מע לאַכט!

פּעסיע האָט זיך אײַנגעהערט אין זייער טומל, אינעם געלעכטער און זיך געטראַכט: דאַרף דען דער מענטש א סאַך? ווי גיך ער געוווינט זיך צו צו זײַנע צאָרעס!

דער געלעכטער אין יענעם ווינקל און דאָס קלאַפּערײַ פֿון די ביינדלעך ווערט גלײַך נעלעם, ווען דער עשעלאָן דערנעענטערט זיך צו א גרויסער סטאַנציע. די מאַנצבלען כאַפּן די טשײַניקעס, די קאַסטרוליעס, דערנאָך טראָגט מען זיך, ווי די פּאַרסאַמטע, איבערן פּעראָן, און די ווײַבער און קינדער קוקן ארויס דורך די פֿענצטער, מע איז דערשראָקן, שטאַרק באַומרויִקט, צי וועלן זייערע ברויטגעבער, כאָלילע, ניט אָפּשטיין פֿונעם צוג, ניט איבערבלײַבן אפֿן אָרט, ניט פֿאַרפּלאָנטערן זיך צווישן די אַנדערע עשעלאָנען, וואָס שטייען אויף דער סטאַנציע?

קוקנדיק אויף שויעלן פֿון דער זײַט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז מיט אָט די אָרעמע מענטשן איז ער באַקאַנט פֿון וויסעך וויפֿל צײַט, אז ער איז מיט יעדן איינעם אויסגעבונדן. אָבער באַקאַנט האָט ער זיך מיט זיי טאַקע דאָ, אין וואַגאָן. דאָס זײַנען געווען איבערוואַנדערער פֿון וויניצע און בערשאַד, כמעלניק און יאַרמעלינעץ, זוועניגאָראָדקע און טאַלנע, אומאַן און סאָקאָליווקע, כאַשטשעוואַטע און זשאַשקעוו, און בלויז ער איינער איז געווען פֿון באַפּאָליע.

ער האָט זיך באַקאַנט מיט דעם פֿאַרשיידנאַרטיקן אוילעם, געזוכט צווישן זיי אַזעלכע, מיט וועלכע מע וועט זיך קאָנען באַפֿרײַנדן, געפֿינען אַן אַלגעמיינע שפּראַך, ווײַל צווישן אוילעם זײַנען דאָ געווען ניט ווייניק נודניקעס, טעמפּע קעפּ, בייזע לײַט, וואָס קאָנען ניט לעבן, אויב זיי האָבן זיך ניט פֿאַרקריגט מיט די שכיינים פֿאַר א גאָרניט. שויעל האָט זיך באַמיט, אז כאָטש דאָ, אין וועג, זאָל ער זײַן גוט מיט אַלעמען, זיך ניט באַליידיקן, ווען מע פֿאַרטשעפּעט אים מיט א שלעכט וואָרט, א ניט־געלונגענער נאַרישער כאָכמע.

טאַקע דערפֿאַר איז אים פֿון די ערשטע מינוטן געפֿעלן געוואָרן דער „געזוערד“־פּאָרשטייער, וואָס האָט באַגלייט אין ווײַטן וועג דעם עשעלאָן. א הויכער און דאַרער, מיט א שטענדיק פֿאַרדײַגעט פּאָנעם, גלײַך ווי אויף אים שטייט די גאַנצע וועלט, אין אן אָפּגעבליאַקעוועטער סאָלדאַטישער גימנאַסטיאָרקע מיט א ברייטן אָפּגעריבענעם רימען, אין א פּאָר אויסגעקרימטע ברעזענטענע שטיוול, מיט א גראָבן אַלטן פּאָרטפּעל, מיט וועלכן ער האָט זיך ניט צעשיידט, אין א טונקעלער קעפּקע מיט א געפּלאַצטן גלאַנצנדיקן דאַשעק, וואָס האָט זיך געדרייט אפֿן קאָפּ. געהייסן האָט ער מוישע פּינוס, און ווי נאָר ער פֿלעג זיך צוזעצן באַם טישל, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן דערציילן, וויפֿל עשעלאָנען ער האָט שוין באַגלייט קיין ביראָבידזשאַן און אז ער שטעלט זיך ניט פֿאָר, וואָס עס וואָלט געטאָן דער „געזוערד“, ווען ער, מוישע פּינוס, קומט ניט אָן צו אים אַרבעטן און פֿירט ניט אַריבער קיין הונדערטער מענטשן אין יענעם ווײַטן קאַנט... אָט די אַלע מענטשן דאַרפֿן אים אייביק דאַנקען, וואָס ער פֿירט זיי צום נײַעם לעבן. וואָס וואָלטן זיי געטאָן, ווען ניט ער?

שויעל האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אז דער מענטש איז א ביסל א באַרימער, האָט ער אים איבערגעדרייט דעם נאָמען פֿון מוישע פּינוס אויף מוישע פּיניעס. שפּעטער, ווען יענעמס באַרימערײַ איז דערגאַנגען צום העכסטן גראַד און עס האָט זיך באַקומען, אז דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל אין דער גאַנצער איבערוואַנדערונג איז נאָר ער, האָט שויעל געזאָגט, אז וויבאַלד אַזוי, איז דאָס ניט מוישע פּינוס און ניט מוישע פּיניעס, נאָר גאָר מוישע ראַביינו!.. מוישע ראַביינוס אייניקל. יענער ביבלישער מוישע האָט אַרויסגעפֿירט די ייִדן פֿון מיצראַיִם, און דער פֿירט אַרויס די ייִדן פֿון די קליינע שטעטלעך און ברענגט זיי קיין ביראָבידזשאַן... אָבער דער האָט נאָך גרעסערע פֿאַרדינסטן פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, ווי יענער. דער עמעסער מוישע האָט געפֿירט די ייִדן איבערן מידבער פֿערציק יאָר, און דער וועט דעם איניען מאַכן גיכער...

דער אוילעם האָט געקײַכט פֿון געלעכטער, און מוישע פּיניעס האָט ניט אײַנגעזען קיין שפּאַט און עס אויפֿגענומען גאַנץ רויִק. ווי איינער זאָגט: מיילע, זאָל זײַן אַזוי. זאָל זײַן מוישע ראַביינוס אייניקל. צום שידעך און צו זײַן שטעלע וועט עס אים ניט שאַטן...

און מער האָט מען שוין ניט געדאַרפֿט. איבער די וואַגאָנען איז אַוועק א קלאַנג, אז די איבערוואַנדערער פֿירט ניט קיין פּאָשעטער פֿאַרשוין, נאָר אַליין מוישע ראַביינוס אייניקל... מענטשן האָבן זיך ניט אויפֿגעהערט כאָכמענען. ווען מע האָט אים געזען, האָט מען זיך נאָכגעפֿרעגט:

— נו, כאַווער מוישע ראַביינו, ווען וועט איר שוין נעמען אײַער שטעקן און שפּאַלטן דעם יאַם, מיר זאָלן זיך גיכער דערקלײַבן צו אונדזער ברעג?..

יענער האָט אונטערגעשמייכלט:

— נישקאָשע, ניט געזאָרגט... ביז די ערשטע פֿרעסט, וועל איך אײַך ברענגען אויף אָן אָרט און איר וועט ניט כאַראָטע האָבן.

— אוי, פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן...

— וואָס זשע, איך וועל אײַך אונטערפֿירן? איר האָט ניט אַזויפֿיל האָר אויפֿן קאָפּ, וויפֿל עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער איך האָב שוין אַוועקגעפֿירט קיין ביראָבידזשאַן... און קיינער, דאַנקען גאָט, קלאָגט זיך ניט אויף מיר. פּונקט פֿאַרקערט... ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן...

כאָטש שויעל האָט דעם „געזערד"־פֿאַרשטייער באַקרוינט מיט אַזאַ גרויסאַרטיקן צונעמעניש: „מוישע ראַבײנוס אייניקל", נאָר יענער, ווי געזאָגט, האָט זיך אויף אים ניט באַליידיקט. ער איז ניט געווען ביזוויליק, נאָר גוטמוטיק, און צוליב דעם האָט דער עולם ניט אויפֿגעהערט זיך גוט באַצײַען צו דעם שטענדיק פֿאַרדײַגעטן און פֿאַרהאַוועטן „אייניקל", וואָס האָט אַפֿילו ניט ווען זיך אויסרוען, אויסשלאָפֿן, שטענדיק אויף די פֿיס מיט זײַן דיקן, אָפּגעריבענעם פּאָרטפֿעל.

אין פּאָרטפֿעל איז געווען זײַן גאַנצע קאַנצעלאַריע — פֿאַרשיידענע פּאַפּירן און בלאַנקן, אַנקעטעס און, דעריקער, די צעטלען פֿון די מענטשן, וועלכע ער פֿירט מיטן עשעלאָן. פֿאַרלירט ער דעם פּאָרטפֿעל, איז ער אויסגעשטעלט, בלײַבט ער אָן זײַן שטעלע.

מע קאָן אַפֿילע ניט זאָגן, צי האָט ער, דער מוישע ראַבײנו, זײַן באַשטענדיק אָרט אין דעם עשעלאָן, זײַן ווינקל, זײַן געלעגער.

כאַפּן א דרעמל קאָן ער וווּ עס מאַכט זיך, וווּ עס טרעפֿט אים די נאַכט. עפּעס אַפּעסן איז פֿאַר אים אויך ניט קיין קאָמפּליצירטער איניען, אין איין וואַגאָן נעמט ער א קוואָרטל אָקרעפּ מיט א צוקערקע, אין א צווייטן עסט ער אָפּ א שיסעלע זופּ, און ער איז שוין פֿאַרטיק!

אָבער אָפּטער כאַפּט ער זיך אַרײַן אַהער אין וואַגאָן, וווּ עס פֿאָרט שויעל פֿון באַפּאַליע. אָט דער לעבנסלוסטיקער, פֿריילעכער מענטש מיט די קלוגע אויגן און כיינעוודיקן פּאָנעם איז אים געפֿעלן מער ווי אַנדערע. אַנדערע זיפֿצן, זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מע לאָזט אים, מוישע ראַבײנו, ניט רוען, מע פֿאַרשיט אים מיט פֿראַגן, צי איז אין דער טײַגע ניט געפֿערלעך, צי פֿאַלן ניט אָן קיין ווילדע כײַעס, צי וואַקסן דאָרטן קאַרטאָפֿליעס, צי קאָן מען דאָרט מאַכן א לעבן, און ער, שויעל, מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז אַלץ ווייסט ער שוין פֿון לאַנג. ער איז אויפֿגעלייגט און זעלטן וועט איר אים זען אײַנעם אַליין — אָן די אַרומיקע, אָן א מאַמזעריש שמייכעלע אויף די ליפּן. ער לאָזט ניט, אַז די אַרומיקע זאָלן אַראָפּלאָזן די קעפּ און צוטראַכטן ווילדע זאַכן.

האָט טאַקע מוישע פּינוס ניט אומזיסט ליב געהאַט זיצן לעבן אים, זיך אײַנהערן אין זײַנע כאָכמעס און וויצן, זען, ווי שיין ער קלאַפּט מיט די ביינדלעך.

אויך דאָס מאָל איז ער אַרײַנגעקומען אין וואַגאָן, זיך צוגעזעצט לעבן שויעלן און געוואַרט, וואָס וועט יענער זאָגן.

אָבער שויעל האָט אים ניט באַמערקט. ער איז גראָדע געווען פֿאַרטאָן אין זײַן אַרבעט. עס האָט געשמעקט בא אים מיט א דורכפֿאַל־פֿאַרשפּילן, און ער האָט זיך לענגער, ווי געוויינלעך, פֿאַרהאַלטן מיטן גאַנג.

— פּעטער, — האָט זיך עמעצער אָנגערופֿן פֿון די געווינער, — וואָס ציט איר אין דער לאַנגער באַנק? שלאָפּט גיכער, מע דאַרף דעם קישן, כאַוווער מאַזור... גיכער א ביסעלע, אָדער גיט זיך אונטער...

דערהערט דעם נאָמען מאַזור, האָט דער „געזערד"־פֿאַרשטייער א פֿאַרזיכטיקן טאָרע געטאָן שויעלן:

— דאָס זײַט איר מאַזור? עפּעס גאָר א קענטלעכע פֿאַמיליע...

— יאָ... דאָס בין איך מאַזור... — האָט שויעל געענטפֿערט. — אַקעגן וואָס פֿרעגט איר?

— פֿאַראַיאָרן אין דער צײַט, אָדער מעגלעך א ביסל פֿריִער, האָב איך אויך באַגלייט פֿון וויניצע אַן עשעלאָן מיט איבערוואַנדערער... זײַנען פֿאַר דעם אָפּפֿאָרן געקומען צו מיר צוויי ייִנגלעך... איינער אַזאַ שטאַלטנער, א כיינעוודיקער, און דער אַנדערער א געלער. ער האָט געהונקען אויף איין פֿוס... איך זע, דאָס פּאָרל רוקט זיך אויך אין וואַגאָן. אומבאַקאַנטע כעוורע. ווער זײַנען זיי? בא מיר אין די צעטלען זײַנען זיי ניט געווען, און איך האָב זיי געבעטן מיר מויכל זײַן, זיך פֿאַרנעמען פֿונדאַנען... האָבן זיי מיך אָבער געהערט, ווי דעם פֿאַראַיאָריקן שניי, זיי האָבן זיך דורכגעשמוגלט אין וואַגאָן און זיך ערגעץ באַהאַלטן... שפּעטער קום איך אַרײַן אין וואַגאָן און דערקען זיי... מע פֿאָרט!.. האָב איך זיך אויף זיי צעבייזערט און געוואָלט אויף דער נאָענטער סטאַנציע זיי מעשאַליייער זײַן, נאָר דער עולם האָט אָנגעהויבן בעטן פֿאַר זיי, און באַזונדערס א יונג שיין מיידל... טראַכט איך מיר, אַז דאָס זײַנען צוויי פֿעסטע יאַטן מיט ביינער. זיי האָבן זיך אַרײַנגערוקט אין וואַגאָן, טאָ זאָלן זיי פֿאָרן. עפּשער, טראַכט איך, וועט דאָרטן, אין ביראָבידזשאַן, זײַן א שטיקל טאָלק פֿון זיי... אַזעלכע יאַטן דאַרף מען דאָרטן...

און וואָס מיינט איר, זיי זײַנען געקומען אַהין צוגלײַך מיט אַנדערע, און מע האָט זיי בעקאָוועד גאָדל באַגעגנט. קורץ גערעדט, אָט דאָ מיט א פּאָר כאָדאָשים צוריק, ווען איך בין אַהין געקומען, האָב איך זיי באַגעגנט. זיי האָבן זיך גאַנץ פֿײַן אײַנגעאָרדנט, געוואָרן בויער און דער עולם האַלט זייער פֿון זיי... איינער, דאַכט מיר, האָט געהייסן מאַזור... איז דאָס ניט אײַערער א קאָרעוו?

— וואָס זשע, איין מאזור לעבט אױף דער וועלט? — האָט זיך אַרײַנגעמישט א פּולבלעכער יונגער־מאַן, — בא אונדז אין מאָנאַסטירישטשע וווינט מײַנער א קאָרעוו, הייסט ער אויך מאזור. איז וואָס, גייען קאטשקעס באָרוועס, צי גענדז אָן פּלודערן?..

— אוואדע... — האָט איינע א פּרוי זיך אָנגערופן, — בא אונדז אין טעפּליק האָט געוווינט א גאנצע מישפּאָכע מאזורס... וואָס זשע, איין רויטע קו וועט איר טרעפן אין דער טשערעדע?

בא שויעלן האָבן זיך די אויגן צעשײַנט און דאָס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן שטאַרקער. ער האָט זיך צוגערוקט נעענטער צום „געזערד“:

— זאָגט נאָר, און ווי האָט דער באָכער געהייסן?

דער פּאַרשוין האָט מאָדנע א קוק געטאָן אױף שויעלן און א קנייטש געגעבן מיט די אַקסלען:

— וויאַזוי ער הייסט? האָב איך אײַך דאָך געזאָגט — מאזור...

— און דער נאָמען זײַנער?

— דער נאָמען? איך זאָל אַזוי ניט וויסן פון קיין בייזער וועטשערע. איך האָב אײַך דאָך פריִער געזאָגט, אז בא מיר אין די צעטלען איז ער ניט געווען פאַרשריבן... ער האָט זיך אַרײַנגעשמוגלט אין עשעלאָן, און איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט אױף אים... ניט מעשאַליייך געווען...

ער האָט ניט געהייסן דאָוויד? דאָווידקע? — האָט שויעל אומגעדולדיק אונטערגעמונטערט מוישע ראַביינון, און יענער האָט זיך שוין אָנגעהויבן אױף אים בייזערן:

— א מאָדנער מענטש זײַט איר! איך האָב געפירט א גאנצן עשעלאָן איבערוואַנדערער, א גרויס צעטל פון עטלעכע הונדערט פּאַרשוין. וואָס זשע, האָב איך געקאָנט אַלעמען פאַרגעדענקען באַם נאָמען? פון די איבערוואַנדערער מײַנע האָב איך שוין אַזאַ קאַפּ! עטלעכע טויזנט פּאַרשוין אַריבערגע־פירט אַהין... א ווערטעלע אויסצורעדן!..

— שויעל, וואָס זײַט איר צוגעשטאַנען צום מענטשן? דער עמעסער מוישע ראַביינו האָט דאָך אויך ניט געקאָנט פאַרגעדענקען אַלעמענס נעמען...

— שאַ... איך זאָג גאָרניט... — האָט שויעל, ווי זיך פאַרענטפערט, — איך האָב געמיינט... איך האָב געטראַכט...

— רעב שויעל, זאָלן טראַכטן פּערד, זיי האָבן גרויסע קעפּ!.. — האָט זיך אָנגערופן זעליק כײַפעץ — א קליינוווּקסיקער, דאַרלעכער פּאַרשוין מיט א לענגלעכער פּאָנעם און א פּאָר גרויסע ברילן אױף דער שאַרפער נאָז, וואָס איז דעם גאנצן וועג געווען פאַרטאָן אין א גראָבן סײַפער און נאָר פון מאָל צו מאָל אַרײַנגעקוקט אין די ביינדלעך, שטילערהייט עפּעס אונטערגעזאָגט שויעלן. פאַרן אונ־טערזאָגן האָט ער שוין ניט איין מאָל אַרײַנגעכאַפּט א פּעטשאַטעק פון די שפּילער, נאָר דער אומקאָר־וועד האָט אױף אים געווירקט ניט לאַנג. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער שוין געהאַט פאַרגעסן, אז ער האָט אָפּגעלייזט פון די שפּילער און ווידער גענומען אונטערזאָגן.

מע האָט דעם יונגנמאַן פאַרגעלייגט, אז אַנשטאָט אונטערזאָגן און שטערן, וואָלט ער בעסער אַליין זיך געזעצט צום טיש שפּילן, אויב ער איז אַזאַ גרויסער ווייסער, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, דערווײַזנדיק, אז אַנשטאָט זיך פאַרנעמען מיט נאַרישקײַטן, קלאַפּן מיט די ביינדלעך איבערן טיש, וואָלט מען בעסער געלייענט א בוך. ווײַל מענטשן האָבן אָנגעשריבן אַזויפיל שיינע זאַכן, אז עס איז מאַמעש א פאַרברעכן, וואָס מע לייענט ווייניק און מע פאַרנעמט זיך מיט שפּילכלעך. אָט, לעמאָשל, ווען ער, זעליק כײַפעץ, האָט זיך דערוווּסט, אז מע רופט אים אַרויס, קעדיי ער זאָל פאָרן קיין ביראָביד־זשאַן בויען די נײַע געגנט, האָט ער מיט זיך פאַרכאַפּט עטלעכע ביכער, וואָס דערציילן וועגן יענעם ווײַטן קאַנט.

אין בערשאַד איז ער געווען אַן אַפּטייקער, עטלעכע יאָר געהאַט צו טאָן מיט פּראָשקעס, פּיאַווי־קעס, רעצעפּטן. אין ביראָבידזשאַן וועט ער בעטן, אז מע זאָל אים שיקן אױף אַן אַנדער אַרבעט, אױף אַזאַ, וואָס איז פאַרבונדן מיט וועלדער, מיט סעדער. ער וויל אַרבעטן אױף דער פרישער לופט, און אין אַפּטייק זאָל מען שיקן מיידלעך און ווײַבלעך. דערצו נאָך וויל ער וווינען ניט אין שטאָט, נאָר אין א קאָלווירט. ער האָט שוואַכע לונגען, און די בעסטע היילונג איז די פרישע לופט. כוץ דעם, וועט ער בעטן, מע זאָל אים שיקן אין יענעם ווינקל, וווּ עס געפינט זיך קולדור — עס שלאָגן דאָרט רײַכע אונטערערדישע קוואַלן, וועלכע היילן בעסער ווי די טײַערסטע רעפּועס. אָט דאָ אין וועג האָט ער איבערגעלייענט א געשיכטע, וויאַזוי א יעגער האָט מיט א סאַך יאָרן צוריק פאַרוווּנדעט א הירש, און דער הירש האָט שוין געהאַלטן באַם אויסהויכן די נעשאָמע, נאָר געפונען אין זיך קויכעס צוקריכן צו קולדור, וווּ עס איז פאַראַן א הייסער קוואַל, זיך אָנגעטרונקען מיט יענער זויבערער וואַסער און גאָר אינגיכן זיך ווידער געשטעלט אױף די פיס, אַוועקגעלאָפן אין זײַן טשערעדע...

דערהערט פון זעליק כײַפעצעס מויל אַזעלכע געשיכטעס, דערזען, אז דער זעליק כײַפעץ איז ניט קיין פּוסטער אַפּטייקער, נאָר איז גוט באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון עם קאַנט, ווּהין מע האַלט איצט וועג, האָט מען אױף אים אָנגעהויבן קוקן מיט גאָר אַנדערע אויגן און זיך גענומען צוהערן צו אים.

איצט, ווען כײפֿעץ האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך פֿון שויעלן מיט מוישע ראַביינון, דאָס הייסט, מיטן פֿאָרשטייער פֿון „געזערד“, האָט ער זיך אַרײַנגעמישט אין די רייד.

— כאַווער מוישע, איר זאָגט דעם מענטשן, אַז ווען ער וועט קומען קיין בירָאָבידזשאַן, וועט ער גלײַך געפֿינען יענעם באַכער, וואָס הייסט מאַזור... איר האָט שוין, זײַט מיר מויכל, געפּרוווט אַמאָל אָפּזוכן אַ נאָדל אין אַ סטערטע שטרוי? די געגנט, ווי איך האָב געלייענט, פֿאַרנעמט אַזאַ שטעטך ערד, קיין אײַנהאָרע, ווי בעלגיע, שוועדן און גריכנלאַנד און עפּשער נאָך מער... אַ כעזשבן פֿון אַזעלכע פּערציק טויזנט קוואַדראַטע קילאָמעטער, ווו זשע וועט שויעל זוכן דעם באַכער?..

מוישע ראַביינו האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם יונגנמאַן מיט קאַס:

— איך האָב גאָרניט געוווּסט, אַז איר זײַט אַזאַ געלערנטער... איך פֿאַרשטיי נאָר ניט איין זאַך, — פֿאַרוואָס זײַט איר ניט געוואָרן קיין פֿאָרשטייער פֿון „געזערד“ און איר באַגלייט ניט קיין עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער? פֿאַרשטייט זיך, דער קאַנט איז מוירעדיק גרויס, נאָר דערווײַל גייט די בויונג אין שטאָט און אין עטלעכע ראַיאָנען... און עס איז ניט העפקער פּעטרעשקע, אַז מע זוכט דאָרט אַ מענטשן, קאָן מען אים געפֿינען. דאָס זאָג איך אײַך אָפֿיציאַלנע... דערצו נאָך, זײַנען אַלע איבערוואַנדערער פֿאַרעגיסטרירט, מע ווייסט, וווהין מע האָט יעדן איינעם געשיקט אַרבעטן. אַ סאַך זײַנען געבליבן אין שטאָט, ווײַל מע דאַרף וואָס גיכער זי אויסבויען, זי זאָל האָבן אַ פּאָנעם. דערנאָך שיקט מען אַ סאַך מענטשן אין די אַרומיקע קאָלווירטן, ווײַל מע דאַרף דאָך האָדעווען די מענטשן מיט ברויט און מילך, מיט פֿלייש און פֿיש... אַנדערע זעצן זיך אויף דער שיף און שווימען אַוועק מיטן אַמור אַהין, קיין אַמורזעט, אין קאָלווירט, וואָס גיט גרויסע גערעטענישן. פּלאַץ וועט פֿאַר אַלעמען סטײַען, ברויט און צום ברויט אויך. דעריקער, מע זאָל איין זאַך פֿאַרשטיין, אַז קיין לײַדיקגייערס און פּויליאַקעס האָט מען דאָרט ניט ליב...

מוישע ראַביינו האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, נאָכאַמאָל קרום אַ קוק געטאָן אויף דעם בערשאַדער אַפּטייקער, וועלכער האָט געוואָלט פֿאַר די אַרומיקע באַווײַזן זײַן באַהאַווּנטקײַט אין דעם קאַנט און אַז ער איז מער ווייסער פֿון דעם „געזערד“-פֿאָרשטייער. עמעס, יענער האָט, זעט אויס, אַ סאַך געלייענט אין די ביכלעך וועגן דעם ווײַטן מיזרעך, נאָר ער, מוישע פּינוס, איז שוין דאָרטן ניט איין מאָל געווען און ווייסט, ווו אַ טיר עפֿנט זיך.

— זאָגט נאָר, און אַמורזעט איז ווײַט פֿון דער שטאָט בירָאָבידזשאַן? — האָט געפֿרעגט דער בערשאַדער, אָפּווענדנדיק זיך פֿונעם בוך.

— ניין... ניט ווײַט... באַ דרײַ הונדערט ווערסט...

— אַ־אַ! נישקאָשעדיק פֿון אַ מעהאַלעך...

— וואָס זשע מיינט איר, אַזויווי באַ אײַך אין בערשאַד? פֿון איין דאָרף, פֿון איין ראַיאָן ביזן צווייטן איז פֿאָלג מיך אַ גאַנג! דאָס זאָג איך אײַך אָפֿיציאַלנע... נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. מיט דער צײַט וועט מען דאָרט לאָזן שנעלצוגן... איך האָב ערגעץ געלייענט, אַז אין יאַפּאָניע, ניט ווײַט פֿון בירָאָבידזשאַן, גייען צוגן צו דרײַ הונדערט ווערסט אַ שאָ... עס וועט קומען אַ צײַט, וועלן אונדזערע צוגן אויך לויפֿן אַזוי גיך, ווי דאָרטן... נו, און מע וועט קענען אַהין פֿלִיען אויף אַעראָפּלאַנען, וועט זײַן נאָך גיכער...

דער בערשאַדער אַפּטייקער האָט געקוקט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אויף דעם צעהיצטן „געזערד“-פֿאָרשטייער און זיך אָנגערופֿן:

— כאַווער, וואָס האָט איר זיך צערעדט וועגן די צוגן און אַעראָפּלאַנען? מיר טראַכטן ניט אַוועקפֿאָרן צוריק אַהיים... האַלעווײַ וואָלטן מיר זיך שוין דערקליבן אויף אַן אָרט און דאָרט וועלן מיר זיך שוין אַן אייצע געבן...

— אָט אַ־דאָס פֿאַרשטיי איך דיבורים! — האָט זיך דערפֿרייט מוישע ראַביינו, — און איך האָב געמיינט, אַז עמעצער טראַכט שוין וועגן פֿאָרן צוריק...

— ניין, כאַווער פּינוס, — האָט זיך אַרײַנגעמישט אינעם געשפּרעך אַן עלטערע פֿרוי, וואָס איז געזעסן אויף אַ גרויסער געפּלאָכטענער קאָרזינע, — זאָל גאָט העלפֿן, מיר זאָלן זיך וואָס גיכער דערקלײַבן אויף אַן אָרט. אײַך איז גרינג צו פֿאָרן אַהין, אַהער... די מעלוכע צאָלט אײַך. און אויב מיר וועלן פּרוּוון זיך אומקערן אַהיים, דאַרף מען דאָך האָבן אַ מאַיאָנטעק וועג־געלט. איין בילעט אָפּן צוג קאָסט דער רועך ווייסט וויפֿל...

— מיר זאָגט איר, מומעניו, איז גרינגער? — האָט מוישע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — איר מיינט, אַז דאָס איז אַזוי גרינג אַלעמאָל פֿאָרן מיטן צוג אַהער צען טויזנט ווערסט און צוריק אַזויפֿיל? מע שלאָגט זיך אַרויס פֿון די קויכעס. איר פֿאָרט ערשט דעם דריטן מעסלעס, און איך זע, אַז איר קרעכצט שוין... הײַנט איך? איך האָב שוין דורכגעמאַכט דעם וועג אַהין און צוריק אַ מאָל צוועלף...

אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, האָט ער געענדיקט:

— אויס! איך וועל קומען מיט אײַך אויפֿן אָרט, וועל איך אָנשרײַבן אַ מעלדונג מײַנע נאַטשאַלניקעס, אַז מער פֿאָר איך ניט! גענוג! זאָל עמעצער אַן אַנדערער אַ פּרווו טאָן! פֿון מײַנעטוועגן וועט

זײַן געגוג. איך וועל זיך צוזוכן אין ביראָבידזשאַן אַן אַרבעט, אַ צימערל און זיך מער ניט אַרומשלעפּן מיט די צוגן, ווי אַ ציגײַנער. דאָס מעלדע איך אײַך אָפּיציאַלנע...
ניט אַנדערש, ווי מושע ראַביינו מיטן בערשאַדער האָבן זיך געזעצט אויף זייערע פערדלעך און אַרײַנגעפאָרן טיף אין די ביראָבידזשאַנער איניאַנים. זעט אויס, אַז יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט איינעם דעם אַנדערן דערווײַזן, אַז ער ווייסט מערער. שויעל האָט זיך צוגעהערט, ווי דאָס פּאָרל אַמפּערט זיך, נאָר אים האָט ניט געלאָזט רוען דאָס, וואָס מושע האָט פריִער דערציילט וועגן די צוויי יינגלעך, וועלכע ער האָט פאַראיאָרן געוואָלט מעשאַלייעך זײַן פוגעם עשעלאָן...
אַ שאָד, וואָס דער פּינוס האָט ניט פאַרגעדענקט די נעמען פון די יינגלעך. נאָר ווי ער האָט זיי אויסגעמאָלט, האָט מען געקאָנט זיך אָנשטויסן, אַז דאָס זײַנען געווען דאָווידקע און יאָשקע מיטן הינקעדיקן פוס.
עס האָט זיך יאָ געגלייבט און ניט געגלייבט.
און טאַקע, ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? וואָס פאַר אַ רועך האָט געקאָנט פאַרפירן די מאַזיקים אין עשעלאָן, וואָס איז אָפּגעפאָרן פון וויניצע קיין ביראָבידזשאַן? ווער האָט זיי געטריבן אַהין? עפּעס האָט זיך ניט געלייגט אויפן געדאַנק, אַז דאָס האָט ער אָפּגענומען אַן אומדערוואַרטן גרוס פון זײַן בענאָק. און יאָשקען, זאַלמען דעם באָנדערס טאַכשיט, אַז דאָס זײַנען זיי טאַקע געווען און ניט קיין אַנדערע.
און וואָס איז דער כידעש, די כעוורע זײַנען דאָך טאַקע דאָרטן. דאָס שלעפּט ער זיך מיט דער גאַנצער כעווריײַע צו זיי. איבער אים, דאָווידקען, פאָרט מען אַזוי ווײַט...
שויעל האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף מיט דער אומדערוואַרטער בסורע זיך טיילן מיט דער פלוינעסטע. וואָס וועט זי זאָגן דערצו?
ער איז אַוועקגעגאַנגען אין יענעם ווינקל, וווּ עס איז געזעסן אויף די זאַכן פעסיע און געשטריקט אַ וואַרעמע שקאַרפּעטקע. ער האָט אַלץ פּינקטלעך אויסדערציילט און געמיינט, אַז ער וועט זי דערפרייען, נאָר זי איז גאָר אָנגעפאַלן אויף אים:
— אַ קלוגער, אַ קלוגער, נאָר אַ נאַר! אַזוי האָסטו, מײַן טײַערינקער מאַן, ליב צו פּלאַפּלען און שיטן מיט ווערטער און כאָכמעס, ווי פון אַ זאַק, פאַרוואָס זשע האָסטו זיך פּאַדראָבנע ניט געקאָנט דערפרעגן, וואָס און ווען?
— ווײַל מושע ראַביינו געדענקט ניט פּינקטלעך דעם נאָמען פון די כעוורע...
פעסיע האָט דערהערט דאָס וואָרט „מושע ראַביינו”, האָט זי זיך דערשראָקן, געמיינט, אַז שויעל האָט גענומען אַ קויסע און איז שיקער, אָדער ער איז, כאָלילע, אַראָפּ פון די געדאַנקען.
— וואָס פאַר אַ מושע ראַביינו? וואָס דרייסטו אַ ספּאָדעק, וואָס רעדסטו?
— נו, מושע ראַביינו... אונדזער „געזערד”־פאָרשטייער... מושע פּיניעס, וואָס באַגלייט אונדזער עשעלאָן קיין ביראָבידזשאַן.
— אָט אַזוי זשע רעד! וואָס זשע קער זיך אָן אַהער מושע ראַביינו?
— וואָס אַרט עס דיך? אַז אים אַרט ניט, וואָס מע האָט אים געגעבן אַזאַ צונעמעניש, דאַרף עס דיר קאָראָבען?..
— ווער האָט עס אים געגעבן אַזאַ צונעמעניש? — האָט זי אים דורכגענומען אויף דורך און דורך מיט אירע גרויסע אויגן. און, באַמערקט, ווי שויעלס גוטמוטיק פּאָנעם האָט זיך צעשמייכלט, זיך צעשײַנט, ווי דער מאָרגנשטערן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זײַן זײַן שטיקל אַרבעט. זי האָט אַ לענגערע ווײַלע מיט פאָרוואורף געשאָקלט מיטן קאָפּ.
— נו, באַלטאַכלעס מײַנער, איז עפּשער וועסטו מיר דערציילן מיט אַ טאָלק, וואָס האָסטו זיך דערוווּסט וועגן אונדזערע זון? דערצייל שוין גיכער!
— איך האָב זיך דערוווּסט דאָס, וואָס דו האָסט זיך דערוווּסט... איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט, צי איז יענער מאַזוזע אונדזער בענאָק...
זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: אויף דיר קאָן מען זיך שיין פאַרלאָזן, און, פאַריכט מיט דער האַנט די צעשויבערטע האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון אונטער איר געקווייטלט קאָפּטיכל, אַוועקגעלאָפן אין צווייטן עק וואַגאָן, ווו עס האָט זיך געאַמפּערט דער „געזערד”־פאָרשטייער מיטן בערשאַדער אַפּטייקער.
אָבער אומזיסט האָט זי זיך אַזוי געבייזערט אויפן מאַן.
מושע ראַביינו, דאָס הייסט, מושע פּיניעס, אָדער מושע פּינוס האָט איר איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט פריִער געזאָגט איר מאַן, און זאָל זי זיך אָפּטשעפּען. ער פירט פון אוקראַיִנע קיין ביראָבידזשאַן עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער, טויזנטער מענטשן, איז ער ניט מעכויעוו וויסן יעדן איינעמס נאָמען. מע וואָלט געדאַרפט האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, און ער איז אַ פּאָשעטער מענטש, אַ דעמאָביליזירטער סאָלדאַט און פילט ערלעך אויס זײַן כויוו. וואָס פאַר אַ טײַנעס קאָן מען צו אים האָבן? זאָל מען זיך אָפּטשעפּען פון אים, ווײַל ער האָט געגוג דײַגעס אָן איר זון...

און פעסיע האָט זיך, נעבעך, אומגעקערט אַף איר אָרט מיט אָפּגעשלאָגענע פליגל.
זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אומזיסט און אומגעשט איז זי אָנגעפאַלן אַף איר שויעלן, וואָס איז געווען, נעבעך, גאָט די נעשאָמע שולדיק.

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# אין וועג איז ניט אומעטיק

דאַכט זיך, אַז קיינער פון די אויסגעמאַטערטע פאַסאַזשירן האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז דער וועג האָט ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף.

מע האָט שוין פאַרגעסן אינעם כעזשבן, ווו מע האַלט אין דער וועלט.

די ערשטע עטלעכע טעג, ווען מע האָט געקוקט אין פענצטער, האָט מען געזען גרויסע און קלענערע סטאַנציעס, וואָקזאַלן, איבערפולט מיט מענטשן, וועלכע לויפן צעהיצטע און צעפּאַליעטע מיט זייערע טשעמאָדאַנעס, זעק און פּעק. וווּהין איילן אַזויפיל מענטשן? וווּהין טראָגן זיי זיך? עס גיסן רעגנס, ס׳בלאָזן ווינטן, ס׳איז אַ ראַש און אַ טומל, מע טראָגט זיך ערגעץ — עק וועלט!

פאַרוואָס קאָן מען ניט, טראַכט זיך שויעל, זיצן אינדערהיים און זיך וואַרעמען, זיך אויסרוען די ביינער? דערצו נאָך, דאַרף מען דאָך האָבן אַ בייטל געלט אַף קויפן בילעטן מיט פּלאַצקאַרטעס, קויפן דאָס און יענץ, מע זאָל אין וועג ניט כאַלעשן פון הונגער.

אָט ער מיט פעסיען, מיט די איבערוואַנדערער, מיט מוישע ראַביינו, מיט אָט דעם יונגנמאַן פון בערשאַד, דעם אַפּטייקער מיט די גרויסעברילן, אָט די גאַנצע כעווריַע — זיי פאָרן אַף אַ ניי אָרט, קיין בירָאָבידזשאַן אַפן מעלוכישן כעזשבן. ער מיט פעסיען מיט די קינדער פאָרן צום בענאָק, נאָך וועלכן מע האָט זיך שטאַרק פאַרבענקט, נאָר וווּהין טראָגט זיך אַרום אָט די כוואַליע מענטשן פון יענער זייַט וואַגאָן-פענצטער?

אַ מאָדנע באַשעפעניש דער מענטש! ער קאָן ניט איינזיצן אַף איין אָרט. פאַרלאָזט די היים אין מיינט, אַז אין וועג וועט אים זיין בעסער, פרייַלעכער. אַ נעכטיקער טאָג!

וואָס ווייַטער מע איז אָפּגעפאָרן פון די היימישע מעקוימעס, אַלץ מער האָבן זיך געענדערט די בילדער פון יענער זייַט פענצטער. שוין ווייניקער גרויסע רוישיקע סטאַנציעס און וואָקזאַלן, אַלץ מערער פּאַלוסטאַנקעס, דערפלעך. עס האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזט די סאָסנאָווע וועלדער, וועלכע זייַנען געשטאַנען באַ ביידע זייַטן פון אייַזנבאַן-וועג, עס האָבן זיך אויסגעשטעלט באַם סאַמע וועג אָנגעכמורעטע, אָנגעדראָלענע יעלן מיט ברייט-צעוואָרפענע קרוינען, ווי זיי וואָלטן געווען אומצופרידן, וואָס עס קומט זיי דאָ אויס שטיין און אָפּהיטן דעם אומעטיקן אַרום.

און מענטשן אַף די סטאַנציעס האָבן עפּעס אויך אויסגעזען אָנגעכמורעט, אומצופרידן. עמעס, פון מאָל צו מאָל זייַנען די יעלן אָפּגעטראָטן, און ס׳האָבן זיך געיאַווועט יונגע און אַלטע בערעזעס, ווייַסע, ציכטיקע, צוגעפּוצטע, ווי זיי זאָלן זיך גרייטן צו אַ יאָמטעוו, און, קוקנדיק אַף זיי, איז געוואָרן ליכטיקער און פרייַלעכער אַפן האַרצן...

דער אוילעם איז געזעסן אין די וואַגאָנען. מע האָט שוין איבערגעשפּילט אין אַלע שפּילן, זיך דורכגעוואָרטלט מיט אַלע שכיינים, זיך אָנגערעדט, ווי אַ פויק אַף אַ כאַסענע, און קיין סאָף צו דער רייַזע האָט מען נאָך אַלץ ניט געזען. ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז מען פון די וואַגאָנען אַראָפּגעשפּרונגען מיט די קעסעלעך, טעפּלעך און טשייַניקעס, זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, ווו מע האָט פאַר די פאַסאַזשירן צוגעגרייט דעם וואַרמעס, דאָס ביסל געקעכטס. לעבעדיק איז דאַן געוואָרן אין די וואַגאָנען, מע האָט זיך גענומען פאַר דער אכילע...

ווען שויעל האָט גענומען זייַן שיסעלע מיטן ביסל געקעכטס און זיך צוגעזעצט איבערכאַפּן דעם הונגער, האָט זיך לעבן אים צוגעשאַרט כייפעץ, דער אַפּטייקער פון בערשאַד. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט הערן שויעלס דערציילונגען, זייַנע כאָכמעס. און צוליב זייַנע גרויסע דיקע ברילן, האָט דער יונגערמאַן, ווי נאָר ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן שויעלן, אַזוי איז ער גלייַך פרייַלעכער געוואָרן, ער האָט אַפילע דעם בוך אָפּגעלייגט אין אַ זייַט.

— איר ווייסט, רעב שויעל, וואָס איך וועל אייַך זאָגן, — האָט זיך אָנגערופן כייפעץ, אייַנקוקנדיק זיך אין די שוואַרצע וועלדער, וואָס זייַנען געלאָפן פון יענער זייַט פענצטער, — ווי נאָר איך האָב זיך פאַרשריבן אַף דער פּערעסעלעניע, האָב איך זיך גלייַך גענומען פאַר די ביכער, אַ קוק טאָן, וואָס איז דאָס פאַר אַ קאַנט בירָאָבידזשאַן? אַ סאַך געלייענט. אַ גוואַלדאָוונע רייַכער קאַנט! נאָר איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַזוי ווייַט און מע דאַרף אַזוי לאַנג פאָרן אַהין...

— נישקאַשע, טײַערער, ניט געזאָרגט. דעריקער — ניט געזאָרגט! יעדער וועג, אויב ער האָט אַן אָנהייב, מוז ער האָבן אַ סאָף... — האָט, אויסווישנדיק מיט אַ שטיקל פּאַפּיר דעם לעפּל, געזאָגט שויעל. — צופּוס גייט מען ניט? עסן גיט מען? איז מאַכעטייסע! מע וועט כאָטש זען אַ וועלט... דאָס, וואָס מיר זעען, האָט זיך אונדז אַפילע ניט געכאָלעמט... קאַלזמאַן אונדזער מוישע ראַביינו זאָרגט פאַר אונדז, וועלן מיר ניט פאַרפאַלן ווערן. מע לאַכט פון אים, מע טרײַבט קאַטאָוועס, נאָר ער זאָרגט גוט אין וועג פאַרן אוילעם. זאָל אים גאָט געבן געזונט און קויכעס. לויט דעם, ווי עס קומען אונדז אַנטקעגן נײַע ביימער, די טײַגע, איז אַ סימען, אַז מיר דערנעענטערן זיך...

— יאָ, מיר דערנעענטערן זיך, — האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ כייפּעץ. — שוין עטלעכע טעג, ווי איך זע פון יענער זײַט פּענצטער די טײַגע, נאָר עס איז נאָך אַפּאָנעם גאַנץ ווײַט. ווי זאָגט עס דאָס אוקראַיִנישע ווערטל: „ביז די זון וועט אופגיין, וועט די ראָסע די אויגן אופּעסן...“

— ניט געזאָרגט, ברודער־לעבן, — האָט איבערגעשלאָגן שויעל, — איך גלייב, אַז אונדזער מוישע ראַביינו וועט אונדז דערפירן קיין ביראָבידזשאַן גיכער, ווי יענער, דער ביבלישער מוישע, האָט געפירט די יִדן פון מיצראַיִם איבערן מידבער... דאַכט מיר, פערציק יאָר?

— וויפל, וויפל? — האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ דער בערשאַדער אַפּטייקער. — פערציק יאָר האָט ער געפירט זײַנע פּערעסעלענצעס איבערן מידבער?

— איך ווייס? מע זאָגט אַזוי... פערציק קײַלעכיקע יאָר האָט ער זיי, נעבעך, געפירט... פערציק, ווי איין טאָג...

— וואָס זשע, עס איז געווען אַזוי ווײַט?

— ניין, גאָרניט ווײַט. נאָר אַזוי האָט דער אַלטער מוישע ראַביינו אויסגעכעזשבנט. כאָטש מע האָט געקאָנט דערגיין פאַר עטלעכע טעג, ניט מער...

— זעט אויס, די טיפע זאַמדן פון מידבער האָבן אים געשטערט, די גרויסע היצן... קיין צוג איז דעמלט ניט געווען.

— ניין, ברודערקע, — האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ שויעל, — איר האָט ניט געטראָפן. ניט דאָס, ניט יענץ... ווי מע גיט איבער, איז מוישע ראַביינו געווען ניט קיין נאַר. אַפילע אַ שטיקל כאָכעם, אויב איר ווילט... — האָט שויעל זיך אָנגערופן און, זעענדיק, ווי דער בערשאַדער און די אַרומיקע מענטשן, וועלכע זײַנען זיך צו דעם ווינקל צונויפגעגאַנגען, הערן מיט קאָפּ, האָט ער פאַרגעזעצט:

— ווען יענער מוישע האָט אַרויסגעפירט די יִדן פון מיצראַיִם, האָט ער טאַקע געטראַכט, אַז ער וועט דאָס געשעפט דורכפירן פאַר עטלעכע געציילטע טעג און עס וועט זײַן כײַ־געלעבט, פאַרטיק די פּיש! נאָר וואָס זשע, דעם דריטן טאָג האָט ער דערזען, אַז זײַן כאַליאַסטרע איז מעסוקן צעבאַלעוועט און ווייסט ניט פון קיין דיסציפּלין, הערט זייער וועגווײַזער, דאָס הייסט, מוישען, ווי דעם ווינט אין פעלד. די מענטשן טוען, וואָס זייער לינקע פּיאַטע וויל, און כאָטש רעד צום לאָמפּ! ער זאָגט זיי: אוליסי, און זיי זאָגן — אוסטריסי, אַ צעבונטעוועטע טשערעדע, און אויס! עס העלפט ניט מיט גוטן, ניט מיט שלעכטן. ער גיט זיי אַ קאָמאַנדע, און זיי לאַכן אים אויס, קוקן אַף אים, ווי ריאַבטשיק אַפן טאַטן. הער נאָר אַ מײַסע! גענומען אַף זיך אַזאַ אָל, און זיי...

דער אַלטער איז דאַן אַוועק אין די בערג און זיי געבראַכט די צוויי לוכעס, אַף וועלכע עס זײַנען אויסגעקריצט די באַרימטע האַסערעס האַדיבערעס, די צען געבאָטן, ווו עס זאָגט זיך: זאָלסט ניט גאַנווענען, זאָלסט ניט הארגענען, היט אָפּ דעם אָפּרו־טאָג, זוך זיך ניט קיין נײַע געטער, גלוסט ניט צו פרעמדע ווײַבער, שאַנעווע דײַנע עלטערן, זאָג ניט קיין פאַלשע איידעס...

איז, דאַכט זיך, גוט, האָט ער געמיינט, — יענע וועלן זיך דערוויסן וועגן די געבאָטן און זײַן צופרידן. נאָר אַ נעכטיקער טאָג! ביז מוישע איז דאָרט געזעסן באַם אייבערשטן אין קאַנצעליאַריע און מע האָט אויסגעאַרבעט די צען געבאָטן, האָבן זײַנע כעווורע דאָ, אין מידבער, זיך צוגעטראַכט אַן אַנדער גאָט, און רוף זיי קנאַקניסל! ער לייענט פאַר זיי די געבאָטן, און זיי לאַכן פון אים. האַקיצער, דערזען אַזאַ מיִעסע געשיכטע, האָט ער זיך באַטראַכט: ניין, ברידערלעך, מיט אַזאַ כאַליאַסטרע וועסטו קיין קאַשע ניט אָפּקאָכן. אַ רועך אין אײַער טאַטנס טאַטע! — איז מוישע אַרײַן אין גרימצאָרן. — וויבאַלד איר זײַט אַזעלכע פּאַסקודניאַקעס, וועל איך אײַך אָפּטאָן אַ שפּיצל, איך וועל מיט אײַך ריידן גאָר אַנדערש. איר וועט דאָ באַ מיר בלאָנדזשען אין דער מידבער אַ כעזשבן פון אַזוינע פערציק יאָר!..

זעליק כייפּעץ, דער בערשאַדער אַפּטייקער, האָט אַרויסגעלאָזט אַ שטאַרקן געלעכטער:

— רעב שויעל, וואָס הייסט — פערציק יאָר? וואָס איז דאָס פאַר אַ כעזשבן?

— לאַכט ניט, יונגערמאַן, וועל איך עס אײַך דערקלערן, ווי אַ פּאַשעטער באַלמעלאָכע פאַרשטייט מיט זײַן קאָפּ... — האָט אָפּגעשטעלט דאָס געלעכטער שויעל, — מיינט ניט, דער מוישע איז ניט געווען קיין נאַר. ער איז געווען אַ נאָווי מיט אַן אייגענעם קאָפּ. ער האָט באַטראַכט די זאַך אַזוי, אַז ער טאָר אַזאַ כאַליאַסטרע ניט פירן צווישן לײַטישע מענטשן. זיי זײַנען ניט דערצויגן און זיי איבערמאַכן איז ניט שײַעך. זיי הערן אים פאַר אַ דרײַער. וועט ער זיי פירן איבער דער מידבער פערציק יאָר און

פאַר דער צײַט וועט אויסוואַקסן אַ נײַער דאָר, וועלכער וועט ניט זײַן אַזוי ענלעך אויף זײַערע טאַטע־מאַמעס און זיידעס. און מיטן נײַעם דאָר וועט ער ניט פאַרשעמט ווערן. מיט אים, מיטן נײַעם דאָר, וועט ער קאָנען אָפּקאָכן אַ קאַשע...

און וואָס מיינט איר, אַזוי איז טאַקע געווען, זאָגט די וועלט, פערציק יאָר האָט זיי מוישע געפירט...

— רעב שויעל, וואָס זשע מיינט איר, אַז אונדזער מוישע ראַבײנו, איך מיין, מוישע פּיניעס מיט אונדז אויך האָבן אַזעלכע קלאָפּאָטן, ווי יענער מוישע? — האָט איבערגעשלאָגן כײפעץ. — איר זעט, סאַראַ סטאַטעטשנע מענטשן ער פירט! זײַן וואָרט איז פאַר אונדז אַ געזעץ...

— געוויס! מיר וועלן קומען אויף אַן אָרט און זיך גלײַך נעמען צו דער אַרבעט... מיר פאָרן ניט אַהין שלאָגן בײַדעקעס... — האָט אַרײַנגעשטעלט עמעצער פון דער זײַט.

און אַ דריטער האָט זיך נעענטער צוגעזעצט צו שויעלן, אַרײַנגעקוקט אים אין די אויגן און געזאָגט:

— איך האָב ניט געוווּסט, פעטער שויעל, אַז איר ווייסט אַזעלכע שיינע געשיכטעס...

— ווען דו לערנסט אַזויפיל אין כײדער, וויפל איך, וואָלסטו געקענט נאָך שענערע געשיכטעס!..

אַ רעגע אַ טראַכט געטאָן, האָט שויעל צוגעגעבן:

— דאָס אַלץ האָב איך אײַך דערציילט, ווײַל איך האָב זיך דערמאָנט אין אונדזער „געזערד"־פאַרשטייער, מוישע ראַבײנו, דאָס הייסט, מוישע פּיניעס. דעם איז אַ סאַך גרינגער, ווי יענעם. ער פירט אַ כאַליאַסטרע, מיט וועלכע ער וועט קיין גרויסע דײַגעס ניט האָבן. אַלע באַלמעלאָכעס. מע וועט קומען און ניט דולן אַ כפּאָדעק, זיך גלײַך נעמען צו דער אַרבעט... יאָ, אַגעוו, כאַווער כײפעץ, וואָס קלײַבט איר זיך טאָן, ווען איר וועט קומען אַהין? אויב, פאַרשטייט זיך, דאָס איז ניט קיין סאָד?

— כאַסוועכאָלילע! וואָס איז דאָס פאַר אַ סאָד? — האָט יענער זיך אָנגערופן. — ריישיס־קאָל, פאַר איך אויף אַ ראַזוועדקע. אין בערשאַד האָב איך איבערגעלאָזט אַ ווײַב מיט צוויי קינדער. איך וועל זיך אײַנאָרדענען, קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועל איך זיי אַרויסרופן...

— איך מיין, מיט וואָס קלערט איר זיך דאָרט באַשעפטיקן?

— דעם עמעס געזאָגט, ווייס איך נאָך אַליין ניט. אין בערשאַד האָב איך זיך געפּאָרעט אין אַפּטייק, נאָר...

— וואָס נאָר?..

— איך האָב אַ פּאָר יאָר געאַרבעט לעבן אונדזער אַלטן אַפּטייקער ספּעקטאָרן, און עס איז געווען גאַנץ פײַן. איז אָבער אַראָפּגעקומען קיין בערשאַד אַ קאָמיסיע און מיך גענומען אויפן צימבל, גענומען אויספרעגן, ווי קומט, הייסט עס, די קאַץ איבערן וואַסער, ווי קום איך צו דער אַפּטייק? זאָג איך זיי, אַז אויף קיין אַפּטייקער האָב איך זיך ניט געלערנט, נאָר דער אַלטער אַפּטייקער ספּעקטאָר האָט מיך גענומען צו זיך. קוקט אויף מיר די קאָמיסיע, ווי אויף אַ מעשוגענעם, און אויף דעם אַלטן פּראָוויזאָר, ווי אויף אַ פאַרברעכער. וואָס הייסט, זאָגט די קאָמיסיע, איר נעמט אַרבעטן אין אַפּטייק אַ מענטשן, וואָס האָט ניט קיין בילדונג און ווייסט ניט ווענן פּראָוויזאָרײַ? ער קאָן דאָך אָפּסאַמען!.. וואָס דאַרף איך אײַך אַ סאַך ברײַען, פון דער אַפּטייק האָט מען מיר געוויזן דעם וועג. דאָס הייסט, אָן אַ דיפּלאָם טאָר איך די שוועל פון אַן אַפּטייק ניט אַריבערטרעטן... איצט ווייס איך ניט, צי וועל איך דאָרטן, אין בִיראָבידזשאַן, קאָנען אָנקומען אין אַפּטייק...

— אוואַדע ניט! — האָט באַשלאָסן שויעל, — איר קאָנט דאָך טאַקע אָפּסאַמען מענטשן. שלאָגט זיך אַרויס פונעם קאָפּ אַפּטייקערײַ... וואָס זשע, אין בִיראָבידזשאַן איז ניט טאָוועטסקע וואָלאָסט? וואָס הייסט, מע וועט אײַך נעמען אין אַפּטייק, אַז איר ווייסט ניט פונדאַנען אַהין??!..

אויסגעווישט מיט אַ טיכעלע דעם פאַרשוויצטן שטערן, האָט שויעל געפרעגט:

— נו, און ביז דער אַפּטייק, מיט וואָס האָט איר זיך פאַרנומען? איר האָט דאָך, זאָגט איר, אַ ווײַב מיט צוויי קינדער. ווו זשע האָט איר געאַרבעט? איר האָט עפּעס אַ מעלאָכע אין די הענט?

— געוויס... איך בין געווען אַ גלעזער...

— וואָס זשע האָט איר געדאַרפט האָבן אַפּטייקערײַ? — האָט זיך פאַרוווּנדערט שויעל, — איר האָט דאָך אַ גאָלדענע מעלאָכע אין די הענט, וואָס זשע האָט איר זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט נאַרישקײַטן? אָט איך בין אַ זיפּנמאַכער, נאָר איך פאַרשטיי, אַז בִיראָבידזשאַן האָט גענוג זיפּן אָן מײַנע. וואָס זשע מיינט איר, וועל איך אַרומגיין מיט פאַרלייגטע הענט און ציילן די שטערן? מײַן בענאָק האָט זיך דאָרטן געשטעלט בויען הײַזער, וועל איך זיך נעמען פאַר סטאָליערײַ. דאָס איז איצט נייטיקער, ווי מאַכן זיפּן, אָדער שטיין אין אַפּטייק און ניט וויסן פונדאַנען אַהין. איז הערט מיט קאָפּ! פאָלגט מיך. פאַרגעסט די אַפּטייק. איר טויגט ניט פאַר פּראָוויזאָרײַ. דאָס הייסט, איך זע, אַז טויגן טויגט איר, נאָר ניט פאַר קיין פּראָוויזאָר... איר פאַרשטייט מיך? וועלן מיר מיט אײַך זיך שטעלן צו דער אַרבעט — איך סטאָליערײַ, און איר, אַדויני כײפעץ, וועט גלעזן טאָפּליעס. דאָס איז איצט אַ סאַך לײַטישער. אין אַפּטייק זאָלן גרייטן די פּראָשקעס מיידלעך, ווײַבלעך, וועלכע לערנען דערויף און וועלן ניט סאַמען די כאַלאָים.

דער בערשאַדער יונגערמאַן האָט זיך צעשײַנט:

— איר ווייסט, רעב שויעל, עפּשער זײַט איר טאַקע גערעכט! איך וועל זיך שטעלן אַרבעטן לעבן אײַך. איך וועל זײַן צופרידן, אויב איר וועט מיך אַרײַנעמען אין אײַער בריגאַדע... איך וועל זיך סטאַרען...

שויעל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַ־אַ, איר הערט, דער בערשאַדער אַפּטייקער גייט שוין צו מיר אין דער בריגאַדע! מיך האָט ער שוין, הייסט עס, באַשטעטיקט פאַר אַ בריגאַדיר און ער וועט בא מיר גלעזן די פענצטער... זײַער פײַן פון זײַן זײַט! ער איז שוין פאַרטיק, דער אַפּטייקער! איך האָב זיך גראָדע דערמאָנט אין אַ געשיכטע, וואָס איז געשען מיט אונדזערן אַ קוימענקערער, וואָס איז געווען אַ ביסל ענלעך אויף הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ער איז אַמאָל אַרײַנגעקומען אין דער שנײַדערשער קלויז און רופט זיך אָן צום אוילעם, וואָס האָט געענדיקט דאַוונען: „ייִדן, זײַט אַזוי גוט און העלפט מיר. גיט מיר אַ גמילעס־כעסעד. איך דאַרף טייקעף אַ הונדערטער אויף אַ פּאָר כאַדאָשים...” — „וואָס דאַרפסטו אַזוי באַשפּיץ אַ גאַנצן הונדערטער?” — „אַ הונדערטער, קעדײַ אַוועקשטעלן אויף דער שטוב מײַנער, וואָס איך בוי איצט, אַ דאַך...” — „מעשוגע ביסטו? ביסט דאַך אַ קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס. וואָס פאַר אַ שטוב בויסטו? וואָס פאַר אַ דאַך?” — מאַכט ער צום אוילעם: „איר פאַרשטייט, איך פאַרמאָג פיר טעכטער און קיין גראָשן געלט אויף נאַדן, ליג איך מיט זיי נײַן איילן אין דר׳ערד, האָט איר שוין אַ פונדאַמענט פאַר דער שטוב. אַנדערע שכיינים האָבן ווײַבער, וועלכע קענען צונויפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. מײַנע קאָן אויך אין איין מינוט צונויפירן פיר ווענט, בין איך שוין מיט ווענט אויך באַוואָרנט. איצט ווען איר אַנטלײַט מיר אַ הונדערטער אויף אַ דאַך, וואָלט איך שוין געהאַט אַן אייגענע שטוב...” איר הערט, וואָס כייפעץ זאָגט, ער וויל שוין אַרײַן צו מיר אין בריגאַדע... קורץ גערעדט, מײַן טײַערער, — האָט פאַרענדיקט שויעל, — מיר וועלן מיט אײַך קומען אויף אַן אָרט, זאָלט איר זיך האַלטן נעענטער לעבן מיר און איר וועט ניט פאַרפאַלן ווערן. איין זאַך וויל איך פון אײַך, איר זאָלט זיך דאָרטן אפילע ניט פאַרהיקען, אַז איר האָט געהאַט אַ שײַכעס צו אַפּטייקערײַ אין בערשאַד, מע זאָל פון אײַך ניט לאַכן, ווײַל איר זײַט, זע איך, אַזאַ אַפּטייקער, ווי איך בין אַ רעבעצן! איר דאַרפט זיך דערמאָנען אין אײַער אַלטער פּראָפעסיע — איר זײַט אַ גלעזער, און אַזאַ מעלאָכע, ווי בא אײַך, וועט מען געוויס דאָרטן פאַרצוקערן. אויב איר פאָרט קיין ביראָבידזשאַן, דאַרף מען דאָרטן אונטערשטעלן אַ פלייצע!

פעסיע האָט זיך אין איר ווינקל מעסוקן געבייזערט. איר מאַן האָט זיך אײַנגאַנצן אָפּגעשלאָגן פון די הענט. זי זעט אים ניט און הערט אים ניט. גאַנצע טעג און נעכט זיצט ער דאָרטן, אין יענעם ווינקל, ווו עס האָט זיך צונויפגענומען אַ גאַנצע בראַנזשע איבערוואַנדערער און אָדער מע דערציילט איינער דעם אַנדערן באַבעמײַסעס, אָדער מע קלאַפּט אין ביינדלעך! מע לאָזט ניט אַרויס פון מויל דעם „געזוירד”־פאַרשטייער, וועלכן מע האָט אַ צונעמעניש געגעבן „מוישע ראַבייִנו”. אַן אַנדערער אויף זײַן אָרט וואָלט זיך געוויס באַליידיקט, נאָר ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. עס אַרט אים ניט! פאַרקערט, ער לאַכט אויך באַגלײַך מיט אַלעמען. ער געהערט, דאַכט זיך, צו יענע מענטשן, וועלכע האָבן ליב, אַז מענטשן גייען ניט אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַז עס איז זיי, די מענטשן, גוט אויפן האַרצן, איז אים ניכע!

פאַרטאָן אין איר אַרבעט, האָט פעסיע ניט באַמערקט, ווי די צײַט גייט, און דאָך האָט זי דערפילט אַ מוירעדיקע מידקײַט. זי האָט זיך ניט פאַרגעשעלט, וויפל נאָך קאָן זיך ציִען די רייזע? זי האָט שוין אויסגעשטריקט וואַרעמע זאָקן פאַר אַלע קינדער און זיך געגרייט שטריקן הענטשקעס פאַר דאַווידן. די אַרומיקע זײַנען איר מעקאַנע געווען, וואָס די אַרבעט גייט בא איר, ווי אַ מיזמער. עס ברענט מאַמעש אונטער אירע הענט.

און זי האָט זיך ניט אויפגעהערט מאַטערן, קוקנדיק אין פענצטער פון מאָל צו מאָל, ווו עס איז געלאָפן אַנטקעגן די טײַגע און מע האָט ניט געזען, זי זאָל זיך אַמאָל אויסלאָזן.

דער רועך ווייסט עס, ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז די ערד איז קײַלעכיק! פוסטע קעפּ! מע האָט ניט וואָס צו טאָן, טראַכט מען אויס ווילדע זאַכן. ווען זי האָט געוווינט אין באַפּאָליע און פון יענער זײַט שטעטל ניט אַרויסגעפאָרן, האָט זי נאָך אין דער באָבעמײַסע געגלייבט און איצט — בעשום־אויפן ניט!

קלוגע מענטשן זאָגן דאָך, אַז עס איז בעסער איין מאָל זען, איידער הונדערט מאָל הערן. אָט לויפט פאַר אירע אויגן שוין דעם וויפלטן מעסלעס דער וועג. נו, און ווו איז ער קײַלעכיק? ווו פאַרקערעוועט ער? וועלדער, טײַגע, בלאָטעס, זומפּן און ווידער בלאָטעס און טײַגע. ערטערווײַז זעט מען פון ביידע זײַטן וועג אַלטעביימער — ריזן, און אָט גייען אַוועק קליינוווּקסיקע ביימלעך, קוסטעס. אייניקע זײַנען אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען, — זעט אויס, דאָס האָט דאָ אַ הוליע געטאָן אַ שטורעמווינט. ווערסטן טראָגן זיך דורך, נאָר איר זאָלט געבן אַ רענדל פאַר אַ מענטשן! מע זעט ניט

קיין לעבעדיקע באַשעפעניש. אָפּטמאָל, עמעס, זעט מען אין דער טײַגע־געדיכטעניש דורכלויפן עט־לעכע הירשן. זיי שטעלן זיך אָפּ, קערן אויס די קעפּ צום לאָקאָמאָטיוו און בלײַבן שטיין, ווי פאַר־גליווערט, קוקן זיך אײַן אױף די לױפנדיקע וואַגאָנען און ווערן מיטאַמאָל נעלעם. אָט שלאָגן זיך דורך דורך די קוסטעס עטלעכע ווילדע כאַזירים, שטעלן זיך אָפּ אין דער געדיכטער בלאָטע בײַ אַ זומפּ און נעמען גראָבן מיט די נעזער, איבערקערנדיק, ווי מיט לאָפּעטעס, די ערד. אָט ווערט צווישן זיי אַ געשלעג, אַ געשריי. די קינדער ווערן צוגעוואַקסן צו די פענצטער און קוקן מיט געלעכטער און טומל אױף די מאָדנע באַשעפענישן, וועלכע מע האָט צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען...

יאָ, געוויס, — טראַכט פעסיע, — די וועלט האָט ניט קיין עק און די ערד איז ניט קײַלעכיק. זי באַשטייט פון הוילע וועלדער און זומפּן, בלאָטעס און סליאָטעס. פעסיע שטעלט זיך ניט פאָר, פאַרוואָס שרײַבט איר דאַווידקע אַזעלכע באַגײַסטערטע בריוו און האַלט, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ שטיקל גאַניידן? נישקאָשע, זי וועט זיך דאָ לאַנג ניט פאַרהאַלטן. זי וועט זיך באַגעגענען מיטן בענאָק, אַוועקנעמען אים אַהיים און דערמיט וועט זיך אָט די שווערע נסיעה ענדיקן. ניין, זאָל מען איר זאָגן, וואָס מע וויל, נאָר ווי עס זאָל ניט זײַן איצט שווער אין באַפּאַליע, וועט זי דאָס שטעטל ניט פאַרבײַטן אױף אָט דעם ווילדן קאַנט. ער מעג זײַן פול מיט רײַכקייט, מיט קוילן און נאַפט, מיט אײַזן און מירמל, מיט זילבער און גאָלד.

איר איז געגנוג, וואָס זי האָט געהאַט אינדערהיים. נאָך אַ גליק, וואָס זי האָט ניט פאַרקויפט דאָרטן די שטוב און האָט וווהין זיך אומקערן...

פאַרטיפט אין אירע אומרויִקע געדאַנקען, האָט זי ניט באַמערקט, ווי עס האָט זיך אונטערגעגאַנ־וועט צו איר שויעל. דאָס פּאָנעם זײַנס האָט געשײַנט.

— אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעווו!.. — האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענט איבער דער ברייטער קלייד. — וואָס קוועלסטו אַזוי, ווי אַ באָקסער? וואָס איז בײַ דיר אַזוי לעבעדיק אױף דער נעשאָמע? האָסט עפּשער אויסגעוווּנען אין די ביינדלעך אַ מאַיאָנטעק, צי געפונען אַן אוצער?

— ניין, פעסיע, נאָך בעסערס! איך האָב גאָר אַ נײַעס, אַ לעבעדיקן גרוס פון אונדזער טאַכשיט, פון דאַווידקען...

— וואָס זאָגסטו?! וואָס פאַר אַ גרוס? רעד לאָשן!.. ווען? וואָס? ווער? דערצייל, נעם ניט אַרויס די נעשאָמע, ווער האָט דיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון דאַווידקען?

— מוישע ראַביינו... — האָט ער שטילערהייט געזאָגט, און זי האָט געקוקט אױפן מאַן, ווי אױף אַ מעשוגענעם. זיך אָפּילע עטוואָס געגומען אָפּרוקן פון אים.

— וואָס רעדסטו? וואָס פאַר אַ מוישע ראַביינו?..

— ניט יענער, דער אַמאָליקער, נאָר אונדזער נײַער מוישע ראַביינו. דער „געזערד"־פאַרשטייער, מוישע פיניעס, וואָס באַגלייט אונדזער עשעלאָן קיין ביראָבידזשאַן...

— טפו, אױף מײַנע סאָנימס קעפּ! און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין פאַרן וועג געוואָרן איויוערבאַטל... איז וואָס פאַר אַ גרוס? זאָג מיר שוין גיכער און נעם ניט אַרויס די נעשאָמע.

— נו, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מײַן פאַמיליע איז מאַזור, האָט ער געזאָגט, אַז פאַראַיאָרן אין דער צײַט האָט ער אויך באַגלייט אַזאַ עשעלאָן קיין ביראָבידזשאַן. און ווען דער צוג איז שוין אָפּגעגאַן, האָט ער אין איינעם אַ וואַגאָן דערזען אַ ייִנגל, וואָס איז ניט געווען בײַ אים אין צעטל, און ער, מוישע ראַביינו, האָט אים געזאָלט אַראָפּטרײַבן פון צוג, נאָר עפּעס אַ מיידל האָט פאַר אים שטאַרק געבעטן, האָט ער אים ניט דורכגעטריבן...

— פונוואַנען זשע נעמסטו, אַז דאָס איז גראָדע געווען אונדזער דאַווידקע?

— מוישע ראַביינו האָט געזאָגט, אַז יענעמס פאַמיליע איז, דאַכט אים, אויך געווען מאַזור...

— נו, איז איין ראַבע קו אױף דער וועלט?

— האָב איך אויך אַזוי געמיינט, נאָר יענער האָט געזאָגט, אַז מיט דעם מאַזורן איז געווען נאָך אַ ייִנגל, אַ געלער מיט אַ הינקעדיקן פוס. ווײַבאַלד אַזוי, האָב איך זיך באַטראַכט, האָט עס געדאַרפט זײַן יאַשקע, זאָלמען דעם באָנדערס בענאָק...

— פאַרוואָס זשע האָסטו ניט אויסגעפרעגט פינקטלעך?..

— איך האָב געוואָלט אויספרעגן... אָבער מיר דאַכט זיך, ער האָט זיך דערמאָנט...

— דיר דאַכט זיך! שטענדיק דאַכט זיך דיר! פון „מיר דאַכט זיך" וועסטו קיין קוילעטש ניט אָפּבאַקן... און מיר דאַכט זיך, אַז אָפּן בוידעם איז הײַנט אַ יאַריד... אַז גענדז גייען באָרוועס און הינער אָן פּלודערן. הער נאָר די שיינע מײַסע, נאָר אַ קורצע. זיך ניט געקענט דערוויסן פינקטלעך? ווו איז ער, דײַן מוישע פיניעס? איך וועל אַליין גיין זיך בײַ אים דערפרעגן... — און זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פונעם אָרט, פאַריכט די האָר, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון אונטער דער פאַטשיילע, און זיך געלאָזט גיין אין צווייטן עק וואַגאָן.

זי האָט זיך דורכגעשטויסן אין עק וואַגאָן, ווו עס איז געזעסן לעבן טישל דער „געזערד"־פאַרשטייער, פאַרטיפט אין די פּאַפּירן. די קעפּקע האָט זיך געדרייט אױף זײַן קאָפּ. ער איז געווען

פאַרדײַגעט, און פעסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט, א טראַכט געטאָן, צי דאַרף זי אים אין דער רעגע א פרעג טאָן? נאָר ער, דערפילנדיק אויף זיך א זײַטיקן בליק, האָט א קוק געטאָן אויף דער פרוי און מיט קאַס זיך אָנגערופן:

— בירגערן, איר זעט ניט, אז איך בין פאַרנומען?..

פעסיע האָט זיך א ביסל פאַרלוירן, שוין געוואָלט אָפּטרעטן, נאָר זיך דאָך אָנגערופן:

— איר האָט געזאָגט מײַן מאַן, שויעל מאַזורן, אז איר האָט פאַראיאָרן געפירט מײַן זון, דאָווידקען... איר האָט פון אים א גרוס?..

מוישע פינוס האָט זיך פאַרקרימט:

— איך האָב שוין אַהער געבראַכט מער ווי צען עשעלאָנען איבערוואַנדערער, ווי זשע, פאַרשטייט איר, קאָן איך אַלעמען פאַרגעדענקען בײַ די נעמען? ווען איר ווייסט, וויפל דײַגעס איך האָב מיט אײַך, וואָלט איר א ביסל ראַכמאָנעס געהאַט אויף מיר און וואָלט מיך ניט געטשעפּעט מיט זײַטיקע זאַכן...

— איך טשעפּע אײַך ניט, כאָלילע, יונגערמאַן... — האָט זי זיך אָנגערופן. — נאָר אָפּגעבן מענטשן א גוטן גרוס, איז שטענדיק געווען א מיצווע... עפּשער האָט איר טאַקע באַגעגנט מײַן דאָווידקען?

— זאָגט מיר נאָר, — האָט ער זיך שוין אָפּגענעמען צעבייזערט, — איר ווערט מיך לאָזן זיך פאַרנעמען מיט מײַנע איניאָנים? אָט ווערט איר שוין אײַנגיכן קומען אויפן אָרט, ווערט איר זוכן אײַער זון... נאָר איך האָב זיך דערמאָנט זײַן נאָמען: דאָוויד...

זי האָט א קנײטש געטאָן מיט די אַקסלען און אָפּגעגאַנגען פון דעם בייזלעכן פאַרשוין.

דער צוג האָט אײַנגעשטילט דעם גאַנג, אָנגעהויבן גיין גלאַסענער, מע האָט זיך דערנעענטערט צו א גרעסערער סטאַנציע. עטלעכע מאַנצבלען האָבן געכאַפּט די קעסעלעך, טשײַניקעס און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. מע האָט געדאַרפט באַווײַזן פאַר דער קורצער צײַט, וואָס דער צוג ווערט שטיין אויף דער סטאַנציע, באַקומען פאַרן אוילעם ברויט און געקעכטס.

אינעם שמאָלן קאָרידאָר האָט פעסיע זיך צונויפגעשטויסן מיט שויעלן, וואָס האָט געהאַלטן צוויי טשײַניקעס. דערזען, ווי זי איז אויפגעבראַכט, האָט שויעל פאַרשטאַנען, אז קיין גאָר געהויבענעם אויפנאַם האָט זי בײַ מוישע ראַביינון ניט געהאַט, און קיין גרוס פון דאָווידקען — אוודאי ניט אָפּגענומען. איז ער פאַרבײַגעגאַנגען, שויעל, זיך ניט פאַרהאַלטן לעבן דער פּלוינעסטע. ער האָט די באַגעגעניש אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, עס זאָל זיך ניט באַקומען אויפן ניכטערן האַרצן...

לויט זײַן אַלטער דערפאַרונג האָט ער געוווּסט, אז פון א הונגעריק ווײַב דאַרף מען אויף קיין קאָוועד ניט וואַרטן. איז גלײַכער די באַגעגעניש אָפּלייגן אויף עטוואָס שפּעטער, ווען מע ווערט אַרײַנברענגען אין וואַגאָן דאָס ביסל געקעכטס מיט די טשײַניקעס טיי.

זי ווערט איבערכאַפּן דעם הונגער, ווערט איר האַרץ ווערן ווייכער...

קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

## בעסער איין מאָל זען, איידער הונדערט מאָל הערן

דער הימל, וואָס איז געהאַנגען איבערן עשעלאָן די לעצטע עטלעכע טעג, איז שטאַרק ענלעך געווען אויף דער טײַגע. אויך אזא אָנגעדראָלענער, נאַסער, שטרענגער, און קאַליע געמאַכט די שטימונג.

פעסיען האָט זיך געדאַכט, אז מער ווערט זיך דאָ ביכלאָל די זון ניט באַווײַזן, און די אַרומיקע וועלט ווערט זיך אויף קיין האָר ניט ענדערן. די גאַנצע צײַט האַלט מען אין איין אײַנריידן די איבערוואַנדערער, אז אָט־אָט, נאָך א פּאָר טעג, נאָך עטלעכע הונדערט קילאָמעטער, און מע ווערט שוין זײַן אויף אָן אָרט. נאָר א נעכטיקער טאָג! מע זעט ניט און מע הערט ניט!

זי האָט שוין אַלץ זעלטענער געקוקט אין פענצטער, וואָס עס טוט זיך פון יענער זײַט, און ניט געגלייבט, אז דער וועטער ווערט דאָ ווערן א קאַפּעלע בעסער.

לויט דעם, ווי עס האָט פון יענער זײַט פענצטער געמאָרדעוועט מיט די ביימער און קוסטעס, איז געווען צו זען, אז עס האַלט באַם אויסברעכן א שניי, א רעגן, צי דער רועך ווייסט וואָס. איז טאַקע וואָס איז דאָ דער כידעש, אויב די גאַנצע צײַט האָבן זיך אין איר מויעך געראָיעט ווילדע געדאַנקען, עס האָט זי גענומען ציִען ווי מיט א מאַגנעט אַהיים, און זי האָט שוין בײַ זיך באַשטימט, אז זי ווערט זיך אין בירָאָבידזשאַן ניט לאַנג פאַרהאַלטן, מע זאָל איר אפילע אָנשיטן א זאַק מיט גאָלד.

סאַראַ ווילדער קאַנט! סאַראַ וועג — ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף. זי קוקט זיך אײַן אין פענצטער און זעט, אז אַרום האָט קיין מענטשישער פוס ניט געטראָטן, איז צוליב וואָס פאַרפירט מען אַהין מענטשן?..

נאָר הײַנט איז זי אופגעשטאַנען אין גאָר א פֿײַנער שטימונג.

די טײַגע איז געווען פאַרפֿלײצט מיט זון. קיין סימען פון קיין ווינט. די ביימער און קוסטעס זײַנען געשטאַנען אונטער די זון־שטראַלן און אויסגעזען סטאַטעטשנע, יאַמטעוודיק. באַזונדערס האָבן שימערירט און זיך געבליינדלט די יונגע בערעזעס. פון צײַט צו צײַט זײַנען דורכגעלאָפן פאַרבײַ ביימער, באַשאָטענע מיט ווײַסן און ראָזעווען צוויט. און אויב עס איז פאַראַן צוויט אַף ביימער, איז א סימען, אַז עס וואַקסן דאָ אויך פרוכטן. עמעס, אין יענע קאַנטן, בא איר, אין פּאַדאָליע, האָבן די ביימער שוין אָפּגעצוויטעט. הייסט עס, אַז דער פרילינג קומט אהער אַראָפּ עטוואָס שפּעטער, ווי דאָרטן. נו, איז וואָס? איז העפקער־פּעטרעשקע? ווען די פרוכט קומען עטוואָס שפּעטער, נאָר ווען קומען! נאָך איין אויספיר האָט פּעסיע געמאַכט, אַז די זון ווארעמט דאָ ניט ערגער, ווי אין באַפּאָליע. עמעס, זי באַווײַזט זיך ניט אַזוי אָפט, ווי דאָרטן, נאָר עפשער איז דאָס אויך ניט שרעקלעך? דערצו נאָך, דאַרף מען זיך צו יעדן אָרט צוגעוווינען.

קוק זיך נאָר איין, זע, ווי דער ארום האָט זיך צעשײַנט אונטער דער ווארעמער זון, אַלץ איז מיטאַמאָל אופגעלעבט געוואָרן!

דער צוג איז געגאַן לאַנגזאַם, און פּעסיע איז צוגעזאָטן געוואָרן צום פענצטער.

וואָס זעט זי פאַר זיך?

אַ־אַ, אָט האָבן זיך באַוויזן שיינע, הויכע הײַזער, ברייטע גאַסן, יאַמטעוודיק פאַרפּוצטע מענטשן, קינדער שפּילן זיך אין די סעדלעך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מע איז פּלוצעם אַרײַנגעפאָרן אין א שפּאָגל־נײַער וועלט.

זעט נאָר, עמעסע גאַסן! אפילע מויערן זעט מען דאָ און דאָרט! מענטשן שטויסן זיך בא די קלייטן. אָט האָט זיך באַוויזן א ברייטער טײַך מיט זאַמדיקע ברעגן. אָן א שיר שיפלעך הוידען זיך אַפן וואַסער. אָט שווימט א שיף און בלאָזט פון די קורצע קוימענס געדיכטע שווארצע רויך־קנוילן, וואָס שפּרייטן זיך אַפן וואַסער.

דער צוג איז ניט דערפאָרן ביז דער גרויסער סטאַנציע, וואָס איז פול מיט מענטשן, נאָר ער האָט פאַרקערעוועט אין א זײַט און זיך אָפּגעשטעלט אין א „טופיק".

עס איז דורכגעלאָפן איבער די וואַגאָנען דער „געזורד"־פאַרשטייער מיט זײַן גראָבן פּאָרטפּעל אונטערן אָרעם. די צעקנייטשטע קעפּקע איז בא אים געזעסן אַפן שפּיץ קאָפּ און שיר ניט אַראָפּגע־פאַלן. דאָס פּאָנעם — אָנגעשטרענגט, פאַרדײַגעט.

— קינדערלעך, קומט מיט מיר באַקומען דעם פּאַיאָק! דער אוילעם איז שוין גוט הונגעריק, גיכער קומט, שטייט ניט אָפּ!..

עמעצער האָט אים פאַרטשעפּעט, און ער האָט זיך אַף א פּאָר ווײַלעס פאַרהאַלטן, און זיך אָנ־גערופן:

— מיר וועלן דאָ שטיין א פּאָר שאָ, מע קאָן אַראָפּקריכן און אויסגלײַכן די ביינער, כאַפּן פרישע לופט...

— און ווו געפינען מיר זיך, כאַווער פּינוס?

— וואָס זשע, איר זעט דען ניט לויט די גרויסע גאַסן, אַז מיר זײַנען שוין ניט ווײַט פונעם ציל. די לעצטע סטאַנציע פאַר בירעבידזשאַן. איר זעט אָט יענע אײַזערנע בריק? מירן אַריבער־פאָרן די בריק, — זײַנען מיר שוין אַף דער טעריטאָריע פון דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט!

— וואָס, אָט דאָס איז עס שוין, כאַווער פאַרשטייער? ענדיקן זיך אונדזערע צאָרעס?

— און איר וואָס האָט געמיינט, אַז מיר וועלן זיך שלעפּן מיטן עשעלאָן אייביק? פון יענער בריק וועט אונדז בלײַבן א פּאָר־דרײַ שאָ פאָרן, זײַנען מיר בא זיך אינדערהיים. פאַרשטאַנען, צי ניט?

הערנדיק מוישעס רייד, קוקנדיק אַף זײַן ליכטיק־געוואָרענעם פּאָנעם, האָט פּעסיע דערפילט, ווי עס ווערט איר גרינגער אַפן הארצן און זי איז אַפילע גרייט מויכל זײַן דעם פאַרשוין אין דער סאָל־דאַטישער גימנאַסטיאָרקע דעם אומקאָוועד, וואָס ער האָט איר ערשט ניט לאַנג אַרויסבאַוויזן, ווען זי האָט זיך בא אים געוואָלט עפּעס דערוויסן וועגן איר דאָווידקען.

הייסט עס, איז טאַקע געבליבן ניט לאַנג צו פאָרן און אונדזערע צאָרעס וועלן זיך ענדיקן, מע וועט קאָנען פאַרלאָזן די ענגע וואַגאָנען?..

מוישע פּינוס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די וואַגאָן־טרעפּלעך און נאָך אים אויך אַנדערע מאַנצ־בלעך, און מע האָט זיך אָוועקגעלאָזט מיט די קלינגענדיקע קעסעלעך, טשײַניקעס און זעקלעך אין א שמאָל געסל. פרויען, קינדער, עלטערע מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעדראַפּעט פון די טרעפּלעך, זיך ארומ־געקוקט אין אַלע זײַטן.

פּעסיע איז אויך אַרויס פונעם וואַגאָן, אַראָפּגענומען די קינדער און זיך דערפילט, ווי אין אַן אַנדער וועלט. די לופט איז געווען פריש, מעכײַעדיק, און עס האָט געשמעקט מיט צוויט, מיט פרישע גרעזלעך.

די לופֿט איז מיט גאָרנישט ניט ערגער, ווי בא איר אין באַפּאָליע. און דער פֿרילינג איז ניט ערגער, ווי דאָרטן. און דער אוילעם גייט אָנגעטאָן ניט ערגער, ווי בא איר אינדערהיים. שולאַמיס, אירע שוועסטערלעך און נאָך עטלעכע קינדער זײַנען געלאָפֿן לענגויס די וואַגאָנען, געטומלט, געשרי̇ען, געלאַכט, זיך געפּילט, ווי קליינע קעלבלעך, וועלכע האָבן זיך ארויסגעריסן פֿון דער שטאַל אַף דער גרינער לאָנקע.

די מאַמע איז געשטאַנען אַף א הויך גרין בערגל און שיר ניט פֿאַרשיקערט געוואָרן פֿון דער מעכײַעדיקער לופֿט. זי האָט דערהערט פּלוצעם גיכע טריט, און דערשראָקן זיך אומגעקוקט. כייפּעץ, דער בערשאַדער אַפּטייקער, איז צוגעגאַן און, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, זיך אָנגערופֿן צו איר:

— מאַדאַם מאַזור, נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אַף דער פּריראָדע? איך קאָן אײַך שווערן, אז דאָ איז גאָרניט שלעכט. מע האָט אַף אונדז אָנגעוואָרפֿן א סטראַשאַק, אז אין די מעקוימעס שטייען שטענדיקע פֿרעסט, עס איז מעסוקן ווילד און עס וואַקסט קלוימערשט גאָרניט... זעט, ווי די ביימער צוויטען! א פֿאַרגעניגן... הײַנט טוט א קוק, סאַרא שטאָט עס ליגט ארום, ניט ערגער, ווי אונדזערע שטעט... איר זײַט עפּעס א מיוון, סאַרא פֿײַנע ערד איז דאָ?

— איך בין אוודע א מיוון, — האָט זי געענטפֿערט.

— איך האָב גלײַך פֿאַרשטאַנען, מאַדאַם מאַזור, — האָט דער אַפּטייקער פֿאַרגעזעצט, פֿאַריכטנ־דיק די ברילן אַף דער נאָז, — אויב די מעלוכע האָט באַשטימט דאָ מאַכן א היים פֿאַר די ייִדן, דאַרף עס זײַן ניט קיין שלעכט ווינקל... ווען דאָ וואָלט געווען שלעכט, וואָלט מען אונדז אהער ניט געשיקט. דאָס לאַנד איז גרויס און א פּלאַץ פֿאַר אונדז איז געווען ווו צו געפֿינען... איר זעט, וויפֿל וועלדער, טײַכלעך, אָזערעס... איר שטעלט זיך דען פֿאָר, וואָס עס טוט זיך אין די וועלדער? פֿאַר די יעגער איז דאָ מאַמעש א גאַניידן... אין די אָזערעס אָן א שיר פֿיש...

— ווו זשע האָט איר געזען, אז ייִדן זאָלן כאַפּן פֿיש און ווערן יעגער? — האָט פּעסיע א שמייכל געטאָן.

— וואָס הייסט? מע וועט כאַפּן פֿיש און מע וועט גיין אַף יאַגד. בא אונדז, אין בערשאַד, איז קיינער ניט געגאַן אַף יאַגד, ווײַל קיין ווילדע כײַעס זײַנען דאָרטן נישטאָ. און פֿיש? מישטיינס־געזאָגט, וואָס פֿאַר א פֿיש?! פּלאָטעטשקעלעך און קאַראַסיקלעך גרויס, ווי א גענעץ. דאָ זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע פֿיש, וואָס וועגן צו צען פּוד אָדער מער. און וועלכע כײַעס איר ווילט איז אין דער טײַגע דאָ. מיט דער צײַט וועט מען קאָנען שאַפֿן פֿישער־אַרטעלן, יעגער־אַרטעלן און מע וועט כאַפּן פֿיש, שיסן ווילדע כײַעס, מאַכן היטלען, פּעלצלעך, קעלנער, עס וועט אַזש גיין א רויך...

— נאָר איר זײַט דאָך אַן אַפּטייקער, ווי קומט איר צו יאַגד, צו פֿיש?.. — האָט פּעסיע אָפּגעמאָסטן כייפּעצן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

— מאַדאַם מאַזור, איר טאָרט אַזוי ניט ריידן, — האָט ער זיך א קרים געטאָן, — ערשטנס, וועל איך מער ניט זײַן קיין אַפּטייקער, ווײַל איך האָב ניט קיין אַבראַזאָוואַניע. צווייטנס, האָב איך א מע־לאָכע, און וועל זיך אומקערן צו איר.

— וואָס פֿאַר א מעלאָכע האָט איר?

— איך בין א גלעזער... און איך האָב שוין גערעדט מיט אײַער שויעלן, אז ער וועט זיך נעמען צו סטאָליערײַ, און איך וועל אַרײַנשטעלן טאַפּליעס.

— ווער זשע וועט אויסשרײַבן די מענטשן פּראָשקעס, אז איר וועט זיך נעמען גלעזן פֿענצטער?

— וואָס הייסט ווער? איך האָב געהערט זאָגן, אז אין ביראָבידזשאַן האָט מען שוין געעפֿנט א מעדיצין־טעכניקום, וועט מען דאָרט לערנען אַפּטייקערקעס.

— אויב אַזוי, איז נאָך נישקאָשע... — האָט פּעסיע געזאָגט, — און איך האָב זיך שוין דער־שראָקן, געמיינט, אז מיר וועלן ניט האָבן קיין אַפּטייקער אין ביראָבידזשאַן.

— מיט דער צײַט וועט דאָרטן, רעכן איך, אַלץ זײַן...

— פֿונוואַנען ווייסט איר, כייפּעץ? — האָט זי אים פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט, — וואָס זשע, איר זײַט שוין דאָרטן אַמאָל געווען?

— ניין, איך פֿאָר, ווי איר, דאָס ערשטע מאָל. נאָר איך האָב א טעווע, אז איידער איך פֿאָר ערגעץ־ווו, גיי איך אַרײַן אין ביבליאָטעק, נעם עטלעכע ביכלעך, וועלכע באַשרײַבן דאָס נײַע אָרט, און כ׳לייען פֿון אלעף ביז טאָף. וועגן ווײַטן מיזרעך האָב איך איבערגעלייענט זייער א סאַך, און איך ווייס, וואָס פֿאַר א רײַכער קאַנט דאָס איז און וואָס מע קאָן דאָרטן דערגרייכן, אויב מע וועט אונ־טערשטעלן א פּלייצע. די מעלוכע האָט אויסגעטיילט א סאַך מיטלען און זשאַלעוועט גאָרניט...

א טראַכט געטאָן א פּאָר ווײַלעס, האָט ער פֿאַרגעזעצט:

— זאָגט מיר נאָר, מאַדאַם מאַזור, זײַט אַזוי גוט. אײַך איז געפֿעלן אָט די שטאָט? — האָט ער א פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן ארום.

— וואָס זשע, אוודע געפֿעלן!..

— איז די דאָזיקע שטאָט שוין אַלט אַ כעזשבן פון קנאַפּע הונדערט יאָר? און דאָ אַרום איז אַמאָל געווען ווילדע טײַגע, בלאָטעס. און איבּ אונדזער אוילעם וועט זיך ניט פּוילן, מײַן איך, אַז אַין אַ שטיק צײַט אַרום וועלן מיר אויך האָבן פּונקט אַזאַ שטאָט, עפּשער נאָך אַ שענערע.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי, כאַווער כייפעץ?

— אַ פּאַשעטע זאַך, — האָט ער געגומען איר דערוויַיזן, — ווען מע האָט אָנגעהויבן בויען אָט די שטאָט, איז נאָך די סאָוועטסקע וולאַסט ניט געווען, און יעדער איינציקער באַלעבאָס האָט געבויט שטיבלעך לויט זײַן פאַרשטאַנד און זײַן בײַטעלע... אָפּ בויען אין ביראָבידזשאַן די שטעט און דערפער, די יישווווים, האָט די מעלוכע אונדזערע אויסגעטיילט מיליאָנען... דערצו קומען אהער גוטע באַלמע־לאָכעס. דאָ וועט מען זיך ניט שנײַדן די פינגער פאַר דער קאָפּיקע. וואָס זאָגט איר, מאַדאַם מאַזור?

פעסיע האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטרענגלעכן בליק און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען:

— זאָגט מיר נאָר, יונגערמאַן, וואָס הערט איר ניט אויף די גאַנצע צײַט: „מאַדאַם מאַזור... מאַדאַם מאַזור“... איך בין אַ פּריצע? רופט מיך פּאַשעט — פעסיע, און גאָר!

כייפעץ האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן און געענטפערט:

— איך האָב ניט געמיינט שלעכטס... עס געפעלט אײַך ניט, איז אַנטשולדיקט מיר... מאַדאַם, איך מיין, כאַווערטע פעסיע... איר האָט געטאָן, זע איך, ווי אַ כאַכאָמע, וואָס איר פאָרט מיט אײַער גאַנצער מישפּאָכע. איך האָב איבערגעלאָזט מײַן ציליען מיט די צוויי קינדערלעך אין בערשאַד. זי לײַדט פון אַ שטיקל זאַדישקע, מײַן ציליע, דאָס הייסט, עס סטײַעט איר ניט קיין פרישע לופט...

— נו, און איר זײַט דאָך, זאָגט איר, אַ שטיקל אַפּטייקער, האָט איר ניט געקאָנט מאַכן קיין פּראָשקעס צו דער זאַדישקע?

— וואָס הייסט? איך האָב אויף מײַן ציליען אויסגעפּרוווט, ויאָס פאַר אַ פּראָשקעס עס זײַנען דאָ אין דער וועלט, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. האָב איך זי דערווײַל איבערגעלאָזט מיט די קינדערלעך אין בערשאַד, און באַשלאָסן אַליין צופאָרן קיין ביראָבידזשאַן, אַ טאָפּ טאָן אין וואַגן. דאָס הייסט, וועט מיר די פרירואָדע שמעקן, וועט דאָ מײַן ציליע קאָנען אָטעמען, רוף איך זי טייקעף אַרויס, עלע ניט, נעם איך די פיס אויף די פּלייצעס און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע!

— הייסט עס, אײַער ווײַב מיט די קינדער האָט איר איבערגעלאָזט אין בערשאַד... און זי האָט אײַך אָפּגעלאָזט איינעם אַליין אין אַזאַ ווײַטקײַט?

— וואָס זשע האָט זי געקאָנט טאָן?

— איך אויף איר אָרט וואָלט אײַך ניט אָפּגעלאָזט...

— פאַרוואָס, מאַדאַם מאַזור, כ'מיין, כאַווערטע פעסיע?

באַהאַלטנדיק דאָס שמייכעלע, האָט זי געענטפערט:

— דאָס איז געווען אַ געפערלעכער טראָט פון איר זײַט... ווי לאָזט מען עס אויף אַזאַ מאַן איינעם אַליין? אַן אַפּטייקער, נאָך ניט קיין באַלאָרטער. און עס קאָן זיך צו אים צוטשעפּען אַ קאַלע... איצט איז אויף מאַנצבלען אַ יאַקרעס...

— וואָס רעדט איר, פעסיע? איר זאָלט אַזוי זאָגן? מיר לעבן שוין מיט מײַן ציליען אַ כעזשבן פון צען יאָר און פאַרמאָגן צוויי טײַערע קינדערלעך...

און אַ טראַכט געטאָן, האָט ער צוגעגעבן:

— נו, און פאַרוואָס האָט איר אײַער שוועלן ניט אָפּגעלאָזט איינעם אַליין פריִער אַ קוק טאָן אויף ביראָבידזשאַן און דערנאָך אײַך אַרויסרופן אַהין?

זי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— מײַן שויעל האָט מוירע געהאַט מיך איבערלאָזן איינע אַליין אין באַפּאָליע... ער געדענקט נאָך פון אַמאָל, וויפל פײַנע כאַסאַנים האָבן זיך צו מיר געשאַדכנט...

— אײַער שויעל, ווי איך זע, איז אַמאָל אויך ניט געווען קיין פאַרשלאָפענער מאַלעך, — האָט כייפעץ זיך אָנגערופן, — אַ גאָלדענע נעשאָמע און דערצו נאָך אַ כאָכעם. מיט אים איז שטענדיק פרײלעך. מיר איז ער גלײַך פון די ערשטע טעג געפעלן געוואָרן, און ווען מיר וועלן קומען אויף אָן אָרט, וועל איך זען, אַז איך זאָל בלײַבן לעבן אים. מירן אַרבעטן צוזאַמען און עפּשער זיך אָפּזוכן אַ ווינונג אויך בישכיינעס...

— וואָס הייסט, אַרבעטן צוזאַמען? — האָט פעסיע אויפגעהויבן אירע גרויסע אויגן אויף כייפעצן, — איר זײַט, דאַכט מיר, אַן אַפּטייקער, און ער?

כייפעץ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— איר ווייסט דאָך שוין, אַז איך בין אַזאַ אַפּטייקער, ווי איר אַן אַפּטייקערן... געווען בין איך אַ גלעזער, און דער טאַטע מײַנער איז געווען אַ גלעזער, און יעדער גלעזער קלײַבט זיך צו אַ ווײַב מיט מעשוגאַסן, קאַפּריזן. האָט מײַנער ניט געשמעקט, וואָס איך גיי אַרום איבער בערשאַד מיט אַ קעסטל אָפּן אַקסל און שטעל אַרײַן טאַפּליעס. האָט זיך אין שטעטל באַ אונדז געעפנט אַ קלוב, האָט מען מיך געמאַכט אויף אַ שטיקל צײַט פאַר אַן אַדמיניסטראַטאָר. איך בין געשטאַנען באַ דער טיר

בײס אַן אָונט און געזען, מע זאָל ניט קריכן אַן בילעטן. האָב איך זיך אָנגעלעבט א סאַך כאָנים, אין שטעטל האָט מען אָנגעהויבן קוקן אַף מיר קרום. און דאָ האָט זיך געעפֿנט באַם קלוב א ביבליאָטעק, האָט מען מיך געשטעלט ארויסגעבן ביכער. האָט מען אָנגעשריבן אַף מיר א מעסירע, אַז איך פֿארשטײ אזוי אין די ביבליאָטעק־איניאָנים, ווי א יעשיווע־באָכער אין שוסטערײַ... האָב איך געמוזט אוועקגײן פֿון דאָרטן. א שטיקל צײַט ארומגעגאַן אָן ארבעט, ווײַל צו גלעזערײַ איז מיר נאָך אַזעלכע געהויבענע שטעלעס א ביזאָיען געווען זיך אומקערן. האָט מען קײן בערשאַד אראָפּגעשיקט אַן עלטערן פֿארשוין, א שטיקל פּראָוויזאָר אין אפּטייק, מײַנעם א ווײַטן קאָרעווו. האָט ער מיך גענומען אונטערלערנען אַפּטייקערײַ... און א געוויסע צײַט האָב איך געאַרבעט לעבן אים. איז אראָפּגעקומען א קאָמיסיע און מיך דערזען אין א ווײַסן כאַלאַט און א ווײַס היטעלע אַפֿן קאָפּ. האָבן זײ געמײנט, אַז איך בין א פּאַטענטאָוואַנער אַפּטייקער, נאָר ווען זײ האָבן מיך גענומען אַפֿן צימבל און זיך דערוווּסט, אַז קײן דיפּלאָמען האָב איך ניט, האָבן זײ געמאַכט דעם אַלטיטשקן פּראָוויזאָר א גוטן פּעטשאַטעק, און איך האָב זיך געמוזט אָפּטראָגן פֿון דער אַפּטייק... האקיצער, איך האָב זיך שוין צונויפֿגערעדט מיט אײַער שויעלן, אַז ער וועט זיך נעמען צו סטאָליערײַ, און איך וועל זײַן לעבן אים א גלעזער...

— איר האָט געטאָן, ווי א כאָכעם!.. — האָט פּעסיע באַגיטיקט. — קעדײ צו זײַן אַן אַפּטייקער, דאַרף מען דאָך קענען א ביסל מעדיצין. אַנשטאָט פּראָשקעס צו קאָפּוויטיק, האָט איר, מיסטאָמע, געהאָדעוועט מיט קאַסטאָרקע...

— נו, דערצו איז נאָך ניט דערגאַנגען!

בא די וואַגאָנען איז געשטאַנען א טומל, א ראַש, א געלעכטער. קלײן און גרויס איז אראָפּגעגאַנגען אַפֿן פּעראָן כאַפּן פֿרישע לופֿט, אויסגלײַכן די בײנער, זיך ארומקוקן, ווו מע האַלט אין דער וועלט. די קינדער האָבן זיך געטראָגן לענגויס די וואַגאָנען. פֿון פֿארשײדענע זײַטן זײַנען זיך צונויפֿגעקומען מענטשן א קוק טאָן אַף די איבערוואַנדערער, וועלכע זײַנען געווען פֿארוואַקסן, צעקנײטשט, מע האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, פֿונוואַנען פֿאָרט מען און וואָס הערט זיך אין דער גרויסער וועלט? דאָ און דאָרט האָבן זיך געזאַמלט רעדלעך. ווער ווײסט, ווי לאַנג וואָלטן זיך געצויגן די געשפּרעכן, ווען עמעצער רופֿט ניט אויס, אַז די „כאַדאָקעס” גײען.

און ווירקלעך. דער ערשטער האָט געשפּאַנט מוישע ראַביינו, און נאָך אים א פּאָר צענדליק מאַנצבלען מיט קעסעלעך, פֿולע זעקלעך ברויט, טשײַניקעס מיט אָקרעפּ. דער גערוך פֿון פֿרישן געקעכטס האָט גערופֿן, און אין געציילטע מינוטן זײַנען שוין די איבערוואַנדערער געווען אַף זײערע ערטער און שנעל גענומען צוגרייטן די טעלער מיט די לעפֿל, די קווערטלעך.

מוישע ראַביינו איז ארײַנגעקומען אין וואַגאָן, אראָפּגענומען פֿון קאָפּ די קעפּקע מיטן קרומען דאַשעק, און מיט א גרויס טיכל אָנגעהויבן אויסווישן דאָס פֿארשוויצטע פּאָנעם. ער האָט איצט אויסגעזען, ווי א זיגער. צוגעשפּאַרט זיך צו א ווענטל, האָט ער נאָכגעשפּירט, ווי מע טײלט דעם אויסגעהונגערטן אוילעם די פּאָרציעס קאָרנבברויט, ווי מע איז אַלעמען מעכאַבעד מיטן שמעקנדיקן סופּ.

— נו, קינדערלעך, — האָט ער איבערגעכאַזערט, — עסט געזונטערהייט און זאָל אײַך ווויל באַקומען! פֿארגעדענקט, אַז דאָס עסט איר דאָס לעצטע מאָל אין וועג... קאַזיאָנע כאַרטש... אין עטלעכע שאָ ארום וועלן מיר שוין, מיט גאָטס הילף, קומען צו זיך אין געגנט, וועט איר שוין איבערגײן אַף אײגענעם קעסט...

א טראַכט געטאָן, האָט ער צוגעגעבן:

— נו, פֿארשטײט זיך, האָט ניט קײן פֿאַריבל און באַליידיקט זיך ניט, אויב עס איז צײַטנווײַז געווען ניט אזוי...

— ניט צײַטנווײַז, כאַוווער פּינוס, נאָר גאַנץ אָפֿטלעך... — האָט עמעצער פֿון צווייטן עק וואַגאָן ארײַנגעשטעלט.

מוישע ראַביינו האָט זיך אײַנגעקוקט אין יענער ריכטונג, אײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די פּלײצעס און געענטפֿערט:

— אַוואַדע... נאָר וואָס האָט מען געקאָנט טאָן, אַזאַ שווערער וועג!.. עס קומט אויס זיך אונטערגאַרטלען. עס איז דאָך ניט אינדערהײם.

— און דאָרטן, אין ביראָבידזשאַן, וועט זײַן בעסער?

— אַוואַדע, אַז מע איז אַפֿן אָרט איז שטענדיק בעסער... קײן גאָלדענע בערג קאָן איך אײַך ניט צוזאָגן און קײנער וועט זײ אײַך ניט צוזאָגן. די ערשטע צײַט, ביז מע וועט זיך אײַנאָרדענען, וועט זײַן שווער. פֿארשטײט זיך, נאָר דערנאָך, אַז דאָס רעדל וועט זיך אָנהײבן דרײען... איך האָב שוין געבראַכט אַהין ניט ווייניק עשעלאָנען, א שײן ביסל איבערוואַנדערער און בלויז א פּאָר צענדליק, וועלכע זײַנען ניט געוווינט ארבעטן — לופֿט־מענטשן, האָבן זיך אומגעקערט... איך גלייב, אַז צווישן אײַך זײַנען קײן ליידיקגײער נישטאָ, און איר פֿאָרט אונטערשטעלן א פּלײצע, מע זאָל טאַקע אויסבויען די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט... אונדזער כאַוווער קאַלינין זאָל זאָגן: „מאָלאָדצי!”

דער אוילעם איז געווען פאַרטאָן אין דער אכילע, און מוישע פּיניעס האָט זיך געלאָזט אין די שכיינישע וואַגאָנען א קוק טאָן, ווי האָדעוועט מען דאָרטן די איבערוואַנדערער.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג. די זון איז שוין געשטאַנען איבערן קאָפּ און אָנגעוואָרעמט ניט נאָר דעם שיינעם ארום, נאָר, דאַכט זיך, נאָך מערער אָט די איבערוואַנדערער, וועלכע געפינען זיך שוין העכער צען טעג אין וועג. עפּעס מיטאַמאָל האָט זיך באַם אוילעם געביטן די שטימונג. מע איז געוואָרן פריילעכער, אויפגעלעבטער. אַלץ מער שמייכעלעך האָבן געשפּילט אויף די פּנימער פון די מענטשן, מער וויצן, כאָכמעס האָבן זיך געהערט דאָ און דאָרט. בייס מע איז געשטאַנען מיט די אַרטיקע איינוווינער לעבן די וואַגאָנען און געשמועסט, האָט מען זיך דערוווסט וועגן א סאַך זאַכן, וואָס מע האָט פריִער ניט געוווסט. מע האָט זיך דערוווסט, אז דאָ, אויף דער ערד, וואַקסט זייער גוט אַלץ, וואָס א מויל רעדט אויס, סיי אין די סעדער, סיי אויף די גערטנער. עמעס, עס טרעפט אמאָל, אז די רעגנס זיינען דאָ שטאַרקערע, ווי ערגעץ אַנדערש־ווו, נאָר דאָס איז גאָרניט שרעקלעך. מע געוווינט זיך צו. דער ווינטער איז דאָ, מעגלעך, שאַרפער, די פרעסט גרעסערע, בייסיקערע, נאָר אָן ווינטן, אָן בוראַנעס. דער פריִלינג הייבט זיך דאָ אָן שפּעטער, נאָר דערפאַר פאַרהאַלט זיך לענגער דער זומער, און דער אָסיען איז דאָ גאָר א גרויסאַרטיקער...

דורך די וואַגאָן־פענצטער האָט אַריינגעקוקט די זון. אין אַלע ווינקעלעך איז געווען וואַרעם, ליכטיק.

שויעל, וואָס איז געזעסן באַנאַנד מיט דער פלוינעסטע, איז געווען גוט געשטימט, און זי האָט זיך אפילע אָנגעהויבן וויצלען. זי האָט אים מיט א געלעכטער דערציילט, ווי דער בערשאַדער אַפּטייקער האָט פאַר איר אויסגעגאָסן דאָס ביטער האַרץ, ווי ער האָט זיך געמאַטערט מיט זיינע פילצאָליקע מעלאָכעס.

שויעל האָט זיך צוגעהערט צו פּעסיעס רייד און אים האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אז מע האָט זי אונטערגעביטן. אינגאַנצן ניט יענע פּעסיע, וואָס ער האָט פאַר זיך געזען די לעצטע צייט.

אין וואַגאָן האָט זיך אויפגעהויבן א טומל. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערטראָגן אויסגעשרייען, מע זאָל פאַרנעמען די ערטער, ווייל דער עשעלאָן וועט באַלד־באַלד זיך לאָזן וויי̆טער אין וועג.

דער אוילעם איז צוגעפאַלן צו די פענצטער, זיך איינגעקוקט, צי איז עמעצער פון די פּאַסאַזשירן ניט פאַרבליבן פון יענער זייט, צי וועט, כאָלילע, קיינער ניט אָפּשטיין פונעם צוג?..

אָט האָבן זיך שוין צעקלונגען די בופערס, דער לאַנגער עשעלאָן האָט גערירט פון אָרט, פאַרלאָזט דעם „טופּיק", ווו דער אוילעם האָט זיך ניט שלעכט אָפּגערוט, געשטילט דעם הונגער, געכאַפּט פרישע לופט.

ווידער האָט זיך אוועקגעצויגן די טייגע. דאָ און דאָרט האָט מען געזען קליינינקע יישוווים, קליינע הילצערנע הייזער, ארומגעצוימטע מיט נידעריקע הילצערנע פּאַרקנדלעך, גערטנער, סעדער. פון רעכטס און פון לינקס האָבן זיך באַוויזן הויכע, גרינע סאָפּקעס. אין דער זויבערער, באַגילדעטער פון דער זון ווייטקייט, האָט מען געקאָנט זען די קאָנטורן פונעם גרויסן כינגאַן, זיין ברייטן באַרג־רוקן, וואָס איז באַדעקט מיט וואַלד.

— זע נאָר, פּעסיע, — האָט זיך אָנגערופן שויעל, — עפּשער געדענקסטו, מיר זיינען מיט דיר אמאָל געפאָרן קיין קרים, אין אן אָפּרו־הויז. דער קאָמבינאַט אונדזערער האָט מיך דאַן פּרעמירט מיט א פּוטיאָווקע, צי דערמאָנט דיר ניט אָט יענץ וויי̆טע ווינקל א שטיקעלע קרים?..

— איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס, — האָט זיך שטאַרקער צוגעדריקט צום פענצטער פּעסיע, — עפּעס געדענק איך ניט, נאָר דאָס איז זייער א שיין ווינקל. די פּריראָדע איז דאָ א גאָר גרויסאַרטיקע, און דער קלימאַט א גוטער. עס אָטעמט זיך דאָ גרינגער.

ער האָט צו איר אונטערגעווונקען, זיך צעשייכט, ווי דער מאָרגנשטערן, און מיט גאַדלעס זיך אָנגערופן:

— וואָס זשע מיינסטו, א שלעכט ווינקל האָט די מעלוכע אויסגעקליבן פאַר דער נייער געגנט?..

— אוואַדע, דיין טאַטנס געגנט... מיר וועלן נאָך באַטראַכטן די זאַך, ווען מירן קומען אויף אָן אָרט, צי וועט זי ווערן אונדזער געגנט, צי וועט אויסקומען פאַרקערעווען דעם דישעל צוריק...

— זעסט דאָך, וויפל מענטשן עס פאָרן אהין. און קיינער, דוכט מיר, טראַכט ניט וועגן פאַרקערעווען צוריק דעם דישעל... דו מיינסט, אז אונדזער מעלוכע האָט מער ניט וואָס צו טאָן און פאַרמאָגט שווערע מיליאַרדן, קעדיי פירן הין און צוריק טויזנטער מענטשן, זיי האָדעווען אין וועג, געבן האַלוואָעס, קרעדיטן, זיי זאָלן זיך אויסבויען הייזער... דו מיינסט, אז דאָס איז פאַר די מענטשן א לוסט־רייזע?.. איז מען אהער געקומען, דאַרף מען זיך איינשפּאַנען און זיך נעמען צו דער אַרבעט... זעסט, סאַרא רייכער קאַנט דאָס איז, און מענטשן — אָפּן שפּיץ מעסער...

— איך האָב עס שוין פון דיר געהערט, שויעל, גענוג! — האָט פעסיע אים איבערגעשלאָגן. — לאָמיר בעסער אָנהייבן צונויפבינדן די זאַכן. אונדזער צוג יאָגט, ווי הונדערט רוכעס וואָלטן אים אונטערגעטריבן. אָט וועלן מיר שוין, האָב איך געהערט, אין א פּאָר שאָ ארום קומען אַף אָן אָרט און מע וועט דארפן אראָפּקריכן פונעם וואגאָן. ער איז מיר שוין נימעס, ווי א ביטערער רעטעך...

— באלד וועל איך נעמען צונויפבינדן די זאַכן, פעסיע... דאָ וועט קיין מעניע ניט זײַן... נאָר דאָס, וואָס דו האָסט מיר ווידער דערמאָנט וועגן דישעל, דארף איך דיר זאָגן, אז צוליב דיר האָבן מיר זיך דאָך געלאָזט אהער און צו מיר קאָנסטו קיין איבעריקע טײַנעס ניט האָבן...

— ווער האָט דען צו דיר טײַנעס?.. זעט אויס, אז אזוי איז אונדז באשערט... א באשערטע זאַך... און ווער ווייסט, עפשער וועט אונדז דאָ זײַן בעסער...

— וואָס איז שײַך בעסער — ערגער... — האָט שויעל זיך אָנגערופן, אָנהייבנדיק צונויפלייגן דאָס בעטגעוואַנט, — וויפל איך קען זיך, האָב איך קיינמאָל ניט געלעבט פון פּראָצענט, פון גנייווע, גזיילע. דאָס גאנצע לעבן האָב איך און מײַן טאטע, מײַן זיידע, געהאָרעוועט און ערלעך פארדינט דאָס שטיקל ברויט... און וואָס איז מיר די נאפקעמינע, ווו איך זאָל צולייגן מײַן האָרעוואניע. דאָרט איז געווען כאָוועטסקע וולאסט און דאָ איז סאָוועטכקע וולאסט. און כאָטש עס צעטיילט אונדז אזויפיל ווערסט, נאָר מיר זײַנען סײַוויסײַ בא זיך אינדערהיים... און נאָך איין זאַך דארפסטו פארגעדענקען. אונדזער גאנצער פארמעגן — דאָס זײַנען אונדזערע קינדער, דאָס גרעסטע גליק איז, ווען מיר זײַנען לעבן זיי. מע ווערט צוביסלעך עלטער. זיי נייטיקן זיך אין אונדז. עס גייט צו יענער צײַט, ווען מיר וועלן זיך נייטיקן אין זיי. איז בעסער זיך צונויפקומען פריִער, ווען מיר זײַנען נאָך בא די קויכעס, קענען ארבעטן און פארדינען אפן לעבן מיט אונדזער האָרעוואניע, איידער פאָרן צו די קינדער, ווען מיר וועלן שוין זײַן אלט און גראָוו און דארפן אָנקומען צו זיי... דו פארשטייסט מיך, פעסל?

— וואָס זשע, איך פארשטיי ניט? אוואדע איז אין דײַנע רייד פאראן א סאך עמעס... נאָר זאָג מיר, דאָס הארץ פליט שוין בא מיר ארויס פון נײַגער. איך וואָלט שוין א באלן געווען זען דעם מאזיק אונדזערן. ווו וועלן מיר אים זוכן, ווען מיר וועלן קומען קיין בירא־בידזשאן?

— וואָס הייסט? האָסט דען ניט געהערט, וואָס אונדזער מוישע ראביינו האָט פריִער געזאָגט? ער האָט געזאָגט, אז פון וועג האָט ער געקלאפּט א טעלעגראמע, אז מע פאָרט...

— צוליב וואָס?

— וואָס הייסט — צוליב וואָס? דו מיינסט, אז דאָס איז א שפּילכל? דאָרטן וואַרט מען שוין אַף אונדז, מע קוקט אַף אונדז ארויס. מענטשן דארף מען דאָרטן, ווי לופט. מע וועט באקומען די טעלעגראמע, וועט מען ארויסגיין אונדז באגעגענען...

פעסיע האָט זיך פאנאנדערגעלאכט אַף א קאָל:

— מע האָט שוין דאָרטן ניט וואָס צו טאָן — מע וועט ארויסגיין באגעגענען!

— און פארוואָס טאקע ניט?

— עפשער נאָך מיט מוזיקע, מיט קלעזמער?

— עפשער מיט מוזיקע, מיט קלעזמער!.. — האָט שויעל אַף איר זיך א בייזער געטאָן. — וואָס מיינסטו, די מעלוכע פירט דיך אומזיסט אזא וועג, האָדעוועט, פאטערט געלט, נאָר צוליב דעם, דו זאָלסט זיך זען מיט דײַן טאכשיט?..

— און פארוואָס טאקע ניט?

— נארישע! דאָס, וואָס מיר פאָרן, איז א גרויסע גאָסודארסטווענע זאַך. וועגן די מענטשן, וועלכע האָבן געוואָרפן זייער היים און האָבן זיך געלאָזט אזוי ווײַט, קעדיי אויסבויען א ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, וועט מען אמאָל באשרײַבן אין דער היסטאָריע...

— און מע וועט זיי עפשער נאָך שטעלן א דענקמאָל?

— פארוואָס מיינסטו, אז ניט?..

פעסיע האָט זיך פאנאנדערגעלאכט:

— אוי, ווען איך ווייס, אז מיר וועלן ארײַן אין דער געשיכטע, וואָלטן מיר נאָך פאראיאָרן געפאָרן...

— לאַך ניט, פעסל, מע קאָן גאָרנישט ניט וויסן... לאַך ניט!

עס איז צוגעקומען כייפעץ. א קוק געטאָן, ווי שויעל מיטן ווײַב בינדן צונויף די זאַכן, ווי די קינדער האָווען ארום זיי, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אוי, ווען איר ווייסט, ווי איך בין אײַך מעקאַנע! איך האָב איבערגעלאָזט אין בערשאד דאָס ווײַב מיט די קינדער און וועל, ווײַזט אויס, האָבן א גרויסע מאָראָקע — פאָרן נאָך זיי. און איר האָט געטאָן, ווי די כאכאָמים, זיך אופגעהויבן מיט האקל־באקל, און — הײַדא!

— קיינער ווייסט נאָך ניט, ווער וועמען עס דארף זײַן מעקאַנע... — האָט א טיפן זיפץ געטאָן פעסיע, — מירן לעבן, וועלן מיר זען...

כייפעץ איז געשטאנען א ביסל פארטראכט און זיך געלאָזט צו זײַן ווינקל.

לויט דעם, ווי דער גאַנצער אוילעם פּאַסאַזשירן האָט געהאָוועט, צונויפגעבונדן די זעקלעך און פּעקלעך, איז געווען קלאָר, אַז ס'איז שוין צײַט. מע דערנעענטערט זיך צום ציל.

און ער האָט אויך גענומען צונויפלייגן זײַן ביסל פאַרמעגן.

סאַרע לויטערער הימל איז געהאַנגען איבער דער טײַגע, מאַמעש אַף כידושים! די פרילינגדיקע זון האָט געאַרבעט אַף אַלע קיילים, מעכײַעדיק געוואַרעמט, קימאַט אַלע וואַגאָן־פענצטער זײַנען שוין געווען צעעפנט און מענטשן האָבן אַרויסגעקוקט דורך זיי און זיך געפילט, ווי ערעוו יאָמטעוו. פאַרשטייט זיך, אַז צו די פענצטער זײַנען צוגעזאָטן געוואָרן אין דער ערשטער ריי די קינדער. און גראָדע די קלענערע האָבן אָפּגעשטויסן מיט די עלנבויגנס די עלטערע, ווײַל זיי זײַנען בילכער.

נאָר פּעסיע האָט זיך אַרײַנגערוקט אין דער מיט און זיך אײַנגעקוקט אַהין, פונוואַנען עס האָט זיך געדאַרפט באַווײַזן די סטאַנציע. וואָס נעענטער מע איז צוגעפאָרן אַהין, אַלץ שטאַרקער, אומרויִקער האָט בא איר געקלאַפּט דאָס האַרץ. כאָטש שויעל האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט אַליין געהערט, ווי מוישע פינוס האָט געזאָגט, אַז אַף דער סטאַנציע וועט מען באַגעגענען דעם צוג, נאָר צי וועט דאָרטן זײַן דאָווידקע? ווער ווייסט פינקטלעך, צי לעבט ער דאָ נאָענט, און צי וועט מען אים אָפּלאָזן פון דער אַרבעט, ער זאָל לויפן צום וואָקזאַל באַגעגענען דעם עשעלאָן? און כוץ אַלעמען, וויאַזוי קאָן ער זיך דערוויסן, אַז זײַניקע פאָרן גראָדע מיט דעם צוג און ניט מיט קיין אַנדערן?

דערווײַל האָט זי געזען דאָ און דאָרט באַזונדערע הילצערנע שטיבלעך, דערפלעך, די גרייס ווי אַ געגנעץ. זי האָט אַרויסגעקוקט גאָר אַף עפּעס אַנדערש. איר האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט זי דערזען פונקט אַזאַ גרויסאַרטיקע סטאַנציע, וועלכע מע איז ערשט ניט לאַנג דורכגעפאָרן, און אויב ניט אינגאַנצן אַזאַ, איז כאָטשבי אַ קלענערע, אַזאַ, ווי, לאָמיר זאָגן, ווינִיצע, פּראָסקוראָוו, ווו זי איז אַמאָל געווען צוגאַסט. לאַנגזאַמער האָבן גענומען לויפן פאַר די פענצטער די טעלעגראַף־סלופּעס, ס'האָבן זיך באַוויזן בײַדלעך און ניט קיין גרויסע בײַוואָקזאַל־געבײַדעס. און אָט האָבן זיך דערטראָגן אַהער, אין די וואַגאָן־פענצטער, קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער. זיי האָבן זיך פאַרשטאַרקט מיט יעדער מינוט, געוואָרן דײַטלעכער און הילכיקער.



דער אוילעם אין די וואַגאָנען האָט זיך פאַרוווּנדערט איבערגעקוקט, ניט פאַרשטייענדיק, פונוואַנען קומט אַהער די מוזיק און וואָס פאַר אַ יאָמטעוו איז היינט? דאַכט זיך, אַ געוויינלעכער דאָנערשטיק אויף דער וועלט!..

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס באַגעגנט מען אונדז מיט קלעזמער... — האָט זיך אָנגערופן שויעל, פרווונדיק זיך דורכשטויסן נעענטער צום פענצטער, נאָר די כּוורעלייט האָבן ניט געלאָזט, זיך גע־בייזערט אויף אים, לעמיי ער שטויסט זיי אָפּ.

— יאָ, מע באַגעגנט מיט קלעזמער! — האָט אויסגעשריִען אויפֿן גאַנצן וואַגאָן דער בערשאַדער אַפּטייקער, כייפעץ, — זעט, סאַרא גרויסער אוילעם עס לויפט צו דער סטאַנציע!..

— דאָס איז אַ סטאַנציע? וואָס רעדט איר! — האָט איבערגעשלאָגן פעסיע. — דאָס דאַרף זיין עפעס אַ פּאָלוסטאַנעק... זעט נאָר, אַ הילצערן שטיבל, און דאָס איז אַ סטאַנציע? אַ כּויזעק...

— אָט שטייט דאָך אָנגעשריבן אויפֿן שילדל און בעפּייִרעש אויף מאַמע־לאָשן און באַנאַנד אויף רוסיש: ביראָבידזשאַן... — האָט אויסגעשריגן כייפעץ, — מיר זיינען, מיט גאָטס הילף, געקומען אויפֿן אָרט... עס ענדיקן זיך אונדזערע צאָרעס...

— און עס וועלן זיך אָנהייבן אַנדערע... — האָט עמעצער פון דער זייט אַריינגעשטעלט.

— זאָלן שוין קומען צאָרעס אויף אונדזערע סאָנים! — האָט זיך אָפּגערופן אַן עלטערע פרוי. — מע דאַרף זיך ניט אויסשטעלן צום שלעכטן. לאָמיר טראַכטן, אַז אַלץ וועט זיין גוט, וועט עס דערגיין צום אייבערשטנס אויערן...

— זאָל זיין, שכיינע, ווי איר זאָגט. איך בין דען קעגן?

פון יענער זייט פענצטער האָט זיך געטומלט. אָן אַ שיר מענטשן זיינען אַרומגעלאָפן לענגויס דעם צוג, וועלכער איז געגאַן גאָר פּאַמעלעך. דער אוילעם האָט געראַשט, געשריִען, די מוזיק האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די געשרייען, מיטן געפילדער, מיטן געלעכטער.

פעסיע האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ אינעם צעעפנטן פענצטער און פיבערדיק געזוכט צווישן דער מענטשן־געדיכטעניש. זי האָט שוין ניט געקוקט אויף דעם קליינינקן וואָקזאַלכל, זי האָט איצט אין אַלץ פאַרגעסן, געזוכט אַ באַקאַנט פּאָנעם, דעם מאַזיק אירן, צוליב וועלכן מע האָט זיך געלאָזט אין אַזאַ וויייטן וועג.

לענגויס די וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט, זיינען געלאָפן מענטשן מיט בלומען, אַזעלכע, וועלכע זי וואָלט געקאָנט באַגעגענען בא איר אין באַפאָליע, אין טעפליק, וויניצע, פראָסקו־ראָוו, נאָר איר האָט זיך געוואָלט באַגעגענען צווישן דעם האַמוין איינעם: איר בענאַק, דאָווידקען...

— פעסיע, געַנוג שוין אַרויסקוקן, העלף נאָר, מע דאַרף גיין... — האָט זי אַ טאָרע געטאָן שויעל, — וואָס זוכסטו דאָרטן? העלף נאָר...

און ער האָט גענומען אויף די פּלייצעס צוויי וואַליזעס און מיטאַמאָל זיי אַראָפּגעוואָרפן אויפֿן דיל, דערהערנדיק פעסיעס מוירעדיקן געשריי מיט אַ געוויין:

— דאָווידקע! זונעניו, דאָווידקע!

און ווען שויעל כאַפּט ניט אונטער פעסיען, וואָלט זי, דאַכט זיך, אַרויסגעפלויגן דורכן פענצטער.

— שאַ, נאַרישע, וואָס גוואַלדעוועסטו אַזוי? זעסט ניט, דו האָסט די קינדער שיר ניט איבער־געשראָקן...

אויף דער מאַמען קוקנדיק, האָט די קלייניינקע פאַרשייטע שולאַמיס אָנגעהויבן שרייען, טומלען נאָך שטאַרקער.

פעסיע האָט זיך דורכגעשטויסן דורך דער מענטשן־געדיכטעניש, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום שוין אַרומגעכאַפּט קושן און האַלדזן איר דאָווידקען.

— מאַמע... נו, מאַמע, מע דאַרף ניט וויינען... מע דאַרף ניט... — האָט דאָווידקע געשטאַמלט, געדריקט אין זיינע אָרעמס די מוטער, און ניט געפילט, ווי איבער זיינע באַקן קייקלען זיך גרויסע טרערן פון מענטשלעכער פרייד.

— מאַמעלע, נו, באַרויִק זיך... עס איז ניט שיין... — האָט ער זי געגלעט איבערן קאָפּ, — מע לעבט, מע זעט זיך, טאָ צוליב וואָס טרערן?.. באַרויִק זיך...

מיט אַ טומל און געשריי איז צו אים צוגעלאָפן שולאַמיס. זי איז געווען דערשראָקן, פאַרלוירן, יאָ דערקענט און ניט דערקענט איר ברודער. נאָר געזען, ווי די מאַמע האַלדזט און קושט, האָט שולאַמיס זיך אַרופגעדראַפּעט אויף זיינע שטאַרקע פּלייצעס און אים אויך גענומען קושן.

דאָווידקע האָט זיך אַרויסבאַפרייט פון דער מוטערס הענט, זיך געגריסט און געקושט מיטן פאָטער, מיט די שוועסטערלעך. ער האָט געוואָלט עפעס זאָגן, דאָווידקע, נאָר פון פרייד און גליק האָט בא אים ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן, און ער האָט קיין ווערטער ניט געפונען.

ניט וויייט פונעם קליינעם וואָקזאַלכל איז געשטאַנען אַ טריבונע, אַן אַפּגיך צונויפגעשלאָגענע פון ברעטער. עס האָבן אונטערן לייכטן ווינטל געפלאַטערט רויטע פאָנען, און אויף אַ ברייטן טראַנספּאַראַנט

זיינען מיט גרויסע בוכשטאבן געווען די ווערטער: „א פלאמיקן גרוס די איבערוואנדערער פון פאדאַליע! מיט געמיינזאמע קויכעס וועלן מיר אויסבויען אונדזער נייע היים".

שויעל, וועלכער האָט זיך זאט ניט געקאָנט אָנשפּיגלען אינעם פארברוינטן און פעסטן זון, וואָס איז עפּעס, ווי מיטאמאָל, אויסגעוואקסן, געוואָרן ברייט אין די פּלייצעס, מענלעכער, ווי געווען, האָט דערפילט ווי עמעצער שלעפּט אים פארן ארבל. זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזען דעם בערשאדער אפּטייקער, כייפעצן.

— רעב שויעל, איר הערט, רעב שויעל... — האָט יענער געשמייכלט און געשיינט. ער האָט געווונקען אויף דעם טראנספּאראנט: — איר זעט, מיר זיינען שוין בא זיך אינדערהיים... אָנגעשריבן אויף אונדזער מאמע־לאָשן... דאָס איז זייער א סאך ווערט... זייער א סאך...

שויעל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך ארומגעקוקט. אָנשטאָט א גרויסן וואָקזאל, וועלכן ער האָט געהאָפט דאָ טרעפן, איז געשטאנען א קליינינקע הייזקע. אָנשטאָט א גרויסער שטאָט זיינען אין פארשיידענע עקן געשטאנען הילצערנע הייזער, באראקן. קיין סימען פון א טראָטואר. שויעל האָט ביטער א שמייכל געטאָן, ווייזנדיק מיט די אויגן אויף דער, מישטיינס־געזאָגט, שטאָט.

און דער בערשאדער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, זיך אָנגערופן:

— אוואדע, רעב שויעל, מע דארף אלץ אָנהייבן פון דער נוליאָווקע... מיר זיינען ניט געפאָרן אויף קיין גרייטן... נאָר איר קוקט אויף די מענטשן, זיי זיינען, ווייזט אויס, צופרידן. מע לאכט, מע האוועט. דאָס איז דער בעסטער סימען, אז מיט דער צייט וועט דאָ זיין א שטאָט און אלץ, וואָס מענטשן דארפן... אוואדע וועט מען מוזן אונטערשטעלן א פּלייצע און עס וועט זיין שווער.

א טראכט געטאָן, האָט ער מיט באדויערונג צוגעגעבן:

— איר ווייסט, רעב שויעל, איך עס זיך אויף לעבעדיקערהייט, וואָס איך האָב ניט מיטגענומען דאָס ווייב מיט די קינדער. איצט וועט זיין א מאַראָקע, ביז זיי וועלן זיך דערשלעפּן אהער, צו אונדז.

— נישקאָשע, צופּוס וועט זיי ניט אויסקומען גיין, — האָט געזאָגט שויעל, — דער צוג וועט פירן... זאָרגט זיך ניט, כייפעץ, זאָרגט זיך ניט...

דורכשטויסנדיק זיך דורכן געדיכטן אוילעם, האָט געיילט אהער יאָשקע.

נאָך פונדערווייטנס האָט ער דערזען די באפאַליער און, א שיינענדיקער, אויסגעשריען, ווי ניט מיט זיין שטים:

— מומע פעסיע, פעטער שויעל! גוט האָט איר געטאָן, וואָס איר זייט צו אונדז געקומען! מאזלטאָוו!..

ער איז צוגעלאָפן צו זיי א פארשוויצטער, זיך ארומגענומען מיט זיי און, ניט קאָנענדיק איבערכאפּן דעם אָטעם, פאַרגעזעצט:

— פארוואָס זשע האָט איר מיין טאטן ניט גענומען מיט זיך?

שויעל האָט אים געוואָלט ענטפערן, נאָר דאָ ניט ווייט האָט זיך אָנגעהויבן דער מיטינג. די מוזיקאנטן זיינען איינגעשטילט געוואָרן און פון דער „טריבונע" האָבן זיך געטראָגן באגריסונגס־ווערטער לעקאָוועד די אָקאָרשט געקומענע.

באנאנד מיט די רעדנער איז געשטאנען א שמייכלענדיקער, א גליקלעכער מוישע ראביינו. די קעפּקע איז, ווי שטענדיק, געווען פארוקט אפן שפּיץ קאָפּ און דער צעקנייטשטער דאשעק איז געשטאנען אויף א זייט. ער איז געווען שטאָלץ בא זיך, און דער אויסזען זיינער האָט גערעדט פאר אים: „נו, מענטשן, איר זעט כאָטש, סארא פיינע כאליאסטרע האָרעפּאשניקעס האָב איך אייך דאָס מאָל געבראכט? איצט וועט בא אייך ווערן פרייעלעכער".

ווי פון אונטער דער ערד איז באנאנד מיט דאָווידקען אויסגעוואקסן זלאטקע. זי איז צוגעגאנגען שטילערהייט מיט א בוקעט בונטע טיולפּאנען. דאָס מיידל איז געווען אָנגעטאָן אין א שיין קלייד. די האָר זיינען געווען אונטערגעכאפּט מיט א בלאָוולעכער סטענגע און פון אלע זייטן האָבן אויף איר געוואָרפן אויגן יונגע, שטאלטנע באָכערים.

דאָווידקע האָט זי דערזען, איז ער אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט רויטער פארב, דאָס פּאָנעם האָט בא אים גענומען פלאקערן. שטיל האָט ער זיך אָנגערופן צו דער מוטער:

— מאמע... באקען זיך... דאָס איז זלאטקע...

זלאטקע האָט מיט א ציטערנדיקער האנט אויסגעשטרעקט פעסיען די בלומען, עפּעס געשטאמלט, ניט געוווּסט, וואָס זי דארף איצט זאָגן דאָווידקעס מוטער. יענע האָט ווידער א קוק געטאָן אפן זון, און איר בליק האָט באטייט:

„וואָס איז דאָס פאר א מיידל! ווּעמענס?"

א לענגערע ווייִלע האָט דאָווידקע געקוקט אין א זייט און, פילנדיק אויף זיך דער מוטערס פרעגנדיקן בליק, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז אונדזער זלאטקע... זי איז א דערציִערן אינעם קינדער־גאָרטן... זי וועט אויך זיין שולאמיסעס דערציִערן... לערערן...

איבער פעסיעס פאַרברוינט פּנים איז דורכגעלאָפן א מאַמזעריש, קוים באַמערקבאַר שמייכעלע. זי האָט, קוקנדיק אויף דעם עטוואָס פאַרלוירענעם שיינעם מיידל, א טראַכט געטאָן:
„מיר דאַכט, אַז צום אַלעם ערשטן האָט זי דערציוגן אונדזער דאַווידקען".
פעסיעס אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיטן מאַנס שמייכעלע. ער האָט א רעגע געשאָקלט מיטן קאָפּ און, איבערפירנדיק די אויגן פון דאַווידקען אויף דער יונגער שיינער דערציִערן, זיך אָנגעבויגן צו פעסיען און איר שטילערהייט געזאָגט:
— אוי, מײַן טײַערע, ניט אומזיסט זאָגן די כאַכאַמים, אַז דאָרטן, וווּ קיין רוֹעך וועט ניט העלפן, זאָלסטו זוכן א פרוי... א מיידל...
אויף דער קליינינקער טריבונע האָבן זיך געביטן די רעדנער. אַלעמאָל האָבן זייערע לעצטע ווערטער אונטערגעכאַפּט די קלעזמער, עס האָט געטומלט, געררוישט דער עולם, די קינדער האָבן זיך אַרומגעטראָגן, זיך געשפּילט, געלאַכט.
שויעל און פעסיע זײַנען געשטאַנען, באַטראַכטנדיק דעם בענאָק, דאָס פּאַרויטלטע מיידל און, דאַכט זיך, אָנגעהויבן זיך אָנשטויסן, ווער איז געווען דער וויכטיקסטער שולדיקער אין דעם, וואָס מע האָט זיך אופגעהויבן פון דער היימלעכער באַפּאָליע און זיך פאַרקליבן אַהער, אין אויסערײַסעניש, אין אָט דעם אומהיימלעכן, ניט אײַנגעאָרדנטן און ניט גרינגן קאַנט.
די זון האָט נאָך אַלץ מעכײַעדיק געוואַרעמט. לויטער איז געווען דער הימל. עס האָט זיך גרינג און פרײַ געאָטעמט, און מע האָט נאָך ניט געקאָנט באַשטימען, צי וועט זיי די רײַזע, די לאַנגדערווארטע באַגעגעניש, דער נײַער קאַנט ברענגען גליק אָדער אומגליק...

קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# אין דער נײַער היים

טוט נאָר א קוק, ווי די צײַט ענדערט דעם מענטשן! ניט צו דערקענען! נאָר, אַפּנים, ניט בלויז די צײַט, נאָר אויך דאָס נײַע אָרט, די נײַע אומשטאַנדן, די נײַע באַדינגונגען.
זאָגט מען דאָך: קעדיי אויסלערנען א מענטשן שווימען, דאַרף מען דערצו ניט צולייגן קיין גרויסע האָרעוואַניע, עס איז גענוג אים אַרײַנוואַרפן אין וואַסער, וועט ער ניט האָבן קיין אַנדער ברײרע, ווי נעמען פּאַטשן מיט די הענט איבער די כוואַליעס, קלאַפּן מיט די פיס, און עס וועט אַוועק א גאַנג! ער וועט, מיט גאָטס הילף, נעמען שווימען, און נאָך ווי־אַזוי!
דערציילט מען דאָך א געשיכטע: בײַס א גרויסן שטורעם איז דערטרונקען געוואָרן א גרויסע שיף אין יאַם. די פּאַסאַזשירן מיט דער קאָמאַנדע, מיטן קאַפּיטאַן זײַנען אומגעקומען, און בלויז צוויי כעלעמער כאַכאָמים זײַנען געקומען צום ברעג. זײַנען זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע עקן מענטשן און מע האָט גענומען דאָס פּאָרל אָפּן צימבל: סטײַטש, אַזעלכע גרויסע שווימער זײַנען דערטרונקען געוואָרן און איר ביידע זײַט געראַטעוועט געוואָרן! דערציילט אין קורצע ווערטער, ווי־אַזוי איז געשען דער נעס? וואָס האָט איר געטאָן?
האָבן ביידע כעלעמער א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און געענטפערט:
— וואָס האָבן מיר, פרעגט איר, געטאָן? מיר האָבן גאָרנישט ניט געטאָן! מיר האָבן די גאַנצע צײַט גערעדט...
— אויף וואָס זשע פאַר א שפּראַך האָט איר, פעטערלעך, גערעדט?
— אויף וועלכער שפּראַך? מיר האָבן גערעדט מיט די הענט...
פעסיע מאַזור האָט זיך מער ווי א יאָר צײַט געמאַטערט מיטן געדאַנק, ווי פילט זיך דאָרטן, אין נאַווענאַד, איר בענאָק, איר ליבלינג דאַווידקע? וואָלט זי געוווּסט, ווי דער טאַכשיט אירער איז אויסגעוואַקסן פאַרן יאָר, ווי די אַרומיקע קוקן אויף אים מיט אַזאַ אָפּשײַ, וואָלט זי דען זיך אופגעהויבן מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע און נאַשפּיץ געלאָפן צו אים?..
זי דערקענט אים איצט ניט. סאַראַ קאָוועד ער האָט דאָ בא מענטשן! ער איז מיט אַלעמען דאָ א גאַנצער גוטער־ברודער, אויסגעבונדן. מע באַגריסט אים, מע גראַטולירט אים, און מע איז מעקאַנע, וואָס ער האָט באַגעגנט טאַטע־מאַמע, די שוועסטערלעך, און איצט, זעט אויס, וועט ער זיך דאָ פילן, ווי גאָט אין אָדעס. עפּעס א קלייניקײַט, די גאַנצע פאַמיליע זײַנע איז שוין א היגע. וואָס נאָך קאָן מען זיך ווינטשן?!
דער סאָף טאָג איז געווען א זוניקער, א וואַרעמער. אָן א שיר מענטשן — קליין און גרויס האָבן זיך געשטויסן, באַטראַכט די געקומענע איבערוואַנדערער, זיך באַמיט מיט וואָס־ניט־איז מיטהעלפן

די נײַ־געקומענע, מע האָט זיי ארומגערינגלט, באגריסט, אויסגעפרעגט, פון וועלכע שטעט און שטעטלעך, וואָס הערט זיך אין יענע ווײַטע קאנטן?

מוישע ראביינו, א דערהויבענער און א שײַנענדיקער, האָט זיך ארומגעטראָגן לענגויס דעם עשעלאָן, וואָס איז נאָך ניט אָפגעקילט געוואָרן פונעם ווײַטן וועג. מוישע האָט נאָך געהאט טויזנטער דײַגעס. און אויב פאר אלעמען האָבן זיך שוין געענדיקט אלע צאָרעס, לויפעניש, האָבן זיי זיך בא אים ערשט אָנגעהויבן.

די היגע באלעבאטים האָבן אַף אים געקוקט מיט דאנקבארע אויגן. מע האָט אים שוין גוט געקענט, ווײַל דאָס איז, ווי שוין געזאָגט געוואָרן, ניט דער ערשטער עשעלאָן איבערוואנדערער, וואָס דער פארשוין ברענגט אהער.

דאָרטן, ארום דער קלײנינקער סטאנציע, וואָס וואָלט געקאָנט הייסן א פאָלוסטאנעק אין אונדזערע סטעפישע קאנטן, איז נאָך לאנג געווען טומלדיק. א גרויסער אוילעם — אָרטיקע און נײַ־געקומענע — האָט זיך געשטויסן ארום דער קונציק אוועקגעשטעלטער „טריבונע". רעדנער האָבן זיך אלעמאָל געביטן. מע האָט באגריסט די נײַע איבערוואנדערער. יעדער אַף זײַן אויפן האָט דער־ציילט, וואָס עס ווארט דאָ אַף זיי. מע האָט ניט צוגעזאָגט קיין גרינג לעבן, ווײַל ארום אין נאָך קיין שטאָט ניט געווען. בלויז דאָ און דאָרט זײַנען געשטאנען געזעצטע באראקן, באזונדערע הײַזער פון געהילץ און ליים. ניט קיין טראָטוארן, ניט קיין שאָסייען. עס זײַנען געלעגן ברעטער, מע זאָל ניט דארפן זינקען אין דער בלאָטע, דאָ און דאָרט האָט מען געזען שטעקן אין דער ערד טיטשקעס — דאָס האָט מען געמאכט צייכנס, ווו עס וועלן אויסוואקסן גאסן, קווארטאלן, געבײַדעס. אָבער דערווײַל איז נאָך ארום געווען פוסט, ווילד, טײַגע. נאָר א מאָדנע זאך! דאָס האָט קיינעם פון דעם היגן אוילעם ניט געקימערט. מע האָט ניט געזען קיין פארומערטע מענטשן, מאנצבלען און פרויען מיט פארדײַגעטע פנעמער, מיט אראָפגעלאָזטע קעפ.

דער מיטינג לעבן דער סטאנציע האָט זיך פארצויגן. פון די וואגאָנען זײַנען שוין ארויסגעטראָגן געוואָרן די זאכן. פעסיע איז געשטאנען אין דער זײַט ניט ווײַט פון אירע זאכן און דאָס פארברוינטע פאָנעם האָט אויסגעדריקט פארלוירנקײַט. אַף אירע אויגן האָבן נאָך געגלאנצט טרערן נאָך דער רירנ־דיקער באגעגעניש מיט דאָווידקען. זי האָט זיך פון מאָל צו מאָל ארומגעקוקט אַף דער ארומיקער פוסטקײַט, אַף די צעוואָרפענע באזונדערע הײַזער, באראקן און, זעט אויס, געווען ניט גאָר באגײַ־סטערט. נאָך מער, אַף איר פאָנעם איז געווען צו באמערקן א שאָטן פון אנטוישונג. דער קאנט איז געווען א שיינער, שטארק געפעלן איז איר אָט די הויכע גרינע סאָפקע, וואָס שטייט ווי א וועכטער. זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, מיט וואָס איז איר טאכשיט געווען אזוי באגײַסטערט, ווען ער האָט איר געשריבן פונדאנען אזעלכע הייסע בריוו און גערופן, געבעטן, געפאָדערט, מע זאָל זיך לאנג ניט פארטראכטן און קומען גלײַך אהער... זעט אויס, נאָר זי, זלאטקע, איז געווען די סיבע פון דעם, וואָס עס האָט דאָווידקען אוועקגעטראָגן אין אויסרײַסעניש.

פעסיע האָט פון מאָל צו מאָל, זעענדיק, ווי זלאטקע רוימט עפעס אײַן דאָווידקען אפן אויער, וויִאזוי מע לאכט, א טאָרע געטאָן מיטן עלנבויגן שויעלן, א ווונק געגעבן אפן גליקלעכן פאָרל, און שטילערהייט א זאָג געטאָן:

— נו, שויעל, ביסט עפעס א מייוון?

— וואָס זשע?

— זעסט, וויִאזוי מע שושקעט זיך?

— וואָס זשע, טײַערע, איך זע ניט?

— וואָס זשע קאָנסטו מיר זאָגן?

— וואָס איך קאָן דיר זאָגן, פעסיע? איך קאָן דיר זאָגן, אז ווען איך וואָלט געווען אין זײַנע יאָרן, וואָלט איך אויך ניט דורכגעלאָזט אזא כיינעוודיק קינד...

— איך זע, אז איך האָב מיט דיר געטראָפן!.. — האָט זי זיך א בייזער געטאָן אפן מאן, — און איך האָב געמיינט, אז כאָטש איצט וועסטו זיך ניט כאָכמענען. איך קאָן שווערן, אז דאָס האָט זי אים אראָפגעפירט פונעם גלײַכן וועג און צוליב איר איז ער אהער געפאָרן...

— נארישע, וואָס רעדסטו? — האָט ער א שאָקל געטאָן מיטן קאָפ. — איך זע, אז דו האָסט ניט, פעסיע, גאָט אין הארצן. ווער ווייסט, עפשער איז דאָס א באשערטע זאך? עפשער איז דאָס דער גוירל...

— דער גוירל, דער שמוירל! — האָט זי אים איבערגעשלאָגן. — וואָס זשע, אזא יונגער באָכער נעמט און ליבט זיך נאשפיץ אײַן? וואָס זשע, ער האָט ניט געקאָנט א ביסעלע צוווארטן? ער האָט מוירע געהאט, ער זאָל, כאָלילע, ניט פארזיצן ביז די גראָווע האָר, צי זי, די זלאטקע?..

— ע, פעסיע טײַערע, — האָט ער זיך אזוש פארקרימט, — איך זע, אז ניט נאָר דו האָסט ניט קיין גאָט אין הארצן, נאָר, דאכט מיר, קיין זיקאָרן האָסטו אויך ניט... זאָג מיר, מײַן טײַערינקע, ווען

מע האָט אונדז אין באַפּאַליע פאַרקנאַסט, זײַנען מיר מיט דיר ניט געווען פּונקט אַזעלכע צוציקעס? און דערווײַל — פּונוואַנען איז דאָס געדרונגען, אַז מע איז שוין כאָסן־קאַלע?

— עפּעס דאַכט זיך מיר אויס...

— מאַלע וואָס עס דאַכט זיך אויס!.. שפּײַ אויס דרײַ מאָל און טראַכט ניט קיין נאַרישקײַטן. דו כאַפּ נאָר אַ קוק, וואָס אַרום טוט זיך...

— וואָס טוט זיך און אַף וואָס זאָל איך קוקן? — האָט זי זיך אַ בריקעווע געטאָן, — דערווײַל זע איך נאָך גאָרניט. מיר זײַנען אין אַ ווילדן קאַנט, ווו מע דאַרף ערשט אָנהייבן אַלץ פונעם אָנהייב.

— נישקאָשע, טײַערע מײַנע, דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד. זע נאָר, סאַראַ שײנקײַט אַרום. גאָלד, מאַמעש אַ רײַכקײַט ליגט אונטער די פיס. און מיר דאַכט זיך, אַז מע וועט קאָנען מאַכן דאָ אַ לעבן. עס איז געקומען אַ צײַט, ווען מיר, עלטערן, דאַרפן זיך לערנען בא אונדזערע קינדער.

— וואָס זשע, אין באַפּאַליע איז אונדז געווען שלעכט, אויב, פאַרשטייט זיך, ניט רעכענען די לעצטע פּאָר יאָר, ווען עס איז קיין גערעטעניש ניט געווען און מע האָט זיך גוט אָנגעמוטשעט...

— איך זאָג עס ניט. און דו ווייסט גוט, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס קאָן שטענדיק פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַר די קינדער. נאָר האָסט דאָך געזען, וואָס די לעצטע צײַטן האָט זיך אין שטעטל אָפּגעטאָן?

— וואָס האָט זיך דאָרטן אָפּגעטאָן?

— אוי, ניט אומזיסט זאָגט מען אַף אײַך, ווײַבער: לאַנגע האָר און קורצער זיקאָרן!.. די יונגע כעוורע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער גרויסער וועלט, ווער — לערנען, ווער — אַף די בויונגען. האָסטו געקאָנט פאַרהאַלטן לעבן דײַן קליידל דאַווידקען? און די כעוורע אונדזערע וואָלטן אויך מיט דער צײַט אונטערגעוואַקסן און אויך אַרויסגעפלויגן פון זייער נעסט, און מיר וואָלטן מיט דיר געבליבן זיצן אין באַפּאַליע „דיד דאַ באַבאַ"... און דו אַליין האָסט דאָך מיך ניט אויפגעהערט מוטשען, געזאָגט, אַז די קינדער זײַנען אונדזער גאַנצער פאַרמעגן... נו, זײַנען מיר איצט, פּעסיע־לעבן, צוזאַמען מיט אונדזער גאַנץ פאַרמעגן... איז וואָס זשע דאַרפסטו נאָך?

ניט ווײַט האָט אָפּגעטראַכקעט אַ פור. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פרײלעכער, אַ צופרידענער יאַשקע. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער ערד און אַ ווונק געטאָן צו דאַווידקען:

— מע קאָן פאָרן!..

צוזאַמען מיט יאַשקען האָט ער גיך אַרופגעטראָגן די זעק און פּעק אַף דער פור, און מע האָט זיך געלאָזט פאָרן אַהין, ווו עס זײַנען געשטאַנען עטלעכע באַראַקן און ניט־דערבויטע הײַזער.

דאַכט זיך, קיין גליקלעכערע, ווי שולאַמיס, איז איצט קיין קינד ניט געווען אַף דער גאָרער וועלט. זי האָט מאַמעש געשײַנט, זיצנדיק באַנאַנד מיט דעם אָנטרײַבער יאַשקען און קוקנדיק אַף די גוט־אָנגעהאָדעוועטע פערדלעך, וועלכע האָבן מיט די לאַנגע עקן אָפּגעטריבן פון מאָל צו מאָל די פליגן. שולאַמיס האָט פון מאָל צו מאָל געוואָרפן אַ בליק אַף דעם אָנטרײַבער מיט די רויטע האָר און מיט די קלײַען אַף דער קורנאָסער נאָז און מיטאַמאָל זיך אָנגערופן:

— פעטערל, און וויאַזוי הייסט איר? איך הייס שולאַמיס... און איר?

ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו איר, אַרומגענומען מיט איין האַנט און אַ זאָג געטאָן: — יאַשקע...

— וואָס? יאַשקע? — האָט שולאַמיס זיך פאַרוווּנדערט. — איך האָב נאָך ניט געהערט אַזאַ נאָמען... יאַשקע... — און, אַ טיפן טראַכט געטאָן, צוגעגעבן:

— ווייסט איר וואָס? איך וועל אײַך רופן פעטער יאַשקע, ווײַל יאַשקע געפעלט מיר ניט. סע איז ניט שיין...

— זאָל זײַן אַזוי... מיך אַרט עס דען? יאַשקע — איז יאַשקע, יאַשקע — איז יאַשקע...

זיך דערפילט אַ ביסל היימישער מיטן אָנטרײַבער, האָט זי געפרעגט:

— פעטער יאַשקע... זאָגט נאָר, ווען איר גיט מיר די ווישקעס, וואָלטן אײַערע פערדלעך מיך געפאָלגט?

— פאַרוואָס ניט? וואָס איז זיי פאַר אַ נאַפקעמינע? — און, ניט לאַנג געטראַכט, האָט ער שולאַמיסן איבערגעגעבן די לייצעס, נאָר זי האָט זיך דערשראָקן, מוירע האָבנדיק זיי נעמען אין די הענט. זי האָט זיך אין אַ רעגע אַרום דאָך אײַנגעשטעלט, און גענומען אין די הענט די לייצעס. די פערדלעך אָבער האָבן זיך גלײַך אָפּגעשטעלט — ניט אַהין, ניט אַהער.

— פעטערל, וואָס זשע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט? — האָט שולאַמיס געפרעגט, און דאָס כײַנעוו־דיקע פּענעמל האָט זיך באַרויגעזלעך פאַרקרימט.

— זיי זײַנען נאָך מיט דיר ניט באַקאַנט, ווילן זיי דיך ניט פאָלגן, דערנאָך וועלן זיי לויפן, פּונקט ווי בא מיר. פאַרשטייסט?

און ער האָט אַ ברום געטאָן אַף די פערדלעך, זיי זאָלן שטעלן פיס:

— זעסטו, שולאַמיס, ווי זיי הערן זיך צו צו מײַן שטים? דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר זײַנען מיט זיי שוין אַלטע באַקאַנטע. און דערצו נאָך, האָדעווע איך זיי די גאַנצע צײַט...

נאָך דער פֿור האָבן געשפּאַנט דער טאַטע, די מאַמע מיט דאָווידן. מע האָט זיך נאָך אַלץ זאַט ניט געקאָנט אָנשפּיגלען אין דעם פּעסטן באָכער מיט דער טונקעלער טשופּרינע, וואָס דאָס מעכײַע־דיקע ווינטל האָט די גאַנצע צײַט מאַמזעריש צעשויבערט און צוגעגעבן דעם באָכער אַ סאַך כיין.

איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, האָבן שויעל און פּעסיע ניט אויפֿגעהערט דערציילן וועגן דעם וועג, וועגן מוישע ראַבײנו, וועגן דער היים. דאָווידן האָט פֿון מאָל צו מאָל אַרײַנגעשטעלט זײַן וואָרט, דערציילט, ווי מע האָט אָנגעהויבן בויען די צענטראַלע גאַס, ווו ס׳וועט זײַן דער שטאָט־פּלאַץ, די אַנשטאַלטן, קראָמען, זאַוואָדן און פֿאַבריקן. און די מוטער האָט געקוקט אויף דעם פּוסטן אַרום, אויף דער טײַגע, געקנייטשט מיט די אַקסלען און געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, לייענענדיק דײַנע בריוולעך, אַז דו רופֿסט אונדז אין אַ שטאָט, ווו עס זײַנען שוין פֿאַראַן גאַסן, הײַזער... אַפֿילע קיין טראָטואַר איז בײַ אײַך ניטאָ, אויסגעלייגט ברעטער... אָן קאַלאָשן קאָן מען דאָ דערטרונקען ווערן אין אײַערע סליאָטעס... און דאָס איז דאָס גליק?..

— אײַ, מאַמע, וואָס רעדסטו! — האָט דאָווידן זיך געפּרוּווט אָפּשלאָגן פֿון איר, — דאָ גייט די בויונג זייער גיך... ווען מיר מיט יאָשקען זײַנען פֿאַראַיאָרן אַהער געקומען, זײַנען נאָך אָט יענע גאַסן ניט געווען. איר זעט, וויפֿל עס בויען זיך הײַזער?.. דאָ וועט זײַן אַ שטאָט, אַז די גאַנצע וועלט וועט אונדז מעקאַנע זײַן... אָט וועלן מיר קומען צו אונדז אין צימער, וועל איך אײַך באַווײַזן דעם פּלאַן פֿון דער שטאָט... די באַראַקן און די הילצערנע שטיבער וועלן מיר שפּעטער אַראָפּנעמען. דאָס איז נאָר אויף אַ צײַט. מע דאַרף דאָך אײַנאָרדענען די איבערוואַנדערער...

שויעל האָט אַלעמאָל איבערגעשלאָגן, קעדיי פּעסיע זאָל ניט אַוועק צו ווײַט און ניט דערגיין דעם בענאַק די יאָרן. און קוקנדיק, ווי זשוואַווע יאָשקע טרײַבט די פֿערדלעך, האָט ער אַ טאָרע געטאָן מיטן עלנבויגן דעם זון:

— זאָג נאָר, דאָווידקע, אין דײַן לעצטן בריוול האָסטו געשריבן, אַז יאָשקע האָט געענדיקט קורסן פֿון מעכאַניזאַטאָרס און ער פֿאָרט שוין אויף אַ מאַשין... וואָס זשע איז דאָס פֿאַר אַ מאַשין?

— ניט געזאָרגט! אינגיכן וועלן קומען אַהער מאַשינען... דערווײַל פֿאָרט ער אויף אַ פֿור און עס באַקומט זיך בײַ אים ניט שלעכט...

אַ טראַכט געטאָן, האָט דאָווידקע פֿאַרגעזעצט:

— און ביכלאַל, טאַטע, דאַרף מען זיך דאָ אויף גאָרנישט ניט וווּנדערן, ביז מירן ברענגען די שטאָט צו אַ שטיקל לײַט, וועט אויסקומען זיך מיט אַלץ פֿאַרנעמען. מיר בויען, לעמאָשל, הײַזער, נאָר איינצײַטיק קומט אויס קאָרטשעווען די טײַגע, מאָסטען די טראָטואַרן, בויען די בריק... אָט זעסט, סאַראַ טײַך בײַ אונדז? בירע... אַ וווּנדער! זויבערע וואַסער, ווי קרישטאָל. הײַנט ווען דו פֿאַרזוכסט נאָך אונדזערע פֿיש, וואָלסטו זיך מעכײַע געווען...

און דאָווידן האָט אויסגעשריִען צו יאָשקען:

— ברודערקע, ווייסט ניט, פֿיש פֿון דער בירע האָט מען הײַנט געכאַפּט?

— וואָס זשע? מירן באַגעגענען אַזעלכע טײַערע געסט און זיי מיט אונדזערע פֿיש ניט מעכאַ־בעד זײַן? אַלץ וועט זײַן ראַיעל... וואָס זשע...

— מיילע, איך בין דיר מויכל די פֿיש, — האָט איבערגעשלאָגן פּעסיע, — ווּהין פֿירסטו אונדז? איך וואָלט שוין אַ באַלד געוואָלט זיך אַרומוואַשן פֿונעם שטויב, זיך אַ ביסל אָפּרוען...

— באַלד, באַלד, מאַמע... אָט זײַנען מיר שוין גאַנץ נאָענט פֿון אונדזער היים...

און ער האָט אַ ווּנק געטאָן אויף די באַראַקעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעזעצן אין דער טײַגע, ניט ווײַט פֿונעם טײַך.

אויב פּעסיע איז געווען אַזוי אומגעדולדיק און אַרויסגעקוקט, אַז דער וועג זאָל זיך גיכער ענדיקן און מע זאָל קומען אויף אַן אָרט, הייסט עס נאָך ניט, אַז וועגן דעם האָט געטרוימט שולאַמיס. זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו די פֿערדלעך און ניט אַרויסגעלאָזט די ווישקעס פֿון די הענט. און — אַ מאָדנע זאַך! די פֿערדלעך האָבן זיך צו איר אויך צוביסלעך צוגעוווינט. אָט האָט זי אַ צי געטאָן די לייצעס לינקס, האָבן די פֿערדלעך פֿאַרקערעוועט לינקס, האָט זי אַ צי געטאָן די לייצעס רעכטס, האָבן זיי אויסגעפֿילט איר קאָמאַנדע, און דאָס האָט בײַ שולאַמיסן אַרויסגערופֿן אַ הילכיקן געלעכטער. זי האָט געוואָלט, אַז דער וועג זאָל זיך הײַנט ניט פֿאַרענדיקן. זי האָט אַפֿילע אָפּגעשטויסן פֿון זיך ביידע שוועסטערלעך, וועלכע האָבן אויך געוואָלט אַ פּרוּוו טאָן נעמען די לייצעס אין די הענט, נאָר די מיזינקע איז געווען שטאָל און אײַזן: דאָס ניט! דער פֿעטער יאָשקע האָט איר פֿאַרטרויט אָנטרײַבן די פֿערדלעך, וועט זי די לייצעס קיינעם ניט איבערגעבן. בעשום־אויפֿן!

דאַכט זיך, אַז פֿונעם גאַנצן וועג איז איר בעסער פֿון אַלץ געפֿעלן געוואָרן אָט די אומפֿאַרגעס־לעכע יאַזדע מיטן פֿעטער יאָשקע, אויף וועלכן זי האָט איצט געקוקט, ווי אויף אַ גאָט, ניט געקוקט אויף זײַן רויטער טשופּרינע און אויף די קלײַנדלעך אויף זײַן קורנאָסער נאָז.

דאַווידקע איז געווען גליקלעך פון דער באַגעגעניש מיט די עלטערן, מיט די שוועסטערלעך. עמעס, די מאַמע האָט אַ פּאָר מאָל זיך פאַרקרימט, ווען ער האָט זי אַ פרעג געטאָן, ווי געפעלט איר דער קאַנט. זי איז, זעט אויס, ניט שטאַרק באַגײַסטערט געווען פון דער שווערער ווײַטער רײַזע און דעריקער דערפון, וואָס זי האָט דאָ נאָך ניט געטראָפן קיין גרויסע שטאָט, אָף וועלכער זי האָט זיך גערעכנט, נאָר אירע שטעכווערטלעך, לעמײַ האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַזאַ קאַנט, האָט ער דורכגעלאָזט פאַרבײַ די אויערן, און דער טאַטע מיט זײַנע ווערטלעך, וואָס ער האָט אַרײַנגעשטעלט פון מאָל צו מאָל, האָבן געמאַכט דעם איניען לינדער. דאַוויד איז געווען אָפן זיבעטן הימל דערפון, וואָס הײַנט האָט זיך אויסגעגעבן אַזאַ גאָלדענער טאָג. אַ גליק, וואָס דער עשעלאָן איז ניט געקומען אַהער צוריק מיט אַ פּאָר טעג, ווען דער רעגן האָט געגאָסן, ווי פון עמערס, און מע האָט איבער דער ערד ניט געקאָנט גיין. אַ שווערע כמאַרע איז געלעגן איבערן אָרום און מע האָט אַפילו ניט אָנגעזען אָט די גרויסע סאָפּקע פון יענער זײַט בירע, וואָס גיט צו דעם אָרום אַ וווּנדערלעכן כיין.

ערשט הײַנט באַגינען האָט זיך אויסגעלײַטערט דער הימל. די זון האָט זיך גענומען פאַר איר אַווידע, און עפּעס מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געענדערט, אָנגעגאָסן געוואָרן מיט גינגאָלד, מיט כיין, מיט לעבן. און טאַקע, אין אַזאַ טאָג וועט זיך דער ערגסטער מאַרעשכוירעניק פאַרליבן אין אָט דעם קאַנט.

יאָ, בעעמעס — אַ גרויסאַרטיקער טאָג! עס אָטעמט זיך נאָך די גוטרעגנס און בייזע ווינטן אַזוי גוט, אַז מע קאָן פאַרכלינעט ווערן פון פאַרגעניגן.

דאַווידקע האָט זיך פון מאָל צו מאָל אומגעקוקט אַהין, אין דער ריכטונג צום וואָקזאַלכל. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זלאַטקע האָט זיך צונויפגעמישט דאָרטן מיטן אוילעם און איז ניטאָ באַנאַנד. וואָס זשע איז מיט איר געשען? זי האָט זיך אַזוי העפלעך באַקענט און געגריסט מיט זײַן מאַמען, מיטן טאַטן, מיט די שוועסטערלעך. צי דען האָט איר די מאַמע עפּעס געזאָגט ניט אַזוי און דאָס מיידל האָט זיך באַליידיקט, אָדער גאָר זיך דערשראָקן פאַר איר? אַ מאָדנע זאַך!

זי, זלאַטקע, האָט אים דאָך צוגעזאָגט, אַז ווען זײַנע עלטערן וועלן קומען, וועט זי העלפן צוגרייטן צום טיש, העלפן זיי זיך אײַנאָרדענען אָף נאַכטלעגער. זי האָט, דאַכט זיך, אָפּגעבאַקן פּלעצעלעך מיט מאָן, עפּעס אָפּגעבראָטן. וואָס זשע איז אַזוינס געשען מיט איר?

דאַווידקע האָט אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן נערווירן. ער וואָלט זיך אומגעקערט, צוגעלאָפן אַהין, ווו זי האָט זיך פאַרהאַלטן און געבעטן, זי זאָל דערקלערן, פאַרוואָס איז זי אָפּגעשטאַנען פון דער פור? נאָר ווי האָט ער געקאָנט אַלעמען איבערלאָזן און זיך אומקערן? שיקן אַהין יאַשקען, איז אויך ניט געווען קיין פּלאַן, יענער קאָן קאַליע מאַכן דעם גאַנצן איניען.

די פור האָט זיך דערנעענטערט צו די באַראַקן. ניט ווײַט זײַנען געשטאַנען פרויען און מאַנצבלען, וועלכע האָבן זיך אַקאַרשט, זעט אויס, אומגעקערט פון דער אַרבעט. עס האָט זיך געהערט אַ געשריי און אַ טומל פון די קינדער, וועלכע האָבן זיך געשפּילט אַרום די טישלעך און בענק, ווו געוויינלעך שפּילן די מאַנצבלען נאָך דער אַרבעט אין שאָך, אין דאַמקעס.

דער וואָגן איז צוגעפאָרן צו דער עקסטער טיר פון אַ לאַנגן באַראַק, און דאַוויד מאַזור האָט זיך אָנגערופן צום אוילעם:

— נו, טײַערע שכיינים, נעמט אויף געסט! מײַנע עלטערן מיט די קינדער זײַנען אַהער געקומען...

— זײַ געגריסט מיט דײַנע געסט!

— וו דאָברי טשאַס...

— זאָל זײַן מיט גליק...

פון אַלע זײַטן האָבן זיך אַהער אַ לאָז געטאָן די שכיינים, קינדער האָבן אַרומגערינגלט די פור. אין אַ פּאָר רעגעס אַרום זײַנען פּעסיע און שויעל שוין געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אויפגעלעבטע, שמייכלענדיקע מענטשן. ווער עס האָט געכאַפּט פונעם וואָגן אַ וואַליזע, ווער אַ קלומעק, אַ קאָרזינע. די קלענערע בעזוועלייטע זײַנען אויך ניט געשטאַנען אין אַ זײַט, פרוווּנדיק מיט וואָס־ניט־איז העלפן די עלטערע.

אַ גרויסער פּוסטלעכער צימער, ווו עס זײַנען געשטאַנען באַ די ווענט צוויי אַפּגיך צונויפגעשלאָגענע טאַפּטשאַנעס, פאַרדעקטע מיט סאָלדאַטישע קאָלדרעס, אַ ניט־געשניצטער טיש און צוויי לאַנגע בענק, און אָף די ריין־אויסגעקאַלכטע ווענט — עטלעכע בילדער, אויסגעשניטענע פון אַ פּאָר אילוסטרירטע זשורנאַלן, אַ גיטאַרע אָף דער וואַנט און באַ דער טיר אַ פּאָר העגערס, ווו עס זײַנען געהאַנגען עטלעכע רעקלעך, מאַנטלען. עטוואָס אין אַ זײַט — אַ שאַפּקעלע מיט ביכער, צײַטונגען, העפטן, שרײַבמאַכשירים. די גאַנצע אויסשטאַטונג, דאָס ביסל באַכערישע מעבל און די צוויי טאַפּטשאַנעס האָבן געזאָגט אײדעס, אַז דאָ וווינען די צוויי גוטע־ברידער — דאַווידקע און יאַשקע, — און דאָ פאַרברענגען זיי זייער פרײַע צײַט.

— נו, אָט, מײַנע טײַערע, זײַט איר שוין אינדערהיים, און פילט זיך טאַקע, ווי באַ זיך אינדערהיים... — האָט זיך אָנגערופן דאַווידקע, אַרײַנברענגענדיק פון דער פור די לעצטע וואַליזע. — די

2*

כאטש, אויב זי איז אײַך געפעלן, גייט דערוויַיל אריבער אין אײַער פוילן רעשוס, ביז איר וועט באקומען א נײַע וווינונג...

דאַווידקע האָט געכאַפּט אַן עמער און אוועקגעלאָפן צום ברונעם. געניט ארופגעצויגן אַן עמער וואסער פון דער טיף, אריַין מיטן עמער אין צימער און אים אוועקגעשטעלט אויף א טאבורעטקע, געבראכט אן עמאלירטע שיסל, א גרויסע קופערנע קווארט, א האנטעך:

— וואשט זיך ארום פון וועג...

איידער עפּעס-וואָס האָט יאַשקע געכאַפּט די קווארט, אַנגעשעפּט פונעם עמער קאַלטע וואסער און א צופרידענער זיך אַנגערופן:

— מומע פעסיע, פעטער שויעל, פארזוכט נאָר, זײַט אזוי גוט, אונדזער וואסער... דאָס איז ניט קיין וואסער, נאָר עמעסער באַלזאַם. איר וועט זיך מעכײַע זײַן! איך קאָן אײַך שווערן, בא וואָס איר ווילט, אַז איר וועט אויספּאָרן אונדזערע גאַנצע פּאַדאָליער גובערניע, וועט איר אזא וואסער ניט געפינען, אויף מײַן וואָרט!

— אוי, איך וויל זייער א טרונק! — האָט אויסגעשריען די מיזינקע שולאַמיס.

זי האָט זיך אָנגעטרונקען, איבערגעגעבן די קווארט דער מוטער און יענע — שויעלן.

— וואָס עמעס, איז עמעס!.. — האָט זיך געקוויקט מיטן טרונק שויעל. — גאָלדענע וואסער. מיט אזא וואסער קאָן מען זיך ניט סאַמען...

— דאָקטוירים זאָגן, אַז אזא וואסער היילט מענטשן פון א סאך קרענק... — האָט זיך צעשײַנט דער באָכער, אַנעמענדיק נאָך א קווארט פונעם עמער און דערלאַנגענדיק די קינדערלעך, וועלכע האָבן צו אים אויסגעצויגן די הענט.

— איר שטעלט זיך טאקע ניט פאָר, סארא וואסערן איר קאָנט קריגן אין אונדזערע קאַנטן... — האָט ער פארגעזעצט, און פעסיע מיט שויעלן האָבן אַנגעקוקט דעם פארפּאַליעטן באָכער, זיך געוווּנדערט, דערמאָנענדיק זיך, אַז אינדערהיים, אין באַפּאָליע, איז דאָס געווען אַן אײַזערנער שוויגער. און דאָ...

שויעל האָט ווידער אָנגעשעפּט וואסער און גענומען טרינקען.

— כאוועך שויעל! — האָט עמעצער פון די שכיינים אים אָפּגעשטעלט, — וואָס טוט איר? לאָזט איבער אָרט פאר א ביסל מאשקע... איך מיין, אַז צוליב אזעלכע געהויבענע געסט, וועט דאַווידקע היינט שטעלן א ביסל מאשקע, עמעכע, אונדזער בירעבידזשאַנער...

— וואָס זשע, — האָט זיך צעשמייכלט שויעל, — איך זע, אַז קיין שטאָט איז נאָך נישטאָ און איר האָט שוין אייגענע מאשקע?..

— אוואדע! מעכײַעדיקן ווײַן... אַלץ איז שוין בא אונדז פאראַן, — האָט אונטערגעכאַפּט א צווייטער, — וואָס זשע מיינט איר, אַז בא א יאַמטעוו, א באגעגעניש, א מאָלצײַט קומען מיר אויף מיט קאַלטער ברונעם-וואסער?

דער אוילעם האָט געלאַכט, און יאַשקע איז צוגעגאַנגען נעענטער צו שויעלן.

— וואָס דארפט איר גאָר א סאך, פעטער שויעל? יענע וואך זײַנען מיר מיט דאַווידקען געווען אָט דאָ ניט ווײַט אין א יישעוו, קולדור הייסט ער... אָט דאָרטן איז פאראַן וואסער — אזא איז, דאכט זיך, אין גאַנצן לאַנד ניטאָ. וואסער, וואָס היילט פון א סאך קרענק. געגוג עטלעכע טעג טרינקען די וואסער פון קולדורער קוואל, דארף מען שוין קיין דאָקטער ניט האָבן...

— וואָס רעדסטו? איז דאָך גוט, יאַשקע, וואָס מיר זײַנען אהער געקומען, — האָט שויעל מאַמזעריש א ווונק געטאָן מיטן אויג.

— יאָ, יאָ, פרעגט דאַווידקען וועט ער אײַך זאָגן. און אלע ווייסן עס שוין. דאָרטן האָט מען אָנגעהויבן בויען א קוראָרט. ער וועט הייסן „קולדור" און דאָרטן וועט מען מיט דער וואסער היילן קראַנקע...

יאַשקע האָט גערעדט און שיר ניט פארכלינעט געוואָרן פון האנאָע.

— מעכײַעדיקע וואסער!.. אפילע אויף קאווקאז איז ניטאָ אזא. און איר ווייסט, וויאַזוי מע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם דאָזיקן קוואל? ס'איז אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. מע דערציילט, אַז אין די דאָזיקע קאַנטן האָט אַמאָל איינער א יעגער אונטערגעשאָסן א הירש. און דער דאָזיקער הירש האָט, אָפּגייענדיק מיט בלוט, אוועקגעהונקען אין דער טיפעניש פון דער טײַגע. זיך, נעבעך, געשלעפּט א גאַנצע נאַכט און זיך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס. ער האָט געמיינט, אַז ער שטארבט.

— ווער שטארבט — דער הירש, דער יעגער? — האָט איבערגעשלאָגן שויעל.

— ניין! פריטשאַם איז דאָ דער יעגער? — האָט זיך א בייזער געטאָן יאַשקע, — דער הירש האָט געמיינט, אַז ער שטארבט אוועק... האקיצער, ער האָט זיך קוים מיט צאָרעס דערשלעפּט צו דעם קוואל און זיך אָנגעטרונקען, ארומגעוואשן די וווּנד מיטן וואסער און, וואָס דארפט איר א סאך — געבליבן לעבן!

— נו, יאַשקע, און דער יעגער?..

— דער יעגער? דער יעגער האָט זיך געלאָזט נאָכן בלוטיקן שפּור פֿון דעם הירש, פֿאַרשטאַנען, אַז דער הירש וועט אומפֿאַלן און אָפּגעבן גאָט די נעשאָמע, וועט ער, דער יעגער, אים נעמען אויף די פּלייצעס און ברענגען אַהיים דאָס פֿלייש. געגאַנגען, געגאַנגען, און דער בלוטיקער שפּור האָט אים, דעם יעגער, הייסט עס, פֿאַרפֿירט ביזן קוואַל. און דאָ האָט זיך איבערגעריסן דער שפּור. זעט אויס, מיטן וואַסער האָט דער פֿאַרוווּנדעטער הירש זיך אויסגעהיילט און אַוועק מיט זײַן גלײַכן גאַנג אין דער טײַגע...

— פֿונוואַנען איז עס געדרונגען, אַז דער הירש איז אַוועק?

— וואָס הייסט? מער איז קיין בלוטיקער שפּור ניט געווען...

— און עפּשער האָט זיך גראַדע דאָ, באַם קוואַל, אַרופֿגעוואָרפֿן אויפֿן פֿאַרוווּנדעטן הירש אַ וואָלף, אַ טיגער און אים אויפֿגעגעסן? — איז שויעל ניט אָפּגעשטאַנען.

— דאָס קאָן ניט זײַן! ווען זיי עסן אויף דעם פֿאַרוווּנדעטן הירש, וואָלטן באַם קוואַל געבליבן זײַנע ביינער... און דאָ איז גאָרנישט ניט געווען. נאָך דער געשיכטע מיטן פֿאַרוווּנדעטן הירש האָט דער אוילעם פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געטלעכע וואַסער אין קוואַל און זי היילט פֿון אַלע כאַלאַסן...

דאָוויד האָט אָפּגערופֿן יאַשקען אין אַ זײַט און אים געזאָגט, אַז געסט האָדעוועט מען ניט מיט קיין באַבעמײַסעס, זאָל יאַשקע צופֿאָרן צום וואָקזאַל און ברענגען אַהער זלאַטקען. זי האָט צוגעזאָגט קומען העלפֿן אויפֿנעמען די געסט, זיי אָנהאָדעווען, עפּעס שטעלן צום טיש. דאָוויד האָט פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, איבערגערוקט דעם טיש און די בענק צום אײַנדערמיטן צימער און גענומען אַוועקשטעלן דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס איז געווען אין שאַפֿקעלע. דערנאָך איז ער אויך אַוועקגעלאָפֿן זוכן זלאַטקען. זי געטראָפֿן לעבן איר באַראַק, געבעטן ניט פֿאַראַוועלן איצט קיין באַרויגעז און זי זאָל גלײַך מיט יאַשקען קומען צו אים.

אין צימער איז געווען טומלדיק. די קליינינקע דורכגעטריבענע שולאַמיס האָט זיך געפּליוסקעט באַ דער שיסל, זיך געוואַשן און, אויף איר קוקנדיק, ביידע שוועסטערלעך. דערנאָך האָט זיך אַרומגעוואַשן די מוטער, שויעל. אָפּגעפּרישטע, אַרומגעוואַשענע, איז מען אויפֿגעלעבט געוואָרן. די טיר האָט זיך ניט אויפֿגעהערט עפֿענען און פֿאַרמאַכן. עס זײַנען אַרײַנגעקומען שכיינעס און געבראַכט ווער אַ טעלער כאַלאַדיעץ, ווער געזײַערטע פּאָמידאָרן, אוגערקעס.

שולאַמיס איז אַלע מינוט צוגעגאַנגען צום טיש, זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פֿינגער, אַרײַנגעקוקט אין די טעלער, מאַמזעריש געקוקט אויף דער מוטער, צי מעג מען עפּעס אַ נאַש טאָן, נאָר פּעסיע האָט געדרייט מיטן קאָפּ: טשעפּע ניט, ניט שיין אַזוי. מע וועט זיך זעצן עסן, דעמלט וועסטו באַוויַיזן אַלץ פֿאַרזוכן.

מיט אַ טומל און ראַש איז אײַנגיכן אַרײַן אין שטוב יאַשקע מיט זלאַטקען. מע האָט געטראָגן גרויסע טעלער, אויף וועלכע עס זײַנען געלעגן פֿריש־געפּרעגלטע פֿיש מיט גרויסע קעפּ, וועלכע די געסט האָבן נאָך, דאַכט זיך, זינט מע לעבט, אַזעלכע ניט געזען.

קוקנדיק אויף דעם פֿאַרפּאַליעטן באַלעבאָס פֿונעם צימער, האָט מען ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, מיט וואָס איז ער שטאַרקער צופֿרידן — דערמיט, וואָס די פֿיש זײַנען אַלעמען אַזוי געפֿעלן געווען, צי דאָס, וואָס זלאַטקע איז אַרײַנגעקומען.

הייסט עס, אַז זי האָט זיך ניט צעבייזערט, און אים איז גלײַך אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרצן.

— נו, מומע פּעסל, ווי געפֿעלן אײַך אונדזערע פֿיש? ערשט נעכטן זײַנען זיי נאָך געשוווּמען אין טײַך... און דאָס האָט זיי צוגעגרייט אונדזער זלאַטקע... איר פֿאַרזוכט נאָר — טאַם גאַניידן! זלאַטקעס פֿיש האָבן אַ שעם אין גאַנץ בירָאָבידזשאַן...

דאָס מיידל האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט, פֿאַרויטלט זיך און אַ דראָע געטאָן יאַשקען מיטן פֿינגער:

— ווי שעמסטו זיך ניט אַזוינס ריידן?.. געוויינלעכע פֿיש אָפּגעקאָכט. ווער קען דאָס ניט?

דאָוויד מאַזור האָט מײַסע באַלעבאָס אײַנגעלאַדן די געסט און די שכיינים צום טיש. ווער עס האָט זיך צוגעזעצט אויף די בענק און ווער עס איז געשטאַנען באַ דער זײַט, ווי איינער רעדט: נישקאָשע, מיר זײַנען היימישע, זאָלן זיך די געסט מיט דעם באַלעבאָס זעצן אויבנאָן. און דערווײַל האָט מען אָנגעפֿילט די גלעזלעך, און דאָווידקע, אַ פֿאַרפּלאָנטער, מיט שײַנענדיקע אויגן, איז געשטאַנען מיטן גלעזל אין האַנט, זיך אַרומגעקוקט, געוואַרט, ביז דער אַרומיקער אוילעם וועט זיך באַרויִקן, און זיך אָנגערופֿן:

— נו, מײַנע טײַערע, באַ מיר איז הײַנט אַ גרויסער יאָמטעוו, אַ גוטע פֿרייד. עס זײַנען געקומען מײַנע עלטערן, די שוועסטערלעך אין אונדזער נײַער היים. איך וויל גלייבן, אַז זיי וועט דאָ געפֿעלן ווערן. און כאָטש די ערשטע צײַט וועט זײַן ניט גרינג, נאָר ווער ווייסט עס ניט, אַז יעדער אָנהייב איז ניט גרינג. מײַנע עלטערן געהערן ניט צו יענע, וועלכע האָבן מוירע פֿאַר שוועריקײַטן. מײַן טאַטע איז געווען אַ גוטער סאָלדאַט, ווען מע האָט געדאַרפֿט מיט אַ ביקס אין האַנט פֿאַרטיידיקן אונדזער היימלאַנד, און ער האָט ניט שלעכט געאַרבעט, ווען מע האָט געדאַרפֿט אויפֿבויען די היים. איך וויל גלייבן, אַז די טײַגע, דער ניט־לײַכטער קלימאַט וועט זיי דאָ אויך ניט אָפּשרעקן און זיי וועלן

צוזאמען מיט אונדז אַלעמען זיך מיִען, ניט זשאַלעווען קיין קויכעס, קעדיי העלפן אויסבויען אונדזער געגנט. און אײַך, טאטע, מאמע, ווילל איך זאָגן, אז דאָ זײַנען זיך צונויפגעקומען אונדזערע גוטע שכיי־נים, מענטשן, מיט וועלכע מיר ארבעטן האנט בא האנט, האָבן פאר דעם לעצטן יאָר פארזוכט קאלטס און ווארעמס, ווי מע זאָגט עס, אופגעגעסן א פוד זאלץ. גוטע, טײַערע מענטשן... איך גלייב, אז סײַ די מענטשן אונדזערע, סײַ דער קאנט וועט אײַך זײַן צום הארצן און אלץ וועט זײַן גוט... דעריקער, ניט אראָפּפאלן בא זיך, ניט געזאָרגט! פאר דעם לאָמיר אויסטרינקען!

דער אוילעם האָט אויסגעליידיקט די גלעזלעך, גענומען פארבײַסן, זיך מעכײַע זײַן מיט די געשמאקע מײַכאָלים, וואָס די שכיינעס און, דעריקער, זלאטקע, האָבן צוגעגרייט.

א פארויטלטע, א פארפאליעטע, האָט דאָס מיידל הײַנט אויסגעזען באזונדערס כיינעוודיק און שיין. זי האָט געווארט אפן אורטייל, וואָס די געסט, באזונדערס דאָווידס מאמע, וועט ארויסטראָגן אירע פיש, און ווען זי האָט זיך דערווארט אף פעסיעס באגיטיקונג־וואָרט, האָט דאָס מיידל זיך צעשײַנט.

פעסיע איז אופגעשטאנען, ארומגענומען זלאטקען פאר די אקסלען און געזאָגט:

— נו, אויב דו האָסט אליין אָפּגעקאָכט אזעלכע פיש, קומט דיר א יאשער־קויעך... נאָר צי האָט דיר ניט געהאָלפן א ביסל דײַן מאמע?..

דער אוילעם איז אײַנגעשטילט געוואָרן, זלאטקעס פּאָנעם איז געוואָרן עטוואָס אָנגעשטרענגט, איבעריק ערנסט. זי האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געזאָגט:

— צום גרויסן אומגליק, האָב איך ניט קיין מאמע... מײַן מאמע האָט ניט דערלעבט... א קורצע צײַט פאר אונדזער ארויספאָרן קיין ביראָבידזשאן, איז זי געשטאָרבן. אין וויניצע... אהער בין איך געקומען מיט מײַן פאָטער און צוויי קלענערע שוועכטערלעך...

פעסיע האָט שטארקער צוגעדריקט צו זיך דאָס מיידל.

— א געזונט דיר אין דײַנע ביינער... זאָל דיר גאָט געבן קויעך, זלאטקע...

און, דאכט זיך, אז פון דער מינוט אָן האָט פעסיע אף דעם מיידל אָנגעהויבן קוקן מיט גאָר אנדערע אויגן.

יאָשקע איז געווען אין א באזונדערס געהויבענער שטימונג. ערשטנס, דערפאר, וואָס ער האָט באגעגנט אזעלכע טײַערע מענטשן, ווי די מומע פעסיע און דעם פעטער שויעלן, וועלכע ער האָט ליב געהאט נאָך פון יענע ווײַטע צײַטן. כוץ דעם, האָט ער אָפּגענומען א גרוס פונעם פאָטער. עמעס, יענער האָט אים נאָך אלץ ניט מויכל געווען, זעט אויס, דאָס, וואָס ער איז פון דער היים דעמלט אוועקגעפאָרן צוזאמען מיט דאָווידקען אָן א זײַ־געזונט, נאָר עס האָט זיך געוואָלט גלייבן, אז איצט, ווען יענעמס בעכטער גוטער־ברודער, שויעל, וועט אים ארויסשרײַבן אלץ גענוי, ווו געפינט זיך יאָשקע, וואָס ער טוט דאָ און וואָס פאר א גאָלדענער קאנט דאָס איז, וועט דער טאטע זיך איבערבעטן.

און דערזען, ווי די געכט עסן אזוי געשמאַק די פיש, וואָס ער האָט בא די פישער נעכטן גע־קראָגן, און א דערווארעמטער פון דער מאשקע, אָנגעהויבן אף א קאָל זינגען:

לאָמיר אלע אינײַנעם, אינײַנעם,
די טײַערע געסט מעקאבל פּאָנעם זײַן!

דער אוילעם שכיינים האָט אונטערגעכאפּט די ליד און אין צימער האָבן, דאכט זיך, פונעם געזאנג גענומען ציטערן די ווענט.

ווען דער טומל איז שטילער געוואָרן, האָט דאָוויד זיך געווענדט צו זײַן גוטן־ברודער:

— יאָשקע טײַערער, איך וויים, אז בא דיר איז א גאָלדענע שטים און דערצו נאָך א ווונדער־לעכער געהער... ניט אנדערש, ווי א העלפאנד האָט דיר אָנגעטראָטן מיט איין פוס אפן אויער... נאָר עפשער ווערסטו דעם קאָנצערט אָפּלייגן אף שפעטער? זעסט ניט, די געסט זײַנען הונגעריק און אין קאָפּ זשומעט בא זיי נאָך דער טומל פונעם עשעלאָן... איז שטילער, בעט איך דיך...

יאָשקע האָט א קנייטש געטאָן מיט די אקסלען און געזאָגט:

— שאַ... דו ווילסט, דאָווידקע, אזוי? זאָל זײַן אזוי!.. וועל איך ניט זינגען.

— אָט, איר זעט, סארא גוטער איז אונדזער יאָשקע... — האָט דאָווידקע געזאָגט.

עטלעכע מינוט איז געווען שטיל, דערנאָך האָט פון דער באנק זיך אופגעהויבן א געזעצטער פעסטגעבויטער מענטש אין די פערציקער מיט א פארוואקסן, שטארק פארברוינט פון דער זון און ווינט פּאָנעם, א קורץ העלבלעך בערדל און גרויסע גרינלעכע אויגן. פאריכטנדיק מיט דער שווערער האנט די שיטערע האָר אפן קאָפּ, א וויש געטאָן די קורצע וואָנצעס, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך זע, אז בא דעם טיש, כוץ אונדזערע געסט, דאָס הייסט, דאָוויד מאזורס עלטערן, בין איך דאָ דער עלטסטער...

— נו, און, פאַרשטייט זיך, דער גרעכטער נאַטשאַלניק, אונדזער פאַרוואַלטער פונעם סטראָיטעל־נעם קאָמבינאַט... דאָווידס באַלעבאָס... — האָט צוגעגעבן א ווירקסיקע, שוואַרצכיינעוודיקע, ווי א ציגײַנערטע, פרוי, וואָס האָט געהאַלטן א קליין קינד אויף די הענט.

— זאָל זײַן אַזוי... — האָט צוגעשטימט דער נאַטשאַלניק, דאָס הייסט דער אינזשעניר אַשער מאַזין, — נאָר איך וויל, ערשטנס, אָפּדאַנקען די טײַערע געסט אונדזערע, און איך מיין, אַז נאָך הײַנט זײַנען זיי געקומען, מאָרגן וועלן זיי ווערן אויף שטענדיק אונדזערע שכנים. שויעל מאַזורן און זײַן ליבער פרוי וויל איך אָפּדאַנקען, וואָס זיי האָבן אונדז געשענקט אַזאַ טײַערן באָכער, דאָוויד מאַזורן. קימאַט א יאָר צײַט אַרבעטן מיר צוזאַמען אין קאָמבינאַט, שוין אויסגעבויט ניט ווייניק הײַזער, באַראַקעס, און איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז פאַר דער צײַט איז ער געוואָרן א גוטער בריגאַדיר, א טרײַער בויער, אַן אומדערמידלעכער, און זײַן בריגאַדע פאַרנעמט אין קאָמבינאַט דאָס ערשטע אָרט... איך געדענק ניט, ווער האָט אַזוי געזאָגט, צי דער דיכטער טיכאָנאָוו, צי עמעצער אַנדערש: „גוואָזדי בי כדיעלאַט איז עטיך לידיי, ניע בילאָ ב וו מירע קרעפטשע גוואָזדיי...״[1]

— אוי, מאַמע ליבע, — האָט זיך א כאַפּ געטאָן פון שרעק פעסיע, — וואָס הייסט עס מאַכן פון מענטשן צוועקעס?..

שויעל האָט אָנגעכאַפּט פעסיען פאַר דער האַנט און זי שטאַרק א דריק געטאָן:

— שטילער, נאַרישע... שרעק זיך ניט... אויב אַזאַ מענטש זאָגט עס, מינאַסטאַמע ווייסט ער, וואָס ער זאָגט...

אַשער מאַזין האָט פאָרגעזעצט:

— איצט זײַנען צו אונדז געקומען דאָווידס עלטערן. און מיר זײַנען אַלע זייער צופרידן. מיר האָבן פאַנאַנדערגעוויקלט א גראַנדיעזע בויונג, עס שטייט אונדז פאָר אויסקאָרטשעווען א טייל פון דער טײַגע בײַ דער בירע און אויסבויען א גרויסאַרטיקע שטאָט. און אַלע גלייבן מיר, אַז א שטאָט וועט דאָ זײַן איינע פון די שענסטע אויפן ווײַטן מיזרעך, אין אונדזער קאַנט. נאָר מיר דאַרפן מענטשן, גוטע אַרבעטער... האָרעפּאַשניקעס, ענטוזיאַסטן, אַזעלכע ווי דאָוויד מאַזור...

דער אינזשעניר האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אָנגעצילט דעם בליק אויף שויעלן און גערעדט ווײַטער:

— צו אונדז איז דערגאַנגען א קלאַנג, טײַערער כאַווער שויעל, אַז אין באַפּאָליע, דאָרטן בײַ אײַך אין פּאָדאָליע, זײַט איר געווען באַרימט מיט אײַערע זיפּן. דער מין, צום באַדויערן, גייט נאָך בײַ אונדז ניט אונטער. נאָר וואָס זשע, איר געהערט אויך צו אונדזער פּראָפּיע בויער, סטאָליערס, טעסלער. מיין איך, אַז גאָט אַליין האָט אײַך צו אונדז צוגעשיקט. איר וועט זיך קענען זעצן אַרבעטן אין אונדזער קאָמבינאַט — אויסאַרבעטן ראַמען פאַר פענצטער, טירן, טאַבורעטקעס, בענק און אַנדערע זאַכן... וואָלט געווען זייער גוט, ווען איר שטעלט זיך לעבן אונדז אַרבעטן... יעדנפאַלס, ווען איר וועט קומען אויף דער קאָמיסיע מאָרגן, זאָלט איר זאָגן, אַז דער נאַטשאַלניק פונעם בוי־קאָמבינאַט אַשער מאַזין האָט אײַך פאַרבראָנירט... איר זײַט שוין אונדזערער...

ער האָט זיך פאַרכאַפּט:

— אייגנטלעך, דאַרפט איר גאָרנישט ניט זאָגן דער קאָמיסיע... איך וועל עס זיי אַליין איבערגעבן... און איר רוט זיך גוט אויס, ווײַל אַרבעט וועט בײַ אונדז זײַן א סאַך...

שויעל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אָאָ, זעט נאָר... איך האָב זיך נאָך ניט באַוויזן אַרומקוקן, און מע האָט מיך גלײַך פאַרקנאַסט! א גרויסן דאַנק דערפאַר!..

— בײַ אונדז, פעטער שויעל, מאַכט מען עס גיך, איינס און צוויי! — איז צוגעגאַנגען צו אים יאַשקע און אים אַרומגענומען. — נישקאָשע, פעטער שויעל, לעבן אונדז וועט איר זיך פילן גוט, ס׳וועט אײַך זײַן פריילעכער.

— נו, מאַכעטייסע, פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן... — האָט געענטפערט שויעל און זיך אויפגעהויבן, א צעוואַרעמטער, פונעם טיש.

אינעם גרויסן צימער איז געווען רוישיק, אָנגערייכערט. שויעל און פעסיע האָבן זיך העפלעך אָפּגעזעגנט מיט די נײַע שכיינים, באַזונדערס מיטן נאַטשאַלניק, אָפּגעדאַנקט פאַר די גוטע ווערטער, ווונטשן. עס איז שוין געווען נאַכט, און דער אוילעם האָט געדאַרפט זיך פאַנאַנדערגיין צו די אַרומיקע באַראַקעס, הײַזער אויסרוען די ביינער, ווײַל גאַנצפרי דאַרף מען אײַלן צו דער אַרבעט. דאָווידקע האָט געהאָלפן די געסט זיך אויסבעטן אויף די טאָפּטשאַנעס, און צוזאַמען מיט יאַשקען אַוועקגעגאַנגען אינעם נאָענטן באַראַק צו אַשער מאַזינען איבערנעכטיקן. די קליינינקע שולאַמיס האָט אַרומגעכאַפּט קושן די „גוטע מומינקע״ זלאַטקען, געבעטן מאָרגן ווידער קומען אַהער.

---

[1] ווען מע זאָל מאַכן צוועקעס פון אָט די מענטשן, וואָלטן אין דער וועלט ניט געווען קיין שטאַרקערע צוועקעס (רוס.).

# מיט צאָרעס דאַרף מען איבערנעכטיקן

דאַרף דען מענטש אַ סאַך?

עס איז גענוג, ער זאָל הערן וועגן זיך אַ גוט, האַרציק וואָרט, פּילן צו זיך אַ גוטע באַציִונג, זיך באַגעגענען מיט גוטע מענטשן, און ער וועט ווערן ווייכער, ווי טייג, עס וועט אים ווערן גרינגער אַף דער נעשאָמע און ער וועט זיך דערפּילן גוט, וואָס גוט הייסט.

דער קאַבאַלעס־פּאָנעם, וואָס דער זון האָט זיי צוגעגרייט, די גוטע שכיינים און פרײַנט, וועלכע זײַנען זיך צונויפגעקומען און פאַרפולט דעם צימער אין באַראַק, דער באַשיידענער קיבעד און די פרײַנטלעכע ווערטער, וועלכע זײַנען דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן דאָווידן, זײַנע עלטערן, האָט ווי אַרײַנגעטראָגן אין דעם פולגעפּאַקטן צימער זון, וואַרעמקײַט, פרייד.

דאָ זײַנען געווען, דאַכט זיך, אַזעלכע מענטשן, וואָס מע האָט געקאָנט באַגעגענען אין באַפּאָליע, אין כאַשטשעוואַטע, אומאַן, מאָקאַליווקע, טאַראַשטשע, נאָר פון דער צווייטער זײַט, זײַנען דאָס שוין געווען גאָר אַנדערע מענטשן, כאָטש קיין ביראָבידזשאַן איז מען געקומען מיט אַ יאָר אָדער מיט צוויי יאָר צוריק. געקומען אין דער טײַגע, אַף אַ פּוסט אָרט און זיך געקענט פרייען און גרויסן זיך מיט יעדן אויסגעבויטן שטיבל, באַראַק. מע האָט זיך שוין באַוויזן אַרײַנצוּיען אין דער שווערער אַווידע, זיך צוגעוווינען צו די נײַע באַדינגונגען, צו דער נאַטור, צום קלימאַט, און זיי וואָלטן דיך אָנגעקוקט, ווי אַ מעשוגענעם, ווען דו פרעגסט זיך אָן בא זיי, צי וואָלטן זיי ניט געוואָלט וואַרפן די גליקן און זיך אומקערן אַהיים...

דער אינזשעניער אָשער מאַזין, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן לעבן שויעלן און דערציילט, וויאַזוי דער אוילעם אַרבעט דאָ און וואָס פאַר אַ שטאָט עס וועט דאָ אויסגעבויט ווערן, האָט אים מאַמעש פאַרקישעפט. און דאָס, וואָס יענער האָט אַזוי שטאַרק געליבט זײַן בענאַק און דעם פרײַנט זײַנעם יאָשקען, האָט אים, שויעלן, דערהויבן ביזן הימל און ער האָט מאַמעש אָנגעקוועלט.

און בעעמעס, פון די ערשטע מינוטן, ווען ער האָט זיך באַגעגנט אַף דעם וואָקזאַלכל מיט דאָווידן און זײַנע באַקאַנטע, דערזען, מיט וואָס פאַר אַן אָפּשײַ מע באַציט זיך צו אים, האָט ער פאַרשטאַנען דעם סאָד, פאַרוואָס דער זון האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צו דער מוטערס באַקאָשעס, מע זאָל זיך אומקערן אַהיים.

ניין, דאָס איז אויסגעשלאָסן! דאָווידקע איז, זעט אויס, אַף שטענדיק אַרײַנגעוואַקסן אין אָט דער ערד מיט בײדע פיס און פונדאַנען וועסטו אים מיט קיין שום צוואַנגען ניט אַרויסרײַסן. דערצו נאָך, איז גלײַך געווען צו באַמערקן, אַז אָט די כיינעוודיקע לערערקע, די זלאַטקע, איז אים אַרײַן מיט בײדע פיס אין האַרצן און מע וועט זיך ניט צעשיידן...

און קאָלזמאַן דאָס איז אַזוי, איז דאָך ניט שײַעך.

וועט אויסקומען פאַרבלײַבן און זיך דאָ אויסלעבן די יאָרן.

עמעס, דער באַראַק האָט ניט אַרויסגערופן קיין גרויסע באַגײַסטערונג. דער צימער איז ענלעך געווען אַף אַ סאָלדאַטישער קאַזאַרמע. נאָר בא דער זײַט איז געזעסן אָשער, און יענער האָט גלײַך פאַרשטאַנען, וואָס שויעלן קימערט אַזוי שטאַרק. ער האָט עס ווי אויסגעלייענט אין זײַנע אויגן און אים אײַנגערוימט אָפּן אויער, אַז ער האָט זיך ניט וואָס צו זאָרגן. אָט דאָרטן, בא דער בירע, אָפּן הויכן שיינעם ברעג, האַלט מען אין בויען אַ נײַע גאַס, עמעס, פון אייננשטאָקיקע, הילצערנע, נאָר וואַרעמע הײַזער. וועט איין הויז געהערן שויעלן מיט זײַן מישפּאָכע. דאָס איז שוין אַן אָפּגערעדטע זאַך. די ווענט פון דער שטוב שטייען שוין און, קעדיי ענדיקן די שטוב, דאַרף מען צולייגן ניט קיין סאַך האָרעוואַניע, ווײַל דער גאַנצער אוילעם פונעם בוי־קאָמבינאַט האַלט שטאַרק פון דאָווידן און מע וועט זיך אונטערגאַרטלען, און אין אַ קורצער צײַט אַרום וועט שויעל מיט דער מישפּאָכע קאָנען אָפּריכטן אַ שיינעם כאַנוקאַס־האַבאַיִס.

אַזוי גאָר?

הייסט עס, איז גערעכט יענץ ווערטל, אַז „דער סאָלדאַט שלאָפט, און זײַן דינסט גייט...“ בעעמעס, וואָס זשע פאַר פאַרדינסטן האָט פאַר דער נײַער שטאָט שויעל, וועמען מע טראָגט אונטער דאָס טעלערל פון הימל צום מויל? ווי וועט קוקן אַף דער זאַך דער אַרומיקער אוילעם, וואָס לעבט אין דער ענגשאַפט, אין די באַראַקעס? און וויאַזוי וועט אַף דער זאַך קוקן אַפילע ער, דער אינזשעניער אָשער מאַזין, וועלכער וווינט אַליין אויך אין אַ צימערל אין דעם זעלבן באַראַק?

דערצו האָט אָשער געענטפערט, אַז קיינער וועט ניט זײַן באַליידיקט, ווײַל די שטוב האָט מען אויסגעטיילט פאַר דאָווידן מיט זײַנע עלטערן שוין לאַנג. און ער האָט עס קאָשער פאַרדינט. דערצו נאָך וועט מען איבערפירן אין די נײַע הײַזער אַ סאַך אײַנוווינער פון די באַראַקן. און וואָס איז שײַך אים, אָשערן, איז ניט געפערלעך, ווײַל דאָס ווײַב איז אין מינסק אַ דירעקטאָר פון אַ ניי־פאַבריק, און דערווײַל לאָזט מען זי ניט אָפּ. זי וועט אַריבערפאָרן צו אים. ניט פריִער, ווי אין אַ האַלב יאָר אַרום, און ביז יענער צײַט קאָן ער בעקאָוועד גאָדל וווינען דאָ, אין באַראַק. אייגנטלעך, ער איז אַזוי פאַרטאָן, ער האָט אָפּ זיך אַ יאַם מיט אַרבעט און אים קומט אויס ניט לאַנג רוען, און אָפּנאַרן דעם שלאָף אָפּ אַ פּאָר שאָ אין מעסלעס, קאָן ער אויך אין באַראַק, אין זײַן צימער.

שויעל האָט געקוקט אָפּ דעם מענטשן מיט ברייט צעעפנטע אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט אַזעלכע מענטשן, ווי אָט דער אָשער, און די מענטשן, וועלכע רינגלען אים אַרום איצט, קאָן מען ניט נאָר אויסבויען אַ גרויסאַרטיקע שטאָט, נאָר אַפילע קערן בערג!

און ער האָט זיך גלײַך גענומען דערפרעגן, ווען דאַרף ער אַרויסגיין, שויעל, אין קאָמבינאַט און זיך שטעלן אויסאַרבעטן טירן, ראַמען פאַר די פענצטער און אַנדערע סטאָליערישע זאַכן.

אָשער האָט אים געענטפערט, אַז עטלעכע טעג דאַרף ער וועגן דעם ניט טראַכטן. מע דאַרף אַ ביסל קומען צו־זיך נאָך דער ווײַטער רײַזע. און דערנאָך וועט אויסקומען אַוועקגיין מיט אַ ברייגאַדע אין דער טײַגע, וואַלגערןביימער, צוגרייטן סלופּעס, אָנזעגן ברעטער, קעדיי מע זאָל אויסבויען אַ גרויסן סטאָליער־צעך.

און נאָך האָט ער געזאָגט שויעלן, דערוויסנדיק זיך, אַז יענער איז אַ געוועזענער סאָלדאַט און אַ גוטער האָרעפּאַשניק, אַז דאָ שעמט מען זיך נישט מיט גאָרניט. דאָ וועט אויסקומען טאָן אַלץ: בויען הײַזער, באַאַרבעטן די ערד, פאַרזעצן קאַרטאָפל — דאָ דאַרף מען זיך פאַרלאָזן בלויז אָפּ זיך.

פּעסיע האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט אויסקומען אָנהייבן פון בערייִשיס, פּונקט אַזוי, ווי אירע עלטערן האָבן אָנגעהויבן, ווען מע האָט זיך באַזעצט אין באַפּאַליע און געדאַרפט זיך אויסבויען אַ שטיבל און פאַרפלאַנצן אַ גאָרטן, אַ סעדל. זי האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וויפל צײַט דאָס דאַרף פאַרנעמען, און וויפל יאָר עס וועט דערויף אויסקומען פּאַטערן. צי וועלן סטײַען קויכעס, יאָרן, אַלץ אָנהייבן פונדאָסנײַ?

איר, פּעסיען, זײַנען אויך, פּונקט ווי דעם מאַן, געפעלן געוואָרן די מענטשן, וואָס האָבן זיי פרײַנטלעך אַרומגערינגלט, זי האָט זיך אויך דערפילט, פּונקט ווי ער, שויעל, דערהויבן און דאָך איז שווער געווען גלײַך באַשטימען, צי מע דאַרף זיך דאָ באַזעצן אָפּ שטענדיק.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, און דער אוילעם האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט און מע האָט פאַרלאָזט דעם גאַסטפרײַנטלעכן צימער, וווּ פריִער האָבן געוווינט דאָווידקע און יאָשקע און וווּ מע פלעגט זיך גאַנץ אָפּט אַהער צונויפקומען פון די אַרומיקע באַראַקעס פאַרברענגען, זינגען לידער, טרינקען טיי, זיך טיילן מיט די נײַעס, זיך טיילן מיט די פריידן און ליידן.

די צוויי טאָפּטשאַנעס האָבן גלײַך פאַרכאַפּט — איינעם שולאַמיס און דעם צווייטן — אירע ביידע שוועסטערלעך. אויסגעבעט די קינדער דאָס ביסל בעטגעוואַנט, וואָס מע האָט מיט זיך געבראַכט פון דער היים, האָט פּעסיע גיך באַלייגט די קינדער. זיך און דעם מאַן האָט זי ווי־ניט־איז אויסגעבעט אָפן הילצערנעם דיל, און דערבײַ זיך דערמאָנט, סאַראַ גוטע געלעגערס מע האָט פאַרמאָגט אינדערהיים און וווּ אַלץ איז דאָרטן געווען אָפן אָרט. דאָ זײַנען ניט געווען אַ סאַך זאַכן. דערצו נאָך האָבן ניט געלאָזט צומאַכן מיט אַן אויג די מיִעסע פליגלעך און קאָמאַרעס, וואָס האָבן געריסן שטיקער פלייש. פּעסיע האָט נאָך אָפּ איר לעבן ניט געזען אַזעלכע פריטשעפּעס! דו באַוויַזט ניט אָפּטרײַבן איין פליגל, ווי דאָס צווייטע האָט אַ ביס געטאָן. מיילע, זי וועט נאָך יאַקאָס לײַדן, אָבער וואָס טוט מען מיט די קינדער? דעריקער האָבן די שלעק ניט געלאָזט רוען שולאַמיסן. דאָס גאַנצע פּאָנעם איז שוין געווען צעביסן, און די קליינינקע האָט ניט אויפגעהערט מיט זיי קעמפן, זיי טרײַבן פון זיך און זיך בייזערן.

דאָווידקע האָט געפרווּוט באַרויִקן. דאָס באַקענען זיך די בייזע פליגלעך מיט די ניי־געקומענע, מע וועט זיך יאַקאָס צוגעוווינען. דערצו נאָך, וועט ער מאָרגן ברענגען אַזאַ שמירעכץ, וואָס טרײַבט אָפּ די פליגלעך. און גענומען יאָשקען, איז ער אַוועקגעגאַנגען צו אָשערן נעכטיקן, צוגעווונטשן אַ גוטע נאַכט.

ווי נאָר די קינדער זײַנען אײַנגעשטילט געוואָרן, האָט פּעסיע פאַרלאָשן די שײַן, זיך אויסגעצויגן באַנאַנד מיט שויעלן אָפן דיל און געפרווּוט אײַנשלאָפן. אָבער דער שלאָף האָט זי ניט גענומען. שוין לאַנג, זייער לאַנג איז ניט אויסגעקומען שלאָפן אָפן הוילן דיל, אונטערגעלייגט דעם קולעק צוקאָפּנס. ווי זי איז ניט געווען מיד, האָט זי ניט געקאָנט צומאַכן די אויגן. עמעס, דאָס האָט מען ניט געקאָנט זאָגן וועגן שויעלן, וועלכער האָט אין עטלעכע מינוט אַרום אָנגעהויבן שטילערהייט אונטערכראָפּען, און פּעסיע איז אים געווען מעקאַנע.

געדאַנקען זײַנען געקומען די גאַנצע צײַט גאָר ניט קיין פֿריילעכע, נאָר דאָך האָט זי זיך דערמאָנט אינעם אַלטן ווערטל: „מיט צאָרעס דאַרף מען איבערנעכטיקן”. און זי האָט שוין אַרויסגעקוקט אויפֿן פֿרימאָרגן. וואָס וועט ער ברענגען?

נאָר דער פֿרימאָרגן איז אַזוי גיך ניט געקומען.

די שלאָפֿלאָזע נאַכט האָט זיך געצויגן, ווי די אייביקייט אַליין. און ווען די מידקייט האָט זי גוויוער געווען און זי האָט גענומען געשמאַק דרעמלען, האָט זיך אין פֿענצטער אַרײַנגעריסן אַ סנאָפּ זון־שטראַלן און אויפֿגעוועקט. זיך אַ בייזער געטאָן, האָט זי זיך אויסגעדרייט אויף דער אַנדערער זײַט, נאָר מיטאַמאָל דערהערט אַ סקריפּען פֿון דער טיר. געעפֿנט די אויגן, האָט זי דערזען דאָווידקען. אַ שמייכלענדיקער, אַ שײַנענדיקער, איז ער געשטאַנען אינמיטן צימער, מוירע האָבנדיק אויסרעדן אַ וואָרט. ווען ער האָט דערזען, אַז די מאַמע און דער טאַטע האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם געלעגער, האָט ער שטילערהייט, כּדי ניט אויפֿוועקן די שוועסטערלעך, אַ פֿרעג געטאָן:

— נו, ווי האָט איר זיך אויסגעשלאָפֿן?

— גרויסאַרטיק... — האָט טרוקן געענטפֿערט די מאַמע, פֿאַרקעמענדיק מיט די פֿינגער די צעפּאַטלטע האָר. — גרויסאַרטיק זיך אויסגעשלאָפֿן. אַזאַ יאָר אויף אַלע אונדזערע סאָנים...

— נו, נישקאָשע, פּעסל... — האָט איבערגעשלאָגן שויעל, — וואָס זשע, ווייסט דען ניט, אַז מע קומט אויף אַ נײַ אָרט, שלאָפֿט זיך ניט די ערשטע עטלעכע פֿאַר נעכט... וואָס זשע, דו זאָגסט דאָך אַליין, אַז מיט צאָרעס דאַרף מען איבערנעכטיקן. עס איז ניט וויכטיק. וויאַזוי איבערנעכטיקן... — און, אַ קוק געטאָן אויפֿן שטאַלטנעם בענאַק, זיך אָנגערופֿן:

— זע נאָר, און דו ביסט שוין אויף די פֿיס?

— ווער עס שטייט פֿרי אויף, דעם גיט גאָט אַ סאַך... — האָט דאָווידקע געענטפֿערט, און, קוקנדיק אין יענער זײַט, ווי די קינדער זײַנען געשמאַק געשלאָפֿן, האָט ער פֿאָרגעזעצט: — עס וואַרטן דאָרטן דער אינזשעניער... ער וויל אײַך באַווײַזן אונדזער כאַטע, וואָס בויט זיך, וווּ מיר וועלן אײַנגיכן זיך אַריבערקלײַבן...

— זע נאָר, וואָס עפּעס אַזוי נאַשפּיץ? — האָט פּעסיע זיך פֿאַרוווּנדערט. און, צוגעגאַנגען אין ווינקל, וווּ עס איז געשטאַנען די שיסל, אַ וואַש געטאָן דאָס פּנים, — דער אינזשעניער האָט אונדז שוין פֿאַרקנאַסט? וואָס זשע, ער האָט שוין גערעשעט, אַז מיר פֿאַרבלײַבן דאָ און דאַרפֿן אַ שטוב?..

— וואָס רעדסטו אַזוי, גלײַך ווי דער כאַווער אַשער וויל אונדז מאַכן שלעכטס? — האָט זיך אַ שטילן בייזער געטאָן שויעל. — מע וויל אונדז ווײַזן, וווּ מיר וועלן וווינען. טאָ קום טאַקע, וועלן מיר כאַפּן אַ קוק... וואָס זשע, עס קאָסט דיר, פּעסיע, טײַער אין קלייט אַרײַן?.. — און, גענומען אויף די אַקסלען דאָס רעקל, זיך געלאָזט צו דער טיר.

פּעסיע האָט אַ קוק געטאָן, צי די קינדער שלאָפֿן נאָך, און אָנגעטאָן אויף זיך דאָס געקווייטלטע שוואַרצע קאָפּטיכל, זיך געלאָזט נאָכן מאַן.

אין דרויסן האָט שוין אויף זיי געוואַרט אַשער מאַזין, דער אינזשעניער, יאַשקע און נאָך צוויי אומבאַקאַנטע יונגעלײַט. אַשער האָט זיך געגריסט מיט דאָווידס עלטערן, ווי מע גריסט זיך מיט אַלטע באַקאַנטע, געפֿרעגט, ווי מע איז איבערגעשלאָפֿן די נאַכט, ווי מע פֿילט זיך. דערנאָך האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט כּיישעק זיי באַווײַזן זייער ניט־דערבויטע שטוב, אָפּמעסטן אַ שטיקל פּלאַץ פֿאַר אַ גאָרטן און אַ סעדל. אויב זיי האָבן כּיישעק זיך וואָס גיכער אײַנאָרדענען, האָבן אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, טאָ זאָלן זיי זיך אונטערגאַרטלען, און דער אוילעם וועט מיטהעלפֿן, אונטערשטעלן אַ פּלייצע.

פּעסיע האָט אָנגעקוקט דעם מענטשן, זיך אײַנגעהערט אין זײַנע רייד און זיך עפּעס ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז דאָס האָט ער אין זינען זי און איר מישפּאָכע.

וואָס זשע, צי דען האָט ער שוין געפּויעלט בײַ זיי, אַז מע פֿאַרבלײַבט דאָ אויף שטענדיק? האָט מען זיי, הייסט עס, באַשטימט גלײַך פֿאַרקנאַסן?

זי האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און, דערזען, ווי דער אוילעם האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פֿונעם טײַך, אַהין, וווּ עס זעען זיך אָן עטלעכע ניט־דערבויטע הײַזער, — אַ שטיקל אָנהייב פֿון אַ נײַער גאַס, — האָט זי זיך אויך אַוועקגעלאָזט נאָך זיי.

דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ קילבלעכער, אָבער אַ זוניקער און שטילער. אַ מעכײַעדיק ווינטל האָט אָפּגעפֿרישט דאָס פּנים. פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן האָט זיך אַהער דערטראָגן דאָס קלאַפּערײַ פֿון העק, דאָס געזאַנג פֿון זעגן. דאָ און דאָרט האָט שטאַרק געהוכקעט, און אין פֿאַרשיידענע ערטער, וווּ מע האָט אָנגעזען וועגט פֿון שטיבער, באַראַקן, האָבן זיך געפּאָרעט מאַנצבלען און פֿרויען.

אַשער מאַזין האָט אין זײַנע שווערע קירזעווע שטיוואַליעס געשפּאַנט אין יענער ריכטונג, וווּ עס זײַנען געשטאַנען ניט־פֿאַרענדיקטע הײַזער. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער עקסטער שטוב און זיך אָנגערופֿן צו שויעלן:

— נו, אַט זײַנען מיר געקומען... אײַער דאָווידס בריגאַדע האָט זי אָנגעהויבן בויען, און אײַך וועט אויסקומען פֿאַרענדיקן און זיך דאָ באַזעצן. כאַפּט א קוק, צי איז אײַך געפֿעלן דאָס אָרט, די שטוב? איך מיין, אַז דאָ וועט אײַך זײַן באַקוועם. לעבן דער סאַמע בירע... וואָס קאָן זײַן בעסער ווי וווינען לעבן דעם וווּנדערלעכן טײַך? ווען מײַן ווײַב מיט די קינדער וועט זיך אַהער איבערקלײַבן, רעכן איך זיך אויך דאָ אָוועקשטעלן א שטוב... וועלן מיר זײַן שכנים. מאַסקים?

— וואָס איז שײַעך — מאַסקים? — האָט א קוק געטאָן אויף אָשערן שויעל, — זעט אויס, אַז דאָס אָרט האָט צוגעקליבן אונדזער דאָווידקע. און ער איז, זאָגט איר, א שטיקל בויער, א בריגאַדיר...

— יאָ, יאָ, טאַטע... — האָט זיך אָנגערופֿן דאָווידקע, — דאָס האָב איך צוגעקליבן, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז איר פֿאָרט אַהער...

— נאָר וווּ ער האָט דיר, מאַמזער, געזאָגט, אַז מיר פֿאָרן צו דיר אויף שטענדיק? אויף זיך באַזעצן? — האָט איבערגעשלאָגן די מאַמע.

דאָווידקע האָט זיך דערפֿילט ניט באַקוועם פֿאַר דעם נאַטשאַלניק זײַנעם און די אַרומיקע. ער האָט זיך אַפֿילע עטוואָס פֿאַרויטלט און צוגעגעבן:

— נו, איר וועט ניט וועלן דאָ פֿאַרבלײַבן, וועלן זיך אויף דער שטוב געפֿינען באַלאַנים...

אָשער האָט דאָס אויפֿגענומען, ווי א שפּאַס, און א ווּנק געטאָן צו די צוויי יונגעלײַט, וועלכע זײַנען נאָך אים געגאַנגען מיט א מעטער־רייקע. זיי זײַנען צוגעגאַנגען צום עק פֿון דער שטוב און אָפּגעמאָסטן עטלעכע און צוואַנציק מעטער, אויף די ראַנדן אַרײַנגעקלאַפּט קאָלישקעס. דאַן האָט אָשער זיך אָנגערופֿן:

— נו, מײַנע טײַערע, אין א גוטער שאָ!.. דאָ וועט זײַן אײַער גאָרטן, אײַער סעדל און אָרדנט זיך אײַן געזונטערהייט. מיר וועלן וואַרטן ביז איר וועט זיך דאָ באַזעצן און אונדז רופֿן אויף כאַנוקאַס־האַבאַיִס. זאָל זײַן מיט גליק...

פעסיע האָט זיך צום ערשטן אַפֿילע פֿאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס זאָגן, נאָר באַטראַכטנדיק דעם שעטעך, די עטלעכע שלאַנקע ביימער, וואָס זײַנען דאָ געוואַקסן, די ניט־געענדיקטע שטוב, געזאָגט:

— אַזאַ גאָרטן? מע קאָן דאָך דאָ אָוועקשטעלן פֿיר שטיבער...

— נישקאָשע... — האָט איבערגעשלאָגן אָשער, — מיר האָבן דאָ גענוג שעטעך, ניט קיין מוז זיך צונויפֿשטויסן אַזוי, ווי אין מאַזעפּעווקע, צי אין זשאַשקעוו. זאָל אײַך נאָר גאָט געבן קויעך, איר זאָלט דעם גאָרטן באַהערשן און עס זאָלן זײַן גוטע גערעטענישן... צו געזונט אײַך. אָרדנט זיך אײַן. דאָס איז אײַערס...

פעסיע איז געשטאַנען עטלעכע מינוט, ניט קאָנענדיק זיך רירן פֿון אָרט. הער נאָר א געשיכטע, — האָט זי געטראַכט, — זיך נאָך אַפֿילע ניט באַוויזן אָנוואַרעמען, און מיר זײַנען שוין געוואָרן באַלעבאַטים. צונויפֿגעלייגט די הענט אויף דער ברוסט, איז זי זיך דורכגעגאַנגען איבער דעם גאָרטן, אויפֿמערקזאַם באַטראַכט די ניט־דערבויטע שטוב און פֿון מאָל צו מאָל געוואָרפֿן א פֿאַרכידעשטן בליק אויף דעם נאַטשאַלניק, ווי זי וואָלט געמיינט, אַז דאָס שפּאַסט ער איבער איר און איר מאַן. אָבער זי האָט זיך גיך איבערצײַגט, אַז יענער שפּאַסט ניט.

דאָווידקע האָט געזאָגט, אַז מע זאָל זיך ניט זאָרגן. זײַנע כעווריע וועלן העלפֿן און מע וועט אײַנגיכן פֿאַרענדיקן די שטוב, ער האָט געבעטן די עלטערן, זיי זאָלן גיין אַהיים, נאָך דער אַרבעט וועט ער קומען און מע וועט באַטראַכטן, ווי אַזוי צו מאַכן אַזוי, אַז מע זאָל זיך וואָס גיכער קענען אײַנאָרדענען אויף דעם נײַעם אָרט.

פעסיע האָט אים און די איבעריקע געבעטן אַרײַנגיין צו איר, אין באַראַק, וועט זי מיט פֿריש־טיק מעכאַבעד זײַן אַלעמען. נאָר סײַ אָשער, סײַ דאָווידקע האָבן זיך אָפּגעזאָגט, מע איז שטאַרק פֿאַרנומען, מע אײַלט. דאָרטן, אויף די באַצירקן, וואַרטן אויף זיי מענטשן, די בויער, טעסלער. עס וואַרט אויף זיי א באַרג מיט אַרבעט.

פעסיע מיט שויעלן זײַנען געבליבן אויף זייער שטיקל ערד שטיין, נאַכשפּירנדיק, ווי דער זון, אָשער און יאַשקע מיט די צוויי לײַט שפּאַנען אײַלנדיק אין דער ריכטונג פֿון דער טײַגע, ווו מע האָט געהערט א שטאַרקן טראַכקען פֿון העק, אויסגעשרייען פֿון די בויער. שויעל האָט אַראָפּגענומען פֿונעם קאָפּ דעם קאַשקעט, אים א שמיץ געטאָן אויף דער ערד און אויסגעווישט מיטן אַרבל דעם פֿאַרשוויצטן שטערן:

— דו ווייסט, פעסיע־לעבן, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

— וואָס, אַשטייגער לעמאָשל, וועסטו מיר זאָגן?

— איך וועל דיר זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז א ביסעלע געראָטן אין א שיינעם כאָלעם. ווײַבאַלד אַזוי, מיין איך, אַז דאָס איז א באַשערטע זאַך... מירן זיך שטעלן אַרבעטן... איך, דו, אונדזערע קינדער

זײַנען מיט אונדז, ארום אונדז, ווי דו זעסט, וווינען גאָלדענע מענטשן און מיט זיי וועסטו ניט פאַר־פאַלן ווערן... איז אין א גוטער, אין א מאזלדיקער שאָ!..

פּעסיע האָט אונטערגעשפּארט מיט די הענט דאָס פארומערטע פּאָנעם, לאַנג געקוקט ערגעץ אין דער ווײַט, אהין, וווּ מע האָט אָנגעזעען א שטיק באגילדעטן טײַך, און מיטאמאָל האָבן זיך אױף אירע אויגן, וואָס האָבן נאָך ניט אָנגעוווירן זייער אמאָליקן כיין, באוויזן טרערן, און זי האָט געכאַפּט דעם עק פונעם קאָפּטיכל און זיי גענומען אויסווישן.

שויעל האָט זיך דערשראָקן, זי אָנגעכאַפּט פאר דער האַנט:

— נארישע, וואָס וויינסטו? וואָס איז געשען? — האָט ער זיך אױף איר א בייזער געטאָן, — פרייען זיך דארף מען, און דו האָסט זיך צעכליפּעט... נאָך א גליק, וואָס נאָענט זײַנען ניטאָ קיין מענטשן... וואָס איז, וואָס איז דער געוויין? — האָט ער זיך נאָך שטארקער צעבייזערט, — מע גיט דיר א שטוב, א גאָרטן, א סעדל. דאָ קאָן מען מאכן פון דעם שטיקל ערד א צאצקע... פרייען זיך דארף מען, און דו וויינסט!..

— וואָס זשע מיינסטו, שויעל, אז דאָס ווײן איך? — האָט זי זיך אָנגערופן. — דאָס וויינט מײַן הארץ... מיר האָבן דאָך פארסירעט אונדזער היים, די קוואָרים פון אונדזערע עלטערן... ווען וועלן מיר נאָך קענען זיך אויסקלײַבן פאָרן אזא ווײַטן וועג אױף קייווער־אָוועס?..

— ניט געזאָרגט... מיר זײַנען דאָך בא זיך אין דער גאָסודארסטווע. עס איז דאָך אונדזער לאַנד סײַ דאָרט, סײַ דאָ. עס איז נאָך ניט העפקער־פּעטרעשקע... מיר וועלן זיך דאָ צוביסלעך אײַנאָר־דענען, און אז מיר וועלן לעבן און געזונט זײַן, וועלן מיר זיך נאָך אהין דורכפאָרן... און די קוואָרים פון אונדזערע אָוועס? זיי וועלן זיך, מיין איך, אױף אונדז ניט צעבייזערן. עס זײַנען געקומען נײַע צײַטן. מיר זײַנען ניט די ערשטע און ניט די לעצטע... אין ערשטן אָטשערעד, ווי עס שטייט געשריבן אין דער טוירע, דארף דער מענטש טראכטן וועגן די לעבעדיקע און ניט וועגן די טויטע. יענע זײַנען ווײַט אָפּגעזונדערט פון אונדז, און זיי דארפן בלײַבן אין אונדזער זיקאָרן, אין אונדזערע הערצער. דו פארשטייסט, צי דו פארשטייסט ניט?

— איך פארשטיי... איך פארשטיי... און הער אױף מיר ידולן א ספּאָדעק! — זי האָט זיך האסטיק אופגעהויבן פונעם אָרט און ווידער צוגעגאנגען א קוק טאָן אױף דער שטוב.

— פּעסיע־לעבן, וואָס זוכסטו דאָרט? וואָס ווילסטו דאָרטן געפינען? — האָט ער געפרעגט.

— פרעגסט, וואָס איך זוך דאָ? איך זוך דעם נעכטיקן טאָג!

— וואָס זשע עפּעס אזוי בייז, פּעסיע?

— טשעפּע ניט... — האָט זי געזאָגט, ווי צו זיך אַליין, — איך טראכט, ווו וועט זײַן דער צי־מער פאר די קינדער און ווו דער צימער פאר אונדזער בריגאדיר, פאר דאָווידקען?.. און מיר וועלן זיך שוין יאקאָס לעבן זיי צושארן...

— וואָס דארפסטו זיך עפּעס צושארן? ביסט דאָך א גאנצע באַלעבאָסטע. דאָ וועט זײַן פּלאַץ פאר אונדז אַלעמען. אבי געזונט...

— מע וועט דארפן אָנשרײַבן קיין באַפּאָליע, מע זאָל אונדז ארויסשיקן עטלעכע סאזשענצעס — עפּלביימלעך, בארנביימלעך און ווײַנשל — מארעלן... דו געדענקסט, סאראביימער מיר האָבן געהאט בא אונדז אין סעדל?..

— מיילע, וואָס דו האָסט דאָרטן, מישטיינס־געזאָגט, געהאט. מיר האָבן געהאט א שטיקל ערד, ווי א גענעץ. און זע, סארא פעלד מע האָט אונדז אויסגעטיילט דאָ...

— זאָג מיר נאָר, נו, און א ביסל אויפעס, קאטשקעס, עטלעכע גענדז וועלן מיר דאָ קאָנען האָדעווען?

— וואָס פאר א שײַלע! זע, סארא טײַך מיר האָבן לעבן דער שטוב. נאָך אוועלכע קאטשקעס און גענדז! און איך גלייב, אז אויב דו וועסט, פּעסיע, האָבן כיישעק, וועסטו קאָנען אײַנפירן א ציג, א בעהיימע...

זי האָט זיך פאנאנדערגעלאכט:

— בלויז דאָס דארף איך נאָך האָבן! אז איך וועל זיך ספּראווען מיטן ביסל אויפעס און קאטש־קעס, וועט אויך זײַן גוט. וואָס זשע, דו ווילסט מיך גאָר מאכן פאר א קאָלכאָזניצע? פאר מיר וועט סטײַען ארבעט גענוג דאָ, אין שטאָט...

פּעסיע איז ווידער צוגעגאנגען נעענטער צו דער ניט־פארענדיקטער שטוב, זי באטראכט פון אַלע זײַטן, ארומגעפירט מיטן בליק דאָס שטיקל ערד, וואָס דער אינזשעניער האָט אָפּגעמאָסטן, און פאריכט אין עטלעכע ערטער די קאָלישקעס. זי האָט עפּעס געשעפּטשעט מיט די ליפּן, ווי זי זאָל אָנמערקן, ווו מע וועט פארזעצן פרוכט־ביימער, ווו קוסטעס מאלינעס, ווײַמפּערלעך, ווו מע וועט פארזעצן קארטאָפליעס, אוגערקעס, פּאָמידאָרן, פּארזייען פּעטרעשקע.

שויעל איז געזעסן אַף די סלופּעס און פון אונטער די ברעמען נאָכגעשפּירט נאָך דער פלוידנעסטע. פאַר זײַנע אויגן האָט זי זיך אָנגעהויבן ענדערן: אירע געדאנקען זײַנען געווען פאַרטאָן אין דער באַלעבאטישקײַט...

די זון האָט מעכײַעדיק געוואַרעמט. די בירע מיט אירע גאָלדענע ברעגן האָט געפינקלט, די קוואַליעס האָבן זיך איבערגעגאָסן אונטער דער זון מיט אָן א שיר קאָלירן, די פרישע לופט האָט מאַמעש פאַרשיכּורט און ווער ווייסט, וויפל דאָס פאַרפאָלק וואָלט זיך נאָך פאַרהאַלטן, ווען שויעל כאַפּט זיך ניט:

— פּעסיע, זע, ווי מיר זײַנען שוין אַרײַנגעפאָרן אינעם פרימאָרגן! די קינדער וועלן זיך אופכאַפּן און מיינען, אַז מיר זײַנען אַוועק קיין באַפּאָליע און זיי דאָ איבערגעלאָזט אַף גאָטס באַראָט...

ער האָט זיך א הייב געטאָן פון די סלופּעס און צוגעגעבן:

— דו ווייסט, אַלפּי סייכל, וואָלט מען שוין געדאַרפט נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן. דער קלימאַט, זעט אויס, גיט דאָ צו א גוטן אַפּעטיט...

פּעסיע האָט זיך צעלאַכט:

— אוי, דו ביסט, דאַכט זיך, גערעכט, שויעל... איך האָב זיך פאַרטראַכט...

— לעמאַשל, אויב עס איז ניט קיין סאָד?

— וואָס איך האָב זיך פאַרטראַכט? — האָט זי א שמייכל געטאָן. — איך האָב זיך פאַרטראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען מיר וואַרפן אַראָפּ פון זיך א פּאָר צענדליק יאָר און ווערן א ביסל יינגער... עס וואַרט אַף אונדז א יאַם מיט אַרבעט... די ערד טרעבעוועט גוטע האָרעוואַניע...

— געוויס... ווי זשע אַנדערש? ווער מען זיך מאַטריעך זײַן אונטערגאַרטלען, — האָט ער געזאָגט, — מיר זײַנען, דאַנקען גאָט, צוגעווינט צו דער אַרבעט. און וואָס איז שײַעך יאָרן... וואָס מיר וועלן באַווײַזן אופטאָן, וועלן מיר אופטאָן, און וואָס ניט, האָבן מיר קינדער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועלן זיי דערפירן די זאַך ביזן סאָף...

מע האָט זיך שנעל אַוועקגעלאָזט צום באַראַק, אומקוקנדיק זיך פון מאָל צו מאָל אַף צוריק, אַף זייער שטיקל ערד, אַף די הילצערנע ווענט, וועלכע וועלן פון איצט אָן וואַרטן אַף זיי, די נײַע באַלעבאַטים, וואָס זײַנען געקומען אַהער.

זעט אויס, דער דערוואַקסענער אוילעם האָט שוין באַוויזן פאַרלאָזן די באַראַקעס און אַוועקגיין אַף זייערע באַצירקן, צו דער אַרבעט, און קליינוואַרג האָט ערשט גענומען עפענען די אויגן, זיך אַרומקוקן, ווו מע האַלט אין דער וועלט.

פּעסיע האָט פאַרגיכערט דעם טראָט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב שולאַמיס וועט זיך אופכאַפּן פונעם שלאָף און זי ניט טרעפן אַף איר געלעגער, וועט זי אופהייבן א מוירעדיקן געוויין. שויעל האָט געפּרוווט ניט אָפּשטיין פון דער פלויגנעסטע, נאָר פּלוצעם האָט ער דערזען אַפן ראַג, דאָרטן, ווו עס הייבן זיך אָן די באַראַקעס, א פאַרשוין אין א פּאָר ברילן, וועלכע האָבן געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון.

יענער איז געבליבן שטיין, אַוועקגעשטעלט אַף דער ערד זײַנע צוויי היפּשע קלומעקעס, אַראָפּגעכאַפּט די ברילן און גענומען אויסווישן די גלעזלעך מיט א טיכעלע. ווידער א שטעק געטאָן די ברילן אַף דער נאָז, האָט ער אויסגעשריִען אַף א קאָל:

— היי, פּעטער, מע קאָן אײַך עפּעס פרעגן? איין ווײַליטשקע...

שויעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, א לאַנגע ווײַלע געקוקט אַף דעם אומבאַקאַנטן פאַרשויז, וועלנדיק דערקענען דעם מענטשן, און זיך אָנגערופן צו פּעסיען:

— דאַכט זיך, עפּעס א באַקאַנטער יונגערמאַן... ווייסט ניט, ווער דאָס איז?

נאָר יענער איז שוין געלאָפן אַנטקעגן, מאַכנדיק מיט די הענט. שויעל האָט שטילערהייט א זאָג געטאָן:

— אוי, איך קאָן שווערן, אַז דאָס איז יענער פון בערשאַד... דער אַפּטייקער...

— יאָ, מיר דאַכט זיך אויך, אַז דאָס איז ער, זעליק כײַפעץ, וואָס איז מיט אונדז געפאָרן אין איין...

זי האָט ניט באַוויזן דערזאָגן די עטלעכע ווערטער, ווי עס איז צוגעלאָפן א פאַרשוויצטער, א פאַרפּאַליעטער דער אַפּטייקער און א גליקלעכער אויסגעשריִען:

— א גוט־מאָרגן! א גוט־יאָר! איך האָב אײַך דערזען, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב דערזען מאַשיעכן...

מע האָט זיך געגריסט, ווי אַלטע באַקאַנטע, געקוקט איינער אַפן אַנדערן, און כײַפעץ האָט פאַרגעזעצט:

— אַ גאַנצן טאָג האָב איך אײַך נעכטן געזוכט, און ווי אויסגערונען געוואָרן! איך האָב זיך פֿאַרגעשטעלט, ווו מע געפֿינט אײַך... און האָב דערנאָך אַ טראַכט געטאָן, אַז געוויס זײַט איר גלײַך אַוועק צו אײַער בענאַק...

— וווּהין האַלט איר וועג, זעליק? אויב דאָס איז ניט קיין סאָד?

— מע האָט מיר געזאָגט, אַז ערגעץ אין די דאָזיקע באַראַקן וווינט דער נאַטשאַלניק פֿונעם בוי־קאָמבינאַט... ווי הייסט ער? באַלד וועל איך זיך דערמאָנען... — ער האָט אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און גענומען זוכן.

— אָט! ער הייסט אָשער... אָשער מאַזין... מע האָט מיך געשיקט צו אים אויף אַרבעט... די קאָמיסיע האָט מיך געשיקט...

— יאָ, נאָר אָשער מאַזין האָט ניט צו טאָן מיט קיין אַפּטייקן...

— וואָס פֿאַר אַן אַפּטייקן!.. — האָט כײַפֿעץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — איך האָב געזאָגט דער קאָמיסיע, אַז איך בין אַ גלעזער... האָבן זיי זיך גראַדע דערפֿרייט און געזאָגט, אַז גלעזער זוכן זיי, ווי מיט ליכט. און מיך געשיקט אין קאָמבינאַט צו אָשער מאַזינען... ווען איך זאָג, אַז איך בין אין בערשאַד געווען אַן אַפּטייקער, וואָלטן זיי מיך פֿאַרשיקט אין אַ קאָלכאָז...

— הערט נאָר, כײַפֿעץ! — האָט זיך דערפֿרייט שויעל, — האָט איר דאָך געטאָן, ווי אַ כאָכעם! וועלן מיר מיט אײַך אַרבעטן אין איין קאָמבינאַט. וועלן מיר זײַן נאָענטע מעכוטאָנים...

— יאָ, דאָס איז גוט... איך וואָלט געווען צופֿרידן, נאָר...

— וואָס נאָר? — האָט זיך אַרײַנגעמישט פּעסיע.

— נאָר... נאָר איר האָט געטאָן, ווי די כאַכאָמים, וואָס איר זײַט געקומען אַהער מיט דער סעמייסטווע... און איך בין דאָ איינער אַליין...

— נישקאָשע, ניט געפֿערלעך... — האָט זי געזאָגט, — איר וועט זיי אָנשרײַבן אַ בריוול, וועלן זיי קומען אַהער... עס גרייטן זיך נאָך עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער, האָב איך געהערט זאָגן.

— נו, סײַדן אַזוי... וועל איך אָנשרײַבן. פֿאַרוואָס טאַקע ניט?.. יאָ, איז זאָגט מיר, ווו געפֿין איך דעם נאַטשאַלניק, דעם אָשערן? די קאָמיסיע האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיר דערווײַל אויס־טיילן אַ ווינקל אין אָבשטשעזשיטיִע און מיט דער צײַט וועט מען מיר געבן אַ וווינונג פֿאַר מיר מיט מײַן מישפּאָכע...

— כײַפֿעץ, ביז איר וועט געפֿינען דעם אינזשעניער, קאָנט איר זיך אָפּשטעלן בײַ אונדז, דאָס הייסט, בײַ דאָווידקען. כּוץ דעם, וועט איר באַלד מיט אונדז עפּעס איבערכאַפּן, איר דאַרפֿט געוויס וויסן דאָס אַלטע ווערטל אונדזערס: פֿאַר דעם ביסן גייט קיין טענצל ניט...

כײַפֿעץ האָט זיך דערפֿרייט, אַוועקגעלאָפֿן און געכאַפּט זײַנע קלומעקעס, זיך געלאָזט נאָך שויעלן אין באַראַק.

— איר, רעב שויעל, האָט געטאָן, ווי אַ כאָכעם. גענומען די גאַנצע מישפּאָכע און געקומען... און ביז מײַניקע וועלן קומען, וועלן זיי זיך נאָך גוט אָנבידעווען. זיי — אין וועג, און איך — דאָ...

— נישקאָשע... דער איקער איז — ניט געזאָרגט! פּאַוואָליע וועט זיך אַלץ אײַנאָרדענען, — האָט אים גענומען באַרויִקן שויעל, — מיט דער צײַט... איר ווייסט דאָך גוט, אַז מיט צאָרעס דאַרף מען איבערנעכטיקן. וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטיין פֿון מײַן פּלוינעסטע! זי האָט דעם גאַנצן וועג געטײַנעט, אַז זי וועט פֿאַרברענגען אַ שטיקעלע צײַט מיטן זון און גלײַך, נאַשפּיץ זיך אומקערן אַהיים... נאָר איצט דאַכט זיך מיר, אַז איר איז דאָ געפֿעלן און וועסט זי מיט קיין צוואַנגען ניט אַרויסרײַסן פֿונדאַנען... איר שפּילט זיך מיט הײַנטיקע ווײַבער! מע דאַרף האָבן אַ קאָפּ פֿון אַ מיניס־טער, מע זאָל זיי פֿאַרשטיין...

פֿונעם צימער האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן באַראַק אַ מוירעדיקער געשריי.

פּעסיע האָט אַן עפֿן געטאָן די טיר און דערזען, ווי שולאַמיס שטייט אויף איין טאָפּטשאַן, די שוועסטערלעך אויפֿן אַנדערן, און מע פֿירט מילכאָמע. מע שלײַדערט די קישנס, די קאָלדרעס, דאָס אָנטאָן, און עס שטייט אַזאַ מוירעדיקער געלעכטער, אַז דער קאָפּ שפּאַלט זיך.

דערזען די עלטערן און באַזונדערס דעם פֿרעמדן פֿעטער מיט דיברילן, זײַנען אַלע אײַנגע־שטילט געוואָרן. און די מיידלעך זײַנען אַרונטער אונטער די קאָלדרעס.

פּעסיע איז גראַדע געווען איצט אין אַ גוטער שטימונג, האָט זי ניט אויפֿגעהויבן קיין גוואַלד. געהייסן זיך גיכער אָנטאָן, זיך אַרומוואַשן, האָט זי געכאַפּט דעם טשײַניק און אַרויסגעלאָפֿן אין קאָרידאָר אָנצינדן דעם פּרימוס און גרייטן פֿרישטיק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער טאָג אין דער נײַער היים.

## קאפיטל אכט און צוואנציק

# דער גרויסער נעס

איר זאלט קיינמאל ניט זאגן, אז עס טרעפן ניט קיין ניסים אף דער ערד! און אויב איר גלייבט ניט, טוט א קוק אף שויעלס פלוינעסטע, וואס איז מיט איר געשען!

פון די ערשטע וואכן אן האט זי דא אנגעווירן די רו. עס איז געווען א כידעש — ווי האבן זיך צו איר גענומען קויכעס אזויפיל הארעווען? זיך ווי־ניט־איז ספראווען אין שטוב מיט דער באלעבאטישקייט, האט זי זיך גלייך אוועקגעלאזט אף איר גארטן. נאך אין די ערשטע טעג האט זי פארפלאנצט עטלעכע ביימער, פארזעצט דאס ביסל גרינס, וואס האט זיך געלאזט, צו דער צייט באגאסן, באארבעט, געזען, זיי זאלן ניט פארהלושעט ווערן פון די ווילדגראזן, וואס זיינען געוואקסן זייער גיך.

דאווידקע האט זיך דערוווסט, אז די מאמע קלייבט זיך. דא איינשאפן א ביסל אויפעס, האט ער אין א שיינעם פרימארגן געהאלפן צונויפקלאפן לעבן דער שטוב א פאר גוטע שטייגן.

דער באכער איז גרייט געווען איר אלץ אונטערטראגן, אבי זי זאל וויניקער טראכטן וועגן איר וויטער היים. מע האט געדארפט זען, זי זאל האבן וואס וויניקער צייט אף איבערטראכטן פארשיידענערליי נארישקייטן. ער האט אויך געזען, אז מע זאל וואס גיכער ארויסענדיקן די בויונג פון דער שטוב, מע זאל זיך אריבערקלייבן פונעם באראק און אנהייבן זיך איינארדענען, ווי עכטע באלעבאטים און ניט קיין צייטווייליקע שכיינים, געסט.

טאקע דערפאר האט ער, ווי נאר ער האט געענדיקט די ארבעט מיט זיין בריגאדע אף פארשיידענע באצירקן, אופגעהויבן זיין באזונדערע „בריגאדע", וואס איז באשטאנען פונעם טאטן, יאשקען, כייפעצן און צייטנווייז אויך זלאטקען, און מע האט זיך געשטעלט צו דער ארבעט לעבן דער שטוב. מע קאן, געוויינלעך, ניט זאגן, אז די ארבעט איז דא געגאנגען מיט גענוגנדע טעמפן, ווייל עס זיינען געווען מער וויכטיקערע באצירקן, נאר דאך האט זיך צוביסלעך געגרוקט דער איניען.

א ביסל גרינגער איז געווארן אף דער נעשאמע, ווען עס זיינען אנגעקומען אין קאמבינאט עטלעכע מאשינען, און אף איינער האט פארנומען זיין ארט יאשקע. די פערדלעך האט ער איבערגעגעבן כייפעצן. יענער האט קיין בעסערן מין טראנספארט ניט געדארפט האבן. ווייל דעם גלעזער איז אויסגעקומען מער ארומגיין מיטן שווערן קעסטל גלאז אפן אקסל פון סאסיען צו דוואסיען, און דאס האט אים אפטלעך ארויסגעשלאגן פון די קויכעס. ער האט דעם וואגן פארוואנדלט אין א צאצקע. אוועקגעשטעלט עטלעכע קעסטלעך מיט גלאז, און געפארן פון איין בויונג אף דער צווייטער. מע קאן ניט זאגן, אז די ארבעט באם גלעזן די טאפליעס איז בא אים פונעם ערשטן טאג אוועק, ווי א מיזמער. ווי איר ווילט ניט, איז ער דאך א לאנגע צייט אפגעשטאנען אין בערשאדער אפטייק, און די הענט זיינען בא אים געווארן אידל געפאנקעט. נאר די מעלאכע זיינע האט ער געקענט גאנץ גוט און איינגיכן, נאך דעם, ווי ער האט געפאטערט אומזיסט און אומנישט א שיין ביסל גלאז, אריינגעכאפט א גוטן פסאק פונעם אינזשעניער, לעמיי פאטערט ער אזויפיל דעפיציטן מאטעריאל, האט כייפעץ זיך גענומען אין די הענט, זיך אונטערגעצויגן, און עס איז אוועק א גאנג!

און דא נאך, ווען ער האט זיך אופגעזעצט אפן וואגן, איז ער גאר געווען אפן זיבעטן הימל. ער האט זיך אריינגעצויגן אין דער ארבעט און מע האט אים שוין אפילע אנגעהויבן לויבן אין דער וועלט אריין.

ניט קיין פאשעטער גלעזער — א גאט־געבענטשטער באלמעלאכע, — האט מען וועגן אים אנגעהויבן ריידן אף אלע באצירקן. און דער אינזשעניער, אשער מאזין, האט אים געזאגט, אז ער מעג שוין ארויסרופן פון בערשאד דאס ווייב מיט די קינדער, ווייל אין דער נאענטער צייט וועט מען אים אויך אויסטיילן א גוטע דירע, און זאל ער ניט זיצן אף צוויי בענקלעך...

יאשקע איז געווען גאר צופרידן, וואס ער האט זיך אריבערגעזעצט פונעם פורל אף א שפאגלנייער לאסטמאשין. ווער איז צו אים געווען גלייך, ווען ער איז געזעסן באם רודער, און אין קוזאוו זיינען געלעגן ברעטער, בלעך, סלופעס, זעקלעך מיט צעמענט, קעסטלעך מיט צוועקעס און אלדאס גוטס, וואס מע דארף האבן פאר דער בויונג, און ער האט עס מיט גאדלעס געבראכט!

עמעס, אים איז ניט נאר אויסגעקומען דרייען דעם „בייגל", זיצן אין דער וויכער קאבינע, ווי א פארעץ, און ניט מוירע האבן פאר א רעגן, א ווינט, א היץ. מערסטנס איז אים אויסגעקומען קארטשעווען ביימער, טעסען קלעצער, העלפן שויעלן צונויפקלאפן טירן, פענצטער. נאר ער האט ליב געהאט ארבעטן, און פון קיין שום ארבעט זיך ניט אפגעזאגט. דערפאר טאקע האבן אלע דא אים ליב געהאט.

עמעס, פון קיין מיידלעך האט ער ניט געהאלטן. אזוי האט ער שוין גראדע פארלוירן א ביסל זיין שעמעוודיקייט, נאר אז עס איז אויסגעקומען זיך באגעגענען מיט א פיין מיידל, האט זיך אין

אים עפּעס ווי מיטאמאָל אַרײַנגעכאַפּט די בושע, ער האָט זיך געררויטלט ביז איבער די אויערן און גלײַך אָנגעוווירן דאָס לאָשן.

אָט אַזאַ איז ער געווען און מע האָט מיט אים גאָרניט געקאָנט מאַכן.

אָבער וואָס עמעס איז עמעס, אַז עס איז געקומען צו דער אַרבעט, איז קיין בעסערער האָרעפּאַשניק פֿון אים ניט געווען. אַ ברען! און הענט האָט ער געהאַט גאָלדענע. זיי האָבן זיך געלייגט צו אַלץ. אומעטום האָט ער אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע. און אָשער מאַזין האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אַז ווען ער האָט אין קאָמבינאַט אַ פּאָר צענדליק כעוורע, ווי יאָשקע, וואָלט די שטאָט שוין לאַנג געווען אויסגעבויט און ער וואָלט זײַן גאַנצן קאָמבינאַט געקאָנט אַריבערפֿירן אין אַ נײַעם קאַנט און זיך דאָרטן שטעלן בויען אַ גרויסע שטאָט...

יאָשקע וואָלט געווען צופֿרידן מיט זײַן גורל, ווען ער האָט ניט אַזאַ מין טאַטן אַן אַקשן. וויפֿל דער באָכער האָט ניט געשריבן, ניט געבעטן, יענער זאָל אַלץ וואַרפֿן און זיך איבערקלײַבן צו אים, האָט זאַלמען אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער האָט ניט געגלייבט, אַז עס איז רעכט וואַרפֿן די שטוב, די היים, האַקל־באַקל און זיך אַריבערקלײַבן אין אַ צווייטן עק וועלט און דאָרטן מאַכן אַ לעבן. אים האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז עס וועט אַוועק אַ שטיקל צײַט און מע וועט זיך אומקערן אַהיים צו דער ערד פֿון די אָוועס. עס איז אומגלייבלעך, אַז מענטשן, וועלכע האָבן אָפּגעלעבט אַזויפֿיל יאָר אויף פּאָדאָליע, באַם שיינעם בוג, זאָלן זיך קענען צוגעווינען לעבן ערגעץ אין אויסרײַסעניש, פֿאַר טויזנטער ווערסט פֿון דער היים, ערגעץ באַם אַמור, לעבן די קיטײַצעס.

און פּעסיע האָט זיך אַלץ מער אָנגעהויבן איבערצײַגן, אַז עס איז דאָ ניט געפֿערלעך. דאָ איז אַזאַ גוטער קלימאַט, ווי דאָרטן, אינדערהיים. אַ מעכײַעדיקע לופֿט, אַ וועלט מיט גרינס. דאָס ברויט איז פּונקט אַזוי געשמאַק, ווי דאָרטן, אין פּאָדאָליע, די קאַרטאָפֿליעס, מערן, ציבעלעס — אויך. הײַנט סאַראַ פֿיש כאַפּט מען אין דער בירע — אַ מעכײַע! דערצו נאָך, האָט זי לעבן זיך אַלע קינדער. פֿאַרטאָג אין דער אַרבעט, האָט זי ניט קיין פֿרײַע מינוט זיך אַרומקוקן. אָפּגעפֿירט די מיזינקע, שולאַמיסן, אין קינדער־גאָרטן און זי איבערגעגעבן אין די הענט פֿון איר דערציִערן, זלאַטקען, אַרויסבאַגלייט די עלטערע — זעלדען און מאַניען — אין שול, צוגעגרייט דעם מיטיק פֿאַר אַלעמען, האָט זי זיך אוועקגעלאָזט צו איר שטוב, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל און גענומען קאַלכן די ווענט, אַרויסטראָגן דאָס מיסט. איר האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אַריבערפֿאָרן צו זיך אין שטוב, זי זאָל זיך דערפֿילן אַזוי ווי דאָרטן, אין פּאָדאָליע...

דאָווידן און שויעלן האָט זי ניט געלאָזט רוען. זאָלן זיי זען וואָס גיכער דעקן דעם דאַך, ווײַל דער זומער האָט דאָ אַזאַ טעווע: ער פֿליט אָן אָפּשטעל, און אָט וועט זיך אַרײַנרוקן דער האַרבסט מיט זײַנע רעגנס, וועט די גאַנצע אַרבעט באַ דער שטוב אַוועקגיין מיטן ווינט. ווען עס וועט שוין זײַן דער דאַך אויפֿן אָרט, וועט זי, פּעסיע, אינווייניק, אין שטוב, שוין יאַקאָס אַליין זיך ספּראַווען, און מע וועט זיך צוביסלעך קענען אַריבערקלײַבן אַהין.

און דער האַרבסט איז אָנגעקומען. נאָר עפּעס אַ מאָדנע זאַך! דער האַרבסט האָט זיך דאָ ווייניק וואָס אונטערשיידט פֿונעם זומער. פּונקט אַזוי וואַרעם, גינגאָלדענע פֿאַרטאָגן און וווּנדערלעכע פֿאַרנאַכטן. דער שיינער האַרבסט האָט געבראַכט אַ גאָלדענע גערעטעניש. עס איז מאַמעש אַ שיינקײַט געווען אַרויסגיין אין מאַרק און אַ קוק טאָן, וואָס עס האָבן אַהער צוגעפֿירט די פּויערים פֿון די נאָענטע קאָזאַקישע אַלטע דערפֿער און די קאָרייער, וואָס האָבן געוווינט ניט ווײַט פֿון דער שטאָט. וווּנדערלעכע גאָרטנוואַרג, וואָס מע וואָלט געקאָנט שטעלן פֿאַרן קייסער! זינט זי לעבט, פּעסיע, האָט זי נאָך אַזאַ רײַכקײַט ניט געזען, און עס האָט זיך געוואָלט איר דערלעבן ביזן נײַעם פֿרילינג, זי זאָל קאָנען אָט דאָס אַלץ פֿאַרזעצן אויף איר שטיקל ערד און האָבן אייגענע פּרוכטן און אויבסן.

דאָוויד מיט זײַנע כעוורע זײַנען אַראָפּגעקומען אין אַ שיינעם זונטיק־טאָג און גענומען דעקן דעם דאַך מיט בלעך. זעליק כייפֿעץ, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ניט נאָר אַן עמעסער גלעזער, נאָר אויך אַ בלעכער. ער האָט אויך געהאָלפֿן דעקן דעם דאַך. די אַרבעט האָט מאַמעש געברענט באַ זיי אונטער די הענט, און מע איז ניט אַראָפּגעקראָכן, ביז מע האָט ניט צוגעפּאַסט די רינוועס.

דעם צווייטן טאָג, נאָך דער אַרבעט, האָט כייפֿעץ אָנגעגלעזט די טאָפֿליעס, און איצט איז שוין געבליבן ניט קיין סך — פֿאַרענדיקן קאַלכן די ווענט, די סטעליעס, אויספּרווון די הרובעס. עס איז געקומען אַ גאַנצע כאָפּטע שכיינעס — פּרויען. מע האָט פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, און גענומען וואַשן און רייניקן די הילצערנע דילן.

עס איז אַוועק ניט קיין סך טעג, און מע האָט פֿריילעך אָפּגעפּראַוועט כאַנוקאַס־האַבאַיִס, און פּעסיע האָט זיך דערפֿילט, ווי אין אַ גאַניידן.

ווער איז איצט געווען צו איר גלײַך!

יאָ, טאַקע עמעס. אויב עס טרעפֿן ניסים אויף דער וועלט, איז צווישן זיי קאָן מען פֿאַררעכענען פֿאַרן ערשטן נעס דאָס, וואָס פּעסיע האָט זיך פֿאַרליבט אין איר נײַער היים.

נאָר איין זאַך האָט זי שטאַרק גענומען דאָ קימערן און זי האָט באַשטימט, אַז אויב דאָס וועט זיך איר אײַנגעבן דורכפירן, וועט שוין זײַן אײַנגאַנצן גוט און זי וועט שוין מער צו גאָט און צו לײַטן קיין טײַנעס ניט האָבן.

שוין וויפֿל צײַט האָט זי געמאַטערט דער געדאַנק, אַז דאָרטן, אין מאָסקווע, ווײַנט איר טאָכטער ליזע מיט איר קינד, און קיינער קאָן איר מיט גאָרנישט ניט העלפֿן.

עפּשער וואָלט געווען אַ פּלאַן, זי זאָל אויך אַריבערפֿאָרן אַהער און מע וועט יאַקאָס לעבן צוזאַמען, וועט פּאָרט זײַן גרינגער? ליזע איז נאָך יונג, שיין, ווי די וועלט, און זי וואָלט נאָך עפּשער געקאָנט אײַנאָרדענען איר פּערזענלעך לעבן? אַזוי פֿרי איז זי געבליבן אַן אַלמאָנע, אַ סאָלדאַטקע! און די יאָרן גייען, דאָס לעבן שטייט ניט אויף איין אָרט. ליזע אַרבעט דאָרטן אַ סאַך. זי דאַרף אויסכאָווען דאָס קינד און, זעט אויס, האָט ניט קיין צײַט זיך אַרומקוקן, זיך באַגעגענען מיט מענטשן. אַרבעט איז אויך דאָ פֿאַראַן איבערן קאָפּ. גוטע מענטשן אויף יעדן שריט און טריט. אַ דאַנק איבערן קאָפּ האָט זי שוין, דאַנקען גאָט, און וועט קענען דאָ לעבן און ניט זײַן עלנט, ווי דאָרטן. און עפּשער וועט זי געפֿינען איר גליק? ווען עס איז אַהער אַרײַנגעפֿאָרן דער ווינטער מיט זײַנע זאַווערוכעס און שנייען, און צײַט פֿרײַע איז געווען מער, ווי פֿריִער, האָט פּעסיע אַוועקגעשיקט דער טאָכטערקע אַ בריוו, וווּ זי האָט איר אויסגעלייגט אַלע אירע גוטע געדאַנקען און געענדיקט דערמיט, אַז ליזע דאַרף לאַנג ניט טראַכטן און זאָל זי נעמען דאָס קינד, דאָס ביסל באַלעבאַטישקײַט און קומען אַהער, ווײַל זי לעבט דאָרטן, ווי אַן אָפּגעהאַקטע צווײַג פֿון איר שטאַם און האָט ניט, ווער עס זאָל אויף איר אַ קוק טאָן, מיט עפּעס־וואָס העלפֿן...

און נאָך האָט די מאַמע איר געשריבן, אַז מאָסקווע איז טאַקע אַ גרויסע און אַ שיינע שטאָט מיט גרויסע מויערן, פּאַלאַצן, ברייטע גאַסן און שיינע פּלעצער, און בײַס אַ רעגן קאָן מען דאָרטן גיין אָן קאַלאָשן, ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט ביראָבידזשאַן, וואָס מע בויט ערשט, נאָר נישקאָשע, דאָ איז אַ גאָלדענער קאַנט, און אויף דער ערד וואַקסט, וואָס אַ מויל רעדט אויס. די שטאָט בויט זיך גאַנץ שנעל, און עס וועט אַוועק אַ ביסל יאָרן, וועט מען די שטאָט ניט דערקענען. דער עיקר איז דאָס, וואָס דער דאָזיקער קאַנט ציט צו צו זיך, ווי אַ מאַגנעט, עס זײַנען זיך אַהער צונויפֿגעפֿאָרן גוטע, האַרציקע מענטשן און מע האַלט נאָך אין איין פֿאָרן אַהער, ווײַל דאָס בויט מען ניט בלויז אַ שטאָט, ייִשוּבֿים, קאָלכאָזן — דאָ בויט זיך אַ ייִדישע געגנט! אויף יעדן טריט און שריט הערט מען דאָ מאַמעלאָשן, מע זינגט ייִדישע לידער, עס שפּילט אַ ייִדישער טעאַטער און דערצו נאָך אַרבעטן מענטשן בעקאָוועד־גאָדל. און טאַקע, פֿאַרוואָס זאָל ליזע מיט איר קינד ניט וווינען לעבן דער באָבען, לעבן זיידן?

איז, דאַכט זיך, גוט? פּעסיע האָט אַרויסגעשריבן אַלץ פֿון טיפֿן האַרצן, אַלץ דערקלערט, באַשריבן פּינקטלעך, מיט אַלע פּישטשעווקעס, וואָס דאָ קומט פֿאָר, אַז פֿון אַ גאַניידן איז דאָס נאָך זייער ווײַט, אַז דאָ איז נאָך גאַנץ שווער, וואָס מע הייבט ערשט אָן בויען. דער קלימאַט — פֿריִלינג, זומער און אַ שטיק האַרבסט איז דאָ מעכײַעדיק, ניט ערגער, ווי הינטער מאָסקווע, צי אויף פּאָדאָליע און אַפֿילע, ווי מענטשן גיבן איבער, אין קרים, אין קאַווקאַז... עמעס, אָפּטלעך דערקיטשען דאָ די רעגנס, עס פֿאַרשאַפֿן ניט ווייניק צאָרעס די קאָמאַרן, בייזע פֿליגלעך, נאָר מע גיט זיך אויך מיט זיי אַן אייצע, עס איז ניט געפֿערלעך, ניט קיין גרויסע סאַקאָנע. ווען ליזע טוט אַ קוק, וויִאַזוי עס וואַקסן דאָ גוט פּרוכטן, גרינוואַרג... ווען זי איז אַ בעריע און פֿאַרזוכט די היגע וואַסער, דער עיקר יענע, וואָס מע שעפּט פֿון די קוואַלן אין דער טײַגע, ווען זי פֿאַרזוכט די גרויסאַרטיקע פֿיש פֿון דער בירע, פֿון בידזשאַן, פֿונעם אַמור, ווען זי גייט אַוועק אין דער טײַגע נאָך אַ רעגן און נעמט צונויף אַ פּאָר קאָשעקעס ווײַסע שוואָמען, וואָלט זי זיך גאָר מעכײַע געווען. הײַנט ווען זי פּאָרט זיך דורך אין קולדור, ווו עס שלאָגן הייסע קוואַלן, וועלכע היילן פֿון אַלע כאַלאַסן, וואָלט זי געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש, מע דאַרף צו קיין דאָקטער ניט אָנקומען...

איז, דאַכט זיך, גוט?

נאָר ניין, לאָזט זיך אויס, אַז עס איז נאָך ניט שטאַרק גוט!

עס גייט אַוועק אַ לאַנג שטיקל צײַט, און ניטאָ קיין ענטפֿער פֿון ליזען! עפּעס שווײַגט זי, די מאַמזיירעס! וואָס זשע קאָן דאָס באַטײַטן? צי עפּשער האָט זי ניט באַקומען איר בריוו? עפּשער האָט זי זיך באַליידיקט אויף דער מאַמען, זיך אָנגעבלאָזן?

לאָזט זיך אויס, אַז זי האָט זיך, כאָלילע, אויף דער מאַמען ניט באַליידיקט. די בריוו האָט זי באַקומען. אַלץ איז איר איצט קלאָר, וויִאַזוי די מאַמע, דער טאַטע מיט די קינדער האָבן זיך שוין אײַנגעאָרדנט, נאָר וואָס שײַעך, אַז זי, ליזע, מיטן קינד זאָל אַריבערפֿאָרן צו זיי, קאָן עס ניט זײַן. און צוליב זייער אַ וויכטיקער סיבע.

אין וואָס זשע באַשטייט די סיבע? וואָס איז דען ביכלער פֿון אַ מאַמע, אַ טאַטע, אַ ברודער, דרײַ שוועסטערלעך?

לאָזט זיך אויס, אַז באַ הײַנטיקע צײַטן איז פֿאַראַן ביכלערס דערפֿון.

ליזע האָט אַף איר וועג באַגעגנט זייער א טײַערן פֿאַרשוין, עמעס, א מענטשן אין די יאָרן, נאָר א האַרציקן און קלוגן. דער מענטש איז א פּראָפֿעסאָר. א גאַנץ באַוווּסטער מענטש אין שטאָט. צוריק מיט עטלעכע יאָר איז בא אים אַוועקגעשטאָרבן דאָס ווײַב. אויך געווען א פּראָפֿעסאָר. איז ער געבליבן עלנט, ווי א שטיין.

צו ליזען איז ער, דער פּראָפֿעסאָר, צוגעוואַקסן געוואָרן און פֿון איר העכער א יאָר צײַט קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן אַרײַנגיין צו איר, צו ליזען, אין שטוב. און ניט בלויז איז ער צו איר, צו ליזען, צוגעוואַקסן געוואָרן מיט דער גאַנצער נעשאָמע, נאָר אויך צום קינד. האַקיצער, א וואָרט אַהער, א וואָרט אַהין, מע האָט אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער, אין מוזיי. בייס א גרויסן יאָמטעוו, איז מען געווען צוזאַמען. און כאָטש ליזע איז ווײַט, ווי באַוווּסט, פֿון א פּראָפֿעסאָר, זי קאָן נאָר גוט דרוקן אַף א מאַשינקע, האָט דער פּראָפֿעסאָר איר דאָך געשווירן, אַז ער איז אין איר, אין ליזען, פֿאַרליבט, ווי א יונג ייִנגל. א לענגערע צײַט האָט ליזע ניט געוואָלט אים הערן, זיך באַמיט אים אָפּשטויסן פֿון זיך, ווײַל דאָס איז ניט פֿאַר איר, פֿאַר ליזען, קיין זיוועג.

און וואָס דאַרף מען א סאַך זאָכן? עס איז דורך א געוויסע צײַט, און ליזע האָט געזען, אַז דער דאָזיקער מענטש מיינט עס ערנסט, אַז ער איז טאַקע פֿאַרליבט, האָט מען זיך געגעבן דאָס וואָרט און מע איז זיך צונויפֿגעגאַנגען.

דערהערט די זאַך, איז די מאַמע געבליבן זיצן אָן לאָשן. הערט נאָר, ווי ליזע פֿליט אין די הויכע פֿענצטער — א פּראָפֿעסאָר האָט זיך צו איר צוגעשאַרט! נאָר דאָס גייט איר אָפּ! אין דער מישפּאָכע איז ניטאָ ניט דאָס, וואָס א פּראָפֿעסאָר, נאָר אַפֿילע קיין שטיקל פֿעלדשער, פּראָסטע כּײַוועקײַעמס. איז וואָס זשע איז איר אָנגעגאַן נעמען אין שטוב א פּראָפֿעסאָר? וואָס זשע וועט זיך בא איר, בא ליזען, באַקומען? וועגן וואָס וועט זי מיט אים ריידן, אַז דאָס איז אַזאַ גרויסער מענטש, א פּראָפֿעסאָר, און זי האָט קיין גימנאַזיעס און קיין אינסטיטוטן ניט געענדיקט, זי האָט אַפֿילע קיין שול ניט געענדיקט, ווײַל זייער פֿרי האָט זי זיך אײַנגעליבט אין א לייטענאַנט און זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי זי איז געבליבן אַן אַלמאָנע, און זיך געמוטשעט מיטן קינד, ווי אַפֿן טויט...

קורץ געריידט, באַקומען דאָס שיינע בריוול פֿון דער טאָכטער, האָט פּעסיע זיך גוט אָנגעוויינט, זיך אַוועקגעזעצט און איר אָנגעשריבן דאָס, וואָס בא איר אַפֿן האַרצן. און דאָך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און צום סאָף פֿונעם בריוול געבעטן, אַז ליזע זאָל איר אָנשרײַבן, וואָס פֿאַר א פּראָפֿעסאָר איז איר נײַער באַשערטער — פֿון אויגנווייטיק, ציינווייטיק, בויכווייטיק, ווײַל אויב עס וועט אויסקומען, עמעצער פֿון די באַקאַנטע וועט קראַנק ווערן, וועט ער עפּשער קאָנען העלפֿן, דער פּראָפֿעסאָר? האָט ליזע געענטפֿערט, אַז ער איז, דאַנקען גאָט, ניט אַף אויגנווייטיק, בויכווייטיק, ציינווייטיק, און מיט דער מעדיצין בּיכלאַל האָט ער ניט קיין שײַכעס. ער איז א פּראָפֿעסאָר בא דער אײַזנבאַן... אַז מע בויט די וועגן, רופֿט מען אים, און ער איז אין דער אײַזנבאַן א גרויסער ווייסער. אָן אים, הייסט עס, שטעלט מען זיך ניט בויען קיין איין אײַזנבאַן־ליניע אין דער מיניסטערסטווע...

„מײַנע גליקן! — האָט זיך געערגערט פּעסיע, — כּײַ וואָלט ער בעסער געווען א פּראָפֿעסאָר פֿון מעדיצין, וואָלט ער געקאָנט אַמאָל היילן אירע באַקאַנטע אָדער קרוויווים... וואָס איז איר אָפּגעגאַן א פּראָפֿעסאָר פֿון דער אײַזנבאַן? אַז מע עסט כאַזער, זאָגט מען, זאָל כאָטש רינען איבער דער באָרד... אַז מע געפֿינט זיך א פּראָפֿעסאָר, טאָ זאָל ער קענען היילן מענטשן...

נאָר וואָס האָט פּעסיע געקאָנט מאַכן? די קינדער פֿרעגן דען אַן אייצע בא דער מאַמען?

איינס האָט פּעסיע פֿאַרשטאַנען, אַז ליזע איז אַן אָפּגעשניטענע צווײַג פֿון איר לעבן. האָבן אַזאַ געהויבענעם מאַן א פּראָפֿעסאָר, וועט אים געוויס ניט אָנשטיין אַראָפּפֿאָרן אַהער צוגאַסט, זיך באַקענען מיט שווער און שוויגער, מיט די קרוויווים. זי, פּעסיע, און שויעל וועלן אַוואַדע און אַוואַדע אַהין ניט פֿאָרן צוגאַסט, ווײַל וויפֿל מע קען זיך, האָט מען נאָך ניט געהאַט צו טאָן מיט פּראָפֿעסאָרן.

אָט וואָס עס הייסט, אַז א קינד רײַסט זיך אָפּ פֿונעם טאַטע־מאַמעס וואָרצל, א פֿייגעלע פֿליט אַרויס פֿון דער אייגענער נעסט און לאָזט זיך פֿליִען איבער דער וועלט. ניט אומזיסט זאָגן מענטשן, אַז דאָס בעסטע איז — א זון! א זון איז אין שטוב, און די פֿאַמיליע בלײַבט די זעלבע, א טאָכטער — איז פֿון דער שטוב. זי בײַט אַפֿילע איר פֿאַמיליע, און גיי ווייס, אַף וועמען דו האָסט אַזויפֿיל געהאָרעוועט, אָפּגעגעבן א שטיק פֿון דײַן לעבן.

געזונט און שטאַרק זאָל זײַן איר דאָווידקע! טאַקע א גליק, וואָס זי איז באַנאַנד מיט אים, וואָס ער איז אַזוי איבערגעגעבן די עלטערן, דער מאַמען.

דאַכט זיך, אַז ער וועט אַזעלכע נאַרישקײַטן, ווי די שוועסטער, ניט טאָן!

(פֿאָרזעצונג קומט)

## מאָטשע פענס

# טשערנאָביל

(פּאָעמע)

«...только правда очищает,
она открывает путь в будущее».
*(Газета «Правда», 20 февраля 1987 г.)*

„דער מענטשלעכער פאָרשריט איז פול מיט געפאַר:
מיר צאָלן, און אָפטמאָל צופיל,
פאַר יעדן טראָט — דעם געהיימען פאַר
זײַן מאַיעסטעט דעם צופאַל.

ווען ס׳מאכט זיך שוין יאָ, אז מע כאַפּט דאָס
געווינס
און יאָמטעוודיק ווערט דער אוילעם,
קאָנען די פאָלגן ניט זען אַף געוויס
אפילע כאַכאָמים און גדוילים...״

אזוי כ׳האָב געטראכט... מיט אזא געדאנק
געוואָלט כ׳האָב דעם אומגליק באַנעמען,
נאָר הונדערט „פאַרוואָסן״ האָבן מיך, ווי א שלאַנג,
גענומען אין זייערע קלעמען.

ס׳איז יעדער „פאַרוואָס?״ — ווי פון ייִעש א
גוואלד.
איך קוק אומבאהאָלפן אין הימל.
ווער עפּשער א דורכלויכט, א צווישן, א שפּאַלט
זיך עפענען דאָרט אין געווימל,

און עמעץ אַף מײַן פילגעפלאָגטן „פאַרוואָס?״
באַווייַזן מיר ווער כאָטש א רעמעז, —
אז איך זאָל מיט ווייטיק און מיט פּאַרדראָס
אליין זיך דערגראָבן צום עמעס?..

און דאן האָט געטאָן אין די אויגן א בלענד.
„דו רופסט מיך? — דערהער איך מיט ציטער. —
דײַן אומרו אין האַרצן איך האָב דאָך צעברענט,
איך, „פרידלעכער״ אטאָם־שפּליטער.

געדענקסט?
האָסט מיט פרייַלעכן העפקער אמאָל
דעם אטאָם מיט פערזן באַזונגען.
יאָ, זאָרגלאָזער העפקער...
א שרעקלעכע ראָל
מיך אָפּשפּילן האָט ער געצוווּנגען...״

מע קאָן דען פאַרגעסן?
מיר האָבן געטרוימט
די קראַפט נוקלעארע באַזאָטלען.
מע האָט זי באַהערשט!
און מיר האָבן געשטוינט!

און געזונגען כ׳האָב:
„וויל מען, איז — האָט מען!״

יאָ, האַפּערדיק זאָרגלאָז געווען איז מײַן ליד.
אין פולן פאַרנעם פון די לונגען
איך האָב מיט א פייגלשן פרייַען געמיט
מײַן „ברודערקע־אטאָם״ באַזונגען:

„מיר האָבן צעשפּליטערט, צעקלאַפּט, ווי א ניסל,
דעם אטאָם, געטאָן אים אין קעפּל א שנעל.
מיר וועלן פון קויעך פון זײַנעם געניסן.
ער יאָגט אין די דראָטן האָכנאָעדיק־שנעל.

ער דרייט די ווערקשטעלן און בליצט אין די
לעמפּלעך.
ער שטייט אַף דער וואכטע טאָג־אויס און טאָג־אײַן,
און די עלעקטראָנען — געהאָרכזאמע שפּעלעך —
צו אונדז, ווי מעשאָרסים, זיי קומען אַרײַן...

אזוי אלע קרעפטן מיר וועלן באַזיגן!
אַף אונדזער גענאָד גיט זיך אַפּ די נאַטור.
און איך וועל דעם מענטשן דעם הערשער
באַזינגען,
איך, זײַן באַגײַסטערטער טרובאַדור!...״

און ווידער דער שפּליטער זיך ווענדעט צו מיר,
אַף מײַנע „פאַרוואָסן״ ער ענטפערט גערן.
כאָטש שרעקלעך איז קומען מיט אים אין באַריר,
נאָר אלץ, וואָס איך הער, איז פון עמעס דער קערן:

„דער פרידלעכער״ אטאָם — ער איז ניט קיין שאָף.
ער איז הינטערלעסטיק־געפערלעך.

מע דאַרף אים באַנעמען פון אַלף ביז טאָף,
קעדיי ער זאָל דינען אונדז ערלעך.

דער עמעס איז גרויזאַם, ווי יענער סאַליוט
אין שטילשווייַגן איבער די קוואָרים...
דער עמעס איז ליכטיק, ווי דרייסטקייַט און מוט,
און שטאַרק איז ער אויך אין א צאָרע.

טשערנאָבילער העלדן...
זיי האָבן דערהערט,
ווי ס'האָט זיך פאַרשוועריקט באַם הימלאַנד
דעם אָטעם.
באַקומען זיי האָבן די ביטערע רעכט
די ערשטע צו זייַן אין געפעכט מיטן אַטאָם.

זיי זייַנען געווען פול מיט לעבן און לוסט,
מיט הערצער, געפּרוּווטע אין פלאַמען און שנייען.
ניט ערגער פון יעדן זיי האָבן געוווּסט,
ווי ניט גלייַך די שלאַכט איז, אַף וועלכער זיי
גייען.

זיי האָבן גענומען דאָס פייַער אַף זיך,
ווי אַלעמאָל העלדן אין שווערסטע געראַנגלען.
אַנטקעגן געפאַר פון דעם הארצן געפירט,
אַזוי ווי מאַטראָסאָוו זיי זייַנען געגאַנגען.

דער העמשעך — ער שייַנט אין אַזעלכע, ווי זיי,
דער העמשעך פון העלדנמוט ניט פאַרלאָרן.
נאָר טרויעריק איז זי, די גאָלדענע ריי
פון העלדן־מאַרטירער אין אונדזער זיקאָרן.

קעדיי עס זאָל טרויער ניט זייַן אין מייַן הויז,
קיין אומגליק זאָל מער שוין דאָס לאַנד ניט
פאַרשוואַרצן, —
געלערנטע! כעזשבנט די פאָרמולעס אויס
ניט בלויז מיטן מויעך, נאָר אויך מיטן הארצן.

עס קלאַפּט אינעם הארצן דאָס הייליקע אש
און רייניקט מיך אָפּ פון מעליצע און גייַווע, —
פון אַלטן, מיט שימל באַדעקטן באַגאַזש,
וואָס שטערט מיר דעם עמעס אַלזײַטיק באַגרייַפן.

כ'בין זיכער געווען, אַז מייַן צוקונפט איז העל,
באַוואָרנט מיט זיגן און ליכטיקע פריידן.
כ'בין דעמלט געווען פונעם שעקער פאַרשטעלט,
געוואָלט האָט ער מיך מיט דער צוקונפט צעשיידן.

כ'האָב יעדערן, ווער ס'האָט געלאָזט זיך אַף קרום,
פאַרזיכערט, אַז אַלץ גייט אין לעבן קעשורע,
און וועגן די שטרייַטן, וואָס ווירבלען אַרום,
געשטומט, ווי א פיש, האָט מייַן ליכטיקע שורע.

געטריפט האָבן ווערטער אָן פייַער און פלאַם,
ווי טראָפנדלעך איבער די שטוביקע שויבן.
בלויז איצט כ'האָב דערפילט זייער ביטערן טאַם
און כ'רייניק זיי אָפּ מיט מייַן מענטשלעכן גלויבן.

איך האָב א פאַרווייַלונג, א שפילכל געמאַכט
פון דעם, וואָס ווערט איינמאָל ניט מערער געגעבן.
אין זאָרגלאָזן שווימען איך האָב ניט געטראַכט,
ווי גרינג איז פאַרשפילן דאָס איינציקע לעבן.

מיט בושע איך זע, אַז געלעבט כ'האָב אַף באָרג,
די כוואַליעס אַלץ וואַקסן און וואַקסן און וואַקסן.
ווייַל עמעץ גענומען אַף זיך האָט מייַן זאָרג
און האָט ניט געשוינט מייַנע קנאָכיקע אַקסל...

און ס'גאַנוועט פאַמעלעך אַרייַן זיך א קלאָל
אין זייַנען דעם שוואַכן און איבערגעקערטן,
אַז בלויז די קאַריערע, דער קאַפּיטאַל,
זייַנען אין לעבן די העכסטע ווערטן.

פאַר לוקסוס און פראַכט גייט מען מאַמעש אין
שלאַכט
מיט פרעכקייַט און אויכעט מיט אויספאַלן ווילדע.
מע האָט דעם געוויסן מעוואַטל געמאַכט,
די ערע, דעם סייכל, די מענטשלעכע ווירדע.

און איך האָב אָן צווייפל א כיילעק אין דעם,
וואָס מעגלעך אַזוינס צווישן אונדז איז געוואָרן.
מייַן שולד איך באַנעם אין איר פולן פאַרנעם
און זאָג עס אַצינדער מיט ביטערן צאָרן,

ווייַל ס'קלאַפּט אינעם הארצן דאָס הייליקע אש
פון די, וואָס אין אומגליק, אין אַטאָם־געוויכער
זיי האָבן מיט זייערע לעבנס, אָן ראַש,
מייַן לייַכטזין פון ערגערס, פון שרעקלעכס
פאַרזיכערט.

געוועזן ביסט, טשערנאָביל, פאַר מיר בלויז א פונקט
אַף דער געאָגראַפישער מאַפּע.
געוואָרן ביסטו אין מייַן הארצן א פונק
פון פייַער, וואָס ניט צו פאַרכאַפּן.

דו ווייטיקסט, טשערנאָביל, ניט ערגעץ ווייַט,
עס האָט ניט קיין זין דער מעהאַלעך.
מיט אויסהיילונג דייַנער הייַנט ווער איך באַנייַט,
מיט יעדן דייַן קאָרבן פאַל איך...

קיין פרעמדע צאָרעס ניטאָ, ניט פאַראַן,
און יענע, וואָס ווילן ניט הערן,
ווי שווער דעם פאָלק גיט זיך יעדער שפּאַן —
אַליין קאָנען אָפּגענאַרט ווערן.

ווו ערגעץ א דונער, ווו ערגעץ א בליץ —
עס דונערט און בליצט אין מייַן וועזן.
מיט יענע מאַרטירער אין טויטפולער היץ,
אין פערטן בלאָק כ'בין געווען...

געווען ביסט, טשערנאָביל, פאַר מיר בלויז א פּונקט
אַף דער געאָגראַפישער מאַפּע.
געוואָרן ביסטו אין מײַן הארצן א פּונק
פון פײַער, וואָס ניט צו פארכאַפּן.

דו ראַטעווע, מאמע, מיך פון דערשרעק,
דאָס צווייטע מאָל פאלן אין פײַער.
פאַרוואָס דאַרף די מענטשהײַט אין הימל אוועק
מיט גרויליקן אירן צושטײַער?

אָ, גיריקע בריִעס!.. זיי האָבן א האנט
אין דעם, וואָס די וועלט איז צעשפּליטערט.
זיי זוכן די נוצן אין דעם, וואָס איין לאנד
אַפן צווייטן פארמעסט זיך פאַרביטערט.

צעשפּליטערן יעדן! צעשפּליטערן אַלץ!
דעם יאָדער פון מענטשלעכקײַט? ביטע!
פאַרנונפט און זיקאָרן? נעשאָמע און האַרץ?
געשיכטע און וועלט? צו דער שכיטע!..

אָט שטיי איך אַליין פאַר מײַן לעבן א מידער,
ערשט עפּעס געטאָן האָט א שוועב...
איך קוק זיך ארום: ניטאָ איז דער שפּליטער.
מײַן אייניקל שטייט אַף דער שוועל.

אך, אייניקל מײַנס, מײַן שוועלבעלע זיס,
דו טו מיר א קוק אין די אויגן.
צי דען אַף דער ערד ביסט געקומען אומזיסט?
אומזיסט מאמעס מילך געזויגן?

צי דען איז דער גוירל געפאלן אַף דיר
פאַר דער אוראַלטער שלאַנגס יעיצערהאָרע,
און פרווון אומעגלעך איז, כאָטש קלאַפּיר,
אויסלייזן דיך פון דער צאָרע?

צי דען האָט די ערד מיליארדן יאָר
פון אַלעס געקאָנט זיך רעטן —
בלויז צוליב דעם, אז די היינטיקע וואָר
דײַן קעפּעלע קליינס זאָל פלעטן?

צי דען דעם פּראָגרעס האָט דער רועך געשטעפּט,
געדרייט דאָס טײַוולאָנישע הענטל,
און צענדליקער דוירעס האָבן געוועבט
פאַר דיר בלויז א מיסע-העמדל?

צי דען אַף א פּלאַץ, וואָס איז נאַקעט און פּוסט,
פארהילט אין א גרויל א קאַלטן,
וועסטו ניט געפינען קיין לײַבלעכע ברוסט,
וואָס זאָל דיר פון אומקום באַהאַלטן?

מיט מײַנע ליפּן זיך ווענדן צו דיר
אויך דײַנע פארגאנגענע אָוועס.
זיי שטעלן זיך אויס אין א ריי אָן א שיר,
און רעדן דורך מײַנע מאכשאָוועס:

דער עמעס איז גרויזאַם, ווי יענער סאַליוט
און שטילשווײַגן איבער די קוואָרים...
דער עמעס איז ליכטיק, ווי דרייסטקײַט און מוט,
און שטאַרק איז ער אויך אין א צאָרע.

• • •

## נײַע דערציילונגען

# דער אַלטער ברונעם אונטערן אַלטן נוסנבוים

מאַראַזשענע. נאָר דאָס וואָרט אַליין (אַפילע אָן דעם, איך זאָל די מאַראַזשענע פאַרזוכן, זי אַ לעק טאָן, דערפילנדיק באַלד מיט דער צונג דעם זיסן ברײַ) פלעגט זיך מעכײַעדיק צעשמעלצן אין מויל און טרײַבן די סלינע. אַזאַ באַטאַמט פוטער־שאָקאָלאַדנע וואָרט „מאַראַזשענע״ — עס צעגייט זיך אין יעדן אייווער.

און כאָטש דאָס געשמאַקע וואָרט איז מיר שטענדיק געלעגן אויף דער צונג, איז עס, ווי אַפּצו־לאָכעס, פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אַן אַנדער וואָרט — אַנגינע. אָט דאָס פּריקרע־ביטערע וואָרט, וואָס האָט געהאַט אַן אײַנגעשטאַנענעם אַפּטייק־רייעך, איז בעפּייִרעש אויך טאָמיד געלעגן אויף דער צונג, נאָר שוין ניט בײַ מיר — בײַ מײַן מאַמען.

— מאַמע, כ׳וויל מאַראַזשענע...

— מער גאָרניט! האָסט ערשט געהאַט אַזאַ שווערע אַנגינע!

יאָ, די צוויי הייפעכדיקע ווערטער האָבן זיך געפּאָרט צווישן זיך, ווי יענע נײַע שטיוועלעך: דאָס רעכטע שטיוועלע איז אַקוראַט אויף מײַן פיסל — גיי, און שפּרינג, און לויף. דאָס לינקע — קוועטשט מיר אָבער אַזוי אָן, איך קאָן קיין שפּאַן ניט מאַכן. כ׳מוז די גאַנצע צײַט אונטערבייגן די פינגער.

איינמאָל, גראַדע אינמיטן זומער, ליג איך אין מײַן בעטעלע — דער האַלדז איז מיר אַרומגע־וויקלט מיט דער מאַמעס וואָלענער פאַטשיילע, וואָס האָט צוויי גרויסע מײַלעס: זי ווארעמט, ווי אַ גוט אָנגעהייצטע הרובע, און בײַסט, ווי אַ מאַכנע אויסגעהונגערטע מוראַשקעס, — און די מאַמע דערלאַנגט מיר אויף אַ טעלערל אַ וואַפליע־גלעזעלע. פאַרשטייט זיך, ניט קיין לײדיקס. דאָס האַרץ האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן: פּונקט אין אַזעלכע וואַפליע־גלעזעלעך פאַרקויפט מען מאַראַזשענע.

בײַ דער דיקלעכער פרוי אין אַ ווײַסן אָנגעקראָכמאַליעטן פאַרטעך מיט צוויי רויטע בעקעלעך אויפן קײַלעכיקן פּאָנעם, וואָס האַנדלט מיט מאַראַזשענע אין אַ קליין פאַניער־שטיבל, ענלעכס אויף אַ שטאַרנשלאַק, זײַנען די ליידיקע וואַפליע־גלעזעלעך אויסגעלייגט אויף אַ פּאָליצע שורעסווײַז — אַ גלעזעלע אין אַ גלעזעלע. מיט אַ לעפל פילט די פרוי אָן דאָס וואַפליע־גלעזעלע מיט מאַראַזשענע, שטעלט עס אַוועק אויף דער רעכטער שאָל פון דער וואָג און, וואַרפנדיק יעדעס מאָל קאָסע בליקן אויפן טאַנצנדיקן ווײַזער, הייבט זי ערשט אָן מיטן לעפל אָפּצופּן פון דער פּאָרציע שטיקלעך מאַראַ־זשענע. איך שטיי בײַם פירעקיקן פענצטערל פון דער אַנדערער זײַט וואָג און האַלט זיך קוים אײַן: שוין! גענוג אַזויפיל צופּן! ס׳וועט מיר דאָך גאָרנישט ניט בלײַבן!..

מיט היספּײַלעס, נאָר מיט אַ טראָפּנדל כשאַד, קוק איך אויף דער מאַמען.

— וואָס איז דאָס?

— אַנו, טרעף! ס׳איז דאָס, וואָס דו האָסט אַזוי ליב.

איך בין שוין גרייט געווען אויסשרײַען: „הוראַ, מאַראַזשענע!״ — די אַנגינע מײַנע האָט מיר אָבער באַלד געגעבן וועגן זיך צו וויסן מיט אַ שטאָך אין האַלדז.

— דאָס האָט דיר דער דאָקטער סויבל צוגעשריבן, — זאָגט ערנסט די מאַמע. — אָט די מאַ־ראַזשענע איז פאַר דיר הײַנט די בעסטע רעפוּע.

אַ גראָאווער, מיטלוווּקסיקער מענטש מיט צוויי קינדערש־ריינע אויגן — זיי נאַרן קיינמאָל ניט אָפּ און גלייבן יעדן אויפן וואָרט, — איז ער געווען אונדזער „שטוב־דאָקטער״. מ׳האָט אים יעדן טאָג געקאָנט זען אין גאַס אין זײַן אָפּגעבליאַקעוועטן דעמיסעזאָן־מאַנטל (אַמאָל איז ער, אַפּנים, געווען אַ טונקל־בלאָווער) און אין אַ פּאָר אומגעלומפּערטע קאַלאָשן, אַרופגעצויגענע אויף די שוואַרצע קאַ־מאַשן. פון אונטער דער פּאַכווע, צוגעדריקט מיטן עלנבויגן, האָט זיך אָנגעזען אַן אויסגעריבענער

עק פון א לעדערנער פּאַפּקע. אין דער פּאַפּקע איז אין קעשענקעלע געלעגן א פּעקל מיט ריינע רעצעפּטן, און פונעם אנדערן קעשענקעלע האָט ארויסגעשטעקט דאָס הילצערן רערל פון זײַן סטעטאָסקאָפּ.

איבער מײַנע אָפּטע אנגינעס איז דער דאָקטער סויבל געוואָרן בא אונדז אין שטוב א היימישער מענטש. ס'איז אים גענוג געווען אופעפענען די טיר פון דער וועראַנדע, אז איך זאָל באלד דערשמעקן, ווער ס'איז צו אונדז געקומען. איך פלעג שוין דעם דאָקטער דערקענען ניט נאָר נאָך זײַן ווייך-זינגעוודיק קאָל, נאָר אפילע נאָכן קרעכצנדיקן סקריפּ פון זײַנע אלטע קאמאשן.

באַם אָנהייב האָט זיך דער סקריפּ עטוואָס געהערט אינעם קאָרידאָר, בעשאס דער דאָקטער האָט זיך דאָרט א פּאָר רעגעס געטאָפּטשעט אָף אן אָרט, אראָפּגעשלעפּט די קאלאָשן און אויסגעטאָן דעם מאנטל. דערנאָך האָט אים דער סקריפּ באגלייט אין קיך ארײַן צום בלעכענעם וואשבעקן, ווו דער דאָקטער האָט זיך א ווײַלע פארהאלטן: אָפּגעוואשן זיך גוט די הענט מיט זייף און זיי אָפּגעווישט אין „זײַן", ספּעציעל פאר אים צוגעגרייט האנטעכל. צום סאָף, ווען דער דאָקטער סויבל איז שוין געגאנגען גלײַך צו מײַן צימער, האָט זיך מיר מיט יעדן שפּאן זײַנעם אלץ מער און מער אָנגעהויבן אויסצודאכטן, אז ניט די אלטע קאמאשן סקריפּען, נאָר עס סקריפּעט עפּעס אין מיר אליין. ניין, כ'האָב פארן דאָקטער סויבל ניט מוירע געהאט. קיין שום איניעקציעס וועט ער מיר, כאָלילע, ניט מאכן. און דאָך איז ער א דאָקטער, ווי אלע דאָקטוירים.

איך האָב שוין גוט געוווּסט, אז באלד וועט ער צוגיין צו מײַן געלעגער, זיך צוזעצן אפּן עק בעטעלע, א זאָג טאָן: „כ'זע, ייִנגעלע, דאָס העלדזעלע טוט אונדז וויי", — גלײַך ווי ניט איך אליין — מיר ביידע קריכן ניט ארויס פון די ווינסטע אנגינעס, — און דער דאָקטער וועט מיך א טאפּ טאָן באַם האלדז, עטוואָס נידעריקער פון די באקביינער מיט זײַנע ווייכע שטענדיק קאלטע פינגער. דערנאָך וועט ער נעמען בא דער מאמען דאָס זילבערנע לעפעלע, וואָס זי האָט פארכאַפּט מיט זיך פון דער קיך, און איך, ווי א קראנקער מיט סטאזש, וועלכער ווייסט שוין אפרי̆ער וואָס און ווען, וועל ברייט אופעפענען דאָס מויל, ארויסשטופּן די צונג און, ווארגנדיק זיך, ארויסקוועטשן פון זיך: א־א־א־א!

די גאנצע פּראָצעדור כאזערט זיך הײַנט אויך איבער. דער דאָקטער קוועטשט מיר אָבער אזוי שטארק צו די צונג מיטן לעפעלע צו די אונטערשטע ציין, אז דעם „א־א" שרײַ איך שוין ניט נאָר דערפאר, ווײַל איך דארף אזוי שרײַען, כ'האָב מוירע, אז אָט־אָט בײַס איך זיך אליין אָפּ די צונג.

— יאָ, — זינגט אויס דער דאָקטער, ארויסשלעפּנדיק סאָפּקאָלסאָף דאָס לעפעלע פון מײַן מויל, — מיט אזעלכע צוויי אָנגעשוואָלענע גלאנדעס איז ניט קיין בושע זיך צו בארימען.

ער גיט מיר א שויבער דעם קאָפּ און הייבט זיך אוף פונעם בעטעלע.

— נישקאָשע, ייִנגעלע, איך וועל דיר באלד צושרײַבן אזא רעפוּע, וואָס וועט דיך איינס־צוויי שטעלן אָף די פיס.

עס דערהערט זיך ווידעראמאָל דער קרעכצנדיקער געסקריפּ פון זײַנע אלטע קאמאשן, ער רירט מיך שוין אָבער ווינציק־וואָס. איצט אינטערעסירט מיך מער, וועגן וואָס שעפּטשען זיי זיך דאָרט איבער אינעם צווייטן צימער, דער דאָקטער סויבל מיט מײַן מאמען.

דער דאָקטער סויבל (שטיל, נאָר מיט א זיכערקײַט אין קאָל):

— מער אָפּלייגן טאָר מען ניט!

די מאמע (פארלוירן):

— און עפּשער...

דער דאָקטער:

— קיין שום „עפּשער"! ווי נאָר ער וועט א ביסל קומען צו־זיך, וועלן מיר אים אָנהייבן גרייטן צו אן אָפּעראציע.

...דאָס אלץ איז געשען מיט א פּאָר שאָ צוריק, און איצט דערלאנגט מיר די מאמע אָף א טעלערל דאָס וואפליע־גלעזעלע מיטן דאָקטער סויבלס רעפוּע.

— ווי דו פארשטייסט שוין אליין, — רופט די מאמע זיך אָן, — קאָן איך דיר אצינד ניט געבן קיין קאלטע מאָראָזשענע, האָב איך זי א ביסעלע דערוואָרעמט.

ווארעמע מאָראָזשענע?! דאָס ערשטע מאָל הער איך אזוינס... נאָר מיילע, כ'האָב דען אן אנדער ברייִרע? זאָל שוין זײַן ווארעמע מאָראָזשענע, אבי מאָראָזשענע!

איך נעם בא דער מאמען דאָס טעלערל און פארזוך די ניט־געווינלעכע רעפוּע. א ווײַלע זיץ איך, באלעק זיך די ליפּן. איך טראכט צו זיך אליין: אלץ, דאכט זיך, גייט זיך צונויף — דאָס־אָ איז פונקט אזוי ווײַס און זיס, ווי קאלטע מאָראָזשענע, אָבער נאָכן טאַם נאָך דערמאָנט עס א פּאָשעטע מאנע קאשע. און א מאנע קאשע קאָן איך אין מויל ניט נעמען. פון דער אנדערער זײַט, ווי קומט א מאנע קאשע צו א וואפליע־גלעזעלע? און נאָך א זאך: אויב מאָראָזשענע קאָן מען נאָך עפּשער יאָ א ביסעלע דערוואָרעמען, איז פארפרירן א מאנע קאשע... האקיצער, אהין־אהער, ווי̆אזוי כ'האָב

ניט געדרייט, האָב איך פונדעסטוועגן אויסגעדרייט, אַז דאָס איז טאַקע עמעסע מאַראַזשענע, נאָר מיט אַזאַ בײַטאַם פון אַ מאַנע קאַשע, וואָס פילט זיך עפשער עטוואָס.

בעשאַסן טראַכטן באַמערק איך אַליין ניט, ווי פונעם וואַפליע־גלעזעלע און פון דער וואַרעמער מאַראַזשענע בלײַבט ניט קיין סימען. אַ זאַטער און אַ צופרידענער, קער איך דער מאַמען אום דאָס ליידיקע טעלערל.

— אַ דאַנק, מאַמע! פאַרנאַכט וועסטו מיר ווידער געבן די זעלבע רעפוע?

— אַוואַדע, נאַרעלע, — און די מאַמע גיט זיך פלוצעם אַ צעלאַך. — ס׳זאָל דיר וואויל באַקומען!

כ׳פיל, אַז ס׳איז געקומען די רעכטע מינוט, ווען איך קאָן בעטן בא דער מאַמען וואָס איך וויל, און זי וועט מיר ניט אָפזאָגן. גיב איך אַ בעט:

— מאַמע, דערצייל מיר עפּעס וועגן דײַן שטעטעלע.

— כ׳האָב דיר שוין, דאַכט זיך, אַלץ דערציילט און ניט איין מאָל.

פונדעסטוועגן פאַריכט די מאַמע די וואָלענע פּאַטשיילע אַף מײַן האַלדז און זעצט זיך אַוועק אַנטקעגן מיר אַף אַ בענקל. זי דערציילט, און די האַנט מײַנע האַלט זי אין איר האַנט. עס דאַכט זיך, אַז די אַלע יאָרן, וואָס די מאַמע האָט פאַרבראַכט אין איר ליבן שטעטעלע, יענע ווײַטע יאָרן, ווען איך בין נאָך אַף דער וועלט ניט געווען, גייען איצט איבער פון איר האַנט אין מײַן האַנט, פון איר האַרץ צו מײַן האַרץ...

דעם עמעס געזאָגט, הער איך הײַנט דער מאַמעס דערציילן ניט מיט אַזאַ פּערכאַפּטקײַט, ווי טאָמיד. עפּעס שטערט מיר, טאַטשעט און עסט מיך פון אינווייניק. יאָ, די נײַע רעפוע וועט מיך טאַקע גיך שטעלן אַף די פיס, וואָס טוט מען אָבער מיט דער אָפּעראַציע? ניט אומזיסט האָט דער דאָקטער סויבל געזאָגט, אַז ווי נאָר איך וועל קומען צו־זיך, וועט מען מיך „אָנהייבן גרייטן צו אַן אָפּעראַציע“. און וויאַזוי, וואָלט איך געוואָלט וויסן, גרייט מען צו אַן אָפּעראַציע צו?.. כ׳שטעל זיך באַלד פאָר: מע לייגט מיך אַרײַן אין שפּיטאָל, איך בלײַב דאָרט איינער אַליין — אָן דער מאַמען און אָן דעם טאַטן — אַליין, אָן קיינעם ניט! מע מאַכט מיר יעדעס מאָל איניעקציעס, קאָלערליי אַנאַליזן, מע שטופּט אין מיר אַרײַן פּילן, מע הייסט מיר שווענקען דעם האַלדז מיט ביטערע שווענקעכצן... און קיין שום נעשאָמע האָט אַף מיר קיין ראַכמאָנעס ניט! און פּלוצעם דערמאָן איך זיך אינעם קליינעם הערשעלע. פאַראַיאָרן זומער איז ער געשטאָרבן. „אוי, הערשעלע! — האָט זיך געטראָגן פון דער שכיינעסדיקער שטוב דער מומע בריינעס האַרצרײַסנדיקע געשרייען, — אוי, מײַן קינד! ווען מע מאַכט דיר ניט עפשער קיין אָפּעראַציע, וואָלסטו געלעבט און געלעבט!“

עס באַשלאָגט מיך אַ היץ. עס ציטערט אין מיר יעדעס אָדערל. אין די שלייפן קלאַפּט דאָס בלוט, ווי עמעצער וואָלט געקלאַפּט אין אַ פאַרשפּאַרטער טיר און געשריִען: „אָפּעראַציע! אָפּעראַ־ציע־ע־ע־ע!..“ און טאָמער וועל איך אויך שטאַרבן, ווי דער קליינער הערשעלע? ניין! איך בין שוין אַ גרויסער! איך דאַרף עפּעס טאָן! וואָס ליג איך? וואָס וואַרט איך? אַנטלויפן!.. יאָ, יאָ — אַנטלויפן פון דער שטוב!.. אָט רײַס איך באַלד אַראָפּ די נימעסע פּאַטשיילע פונעם האַלדז. אָט שפּרינג איך שוין אַרויס פונעם בעטעלע. כ׳לויף אַרויס אין קיך. דערנאָך אין קאָרידאָר, אַף דער וועראַנדע, כ׳גיב אַ שטופּ די טיר, איך בין אין דרויסן. איך בין פרײַ...

סאַראַ הייסער טאָג. די זון איז געבליבן הענגען איבערן קאָפּ. איך גיי... איך גיי שוין לאַנג, און די זון רירט זיך ניט פונעם אָרט. איך באַגיס זיך מיט שווייס. דער צעגליטער שטויב אַפן וועג בראָט מיר די באָרוועסע פיס. איך גיי אַרויף אַף אַ באַרג...

אין די ערטער בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען. פאַרוואָס זשע ווייס איך גוט, אַז באַלד נאָכן באַרג וועט דער וועג פאַרקערעווען אַף לינקס? פונדערווײַטן וועט זיך ווײַזן אַ גרין שיין וועלדל, און דאָרט, הינטערן וועלדל, ווי הינטער אַ פאַרקישעפטער וואַנט, באַהאַלט זיך אַ קליין שטעטעלע... נו אַוואַדע, דאָס זײַנען די ערטער, ווו מײַן מאַמע איז געבוירן געוואָרן. איך גיי, הייסט עס, צוגאַסט צו מײַן מאַמעס שטעטעלע. איך וועל גיין איבער די שמאָלע געסלעך — איין געסל איז ענלעך אַף אַן אַנדער געסל, — זיי האָבן אַפילע קיין נעמען ניט. שטענדיק זײַנען זיי פאַרשמוציקט און פאַרמיס־טיקט, ווײַל קעדיי אויסגיסן די פּאָמאַיניצע, דאַרף אַ שטעטלדיקע בעריע ניט לויפן ווײַט. זי גיט דעם עמער אַ פּליוסקע אויס גלײַך בא דער טיר. פאַרשטייט זיך, ניט בא דער אייגענער טיר, בא דער טיר אַנטקעגן. לויפט באַלד אַרויס די שכיינע און צעפּילדערט זיך אַפן גאַנצן געסל: „שלימעזאַלניצע! שטינקערן! האָסט שוין ניט ווּהין צו גיסן דײַנע פּאָמאַיעס?! נאָר אַף מײַן שוועל!..“ רופט זיך אָן יענע, מיטן ליידיקן עמער אין דער האַנט: „הערט נאָר, ווײַבער! זי מעג יאָ שיטן מיסט הינטער מײַן פענצטער, און איך אויסגיסן אַ ריין ביסל וואַסער...“ שלאָגט זי די שכיינע איבער: „ס׳זאָל דיר שוין גיסן אַפן קאָפּ און וואַסערן אין בויך! מײַן מיסט פאַרגלײַכסט זי מיט אירע פּאָמאַיעס!“

באַם שנײַדערשן שולכל וועט מיך אַוואַדע באַגעגענען יאַנקל די קוואַטשקע — אַזוי רופט מען אים אין שטעטל, דעם קליינטשיקן האָרבאַטן באָכער מיט אַ געל שיטער בערדל און מיט אַ פאַר־שמאָלצענער יאַרמעלקע אַפן שפּיץ קאָפּ, ווי מע וואָלט זי צו דעם אָרט אַף אייביק צוגעקלעפּט.

מענטשן דערציילן, אַז מעשוגע איז ער געוואָרן איבער זײַן טאַטן, וועלכער האָט אים געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ שויכעט, און יאַנקל האָט, נעבעך, ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין בלוט. אַז יאַנקל די קוואָטשקע דערזעט עמעצן גיין, לויפֿט ער צו אים באַלד צו און הייבט אָן קוואָקען: „קאָ־אָ־קאָ־קאָ! גיב מיר אַ קאָ־אָ־פּיקע, וועל איך דיר לייגן אַן איי, קאָ־אָ־קאָ־קאָ!..“ בעשאַסן קוואָקען ציט זיך בײַ יאַנקלען אויס דער דאַרער האַלדז, די שמאָלע אַקסלען ווערן אים נאָך שמעלער, די אויגן פֿאַרשלײערן זיך מיט אַ דין מאַטאָווע הײַטעלע — טאַקע יאָ אַן עמעסע קוואָטשקע — אַ האַלאַשייקע. אַזוי וועט ער שוין קוואָקען און בעטלען, זיך ניט אָפּטשעפּען פֿון אײַך, ביז איר וועט אים ניט געבן דאָס, וואָס ער בעט. דעמלט הייבט ער ערשט אָן שפּרינגען פֿון פֿרייד און שרײַען: „איך האָב דיך אָפּגענאַרט! כ׳בין ניט קיין הון, אַ האָן בין איך, כאַ־כאַ...“ און פֿאָכנדיק מיט ביידע הענט, קרייעט יאַנקל אויס אויפֿן גאַנצן גאָרגל: „קו־קאַ־רי־קו־ו־ו!“

ווײַטער וועל איך זיך אין וועג אָפּשטעלן אַ ווײַלע לעבן בערל קאַצס פֿאַבריקמאַכערסקע. די גרויסע קרום־קײַלעכיקע אויסיעס אויף דער ווײַסער פּירעקיקער וויוועסקע האָבן זיך שוין ערטערווײַז אָפּגעקאַלופּעט, און פֿונעם גאַנצן וואָרט „פֿאַבריקמאַכערסקע“ איז, ווי אומיסטן, פֿאַרבליבן נאָר „...מאַכער...“. די היגע לייצים האָבן אַ סאַך ניט געדאַרפֿט: צוגעשטוקעוועט צו בערלס פֿאַמיליע דאָס איבערגעבליבענע אויף דער וויוועסקע, און אָט, נאַט אײַך אַ גרייטן צונאָמען: „קאַצמאַכער“. ווי דען אַנדערש — וווינען אין אַ שטעטל און ניט האָבן קיין צונעמעניש?! איז אָט, טאַקע מיט דעם בערל קאַצמאַכער איז געשען אַ געשיכטע, וואָס האָט געמאַכט אין שטעטל אַ גרויסע בעהאָלע. מ׳האָט די סוידעספּולע געשיכטע געקאָנט הערן אַ היפּשע צײַט אין יעדער שטוב, אין יעדן געסל, אין די קלייטלעך, אין מאַרק, אין באָד, אין אַלע פֿינף שולן, מיט וועלכע ס׳איז אַזוי רײַך דאָס קליינע שטעטעלע, און אַפֿילע אויפֿן בעסוילעם. זי האָט זיך אַזוי לאַנג און גיך איבערגעגעבן פֿון מויל צו מויל, אַז די אײדעס פֿונעם געשעענעם האָבן שוין אַליין געצווייפֿלט, צי ס׳איז געווען אַזוי, ווי מע דערציילט, צי אַזוי, ווי זיי האָבן עס געזען. און אָנגעהויבן האָט זיך אַלץ דערפֿון, וואָס בערל קאַצמאַכער האָט זיך אין אַ טאָג צעקריגט מיט זײַן שוטעף וועלוול לאַקש. וועלוועלע האָט טאַקע געטראָגן די פֿאַמיליע לאַקש, נאָר ניט אים ווײַזט מען אָן אויף דער טיר און ניט אים לייגט מען אַרײַן אַ פֿינגער אין מויל. „געדענק זשע, בער, — האָט וועלוול אויסגעשריִען, שוין שטייענדיק אויף דער שוועל. — אַליין ביסטו אַ קאַץ, און שוואַרצע קעצעלעך וועלן זיך דיר כאַלעמען!“ און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר. אין אַ פּאָר טעג אַרום, פֿאַרנאַכט־צו, האָבן זיך צו בערלען אין דער פֿאַבריקמאַכערסקע פּלוצעם אַרײַנגעשטעלט דרײַ מאָדנע פֿאַרשוינען, אָנגעטאָן אין ווײַסע לאַנגע בגאָדים, עלעהיי דרײַ מייסים אין טאַכריכים. די פּענעמער, אויסגעשמירט מיט סאַזשע, האָבן בײַ זיי אַזוי געבלישטשעט, ווי עס בלישטשען ניט די כאַליעוועס בײַ אַ גענעראַל. כוץ דעם מײַסטער, זײַנען אין דער פֿאַבריקמאַכערסקע געווען נאָך צוויי קליִענטן: איינער, מאָטל דער שטריקלדרייער, האָט געוואַרט, ביז ס׳וועט זיך באַפֿרײַען דער שטול. דער אַנדערער קליִענט, סראָל דער שאַמעס, איז אין דער צײַט אויף דעם שטול געזעסן. דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אויף אַהינטער, האָט ער געכאַפּט בייסן גאָלן אַ דרעמל. איין באַק האָט אים דער פֿאַבריקמאַכער שוין געהאַט אָפּגעראַזירט, די אַנדערע איז נאָך געווען פֿול אין מילינקעס. די דרײַ פֿאַרשוינען האָבן זיך בײַ בערלען לאַנג ניט פֿאַרהאַלטן — זיי האָבן גיך אַרומגערינגלט דעם ניט־טויט, ניט־לעבעדיקן פֿאַבריקמאַכער, איינער האָט בײַ אים טייקעף צוגענומען דאָס גאָלמעסערל, דער צווייטער — אַרומגעכאַפּט פֿון הינטן, ווי מע כאַפּט אַרום אַ פֿעסל מיט אַן אײַזערנער רייף, און דער דריטער האָט אָן אָן איבעריק וואָרט אויסגעוואַלגערט דאָס שמיר־בערשטעלע אינעם שאָלכל מיט זייף און אָנגעהויבן דערמיט אָנזייפֿן בערלען דעם קאָפּ. קיין גרויסע שעוועליורע האָט דער פֿאַבריקמאַכער ניט פֿאַרמאָגט, און דאָך זײַנען די שיטערע שוואַרצע האָר זײַנע אויפֿן קאָפּ שטענדיק געווען צוגעקעמט מיט אַ גלײַכן שרונט און גוט אָנגעשמירט מיט ברילִיאַנטין. בערל האָט, נעבעך, ניט באַוויזן אַ פּינטל צו טאָן מיט אַן אויג, ווי יענער, וואָס האָט בײַ אים פֿריִער אַרויסגעכאַפּט דאָס גאָלמעסערל פֿון דער האַנט, האָט איינס־צוויי אָפּגעפֿידלט בערלס שיינע פֿריזור אַזוי גלאַט און אַזוי ריין, אַז מ׳האָט שוין קיין שום ברילִיאַנטין ניט געדאַרפֿט האָבן. אין דער רעכטער מינוט, ווען דאָס שטיקל אַרבעט איז שוין געווען אָפּגעטאָן, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זײַן זיסן דרעמל דער ניט־דער־גאָלטער שאַמעס. אַ רעגע איז ער געזעסן, געקוקט אין שפּיגל מיט צוויי פֿאַרשלאָפֿענע אויגן, נאָך רעכט, אָפּאָנעם, ניט פֿאַרשטייענדיק, צי דאָס אַלץ, וואָס ער זעט פֿאַר זיך, איז אַ כאָלעם, צי ס׳איז שוין ניט קיין כאָלעם. פּלוצעם האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פֿון דעם שטול, און ווי ער איז געווען, מיטן שערער־האַנטעכל אַרום האַלדז, אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן. דער ניט־דערגאָלטער שאַמעס איז געלאָפֿן איבער די פֿינצטערע געסלעך און געשריגן אויף קוילע־קוילעס: „טכיִעס האַמייסים! טכיִעס האַמייסים!“ דער צווייטער קליִענט, מאָטל דער שטריקלדרייער, וואָס איז ביז אַהער געזעסן פֿאַרטײַעט אין אַ ווינקעלע, ניט געוווּסט, נעבעך, ווּהין זיך אַהינטאָן פֿאַר מוירע, האָט אויך גענומען די פֿיס אין די הענט און געמאַכט די פּלייטע...

אפן אנדערן טאָג האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקאָכט. יעדער האָט געקוקט אויף דעם געשעענעם מיט זײַנע אייגענע אויגן, אויסגעטײַטשט עס אויף זײַן אייגענעם אופֿן. נאָך לאַנגע וויקוחים זײַנען די שטעטלדיקע כאַכאָמים געקומען סאָפּקאָלסאָף צו אַזאַ אויספֿיר: די דרײַ פֿאַרשווּנדענע זײַנען דרײַ מאַלאָכים, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, קעדיי דורך בערל קאַצמאַכערס קאָפּ געבן צו וויסן דעם אוילעם, אַז אײַנגיכן וועט קומען מאָשיעך און אַז מע דאַרף זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן. יאָ, אַלץ האָט מען, דאַכט זיך, דערקלערט, נאָר איין זאַך האָט קיינער ניט געקאָנט פֿאַרשטיין: פֿאַר וואָס האָבן די מאַלאָכים געדאַרפֿט זיך פֿאַרשטעלן ווי נעגערס? אַ מאַלעך אָבער בלײַבט אַ מאַלעך. דאָס, וואָס עס קומט אים אַמאָל אין קאָפּ אַרײַן, קאָן קיין שום מענטש ניט דערקלערן, זאָל ער אַפֿילע זײַן דער גרעסטער כאָכעם אינעם שטעטל... ווער ווייסט, ווי ווײַט די געשיכטע וואָלט פֿאַרגאַנגען, ווען וועלוול לאָקש, זײַענדיק אַ קאַפּעלע בעגילופֿנדיק, כאַפּט זיך ניט אַרויס מיט אַ וואָרט, אַז דעם גלײַכן שרונט בערלס האָט ער אים שוין פֿאַרקײַלעכיקט אפֿן גאַנצן קאָפּ. „קעצעלעך וועלן זיך אים כאַלעמען, — האָט וועלוול זיך באַרימט פֿאַר אַ קאָמפּאַניע כעווירע, — שוואַרצע קעצעלעך!..“

...און די זון רירט זיך ניט פֿונעם אָרט. הענגט איבערן קאָפּ, גלײַך ווי מע וואָלט זי צוגעקלאַפּט צום הימל מיט צוועקעס. ווען זשע וועט זיך שוין ווײַזן דאָס גרינע וועלדל? איך גיי און גיי, און דער וועג וועט, דאַכט זיך, קיין סאָף ניט האָבן. עס פּײַניקט מיך דער דאָרשט. דער האַלדז ברענט, און די ברענעניש כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לײַב. איך גיי אויס נאָך אַ טרונק וואַסער!..

דאָרט, ניט ווײַט פֿון בערל קאַצמאַכערס פֿאַבריקמאַכערסקע, קימאַט אינמיטן שטעטל, שטייט אונטער אַ צעצווײַגטן אַלטן נוסנבוים אַן אַלטער ברונעם. כ׳האָב ניט איין מאָל געהערט פֿון מײַן מאַמען, אַז אַזאַ קאַלטע, אַזאַ היילנדיקע, אַזאַ קישעפֿדיקע וואַסער, ווי אין יענעם ברונעם, האָט זי מער אין איר לעבן ניט געטרונקען. אַרום דעם אַלטן ברונעם האָט זיך, אייגנטלעך, אָנגעהויבן דאָס לעבן אין שטעטל. זינט דאָס שטעטל געדענקט זיך, געדענקט עס דעם אַלטן ברונעם. נאָך מײַן זיידע און מײַן זיידעס זיידע האָבן זיך געקוויקט מיט דער זיסער וואַסער פֿון דעם ברונעם, גלײַך ווי דער נוסנבוים און דער ברונעם וואָלטן שטענדיק געווען אַלט. אין די נעכט, ווען איבערן שטעטל שווימט



אַרויס דער נײַ־געבוירענער מולעד, לויפֿן בישטיקע צום ברונעם די קאַלע־מיידלעך. מע קוקט אינעם ברונעם אַרײַן מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ: עפּשער איז דאָס, וואָס מע דערציילט וועגן דעם ברונעם, ניט גלאַט באָבע־מעשׂיות, עפּשער וועט זיך טאַקע ווײַזן דאָרט, אין דער שוואַרצער טיפֿעניש, דאָס פּנים פֿונעם באַשערטן? ווער האָט דעם ברונעם אויסגעגראָבן, געדענקט שוין אין שטעטל קיינער ניט, אַפֿילו די באָבע לײַע. זי איז שוין אַזוי אַלט און כּאָרעוו, אַז די אוריינקלעך טראָגן זי אַרויס אין דרויסן אויף די הענט, ווי אַ שוואַרץ ליאַלקעלע. מע זעצט זי אַוועק לעבן דער שטוב אויף דער פּריזבע, און דאָ זיצט זי שוין אויף קימאַט דעם גאַנצן טאָג, הוידעט זיך שטילערהייט, גלײַך זי וואָלט זיך אַליין געוואָלט אײַנוויגן. אַ קליינטשיקע, אײַנגעשרומפּענע ייִדענע, דערמאָנט זי דאָס שוואַרצע קלומפּעקל אַירס, מיט וועלכן זי פֿלעגט גיין צו די קימפּעטאָרנס. די אַלטע לײַע איז, דאַכט זיך, די באָבע פֿונעם גאַנצן שטעטל. וויפֿל קינדער האָט זי גענומען פֿאַר איר לאַנג לעבן? אויסגעבאָדן זײַ אין דער וואַסער פֿונעם אַלטן ברונעם און געבענטשט דערנאָך יעדעס ערשט־געבוירן נפֿשל אויף אַ גליקלעך לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. און וויפֿל מעשׂהלעך האָט זי געקענט! ווי קאָלערליי פֿייגעלעך, זײַנען אירע מעשׂהלעך זיך צעפֿלויגן איבערן שטעטל און זיך געמאַכט אַ נעסט אין די קינדערשע נשמות. וויפֿל קינדער אין שטעטל — אַזויפֿיל מעשׂהלעך האָט זי געהאַט. וועגן דעם אַלטן ברונעם האָט די באָבע לײַע אַ באַזונדער מעשׂהלע. מײַן מאַמע האָט עס מיר הונדערט מאָל דערציילט. ווען עס שטאַרבט אין שטעטל אַן ערלעכער ייִד, לאָזט זײַן נשמה זיך אַראָפּ אין די טיפֿע טיפֿענישן פֿונעם ברונעם. דאָרט, אויפֿן סאַמע דנאָ, הייבט זיך אָן דער וועג, וואָס ברענגט די נשמה צו פֿירן צום זיבעטן הימל. נאָר איידער זי הייבט זיך אַזוי הויך אויף, באָדט די נשמה זיך אויס אין טויזנטער קוואַלן און אין טויזנטער וואַסערן. זי רייניקט זיך אָפּ פֿון אַלע ערדישע זינד און אַוועירות, און ערשט נאָכדעם שווימט זי אַרויס אויפֿן הימל און שײַנט דאָרט באַגלײַך מיט אַנדערע שטערן, ווי אַ שיינע קאַלע אונטער דער כופּה־דעק.

איך דאַרף, איך מוז גיין ווײַטער! איך וויל זען דער מאַמעס שטעטעלע מיט מײַנע אייגענע אויגן! אויסהערן אַלע באָבע לײַעס מעשׂיות! אַ טרינק טאָן די הייליקע וואַסער פֿונעם אַלטן ברונעם! איך וועל באַלד געזונט ווערן, פֿון איין טרונק, און קיין שום אָפּעראַציעס וועט מען מיר ניט דאַרפֿן מאַכן!

מיט די לעצטע קויכעס האָב איך זיך סאָפּקאָלסאָף אַרופֿגעדראַפּעט אויפֿן באַרג. און אָט איז עס, דאָס קיל־מעכײַעדיקע וועלדל — אַזוי נאָענט, אַז שטרעק אויס די האַנט — וועסטו אַ שויבער טאָן די גרינע קרוינען פֿון די ביימער. איך הער שוין זייער רוישן. איך פֿיל אַפֿילו זייער פֿרישקייט אויף מײַן פּנים. איך בין געקומען. איך שטיי דאָ, ניט ווײַט פֿונעם געגאַרטן ווינקעלע, וווּ ס'האָט זיך אָנגעהויבן מײַן מאַמעס לעבן!.. דאָס שטעטל אַליין זע איך נאָך דערווײַל ניט — דאָס וועלדל פֿאַרשטעלט עס מיר. נאָר דאָס לײַכט־דורכזיכטיקע רויכל, וואָס קנוילט זיך פֿון הינטער די ביימער און, עלעהיי אַ פֿאָדעם, בינדט עס צו דאָס שטעטעלע צום הימל און דעם הימל צום שטעטעלע, דאָס פּיאָלעט רויכל איז ווי אַן ערשטער גרוס פֿון מײַן זיידן. דער זיידע מײַנער איז אַ הרובעמאַכער. קימאַט אין יעדער שטוב פֿונעם שטעטל שטייט זײַן הרובע. דעם זיידן מיט דער באָבען האָב איך אין מײַן לעבן ניט געזען. און זיי האָבן מיך אוואַדע און אוואַדע ניט געזען. כ'וועל זיי אָבער סײַוויסײַ באַלד דערקענען. די מאַמע האָט מיר וועגן זיי אַזויפֿיל אָנגעדערציילט, אַז כ'זע זיי מאַמעש פֿאַר די אויגן. יאָ, עס קאָן זיך אָבער טרעפֿן, אַז דער זיידע מיט דער באָבען וועלן מיך ניט דערקענען. ניין. כ'גלייב ניט! אַן אייגן אייניקל דערקענט מען נאָכן ערשטן קוק. דערצו זאָגט מען, אַז די מאַמע איז זייער געראָטן אין מיר. אין מיר וועלן זיי דערקענען די מאַמע. איך שטעל זיך שוין פֿאָר, ווי זיי וועלן זיך דערפֿרייען מיט מיר. די באָבע וועט אָנבאַקן אַ גאַנצע טאַווע קנישעס מיט קאַבאַק. דערנאָך וועלן מיר זיצן אַלע דרײַ באַם טיש — די באָבע מיטן זיידן פֿון איין זײַט טיש, און איך — פֿון דער אַנדערער זײַט, אַנטקעגן זיי. איך וועל קײַען די געשמאַקע קנישעס מיט קאַבאַק, און דער זיידע מיט דער באָבען וועלן קוקן אויף מיר און קוועלן: אַזאַ גאַסט! אַזאַ אומדערוואַרטע פֿרייד! אַזאַ יאָמטעוו אינמיטן דער וואָך!..

פּלוצעם האָבן זיך דערהערט פֿונעם שטעטל קוויטשערײַען. וואָס איז דאָרט געשען? שוין זשע האָבן זיך אַלע ווײַבער מיטאַמאָל צעקריגט צווישן זיך? און עפּשער האָבן זיך אינעם שטעטל געיאַוועט אַ פּאָר נײַע מאַלאָכים?.. דאָס היימיש רויכל פֿון מײַן באָבעס זומערדיקער פּליטע האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן זיך צעוואַקסן, זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ געדיכטן שוואַרצן רויך, וואָס האָט זיך גיך געשפּרייט איבערן הימל, זשעדנע געפֿרעסן די שײַן פֿונעם טאָג. די זון איז ווי בלינד געוואָרן.

אַן אײַנגעהילטער אין דער פּלוצעמדיקער פֿינצטערניש, בין איך געשטאַנען אַ דערשיטערטער אויבן אויפֿן באַרג, ניט בעקויעך צו מאַכן אַ שפּאַן. די געשרייען האָבן זיך שוין געטראָגן פֿונעם וועלדל, וואָס האָט ערשט אַזוי פֿרידלעך גערוישט מיט אירע שיינע קרוינען, זיך צונויפֿגעגאָסן אין אַ יאָמער־לעכן געוויין. הונדערטער בריינעס האָבן, דאַכט זיך, באַוויינט דאָרט און באַקלאָגט זייער איין־און־איינציק הערשעלע... דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן שיסן. און וואָס מער מ'האָט געשאָסן, אַלץ שטילער

און שטילער זײַנען געוואָרן די קוויטשערײַען... ס׳איז געקומען א רגע, ווען אין דער שוואַרצער פאַריאַסעמטער שטילקייט האָבן געוויינט נאָר דיביימער.

ווי צוויי טיילן פון א טרויעריקן פאַרהאַנג, האָט זיך די פינצטערניש צערוקט אין פאַרשיידענע זײַטן. פונעם פאַרויכערטן וועלדל האָט זיך באַוויזן א מענטש. שאָקלענדיק זיך און האַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ, איז ער געלאָפן צום באַרג. געלאָפן און געשריִען:

— מ׳האָט זיי אַלע אויסגעקוילעט! אַלע הענער, הינער און הינדעלעך!..

דער מענטש האָט א פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זײַן דאַרן גאָרגל, געבליבן א רגע שטיין און זיך א וואַלגער געטאָן אויף דער ערד.

איך בין צו אים צוגעלאָפן.

יאַנקל די קוואָטשקע איז נאַזנדיק געלעגן אויפן וועג מיט די אָפענע אויגן. דער הויקער זײַנער האָט אַרויסגעשטאַרצט פון הינטערן רעכטן אַקסל, ווי א שוואַרצער שטיין, אויף וועלכן יאַנקל איז געפאַלן. דאָס געלע בערדל האָט זיך אים פאַריסן אַרויף, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אז דער גאַנצער הימל האַלט זיך אָנצינד אויפן שפּיץ פון זײַן בערדל.

די פיס האָבן בא מיר זיך אונטערגעהאַקט. א דערשלאָגענער, בין איך א פאַל געטאָן אויף די קני לעבן יאַנקלס קערפּער. כ׳האָב אָנגעהויבן שטילערהייט צו כליפּען: „וואָס זשע ליגסטו, יאַנקל? פאַרוואָס קוואָקעסטו ניט?.. קוק, כ׳האָב דיר געבראַכט א קאָפּיקע! די קאָפּיקע האָב איך געפונען אונטערן בופעט, כ׳האָב אויף איר געוואָלט זיך קויפן א גלאָז גאַזיראָוקע. נאַ דיר די קאָפּיקע, אַבי שווײַג ניט! זאָג כאָטש א וואָרט, יאַנקל!..״ איך האָב שטיל געוואָיעט, ווי א הילפלאָז כײַעלע, וואָס האָט פאַרלוירן די מוטער. איך האָב זיך געפילט אַן אָפּגענאַרטער, גלײַך ווי מע וואָלט מיר פון לאַנג צוגעזאָגט עפּעס ווײַזן, און ערשט נאָך אַלעמען דעם „עפּעס״ ניט געוויזן. נאָך מער: מ׳האָט מיך באַגאַנוועט! מ׳האָט בא מיר צוגעגאַנוועט דאָס איינציקע, וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט — דעם שענסטן טרוים מײַנעם — זען מיט מײַנע אייגענע אויגן דער מאַמעס שטעטעלע. שפּעט. צו שפּעט.

אַליין ניט פאַרשטייענדיק צו וואָס, האָב איך ברייט אויסגעשטרעקט די אָרעמס צום הימל — אַזוי, ווי עס האָבן געטאָן טויזנטער דוירעס פאַר מיר און ווי עס וועלן מיסטאַמע טאָן טויזנטער דוירעס נאָך מיר. עס האָט זיך פון מײַן האַרצן אַרויסגעריסן א געזאַנג — א ליכטיקער און א קלאָרער, ווי יענע שטערן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן וועג פונעם דנאָ פון דעם אַלטן ברונעם אונטערן אַלטן נוסנבוים ביזן הימל. דאָס געזאַנג איז געבוירן געוואָרן אין יענע הייליקע נעפּאַשעס, און איך האָב אים בלויז אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן מיט מײַן קינדערש קעלכל. איך בין נאָר געווען דער שויפער, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין דער פּאָסט־געוואָרענער וועלט. אַלע צאָרעס און אַלע ניסיוי־נעס, וועלכע זײַנען אויסגעפאַלן אויף די פאַרגאַנגענע דוירעס, האָבן איצט געפונען אַן אויסוועג אין דעם טרויעריק־דערהויבענעם קאַדיש. אויף דער העכסטער נאָטע, ווען מײַן נעשאָמע און לײַב האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן מיטן גאַנצן אַרום און געשוועבט ערגעץ העט־העט אויבן, האָט פּלוצעם א פרעמד פאַלש קול אונטערגעשניטן די פליגל פונעם געזאַנג. א קורצע ווײַלע זײַנען די קלאַנגען נאָך געהאַנגען אינדערלופטן צווישן ערד און הימל און זיך צעשאָטן, ווי א שנירל קאָרעלן.

כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מיטן בליק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין א צאַפּענער מאָרדע, אײַנגאַנצן אַן אויסגעשמירטער מיט אַש. דער צאַפּ איז געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט, ווו ס׳איז ערשט־אָ געלעגן יאַנקל די קוואָטשקע. דער שפּיץ פונעם צאַפּן־בערדל איז געווען אָפּגעברענט, די פאַרסאַר־פּעטע זײַטן האָבן אויסגעזען אויף דער ווײַסער פעל, ווי שוואַרצע לאַטעס אויף טאַכריכים.

— מע־ע־ע!.. — האָט נאָכאַמאָל א מעקע געטאָן דער צאַפּ און דראָענדיק געוויזן מיר די פאַר־דרייטע שפּיציקע הערנער.

אויף איין האָרן האָט געשטעקט יאַנקלס פאַרשמאָלצענע יאַרמעלקע...

עס איז אויף מיר אָנגעפאַלן א פּאַכעד. פונוואַנען האָט זיך דאָ פּלוצעם גענומען דער צאַפּ? וווּהין האָט זיך אַהינגעטאָן דער טויטער יאַנקל?.. כ׳האָב זיך א לאָז געטאָן מיטן זעלבן וועג צוריק אַהיים. כ׳בין שוין געלאָפן באַרג־אַרויף, און דער צעווילדעוועטער צאַפּ איז געלאָפן נאָך מיר. אָט־אָט וועט ער מיך דעריאָגן. אָט וועט ער מיך א בוצקע טאָן. כ׳האָב שוין אַפילע געפילט, ווי עס בײַסט מיר יענץ אָרט, וווּהין ער וועט מיר באַלד אַרײַנפאָרן מיט זײַנע שאַרפע הערנער. אויבן אויפן באַרג האָט מיך דער צאַפּ סאָפּקאָלסאָף אָנגעיאָגט און אָפּגעטאָן זײַן בייז שטיקל אַרבעט.

כ׳האָב זיך געקוליעט באַרג־אַראָפּ אַלץ גיכער און גיכער. כ׳האָב שוין ניט געוווּסט, וווּ דער הימל איז און וווּ איז די ערד — זיי האָבן זיך צונויפגעוויקלט אין א בלוי־גרינעם טעפּיך. כ׳האָב פאַרמאַכט די אויגן... מע דאַרף עפּעס טאָן! נאָך א רגע — און א זייכער וועט נאָך מיר ניט בלײַבן!.. וואָס וואַרט איך? מאַמע! מאַמע, ראַטעווע מיך!.. ווו ביסטו, מאַ־מע־ע־ע!..

— איך בין דאָ, מײַן קינד! לעבן דיר, ווי טאָמיד!

איך האָב שווער אויפגעמאַכט די אויגן. דער קאָפּ האָט זיך מיר נאָך געדרייט, די פיס גענאָגט, ווי נאָך א לאַנגער נעסיע. די קראַנקע וויזיִעס זײַנען פּאַמעלעך אָפּגעטראָטן, זיך דערווײַטערט פון

מיר, אוועק אין דער שווערער נאכט אריַין, אינעם אָוואר. דאָס איצטיקע, דאָסווירקלעכע האָט זיך שוין קלאָרער אָנגעצייכנט אין דער שיַין פונעם געקומענעם טאָג.

די מאמע, א מידע און אן אויסגעמאטערטע, מיט א בלויקיַיט אונטער די אויגן, איז געזעסן לעבן מיר, געהאלטן מיַין האנט אין איר האנט, גליַיך ווי מיר וואָלטן זיך אַף קיין רעגע ניט צעשיידט. די זון־שטראַלן האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די טאפליעס, זיך פארפלאָנטערט אין אירע שווארצע צעשויבערטע האָר אפן קאָפּ, איבערגעפארבט זיי אין א גאָלדענער פארב.

די מאמע האָט זיך צו מיר אָנגעבויגן, צוגעלייגט אירע ווארעמע ליפּן צו מיַין שטערן און הייזעריקלעך געזאָגט:

— דאנקען גאָט, קיין היץ האָסטו שוין ניט!

א וויַילע האָט זי זיך איַינגעקוקט אין מיַינע אויגן און מיט א זיפץ, גליַיך ווי זי וואָלט אונטערגעצויגן א סאכאקל צו אלע מיַינע כאלוימעס, ארויסגעבראכט אַף די ליפּן:

— אלץ וועט, מירצעשעם, זיַין גוט, מיַין קינד!

און פון דעם היילנדיקן צורירן זיך צו מיַין שטערן, פון דעם פילן אַף מיַין פּאָנעם איר לעבעדיקן אָטעם, פון דעם אלץ־פארשטייענדיקן בליק איז מיר מיטאמאָל געוואָרן גרינג און רויִק אפן הארצן, עלעהיי כ׳וואָלט א טרונק געטאָן די וואסער פון דעם אלטן ברונעם אונטערן אלטן נוסנבוים.

# א שמעק טאבעק

אַף דער לינקער האנט פון זיַין ברייטער דלאָניע איז געלעגן א פירעקיק פּושקעלע מיטן אופגעדעקטן דעקל בא דער זיַיט און מיט א שווארצן פּראָשעק אינווייניק. פּאוואָליִנקע, ניט איַילנדיק, ווי אומיסטן צעצויגן דאָס ביסעלע פארגעניגן, האָט דער זאָקן זיך א גריבל געטאָן אינעם פּושקעלע מיט צוויי פינגער, אקוראט א הון מיטן שנאָבל, פארקוועטשט א ביסל טאבעק און זי צוגעטראָגן צו זיַין ברייטער פליישיקער נאָז.

פארפראוועט דאָס רעכטע נאָזלעכל מיט דער ערשטער פּאָרציע טאבעק, האָט ער זיך געלאָזט נאָך דער צווייטער פּאָרציע, און ווען די גאנצע נאָז איז אים געוועןאָנגעלאָדן מיט טאבעק, ווי א צוויירעריקע ביקס מיט פּולווער, האָט ער א ציִ געטאָן אין זיך די לופט. דער בויך האָט אים אָנגעהויבן וואקסן, אקוראט א ראָשטשינע אין א דייזשקע, די ווינקעלעך פונעם מויל האָבן זיך אראָפּגעלאָזט, איבערן אויסגעצויגענעם פּאָנעם זיַינען זיך צעלאָפן אין פארשיידענע זיַיטן אלע זיַינע קנייטשן און קנייטשעלעך, די אויגן האָבן זיך פארזשמורעט און אָנגעגאָסן זיך מיט טרערן. באך־באך! די ביקס האָט אויסגעשאָסן.

— א מעכיַיע... — האָט ארויסגעפּאָנפּעט דער זאָקן.

דאָס פּושקעלע מיט טאבעק האָט ער פארמאכט, פארבאהאלטן עס אינעם אייבערשטן קעשענקעלע פון זיַין רעקל און ערשט נאָכדעם ארויסגעשלעפּט א גרויס צעקנייטשט טיכל און מיט א פּיַיף זיך אויסגעשניַיצט די נאָז. דערנאָך אָפּגעווישט זיך די באקן, דאָס מויל, דעם קין.

— א מעכיַיע! ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן.

איצט, נאָך אזא האקדאָמע, האָט דער זאָקן געקאָנט אָנהייבן דערציילן. און ער האָט אָנגעהויבן:

— דאָס וואָרט „זאָקן", מיַין ליבער פריַינט, איז ניט אזא פּאָשעט וואָרט, ווי עס דאכט זיך. אויב איר ווילט וויסן, איז עס אפילע אזא שיפר, ווו יעדער אָס האָט זיַין באטיַיט. „ז" הייסט זיפצן, „אָ" — אָכקען, „ק" — קרעכצן און „נ" — ניסן. אָט די פיר זאכן שענקט גאָט דעם מענטשן אַף דער עלטער. זיפצן, אָכקען און קרעכצן — טאָג ווי נאכט. דאָ האָט שוין דער אייבערשטער, זאָל ער מיר מויכל זיַין מיַינע רייד, א טשוטעלע איבערגעכאפּט די מאָס. ווען איך האָב ניט די לעצטע מאטאָנע זיַינע, דעם ניס, ווייס איך ניט, ווו כ׳וואָלט אציַנד געהאלטן מיט מיַינע אלטע ביינער. כ׳מיין, כאָלילע, ניט יענעם ניס פון א קאטאר, אָדער פון א קיצל מיט א פעדערל, אָדער פון לערגיִע — אזוי, דאכט זיך, הייסט דער ניַיער כאלאָס. נאָר ווי איר האָט שוין פארשטאנען אליין, דעם מעכיַיעדיקן ניס פון א שמעק טאבעק, מיין איך. יאָ, יאָ, אזא ניס איז פאר מיר, פאר א זאָקן, עפּשער דאָס לעצטע ביסל פארגעניגן אין לעבן, וויַיל אנדערע פארגעניגנס... אייסעך! וואָס דארף מען דאָ לאנג בריַיען...

אָט זאָגט איר, אשטייגער: א שמעק טאבעק. אמאָל האָבן די נעגידים געיארשנט בא זייערע זיידעס און טאטעס מאיאָנטקעס, שיינע דירעס, ערד, פערד... און וואָס האָט געקאָנט יארשענען א קאפּצן? די נויט און דעם דאלעס פון זיַינע אָוועס. און דאָך איז אין אונדזער מישפּאָכע געווען א

זאַך, אַן אויצער, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן פֿון דאָר צו דאָר, פֿון אַ פֿאָטער צו אַ זון. וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויצער? אַ, כ'זע, עס האָבן בײַ אײַך אָנגעהויבן ברענען די אויגן פֿאַר נײַגער! אַ מײַסע. אַ פּאָשעטע מײַסע, וואָס איז געשען מיט מײַן עלטערזיידע קאַסרי׳על און וואָס הייסט טאַקע אַזוי: „קאַסרי׳עלס מײַסע"...

דער זאַקן האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ווי יעדער גוטער דערציילער, האָט ער אויסגעהאַלטן די פּויזע — ניט צו אַ לאַנגע, ניט צו אַ קורצע, פּונקט אַזעלכע, אַז יענער, ווער עס הערט אים, זאָל זיך שוין קוים אײַנהאַלטן, אַז די קאַוואָנע אויסהערן די מײַסע פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף זאָל אין אים שפּרינגען און טאַנצן, זיך רײַסן אין דרויסן אַרויס.

— הערט זשע אַהער. אין יענע ווײַטע צײַטן, ווען עס האָט געלעבט מײַן עלטערזיידע קאַסרי׳על, אָלעווהאַשאָלעם, האָט מיטן לאַנד געפּראַוועט אײנער אַ קייסער. ווי־אַזוי האָט ער געהייסן? צוליב וואָס דאַרפֿט איר עס? אַ קייסער, ווי אַלע קייסאָרים, מײַן זיידעס זאָרגן און באָרגן אויף זײַן געקרוינטן קאָפּ. אָבער אַ מיניסטער האָט דער קייסער געהאַט לעבן זיך, וואָלט ער געקאָנט, נאָך איידער ווי מע האָט אים געמאַכט פֿאַר אַן ערשטן מיניסטער, פֿאַרשטיקט ווערן בײַ זײַן מאַמען אין בויך. אַ מערדער, אַ בלוטצאַפּער — די וועלט האָט נאָך אַזעלכע ניט געזען. מיט איין האַנט האָט ער זיך געדרייט אַ וואָנצע, און מיט דער אַנדערער — געריסן שטיקער פֿונעם פֿאָלק. געשונדן עס ביז אין די ביינער, צוגענומען בײַ די קינדער דעם לעצטן ביסן... וווּהין זשע, וועט איר פֿרעגן, האָט געקוקט דער קייסער? וועל איך אײַך דערנאָך פֿרעגן: וווּהין דען האָט ער געדאַרפֿט קוקן, אַז דאָס אָפּגעזאָטענע איי מיטן טעפּעלע קאַווע טראָגט מען אים צו יעדן אינדערפֿרי אויף אַ גאָלדענער טאַץ גלײַך אין בעט אַרײַן; אַז אַ פֿאָלק גרענאַדיאָרן שטייט אַרום דעם טראָן און פּאַכעט מיט די הענט — אַ שטויבעלע זאָל, כאָלילע, ניט פֿאַלן אויף זײַן קאָפּ און ניט צעקנייטשן דעם שיינעם אָנגעפּודערטן פּאַריק; אַז אַ טשערעדע דאַמעס און פֿרײַלינעס גייט אים נאָך פֿון אינדערפֿרי ביז באַנאַכט — עפּשער וועט איינער פֿון זיי אָפּגליקן און „זײַן מאַיעסטעט" וועט איר שענקען כאָטשבי אַ לופֿט־קוש, ווער רעדט שוין פֿון עפּעס מער... זאָגט זשע מיר איצט: דאַרף אים, דעם קייסער, דאַרן דער קאָפּ, וואָס מײַן עלטערזיידע קאַסרי׳על און אַזעלכע קאַפּצאָנים, ווי ער, האָבן ניט קיין גראָשן אויף שאַבעס? מיילע, אַבי געזונט. ווי זאָגט מען, בעט ניט קיין נײַעם קייסער, ווײַל צו אַלע מעשוגאַסן פֿונעם אַלטן קייסער האָט מען זיך שוין צוגעוווינט...

ווען עס זײַנען אָבער באַשערט צאָרעס, טרעפֿן זיי זיך אַפֿילע מיט קייסאָרים. וואָס איז? דעם קייסער, ניט פֿאַר אונדז געזאָגט געוואָרן, איז אַרײַנגעפֿלויגן אין אויער אַ פֿליג. אַ פּאָשעטע פֿליג, וואָס מע קאָן כאַפּן בײַ יעדן קאַפּצן אין שטוב. בײַ אַ קאַפּצן אין שטוב איז אַ פֿליג אַוודע ניט קיין כאַריפּעס. ווען מע קאָן פֿאַרקויפֿן פֿליגן, וואָלט יעדער קאַפּצן גיך געוואָרן אַן אוישער. אָבער בײַם קייסער אין זײַנע פּאַלאַצן, וווּהין ניט נאָר אַ פֿליג, אַ פֿלוי קאָן זיך אַהינצו ניט דורכשמוגלען! און דאָך, ניט געקוקט אויף די סטראַזשניקעס בײַ יעדער טיר און פֿענצטער, אויף די גוואַרדייצעס אויף יעדער שריט און טריט, איז מיטן קייסער געשען אַזאַ צאָרע, אַזאַ טראַגעדיע.

דער קייסער עסט ניט און טרינקט ניט גאַנצע טעג, שלאָפֿט ניט דורך די נעכט — ער ליגט נאָר, אַרומגעלייגט פֿון אַלע זײַטן מיט פּוכקע קישנס און קישעלעך, און הערט זיך צו, ווי די פֿליג זשומעט בײַ אים אין קאָפּ: זש־זש־זש, זש־זש־זש... די בעסטע דאָקטוירים פֿון דער גאָרער וועלט זײַנען זיך צונויפֿגעפֿאָרן צו אים אויף אַ קאָנסיליום. מע טאַפּט אים אויס יעדעס ביינדעלע, מע הערט אים אויס אַלץ, וואָס מע קאָן אויסהערן, מע שושקעט זיך איבער צווישן זיך אויף דער מעדיצינישער שפּראַך, מע קוקט אַרײַן אין די גאָר אַלטע ספֿאָרים און אין די סאַמע נײַע ביכער, מע פּרוּווט דאָס, מע פּרוּווט יענץ — אייסעך! כאָטש נעם און צעשפּאַלט אים דעם קאָפּ, די פֿליג זאָל האָבן וווּהין אַרויסצופֿלי׳ען.

דער קייסער צאַנקט, גייט אויס, ווי אַ ליכט.

נו, און דער ערשטער מיניסטער? מיט וואָס, מיינט איר, איז פֿאַרנומען זײַן מיניסטערישער קאָפּ? ער פֿירט בעשאַסמײַסע אַן אויספֿאָרשונג: פֿונוואַנען האָט זיך גענומען אינעם קייסערס פּאַלאַץ אַ לעבעדיקע פֿליג? ניט אַנדערש, אַז עמעצער האָט זי אַהינצו אַרײַנגעבראַכט! אָבער ווער? אַן איידעס אַהער, אַן איידעס אַהין — דער מיניסטער האָט זיך סאָפּקאָלסאָף דערגרונטעוועט, אַז גראָד אין דעם טאָג, ווען עס האָט זיך געטראָפֿן דער גרויסער אומגליק, איז בײַם קייסער געווען זײַן שוסטער. אַ פּאָר שטיוול האָט ער אים געבראַכט אָנצומעסטן צום פּאַראַד. דער קייסער האָט זייער ליב געהאַט פּאַראַדן. אַלע דאָנערשטיק און זונטיק האָט ער דורכגעפֿירט אַ נײַעם פּאַראַד. און, פֿאַרשטייט זיך, אַז צו יעדן נײַעם פּאַראַד האָט ער געדאַרפֿט האָבן אַ פּאָר נײַע שטיוול.

אויף דעם פּלאַץ, וואָס האָט געטראָגן זײַן „טאַטנס טאַטעס" נאָמען, פֿלעגן זיך אויסשטעלן אַלע פּאָלקן גרענאַדיאָרן, באָמבאַרדירן, גוסאַרן, און דער קייסער אין דער גאַנצער אַמוניציע מיט די שפּאָרעס און מיט די שפּאַגעס האָט גאַלאָפּירט אויף זײַן ווײַס פֿערד הין און צוריק און יעדעס מאָל אויסגעשרי׳ען איין און די זעלבע ווערטער:

— ברידערלעך־סאָלדאַטן, דער סוינע שלאָפֿט ניט!

און פון אַלע זײַטן האָט זיך באַלד געטראָגן:
— הוראַ־אַ־אַ־אַ!..
און אַזוי אַלע דאָנערשטיק און זונטיק. דער מיליטער־אָרקעסטער האָט געדונערט, די פערד האָבן געהירזשעט, די סאָלדאַטן האָבן געשריגן „הוראַ!“.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו אונדזערע שטיוול, ווײַל וועמען עס קוועטשן די שטיוול, דער פילט. און געקוועטשט האָט עס בעפיירעש ניט דעם שוסטער און ניט דעם קייסער. געקוועטשט האָט עס מער פון אַלעמען דעם ערשטן מיניסטער. און געקוועטשט האָט אים, וואָס דער שוסטער איז אַ ייִד. און טאַקע אינדערעמעסן, ווער נאָך קאָן אַרײַנברענגען צום קייסער אַ פליג, אַז ניט אַ ייִד אַ שוסטער?! אָט צו דעם דאָזיקן אויספיר איז געקומען דער ערשטער מיניסטער נאָך אַלע זײַנע אויספאָרשונגען. נאָך מער: ער האָט דערוויזן מיט איידעס, און קיין איידעס, ווי איר פאַרשטייט, האָבן ניט אויסגעפעלט, אַז דער שוסטער האָט זיך נאָר פאַרשטעלט פאַר אַ שוסטער, אַפאַנעמעסן איז ער אַ פײַנטלעכער אַגענט, נאָר מע ווייסט פאָשעט ניט פינקטלעך וועמענס. און די פליג איז אויך ניט גלאַט אַ פליג, נאָר אַזאַ מין נײַ ביאָלאָגיש געווער, מיט וועלכן די סאָנים האָבן געוואָלט אומברענגען דעם קייסער. יאָ, דער קייסער האָט די שטיוול געטראָגן, געקוועטשט האָבן זיי דעם ערשטן מיניסטער, געפילט האָט אָבער דער בידנער שוסטער.

נאָר איין אומשולדיקע נעשאָמע איז אים, אַפאַנעם, ווייניק געווען, דעם האָמען, דעם היטלער! האָט ער אַלץ אַזוי אַרומגעשטעלט, אַז ס'האָט זיך די גאַנצע געשיכטע מיט דער פליג אויסגעלאָזט צו אַלע ייִדן פונעם לאַנד...

וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, מײַן פרײַנט, עס האָבן זיך ווידער אומגעקערט האָמענס צײַטן און זיך אָנגעהויבן היטלערס, נאָר מיט אַ פאָר הונדערט יאָר פריִער, איידער היטלער אַליין איז געבוירן געוואָרן. איבערן גאַנצן לאַנד האָט מען צעשיקט דעם קייסערס אוקאַז, אַז אַלע ייִדן, פון קליין ביז גרויס, זאָלן צו אַזאַ און אַזאַ טאָג פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַניט — וועט זיי זײַן ערגער.

איצט הערט ווײַטער. אינעם שטעטל, ווו עס האָט געוווינט מײַן עלטערזיידע קאַסריִעל, האָט



מען אים גערופן קאסריעל־סאניטאר. וואָס פלוצעם סאניטאר? אין די יונגע יאָרן, ווען עס האָט נאָך געלעבט דער אלטער קייסער, דאָס הייסט, דער פאָטער פונעם קייסער מיט דער פליג, איז דער עלטערזיידע מיינער געווען אָף דער מילכאָמע. אז יעדער קייסער האָט זיין אייגענע ארמיי, קאָן דען זיין שטיל אָף דער וועלט?! און ווו האָט איר געזען אן ארמיי אָן א סאניטאר? איז קאסריעל געווען דער דאָזיקער סאניטאר. ער האָט אפילע געראטעוועט פון טויט איינעם א דרייסטן גוסאר און באקומען פאר דעם העלדנטאט א מעדאל. טאקע דערפאר האָט מען אים שפעטער גערופן אין שטעטל קאסריעל־סאניטאר און געהאלטן דאָרט פאר א שטיקל דאָקטער.

פון אלע רעפועס אָף דער וועלט האָט קאסריעל־סאניטאר געוווסט נאָר וועגן צוויי: באנקעס (טרוקענע, נאסע, געהאקטע) און ריצנייל. אויב דעם קראנקן האָבן ניט געהאָלפן קיין באנקעס, האָט ער אים געגעבן צו טרינקען ריצנייל; אויב עס האָט ניט געהאָלפן קיין ריצנייל, האָט ער אים געשטעלט באנקעס. און טאָמער האָט שוין נישט געהאָלפן ניט דאָס און ניט יענץ, איז דער קראנקער אָדער געשטאָרבן, אָדער געבליבן לעבן. „א קאפצן האָט איין גרויסע מייַלע, — האָט דער סאניטאר געטרייסט זיינע כאלאָיִם, — אָדער ער לעבט, אָדער ער שטארבט. אָף צו קרענקען דארף מען זיין א נאָגיד".

אין שטעטל האָט מען קאסריעלן געהאלטן ניט בלויז פאר א שטיקל דאָקטער, נאָר אויך פאר א גאנצן כאָכעם. אז מ'האָט געדארפט פרעגן עפעס א שיילע, איז מען געלאָפן ניט צום רעבן, נאָר גלייך צו קאסריעל־סאניטאר.

און אָט איז ארויס דער גוטער אוקאז דעם קייסערס, און אין יעדער יִדישער שטוב איז געקומען טישעבאָוו. די טיר בא קאסריעלן פארמאכט זיך ניט — יִדן גייען צו אים נאָך אן אייצע: וואָס טוט מען? ווּהין זיך אהינטאָן? וויִאזוי לאָזט מען איבער די פיר ווענט, ווו דיינע זיידעס האָבן נאָך געוווינט? פארוואָס קומט אונדז אזוינס?

קאסריעל שווייַגט. ער שווייַגט א טאָג, ער שווייַגט צוויי טעג, פיר, זיבן. איר קאָנט זיך אזוינס פאָרשטעלן — זיבן טעג ניט ארויסגעבראכט קיין וואָרט אָף דער צונג!..

אין איינעם אן אינדערפרי, ריכטיקער, אפן אכטן טאָג פון זיין שווייַגעניש, נעמט קאסריעל זיין סאניטאר־רענצל (ער האָט עס נאָך געבראכט פון דער מילכאָמע), לייגט אהינצו אריין די פאָר צענדליק באנקעס, דעם שטאָף מיט ריצנייל, עטלעכע אָפגעבראָטענע קארטאָפליעס, א האלבן ברויט, און א שקארמיצל א ביסל זאלץ...

מייַן עלטערבאָבע, סאָרע, אָלעהאשאָלעם, איז אויסער־זיך. זי האָט באלד פארשטאנען, וואָס דער מאן האָט פארטראכט.

— קאסריעל, ווּהין גייסטו? וואָס שטופסטו זיך מיט דיין היציקן קאָפ אין פייַער אריין?! האָסט א פולע שטוב מיט קינדער! וואָס וועט מיט זיי זיין?!

און דער עלטערזיידע:

— אָט טאקע צוליב זיי, צוליב מייַנע קינדער און צוליב אלע יִדישע קינדער מוז איך גיין! מיר האָבן א גרויסן גאָט, עפשער וועט ער זיך ענדלעך דערמאָנען אין אונדז...

קאסריעל האָט שוין געהאט איבערגעטראָטן די שוועל פון דער שטוב, ווען פלוצעם גיט ער זיך א כאָפּ:

— סאָרעלע־לעבן, איך וויל זיך ניט אומקערן — ס'איז א שלעכטער סימען, — זיי זיך אָף אזויפיל מאטריעך, גיב מיר דאָס פלעשעלע מיט טאבעק, דאָס לעצטע ביסל פרייד...

און טאבעק, דאָס דארפט איר אויך וויסן, האָט קאסריעל זיך טאָמיד געמאכט אליין, דער בעסטער טאבעק אין שטעטל איז געווען בא קאסריעל־סאניטאר. ער האָט, אפאָנעם, געהאט זיין אייגענעם רעצעפט. וואָס האָט ער אהינצו אזוינס אריינגעמישט, קאָן איך אייַך ניט זאָגן — ס'איז געבליבן א סאָד. נאָר אפילע פאר די סאמע פארלייגטע נעז אין דער גובערניע איז גענוג געווען א שמעק טאָן קאסריעל־סאניטארס ביסל טאבעק, אז זיי זאָלן שוין ניסן א גאנצע וואָך מיט א זונטיק.

געקומען צו גיין אין שטאָט אריין, לאָזט קאסריעל זיך גלייך צום קייסערס פאלאץ. ער גייט נאָר צו צום טויער, וואקסן לעבן אים באלד אויס צוויי סטראזשניקעס, צוויי גווארדייצעס.

— ווער ביסטו? פונוואנען ביסטו? וואָס דארפסטו דאָ האָבן? — שיסן זיי ביידע אויס.

קאסריעל איז טאקע פון גאָר א קליין שטעטל, פארגעסט אָבער ניט, אז ער איז אמאָל אויך געווען א סאָלדאט, געשמעקט, ווי מע זאָגט, פולווער. רופט ער זיך צו זיי אָן שטיל, הארציק: אזוי און אזוי, כ'בין דער און דער, און דארפן דארף איך דעם קייסער.

— ניע פאָלאָזשענאָ! מע טאָר ניט! — שיסן זיי ווידער אויס.

— דאָס, וואָס ס'איז „ניע פאָלאָזשענאָ", ווייס איך אָן אייַך, — זאָגט דער עלטערזיידע, — כ'בין אויך געשטאנען אין קאראול. דעם נאטשאלניק קאָן איך אָבער זען, זייט אָף אזויפיל גוט!

— ניע פאָלאָזשענאָ!

דאָ האלט שוין דער עלטערזיידע ניט אויס. ער צעשפיליעט די שאבעסדיקע קאפאָטע, און אפן העמד פון דער לינקער זייט גיט א בלישטשע די מעדאל זייַנע.

די צוויי גוואַרדייצעס ציִען זיך טייקעף אויס פֿאַר אים, ווי אַ סטרונע. קאַסריִעלס מעדאַל שײַנט אַזוי, אַז זיי קאָנען אַזש אויף איר ניט קוקן. זיי פֿאַרזשמורען די אויגן און שוין גאָר מיט אַן אַנדער קאָל, אין וועלכן עס הערט זיך קאָוועד און אַפּשײַ, שעפּטשען זיי אַרויס:

— ניע פּאָלאָזשענאָ, פּעטער!.. דער סוינע שלאָפֿט ניט!

— דער טײַוול איז אײַך אַ פּעטער!.. — צעגייט זיך קאַסריִעל.

און ווײַטער שיט ער אויף זיי אויס דאָס גאַנצע פּעקל מיט די שיינע ווערטעלעך, וואָס ער אַליין האָט ניט איין מאָל אויסגעהערט פֿון זײַן קאַפּראַל.

די גוואַרדייצעס האָבן אַזש אָנגעהויבן צו רויטלען זיך. שפּעטער האָט קאַסריִעל דערציילט דער עלטערבאָבע סאָרען: „אַלע פֿייגל פֿונעם קייסערס סאָד האָבן זיך מיטאַמאָל אופֿגעהויבן אינדערלופֿטן און מיט אַ קוויטשערײַ זיך אַ שאָט געטאָן צוריק אויף דער ערד, ווי אַ רעגן פֿון שטיינער. די פּאַוועס זײַנען זיך צעלאָפֿן אין אַלע זײַטן, פֿאַרלירנדיק זייערע שיינע פֿעדערן. און די טאָפּליעס פֿונעם פּאַלאַץ האָבן אַזוי אָנגעהויבן ציטערן און קלינגען, אַז כ׳ווייס ניט, וויִאַזוי זיי זײַנען געבליבן גאַנץ".

אינגיכן איז פֿונעם פּאַלאַץ אַרויסגעלאָפֿן אַ גענעראַל מיט אַ פֿול מויל סטראַשונקעס און קלאָלעס:

— ווער האָט געסמייעט!.. דער קייסער כאַפּט אַ דרעמל!.. אָט וועל איך אים מיט דער סאַבליע!..

די סטראַזשניקעס, נעבעך, האָבן פֿאַר מוירע שיִער ניט פֿאַרלוירן די הויזן. און קאַסריִעל־סאָניטאַר...

ניין, איר קאָנט יאָ גלייבן, איר קאָנט ניט גלייבן, קאַסריִעל־סאַניטאַר גיט נאָר אַ קוק אויף דעם גענעראַל, און דאָס פּנים זײַנס צעשײַנט זיך העלער, איידער זײַן מעדאַל. אין דעם אַלטן גענעראַל מיט די אָרדענס און סטענגעס דערקענט ער באַלד יענעם יונגן גוסאַר, וועלכן ער האָט אַמאָל אַרויסגעטראָגן אַ פֿאַרוווּנדעטן פֿון דער שלאַכט. טאַקע פֿאַר אָט דעם העלדישן טאַט האָט מען אים באַלוינט מיט דער מעדאַל. ניט אומזיסט זאָגט מען: בעסער האָבן אַ לויט מאַזל, איידער אַ פֿונט גאָלד.

דער גענעראַל האָט אַוודאי אויך דערקענט קאַסריִעלן, עמעס, ניט אַזוי גיך. פֿאַרט ניט איין יאָר איז דורכגעגאַנגען. דערצו, מיין איך, אַז דאָס לעבן באַם געוועזענעם גוסאַר איז געווען אַ קאַפּעלע גרינגער, איידער באַם פֿריִערדיקן סאַניטאַר, און אויסגעזען האָט ער אַ ביסל פֿרישער. מיט איין וואָרט, דער גענעראַל האָט אים דערקענט — אַ קלייניקייַט, אַ שלאַכט־פֿרײַנט!

און אָט גייען זיי שוין ביידע איבער דעם פּרעכטיקן סאָד, מע רעדט, מע דערמאָנט זיך אין יענע שטורמישע און בליִענדיקע יאָרן פֿון זייער יוגנט, און דאָ גיט דער גענעראַל אַ פֿרעג:

— יאָ, כ׳האָב שיִער ניט פֿאַרגעסן: וואָס האָסטו זיך אַזוי צעפֿילדערט באַם טויער? דער קייסער האָט אַזש אָנגעהויבן צו שלוקערצן.

— איר פֿאַרשטייט, — ענטפֿערט אים קאַסריִעל, — איך זאָג זיי, אַז כ׳דאַרף צום קייסער, און זיי — איין וואָרט „ניע פּאָלאָזשענאָ!"

— הססם... — גיט דער גענעראַל אַ דריי זײַן גראָווע וואָנצע, — צום קייסער?

— נו יאָ!..

— צוליב וואָס זשע דאַרפֿסטו דעם קייסער?

— וואָס הייסט, צוליב וואָס, וואָשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ? צוליב וואָס גייט אַ געזונטער סאַניטאַר צו אַ קראַנקן קייסער?

דער גענעראַל שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט אַ פּאָר רעגעס קאַסריִעלן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, פֿאַרהאַלט דעם בליק אויף דעם סאַניטאַר־רענצל מיטן רויטן, שוין ערטערווײַז אָפּגעריבענעם ציילעמל אינמיטן און זעצט פּלוצעם אויס אַ געלעכטער. די טרערן שפּריצן אים פֿון די אויגן.

— אײַ, קאַסרילקאָ! — קרייעט ער אַרויס, — אײַ, אַלטער סאַניטאַר!..

דער זיידע שטייט באַ דער זײַט און קוקט אים אָן, ווי איינער רעדט: וואָס איז דיר אַזוי פֿריילעך געוואָרן?

— ביסטו, הייסט עס, געקומען היילן דעם קייסער?.. אײַ, קאַסרילקאַ, אײַ, סאַניטאַר!.. האָסטו, מיסטאַמע, עפּעס אַ זעלטענע רעפֿוע?

— כ׳האָב צוויי רעפֿועס!

דער גענעראַל הערט צוביסלעך אויף לאַכן און פֿרעגט קאַסריִעלן שוין ערנסטער:

— וואָס זשע זײַנען דאָס פֿאַר אַ רעפֿועס?

— ע־ע־ע, — ציט אויס קאַסריִעל מיט זײַן קוויטשיק קעלעכל און גיט כיטרע אַ זשמורע צו אַן אויג, — איר, אײַער פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, האָט זיך אײַערע סוידעס, גענעראַלישע, און איך האָב זיך מײַנע — סאַניטאַרישע...

— גוט!.. — באַשטימט באַ זיך דער גענעראַל, — קום מיט מיר! כ׳ווייס ניט, צי דו וועסט דעם קייסער העלפֿן, יעדנפֿאַלס, וועסטו אים פֿריילעך מאַכן אויפֿן האַרצן.

„מיילע, — טראַכט דער עלטערזיידע, — ביז איצט בין איך געווען אַ כאָכעם, וועל איך שוין מוזן זײַן אַ לעץ אויך. נאָך גוט, וואָס מײַן סאָרע זעט עס ניט און הערט עס ניט!"

ער פאריכט דאָס רענצל אפן אקסל און שפּאנט נאָכן גענעראל ארויף מיט די מארמאָרנע טרעפּ. ער דרייט מיטן קאָפּ אין אלע זײַטן, קוקט אף די גרויסע בילדער אין די גאָלדענע ראמען, אף די קאָלערליי כאריפּעסלעך, וואָס טרעפן זיך אים דאָ און דאָרט — ער ווייסט אפילע ניט, וויאזוי מע רופט זיי און צוליב וואָס דארף מען זיי האָבן. יעדעס מאָל צעפּראלט זיך א נײַע טיר און זיי קומען ארײַן אין אן אנדער צימער...

שפּעטער האָט קאסריעל דערציילט דער עלטערבאָבען: „דו וועסט גלייבן, סאָרעלע, אינעם גאנצן שטעטל זײַנען בא אונדז נישטאָ אזויפיל טירן, ווי אינעם קייסערס פּאלאץ. וויאזוי זוכן זיי זיך דאָרט אָפּ? און טאָמער, כאָלילע, כאפּט עמעצן דער מאָגן — אין וואָס פאר א טיר זאָל ער זיךווארפן?..”

סאָפקאָלסאָף האָט זיך אופגעעפנט די לעצטע טיר, און קאסריעל מיטן גענעראל האָבן זיך ארײַנגעשטעלט אין א גרויסן זאל — דעם קייסערס שלאָפצימער. קאסריעל בלײַבט שטיין בא דער טיר, און דער גענעראל לויפט באלד צו צום קייסערס געלעגער. א ווײַלע רוימט ער אים עפּעס ארײַן אין אויער, ווארפנדיק אף קאסריעלן קורצע בליקן פון אונטער די ברעמען, דערנאָך גלײַכט ער זיך אויס און גיט א קאָמאנדע:

— אנו, קאסריעל־סאניטאר! ווײַז, וואָס דו קענסט!

די שיינע סוויטע, דעם קייסערס, שושקעט זיך איבער. די דאמעס באהאלטן זייערע אָנגערויטלטע בעקעלעך הינטער די פאָכערס, דער עלטערזיידע זאָל זיי, כאָלילע, ניט געבן קיין גוט־אויג. די קאָוואלערן קנייטשן די נעז, וואָס דארף, אפּאָנעם, הייסן: פּע, וואָס פּילט זיך אזוי נאָך קנאָבל?!

און קאסריעל שטייט, נעבעך, ווי אין געהאקטע ווונדן. ערשט איצט איז צו אים דערגאנגען, וואָס פאר א קאשע ער האָט פארקאָכט. סאָרעס ווערטער האָבן אים ווידער א קלונג געטאָן אין אויער: „קאסריעל, וואָס שטופּסטו זיך מיט דײַן היציקן קאָפּ אין פײַער ארײַן!” און טאקע אינדערעמעסן, אף וואָס האָט ער ארויסגעקוקט? אף א נעס? אף דעם מין ניסים, וואָס גאָט האָט אמאָל אויסגעפירט דורך מוישע ראבייני?.. צוריקגערעדט, פארוואָס ניט? פארוואָס זאָל דער אייבערשטער איצט אויך ניט אויספירן זײַן שליכעס טאקע דורך אים, קאסריעל־סאניטאר?! ס'איז דען וויכטיק דורך וועמען. וויכטיקער איז צוליב וועמען. אזוי אָדער אנדערש — דער איקער איז, אז ער, קאסריעל, האָט זיך דערשלאָגן זײַנס: ער שטייט פארן קייסער! און וואָס איז דער כילעק צווישן א קראנקן קייסער און א קראנקן קאפּצן? אז ס'איז באשערט צו לעבן, לעבט מען, אז ס'איז ניט באשערט צו לעבן, שטארבט מען.

קאסריעל שלעפּט פונעם אקסל אראָפּ דאָס סאניטאר־רענצל און גיט א זאָג צום קייסער:

— איך ווייס ניט, ווי עס פירט זיך בא אײַך, בא אונדז דארף אָבער דער רופע בלײַבן מיטן כוילע אויג אף אויג.

און ער גיט א ווונק מיטן קאָפּ אף די אלע דאמעס און קאוואלערן.

עס האָט זיך באלד דערהערט א זשום, גלײַך ווי ניט נאָר באם קייסער, בא דער גאנצער סוויטע וואָלט געזשומעט אין קאָפּ א גרויסע בייזע פליג. אלע, ווי נאָך א קאָמאנדע, האָבן א קוק געטאָן אפן קייסער. און דער קייסער האָט בלויז א מאך געטאָן מיטן פינגער אזוי־אָ, וואָס עס האָט געדארפט הייסן: „שטעלט פּיס!”

דער לעצטער איז ארויסגעגאנגען דער גענעראל. איידער ער האָט נאָך זיך פארמאכט די טיר, האָט ער א בורטשע געטאָן אין די וואָנצעס: „קוק זשע בא מיר, קאסריעל־סאניטאר!” און ס'איז געוואָרן שא־שטיל, ווי אין שטעטל אפן בעסוילעם.

קאסריעל האָט זיך דערפילט א ביסל היימישער. צוגעגאנגען צום קייסער, האָט ער זיך אוועקגעזעצט לעבן זײַן געלעגער אף א ווייך בענקעלע און שטיל, פארטרוילעך אָנגעהויבן אויסצופרעגן דעם קראנקן:

— אין וואָס זשע פאר אן אויער איז אײַך ארײַנגעפלויגן די נימעסע פליג? אינעם רעכטן? טאקע ניט גוט. ווען זי פליט עפּשער ארײַן אינעם לינקן אויער... כאָטש צוריקגערעדט, א פליג איז ניט קיין וואָרט: א וואָרט פליט ארײַן אין איין אויער און פליט ארויס פונעם אנדערן אויער. וואָס זשע האָבן געזאָגט די גרויסע דאָקטוירים? באנקעס האָבן זיי אײַך געשטעלט? ניין... נו און ריצנייל געגעבן? אויך ניין... א שיינע מײַסע: מע לערנט זיך דאָס גאנצע לעבן, און ווען עס קומט צום היילן, רופט מען קאסריעל דעם סאניטאר...

שפּעטער האָט קאסריעל דערציילט דער עלטערבאָבע סאָרען: „איך קוק אף אונדזער קייסער, און דאָס הארץ באגיסט זיך מיר מיט טרערן: נעבעך, הויט און ביינער. א שאָטן מיט א קרוין אפן קאָפּ. א לעבעדיקער מעס. ניט אומזיסט זאָגט מען, אז א לאנגע קרענק איז א געוויסער טויט. און ווער וויל הײַנט שטארבן?! דער לעצטער קאפּצן, וואָס גייט אויס פאר הונגער, טשעפּעט זיך פארן לעבן מיט די לעצטע קויכעס — כאָטש נאָך א שאָ, נאָך א טאָג!.. ביפראט א קייסער אין אזא רײַכקײַט! אוי, גאָטעניו, פארוואָס באקומט זיך אזוי, אז ווען דו ווילסט שטראָפן דעם קייסער פאר זײַנע זינד, מוזן דערפון אָפּקומען דײַנע קינדער?! עס האָט מיך, סאָרעלע, ארומגעכאפּט אזא פארדראָס,

אַזאַ וויטיק, אַז מער אויסהאַלטן האָב איך ניט געקאָנט. כ'האָב אַרויסגעשלעפּט פֿון דער קעשענע דאָס פּעקעלע מיט טאַבעק, אָפּגעשאָטן אַ ביסל אויף דער דלאָניע, ווי מיטאַמאָל האָב איך דערפֿילט, אַז די האַנט מײַנע איז ניט מײַן האַנט. דאָס הייסט, אַז די האַנט איז טאַקע מײַנע, נאָר טוען טוט זי ניט דאָס, וואָס איך וויל. איך וויל צוטראָגן דאָס ביסל טאַבעק צו מײַן נאָז, נאָר זי דרייט זיך גאָר אויס צום קייסערס פּאָנעם און בלײַבט שטעקן אונטער זײַן נאָז...״

איר קאָנט זיך שוין פֿאָרשטעלן, מײַן פֿרײַנט, וואָס עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן. וואָס פֿאַר אַ טאַבעק האָט מײַן עלטערזיידע געהאַט, האָב איך אײַך שוין דערציילט. דער קייסער ניסט און ניסט און קאָן זיך בעשום-אויפֿן ניט אויסניסן. און קאַסרי̇על שטייט בײַ דער זײַט, און נאָך יעדן ניס שרײַט ער אויס: „צו געזונט, אײַער וועליטשעסטוואָ! צו געזונט!..״ וואָס זשע מיינט איר, נאָכן פֿופֿצנטן אָדער צוואַנציקסטן ניס איז פֿונעם קייסערס קאָפּ אַרויסגעפֿלויגן דורך דער נאָז די וואָרעדנע פֿליג. קאַסרי̇על זײַ ניט קיין נאַר, טראַכט ניט לאַנג און גיט די פֿליג אַ כאַפּ מיט דער האַנט — און פֿאַרטיק.

אין דער זעלבער מינוט צעפּראַלט זיך די טיר, און אינעם זאַל לויפֿט אַרײַן דער ערשטער מיניסטער מיט אַ גאַנצן פּאָלק סטראַזשניקעס. עמעצער האָט אים, אַפּאָנעם, צוגעטראָגן, ווער עס האָט געסמייעט איבערטרעטן די שוועל פֿונעם קייסערס פּאַלאַץ.

— כאַפּט אים! בינדט אים! — הייבט ער אָן שרײַען מאָלע רעציכע. — צום טאַליען אים פֿירן!..

דער פּאָלק סטראַזשניקעס גיט זיך באַלד אַ לאָז צו קאַסרי̇עלן, ווי אַ טיטשקע הינט.

— שאַט, ראַבויסײַ! — גיט אַ געשריי דער זיידע. ער שפּרינגט אַרויף אויפֿן ווייכן בענקעלע, אויף וועלכן ער איז ערשט געזעסן, הייבט אויף די האַנט מיט דער פֿליג אין דער פֿויסט און צענעמט די פֿינגער.

...זש-זש-זש...

דרייט זיך די פֿליג איבער דער סוויטעס קאָפּ.

...זש-זש-זש...

פֿאַרשטעלן אַלע דאַמעס, פֿרײַלינעס און קאַוואַלערן די אויערן מיט די דלאָניעס.

...זש-זש-זש...

זי גיט אַ זשוזשע דאָס לעצטע מאָל איבערן זאַל און פֿליט אַרויס אין דער אָפֿענער טיר.

דער ערשטער, ווי עס דאַרף צו זײַן, איז געקומען צו-זיך דער ערשטער מיניסטער:

— כאַפּט זי! בינדט זי! צום טאַליען זי!..

אינעם זעלבן טאָג, פֿאַרנאַכט, האָט דער קייסער אײַנגעאָרדנט אַ מאַסקע-באַל לעקאָוועד קאַסרי̇על-סאַניטאַר, נו, און אַוודע לעקאָוועד זײַן אייגן געזונט ווערן. אין סאַמע ברען פֿונעם באַל האָט דער קייסער אָפּגעשטעלט די מוזיק און די טענץ, צוגערופֿן צו זיך דעם עלטערזיידע און הויך, אַז אַלע זאָלן הערן, געזאָגט:

— נו, קאַסרילקאַ-סאַניטאַר, בעט בײַ מיר וואָס דו ווילסט און וויפֿל דו ווילסט! גאָלד, זילבער, פּערל...

דער עלטערזיידע שטעלט אים אָבער אָפּ:

— וואָס טויג מיר דאָס אַלץ!.. ס'איז שאַבעס אויף דער וועלט, קויף זשע בײַ מיר ניט אָוועק די שאַבעסדיקע מיצווע!

— וואָס זשע דען ווילסטו? זאָג!

— נאָר איין זאַך.

— וואָס פֿאַר אַ זאַך?

קאַסרי̇על-סאַניטאַר גיט אַ פֿיר מיט די אויגן איבער דעם אויסגעפּוצטן עולם, פֿאַרהאַלט אַ ווײַלע דעם בליק אויפֿן ערשטן מיניסטער און, ווי אַ דונער אינמיטן ווינטער, הערט זיך זײַן קאָל איבער דער גאַנצער מעלוכע:

— יווישער!

באַם קייסער איז אַזש אַראָפּגעפֿאָרן די קרוין אויף אַ זײַט.

— יווישער ווילסטו?.. מער גאָרניט?..

— ניין, מײַן קייסער, מער גאָרנישט ניט. נאָר אַזאַ קלייניקײַט!..

דער זאַקן האָט פֿאַרענדיקט צו דערציילן. זיך אַ צי געטאָן מיט דער האַנט צום אייבערשטן קעשענקעלע פֿון זײַן רעקל, וווּ ס'איז געלעגן דאָס פּושקעלע מיט טאַבעק, אָבער אויפֿן וועג זיך פֿאַרטשעפּעט פֿאַר אַ קנעפּל און איז שוין אַזוי געבליבן זיצן. געדרייט דאָס קנעפּל מיט צוויי פֿינגער און דערבײַ געזיפֿצט, געקאָכקעט און געקרעכצט.



## מיר, וועטעראַנען...

יאָ, מיר, וועטעראַנען פֿון דער מילכאָמע, באַגרײַפֿן די גרויסקייט פֿון רוסלאַנד,
דער מעדינעס לעוואָניקע נעכט אינעם איבערגוס פֿרײַען פֿון פֿויגלשע טרעלן אין וואַלד.
און ווען ס'גיסן זיך אָן מיט דער זון די ביימער די הויכע, די קוסטן,
קוקן מיר אַף איר הייליקער ערד, ווי אין פֿלאַם פֿון באַגינען זי שטראַלט.

יאָ, מיר, וועטעראַנען, האָבן אײַנגעזען קלאָר, ווי איר קויעך אין וועלטן
אויסגעפֿורעמט האָט פֿון איר רײַפֿקייט אַ געשאַנק פֿון ליבע און טרייסט
און געשענקט אונדז איר טרײַהייט — איר מענטשלעך געוויסן איר העלן
און די פֿולע געהיימלעכקייט טרײַע, ווי גאָלדהויטיקע זאַנגען פֿון ווייץ.

ניט געווען אַ פֿאַרצוימונג פֿאַר אונדז זײַנען טײַכן און טריבע פֿאַרטאָגן,
ניט די ווינטערדיק־שנייִקע וויוגעס, ניט די דונערס און בליצן אין רוים,
ווײַל מיר האָבן אין אונדזערע סאָלדאַטישע הערצער אַדורכגעטראָגן
רוסלאַנדס גרויזאַמען מוט און וויי, פֿון די דוירעס דעם פֿלאַמיקן טרוים.

דו הייליקע היים מײַנע, רוסלאַנד, אינעם פֿלוג צו די ווײַטע פּלאַנעטעס
דו שטעלסט פֿאָר פֿאַר דער וועלט הײַנט דײַן אויסזען, די אַקטיאַבערשע פֿאָן.
ווען דײַן ליכטיקער אַוואַר באַגײַסטערט די מוזע פֿון דײַנע פּאָעטן,
ביסטו ווידער אין וועג מיט דער ליד, וואָס נעמט שאַלן באַנײַס אַ קאָן.

כ'זע הײַנט ווידער דײַן גרויסקייט די שיינע, זע זי ווידער און ווידער —
ווי דײַן רום שײַנט אין וועלט און ווי איבערגעפֿולט ביסט מיט ליבע און שטראַלסט,
ווי דו אָטעמסט אין זוניקן אופֿגאַנג מיט ליכטיקער פֿרייד און מיט לידער
און ווי שטאָלץ ביסט געקרוינט מיט דײַן יוגנט אַזוי־ווי מיט גרינקייט דער וואַלד.

וויפֿל כיין אין דײַן בליק העלט! וויפֿל גליקלעכע, פֿריידיקע זונען!
און ווי איבערגעפֿולט ביסט מיט בלויקייט פֿון הימל, וואָס קיינמאָל ניט בלייכט, —
אַז עס ווילט זיך מיר פֿאָשעט אַ וואַלגער טאָן זיך צווישן סטעפּישע בלומען
און קוקן, ווי זוניקע שײַן גיסט זיך איבער אין יעטווידער זאַפֿטיקער קווייט.

ניט פֿאַרגעסן מיר וועלן קיינמאָל יענע יאָרן, די רויכיקע ווײַטן,
ווו דער שנײ האָט געשטאָכן דאָס לײַב און ווו קוילן אונדז האָבן געזוכט.
ווו איבער די קעפּ האָבן שווערע האַרמאַטן פֿון אַלע פֿיר זײַטן
געדונערט, און קוילן־סנאַריאַדן דאָרט האָבן געעגבערט די לופֿט.

מיר געדענקען: די זון־האָלאָוועשקע געטשאַדעט האָט אָפֿן שלאַכטפֿעלד באַרוטן,
און די בלײַענע כמאַרעס זײַנען געשוווּמען אין פֿלאַם, ניט גערוט,
און דער העלער באַגין, אויסגעוויקט אין סאָלדאַטישע בלוטן,
פֿלעגט אופֿגיין פֿאַר אונדז, און טײַער פֿלעג ווערן אַ יעטווידע שטילע מינוט.

יאָ, מיר, וועטעראַנען פֿון דער מילכאָמע, באַגרײַפֿן די גרויסקייט פֿון רוסלאַנד,
דער מעדינעס לעוואָניקע נעכט אינעם איבערגוס פֿרײַען פֿון פֿויגלשע טרעלן אין וואַלד.
און ווען ס'גיסן זיך אָן מיט דער זון די ביימער די הויכע, די קוסטן,
קוקן מיר אַף איר הייליקער ערד, ווי אין פֿלאַם פֿון באַגינען זי שטראַלט!..

# די פרוי פון צאַפן

(באַלאַדע)

ווער זשע ביסטו? דער מוילעד, צי דער פויגל דאַדאַ?
דער פויגל דאַדאַ, צי די זוימען אין דער האַרבער ערד?
ווער זשע האָט דיך געבוירן?
און פון וועלכער צאַפנדיקער יורטע ביסטו אַנטשטאַנען פאַר מיר?

צי דען פון אייז און פון זון, פון פעלדזן אָקעאַנישע
האָט אַליין דער צאַפנדיקער ווינט
געקלעפּט דיַין אויסזען?
אַראָפּלאַזנדיק זיך איינגאַנצן אין א כאַלעם,
אין דעם אָפּשיַין פון וויַיטע געשטערנס,
האָט ער אָנגעפּילט דיך מיט שיַין פון באַגינען.

ווי א פריַלינג־קוויט,
אַזוי אַנטשטאַנען ביסטו פאַר מיר,
צאַפנדיקע פרוי.
א פאַרשיקערטע,
האָסטו מיך מיט דיַין ערשטער ליבע
באַלוינט,
גליַיך דאָס האָט אַליין די זון אין א שיף־נעץ
זיך פאַרפּלאָנטערט לעם מיר,
קעדיי אויך איך פון קלאַנגען און וויכערס האַרציקע,
זאָל קאָנען
באַזינגען
די בלויע אויגן דיַינע.

איך ווייס דיך!
ווי א רויז פונעם ווינט,
ווי א פליגל פונעם שלאַקסרעגן —
אַזוי האָט זיך צעבליט דיַין טרוים,
וואָס האָט באַשאַפן פרוכטבאַרע זוימען
אויף דער ערד, וועמענס בליִונג
איז א געשאַנק פאַר דער ליבע,
וואָס איז פול מיט ערדישער ווערבע־שפּראַך,
מיט גליִענדיקע פויגלשע טרעלן,
וועלכע רופן מיך,
מיַינע רייַנע ליבע און מיַין לויטערן געוויסן,
ווי דעם הייסן אָטעם פון דער זון.
וואָס פריער האָב איך אַפילע ניט געקאָנט אים באַגריַיפן,
אונטער דעם אייגענעם דאַך.
קאָן זיַין, אַז פון אַן אַנדערן, פון גאָר א וויַיטן שטערן,
איז אַראָפּגעפאַלן א טראָפּן פון גינגאָלדענעם טוי
און האָט אָנגעפילט דיַינע שוואַרצאַפּלען,
און עפּשער גאָר דער הימלשער ראַכוועס
שוועבט דאָס אַזוי איבער די אָזערעס־אויגן דיַינע?
איך ווייס בלויז איינס:
ווען איך קוק אויף דיר,
פיל איך אויף ערדישע ראַכוועסן, אונטער די הימלען פון ראַסיי,
אין די פלאַמיקע בליקן דיַינע
אויפבליצן פון שטערן...

דעם טרוים, וואָס איז ארומגערינגלט מיט א דורכזיכטיקן שטורעם.
יאָ, האָפענונג, פרייד און בענקשאפט
האָב איך געפילט, קוקנדיק אַף דיר.
ווי זשע זאָל איך באַזינגען דײַן אויסזען?
אַט די לענדן, וועלכע בייסן גאנג
טרײַבן אראָפּ־צו קײַלעכיקע לעוואָנעס,
דאָס געזיכט, וואָס היט די כאַכמע פון מעכאשפים?

און באשטימט האָב איך דאָן:
די צאַפּנדיקע פרוי,
כאָטש זי באשײַנט זיך מיט דעם פלאַם פונעם זון־אופגאנג,
מיט דער ליכט פונעם הימל, מיט דער איידלסטער שיינקײַט,
כאָטש זי פילט אָן די לופט מיט לעוואָניקער שײַן,
און כאָטש בלויז פאר דעם אליין,
וואָס גייענדיק אַף דער ערד,
רײַסט זי אָפּ רײַפע פּירעס,
אומענדלעך שיינע און זאפטיקע,
שוין פאר דעם אליין, — אַף א הימלשער סקולפּטור איז זי ניט ענלעך,
זי איז גאָר אַן אנדערע.
אין איר איז אַלץ ערדיש: אירע טועכצן און איר קאָל,
די קנאָספּן אירע, די פרייד פון קינפטיקע טעג
אירע הענט, וואָס צינדן אָן שײַטערס אַף די הויכע בערג,
וועבן שניי־ווײַסן לײַוונט, באקן ברויט,
און אינגאנצן זי איז —
מײַן ערדישע ליבע.

עס טרעפט אמאָל:
דער פרילינג איז שוין אָנגעקומען
איבער דעם הימלשן אום־ענד,
נאָר אַף דער ערד איז נאָך ניטאָ זײַן שײַן,
כאָטש אומעטום עס טוט זיך שוין די גרויסע זאך.
ווי נאָר ס׳באווײַזט די זון זיך צווישן וואָלקנס,
אזוי גלײַך ענדערט זיך די וועלט ארום,
און קיין שום שפּור פון ווינטער,
זי איז פול מיט ליכט און דורכזיכטיק און העלט.
אין גאָלד — די בערגלעך,
פון די שווארצע פאשניעס — שײַן ביזן הימל
ברויזט פריידיק, רעגנבויגנדיק!

אזא איז אויך אונדזער ליבע...
צוזאמען מיט אירע בלעטער איז זי העל־בלוי און טיף,
ווי דער פרילינגדיקער הימל,
וואָס פילט אָן מיט לײַדנשאפט א הארץ,
וואָס נערט זיך בלויז מיט אופברויז פון שטורעמס...

אָ, צאַפּנדיקע, שיינע פרוי,
פון דײַן ליבע,
אינעווייניק אין זיך
האָב איך אנטפּלעקט דורכזיכטיקע פײַכטקײַט —
קריסטאלישע בלעזעלעך פון יאמישער זאלץ,
און — די זון. די זון!..

■ ■ ■

## שירע גאַרשמאַן

# א טאָפּלטער מאַזלטאָוו

אין איינעם פון די מאָסקווער געסלעך, וואָס נעמט דעם אָנהייב אַף קיראָוו־גאַס, וווינט א מישפּאָכע פון מענטשן — מאַן און ווייַב, א בענ־יאָכיד. דער בעניאָכיד האָט א טיפּישן רוסישן נאָמען — סלאַווע. די מישפּאָכע איז זייער אַן איינגעפונדעוועטע. ווי פון אייַזן. אַף אַזויפיל, אַז אויב דער מאַן, לאַזאַר רוווימאָוויטש, וויל עפּעס זאָגן איטע עזראָוונען, ער האָט שוין אפילע געעפנט דאָס מויל, לייגט זי אים ארויס דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט מיטיילן. פאַרשטייט זיך, דרייט דעם גאַנצן שטייגער איטע עזראָוונע, זי איז די באַלעבאָסטע, זי איז די אייצעגעבערן, כאָטש זי אונטעריכט פיזיק אין אוניווערטיטעט. דער מאַן, לאַזאַר רוווימאָוויטש, איז אַן אָנגעזעענער מאָסק־ווער בויער, ניט קיין ארכיטעקטאָר, א בויער — אַן אינזשעניער, זייער א באַהאַוונטער. אינדערפרי גייט ער אַוועק צו דער ארבעט, בייס ער קומט אין אָוונט, איז אַלץ גרייט און פאַרטיק.

העכער איז געזאָגט געוואָרן — א מישפּאָכע פון פיר מענטשן, ווער זשע זייַנען די איבעריקע — סלאַווע מיט דעם ווייַב. סלאַוועס ווייַב ארבעט אין קאָנסערוואַטאָריע. ווען סלאַווע איז נאָר אַוועק אין שול, האָט אים לאַזאַר רוווימאָוויטש צוגערופן און געזאָגט:

— סלאַוועקע, געדענק, איך און די מאַמע האָבן זיך שוין אויסגעלערנט, פאַר אונדז דאַרפסטו ניט קיין עקזאַמען, די דאַרפסט זיך לערנען אויס־שליסלעך פאַר זיך. איך מיין, אַז דו ביסט ניט אַף אַזויפיל נאַריש, דו פאַרשטייסט, אַז דעריקער איז דאָס, וואָס דו גופע ווילסט פון זיך, ניט די לערער. פונדעסטוועגן זאָלסטו מיטביידע אויערן הערן, וואָס די לערער זאָגן. פאַרשטייסט, צו פיר יאָר האָסטו געקענט צוגיין אויסשליסן און אייַנ־שליסן די שייַן, אָבער דאָס הייסט לאַכלוטן ניט, אַז דו האָסט געוווּסט, וויפל טירכע האָבן די גע־לערנטע אריינגעלייגט, ביז עס האָבן זיך אָנגע־צונדן די פּעדעמלעך, וואָס באַלייַכטן דיך.

סלאַווע האָט זיך געלערנט אויסגעצייכנט. געענדיקט די שול און גענומען „גאָלד". אין אוני־ווערסיטעט — גענומען אַן אויסגעצייכנטן דיפּלאָם, איז גוט באַהאַוונט אין איניען „פּאָלופּראָוואָדני־קעס", אַזוי, אַז ער האָט א קאַפּעדרע. פאַרשטייט זיך, איז ער ניט געוואָרן קיין פאַרזעסענער באָכער. ס'איז געקומען א שאַבעס, ווען סלאַווע האָט אריינגעפירט אין שטוב זייַן איצטיקע ווייַב און האָט געזאָגט בעקיצער: „מיר האָבן שוין כאַסענע געהאַט, אָבער מיר האָבן זיך נאָך ניט פאַרעגיסט־רירט אין זאַגס". טאַטע־מאַמע האָבן גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר לאַזאַר רוווימאָוויטש האָט ערנסט אָנגעקוקט דאָס פּאָרל און צוגעווונטשן: „זאָל דאָס זייַן אַף א לענגערער צייַט, ניט ווי איצטער איז די מאָדע".

אין סאָף פערציקער יאָרן האָט מען זיך פלו־צעם דערמאָנט, אַז מע דאַרף פייַנט האָבן ייִדן, דעמלט האָט מען ארויסגערופן איטע עזראָוונען אין קאַדרען־אָפּטייל פונעם אוניווערסיטעט און דער פאַרוואַלטער פונעם דאָזיקן אָפּטייל האָט בעקי־צער געזאָגט:

— איטע עזראָוונע, צייַט אָפּצוטרעטן דאָס אָרט פאַר יונגע.

אפילע ווען די באַרישניע, וואָס איז געזעסן אין קאַבינעט און האָט געקלאַפּט אַף דער שרייַב־מאַשינקע וואָלט דאָ ניט געזעסן, ניט געקלאַפּט, וואָלט דער פאַרוואַלטער סיַוויסיַ ניט געהערט, ווי עס פּויקט איטע עזראָוונעס האַרץ, אָבער אויסערלעך רויִק האָט זי קאַלט ארויסגעבראַכט:

— פּיאָטער וולאַדימיראָוויטש, אייַער אייצע פאַלט צונויף מיט מייַנע פּלענער, איך וועל אינגיכן ווערן א באָבע, קאָן איך שוין קיין פּעדאַגאָג ניט זייַן.

ניט זאָגנדיק קיין וואָרט מער, זייער שטיל פאַרמאַכט די טיר און אַוועק. זי האָט געטראָפן,

4—585

וואָרעם סלאָוועס האָט נאָך ביז יענער צײַט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אין פֿלעשער פֿאַרקויפֿט מען ניט נאָר קעפֿיר, אַז דאָס קעגנזעצלעכע געשלעכט איז גאָר ניט קיין לעכערלעכע זאַך, דאָס איז גאַנץ „פּריוואַטנע", דעריבער איז זײַן מוזיקערן איינגיכן געוואָרן א מאמע, און איטע עזראָווונע — א באָבע.

ביז מע ווערט א מאמע, א באָבע, ביז מע הייסט אוועקוואַרפֿן די אַרבעט, ביז דער געניטער בויער בלײַבט אויף אָן אַרבעט, איז זייער ביטער. איטע עזראָווונע פֿלעגט אָפֿט אַרויסגיין מיט פּעקלעך ביכער הינטער דעם אָרעם. אַדאַנק דעם, וואָס די ביכער זײַנען געווען זעלטענע, פֿלעגן זיך געפֿינען קוינים. ניט גרינג, אוי, ניט גרינג איז געווען דאָס לעבן, שוין אָפּגערעדט פֿון דעם, אַז ערלעכע מענטשן, ריינע ווי א טרער, פֿילן זיך איבעריק, מע דאַרף זיי מער ניט, אָבער אַלץ האָט א סאָף. קיינער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי און וואָס, נאָר אין די צײַטונגען זײַנען געווען קליינע אַרטיקעלעך וועגן דעם, אַז די דאָקטוירים, וואָס האָבן געוואָלט אומברענגען די מאַכטהאָבער, זײַנען רעאַביליטירט.

אין א קורצער צײַט אַרום האָט דער בויער געבויט, איטע עזראָווונע האָט שוין ניט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן קיין ביכער, אָבער זי האָט געדאַרפֿט זען, אַז די שנור, וואָס אַרבעט אין קאָנסערוואַטאָריע, צאַפּט אָפּ מילך פֿון די בריסטן ביזן אוועקגיין, די מילך זאָל ניט זויער ווערן, דער וואַרעמס זאָל זיך קאָכן, די ווינדעלעך זאָלן זיך טריקענען, געוויס אויסגעוואַשענע. אין א זעליקער שאָ נאָך אָוונט־ברויט זאָגט לאַזאַר רוווימאָוויטש צום זון:

— פֿאַרשטייסט, סלאָווע, די ביסט ניט דער ערשטער געבילדעטער, כ'מיין, אַז איך דאַרף דיר ניט זאָגן, אַז ביז דיר זײַנען געווען געבילדעטע מענטשן, וואָרעם אויב די מענטשהײַט האָט באַשטימט, אַז עס זײַנען דאָ אַמעראַצים, גראָבע־יונגען, אַזעפּענעמער, איז דאָ עפּעס קעגנזעצלעכס, פֿאַרשטייסט מיך? טאָמער האָסטו א טאָעס אין די „פּאָלופֿראַוואָדניקעס", איז ניט לעבנסגעפֿערלעך, כאָטש דאָס טויג אויף קאַפּאָרעס, טאָמער פּאַרפּוס איך א פּראָיעקט, פֿליען צענדליקער טויזנטער. עס זײַנען דאָ אַזעלכע, וואָס לעבן מיט גוזמעס, באַציען זיך צו זיך זייער רירנדיק, האָבן גרויסע דײַגעס וועגן אייגענעם בײַכל. איך גיב דיר א גוטע אייצע: טאָמער, כאַלילע, פּילסטו, אַז דו נעמסט בלאָזן פֿון זיך, כאַפּ א פֿליג און גיב איבער דײַנע מיטאַרבעטער, זאָלן זיי פֿון דעם מאַכן א העלפֿאַנד.

איטע עזראָווונע הערט זייער אויפֿמערקזאַם, וואָס איר מאַן זאָגט, א בלייך שמייכעלע קנייטשט אירע ליפּן. וואָס איז שײַך דער שנור איז זי נעבעך אין גאַלעס, ס'איז אַפֿילע ניטאָ, ווער זאָל אויסהערן, וואָס פֿאַר א קאָנצערט זי האָט הײַנט געהאַט, ווי זי לויבט באַכס פֿוגעס...

א שווער לעבן, זייער א סאַך אַרבעט. די צײַט גייט. יעדער מאַמע וועט פֿאַרשטיין, וויאַזוי עס איז אָנגעקומען איטע עזראָווונע אויסהאָדעווען צוויי איינינקלעך, וואָרעם ס'איז שוין דאָ ניט נאָר א יינגעלע, וועמען מע רופֿט זייער ייִדישלעך — בינימין, נאָר פֿון בינימין איז געוואָרן וועניע, און פֿון וועניע איז געוואָרן וועןן. זאָגט טאַקע איטע עזראָווונע: „איך ווייס ניט, „וועןן".

וועניעטשקע האָט זיך אויך געלערנט אויסגעצייכנט, אָבער קיין „גאָלד" האָט ער ניט גענומען, סאַכאַקל האָט ער גענומען א זילבערנע מעדאַל, נאָר דאָס איז שוין אַלץ אַוועק, ער האָט שוין געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, ער איז אויך א פֿיזיקער, און די באָבע קומט אים גאַנץ גוט צוניץ, ווײַל ער האָט אין שטוב א גוטן לערער. עטלעכע מאָל איז ער שוין געקומען מיט א מיידל. אין אַזא צווייפֿגעפֿלאָכטענער מישפּאָכע, אין א מישפּאָכע, ווו דאָס עלטערע פּאָר האָט שוין געמאַכט די גאָלדענע כאַסענע, איז דאָס מיידל, וועמען וועניעטשקע האָט געבראַכט, גוט אַרומגעקוקט געוואָרן. דאָס איז געווען א קליינוווּקסיק, מאָגער מיידל מיט קליינע הענט און פֿיס, מיט א קליין פֿיין־געשניצט מויל, מיט א וואָלקן טונקל־ברוינע האָר. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געהייסן סוועטע רובינשטיין און איז געווען א פּראָגראַמיסטקע. בייס וועניעטשקע־וועןן האָט אין איינעם אַן אָוונט געזאָגט: „דיעדושקאַ לאַזאַר, דו ווייסט, איך און סוועטע האָבן אָנגעגעבן א מעלדונג אין זאַגס" און דערנאָך, ווען ס'איז שוין אַלץ צו שטאַנד געקומען, האָט אין איינעם א שאַבעס דער זיידע, לאַזאַר רוווימאָוויטש, זיך אָנגערופֿן:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, וועניעטשקע־וועןן? סוועטע איז אונדז זייער צום האַרצן, ניט ווינציקער, ווי דו. כ'וועל זאָגן דאָס, וואָס כ'האָב געזאָגט דײַן טאַטן: זאָל דאָס געדויערן זייער לאַנג. האָסט מיך פֿאַרשטאַנען?

וועניעטשקע־וועןן האָט פֿאַרשטאַנען. ער האָט אויך געמיינט, אַז דאָס איז אויף א לאַנגער צײַט. דער זיידע האָט ניט איין מאָל געזאָגט: „דו ווייסט, סוועטע, כ'האָב שוין געהאַט א כשאַד, אַז דער גאַנצער האָניק־כוידעש וועט באַ דיר מיט מײַן איינינקל אוועקגיין אויף פֿאָרן אין בײַשטאָט, אין וואַלד קלײַבן שוועמלעך און געוויקסן. וואָס איז דאָס פֿאַר א האָניק־כוידעש, אַז מע זיצט ניט אויף אָן אָרט?"

לאַזאַר רוווימאָוויטש האָט טאַקע געזאָגט, וואָס ער טראַכט, ווײַל ער האָט געהאַט זײַן דערפֿאַרונג...

ער האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אַז אין דער ערשטער נאַכט, ווען די יונגע בלײַבט ליגן

אפן בעט מוטער־נאקעט, אומבאהאָלפן און אומבאַשיצט, זאָל איר מאַן זיצן אַף א שטול לעבן בעט, ווי א געלײמטער, זאָל אים אפילע ניט אײַנפאלן, אז ער קאָן זיך צורירן צו דער נאקעטקײַט, וואָס איז אזוי אנטפלעקט פאר אים. אָבער ניט אלע נעכט איז אזוי געווען. ס׳איז געקומען די אויסדערווײלטע שאָ, ווען דער יונגער מאַן האָט געטאָן דאָס, וואָס ווערט געטאָן אין אזעלכע פאלן. פון דעמלט איז אוועק צוויי יאָר.

אין אײנעם א וואָכעדיקן טאָג איז וועניע געקומען און האָט פראָסט געזאָגט:

— זײדע לאזאר, כ׳האָב אָנגעגעבן א מעלדונג — איך גט זיך מיט סוועטען.

דער זײדע איז געבליבן שטום. נאָר דאָס אײניקל האָט פאָרגעזעצט:

— דו פארשטײסט, זײדע לאזאר, איך וויל א קינד, כ׳האָב סוועטען זײער ליב, אָבער איך האָב ניט ליב קײן בעסוילעם, אלדאָס לעבעדיקע ווערט אין איר טויט.

— באטראכט זיך גוט, דאָס איז דאָך ניט קײן אינקובאטאָר, וויפל אײער דו לײגסט ארײַן, אזויפיל הינדעלעך נעמסטו ארויס. באטראכט זיך, מער וועל איך דיר גאָרניט זאָגן. איך צווײפל זײער, צי דו וועסט געפינען נאָך אזא סוועטע.

מיר האָבן אינגאנצן ארויסגעלאָזט פון מויל, אז דאָס צווײטע אײניקל, דאָס מײדל, איז שוין אויך געווען א דערוואקסענע, האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאקולטעט, איז געוואָרן א קינדערדאָקטער און האָט אויך אין אײנעם א טאָג אָנגעזאָגט דער באָבע־זײדן:

— פעטיע איז שוין מער ניט מיט מיר, פעטיע איז פון מיר אוועק.

דאָס איז געווען מער ווי א דונער אין א זוניקן טאָג. אין אזא צונויפגעזאָטענער מישפּאָכע — צוויי געטן!

לאזאר רוווימאָוויטש האָט געהאט א מיקראָאינפארקט, און איטע עזראָוונע האָט געהאט די מעגלעכקײַט זיך צו דערקונדיקן, אז דאָס איז גאנץ גענוג... די צײַט שטײט ניט.

אין אײנעם א זונטיק איז געקומען וועניעטשקע מיט א הויכער פרוי. זי האָט געהאט ליכטיקע אויגן, געווען קורץ געשוירן, גרויסע הענט און פיס, דעריקער די אונטערשטע קין, דאָס, וואָס בא אלעמען ענדיקט זיך שוין לאנג, איז נאָך בא איר אליץ געווען קין. און וועניעטשקע האָט געזאָגט פיר ווערטער: „דאָס איז מײַן ווײַב". אין דעם טערמין, וואָס האָט געדויערט צו ווערן א טאטע, האָט וועניעטשקען געראָטן, ער איז געוואָרן א טאטע פון א מײדעלע, און כאָטש ער איז געווען גליקלעך, האָט לאזאר רוווימאָוויטש קײנמאָל ניט דערמאָנט סוועטען, ווײַל ער האָט קײן רעגע ניט געצווײפלט, אז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס זײַן אײניקל איז געוואָרן א גליקלעכער טאטע, האָט ער ליב נאָר סוועטען, מער קײנעם ניט.

סוועטע איז דערווײַל געווען אלײן, זײער צוגעבונדן צו איטע עזראָוונען און לאזאר רוווימאָוויטשן. אלע שאבעס אומבאדינגט געווען בא זײ, אפילע די שאבאָסים, ווען זי האָט געוווּסט, אז וועניע וועט זײַן מיט דעם ווײַב און מיטן מײדעלע. נאָר ס׳האָט זיך געפונען א פראַגמאטיסט, וואָס האָט געהאט עמאָציעס ניט נאָר פאר וויסנשאפט. ער האָט גוט געזען סוועטעס אויגן, אירע האָר, איר געשניצט מויל. ס׳איז ניט אוועק קײן דרײַ יאָר, ווי סוועטע איז געקומען צו גײן צו לאזאר רוווימאָוויטשן, צו איטע עזראָוונען, געוויזן אפן מאנצבל, מיט וועלכן זי איז ארײַנגעגאנגען, און אָנגעזאָגט: „דאָס איז מײַן מאַן. דרײַ כאדאָשים, ווי מיר האָבן זיך פארעגיסטרירט, נאָר מיר ארבעטן אײנס לעבן אנדערן באלד דרײַ יאָר, נאָך פארן גט מיט וועניעטשקען".

איטע עזראָוונע האָט זײער הײס באגריסט די געקומענע און האָט זײ געשענקט פונעם מישפּאָכע־זילבער צוויי באגילדעטע זילבערנע טײ־לעפעלעך.

ס׳איז שוין אוועק א יאָר. סוועטע איז שוין ניט אזוי אָפט געקומען צו דער זײדע־באָבען אין געסט לעבן קיראָוו־גאס, נאָר אין אײנעם א טאָג האָט אָנגעקלונגען סוועטעס מאמע. איטע עזראָוונע איז צוגעגאנגען צום טעלעפאָן, האָט גערעדט געצײלטע ווערטער, איז ארײַנגעגאנגען און האָט גאָרנישט ניט געזאָגט לאזאר רוווימאָוויטשן, נאָר איר פּאָנעם איז געווען אזוי צעשטראָלט, אז ער האָט געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר די סימכע, מײַן ווײַב?

— איך דארף ארויסלויפן אין קראָם. ווען איך וועל קומען, וועל איך דיר דערצײלן.

זי האָט זיך ניט לאנג געזאמט. געקומען דערפרײט, ארויסגעלײגט די קני און ארויסגעשאלט:

— לײזער, דו ווײסט, סוועטע איז געוואָרן א מאמע. ס׳האָט מיר געקלונגען איר מאמע און געזאָגט, אז סוועטע ליגט אין שפיטאָל, זי האָט געהאט א ייִנגל.

ווי לאזאר רוווימאָוויטש איז געזעסן, אזוי איז ער געבליבן זיצן, ווי פארקילט. א ביסעלע געשוויגן, זיך אײַנגעקוקט אַף איטען און זיך אָפּגערופן:

— זאָלסט זיך ניט ארויסכאפן מיט דער בסורע פאר וועניעטשקען, איך מײן, אז דו פארשטײסט, וועמען ער האָט ליב, געדענק זשע. שטיל זאָל זײַן. נאָר איך בין זײער דערפרײט, כ׳וואָלט אפילע געזאָגט, אז אונדז איז צוגעקומען אן אײניקל.

# לייבעלעך, העמדעלעך, יאקעלעך

קיינער האט ניט געוווסט, קיינער האט ניט געקאנט טרעפן, וואס אדע גאלדבערג טראגט אוועק אין פעקלעך הינטערן ארעם. אלע וואָרמעסן גייט זי ארויס און קערט זיך אום מיט א פעקל. נאטאשע סאראקינא האט אנומלטן בא איר געפרעגט:

— איך ארבעט מיט דיר באלד דריי יאר, און דו האסט מיר קיינמאל ניט געזאגט, וואס קויפסטו אזוי אפט, ווייז מיר!

— ווען איך וואלט געוואלט, אז דו זאלסט זען, וואלט איך פאנאנדערגעוויקלט און דיר געוויזן, — אזוי האט אדע געענטפערט. זאכלעך און טרוקן. אט אזוי, ווי פריער, פלעגט זי ארויסגיין זייער אפט אין וואָרמעס־צייט איינקויפן, וואס זי האט געהאלטן פאר נייטיק. נאך דער ארבעט אין שטוב פלעגט זי פאנאנדערוויקלען דאס פעקל, גוט באטראכטן, וואס זי האט געקויפט, און אוועקלייגן אין שאפע, ווו זי האט געהאלטן די דאזיקע זאכן.

אין איינעם א פארנאכט, ווען זי איז געקומען פון דער ארבעט, איז לעבן איר טיר געשטאנען א מאנצבל, אין דער לינקער האנט האט ער געהאלטן א פארטפעל, זיין רעכטע האנט איז געווען אופגעהויבן צום גלעקל פון איר טיר. אדע איז צוגעגאנגען, א ביסעלע אנגעבויגן דעם קאפ אין א זייט, זיך איינגעקוקט דעם מאנצבל אין פאנעם:

— איך זע אייך דאס ערשטע מאל. די טיר איז פון מיין צימער, קאן געמאלט זיין, אז איר דארפט טאקע מיך.

— געוויס. איך בין דאך ריווע יאקאוולעוונעס זון, וואס האט זיך אזויפיל יאר געכאווערט מיט אייער מאמען, עלעהאשאלעם, און איצטער, אז מע האט מיך געשיקט העכערן די קוואליפיקאציע אף א געוויסן קעגנשטאנד, האט מיך די מאמע געבעטן, כ׳זאל אייך אופזוכן, האב איך געפאלגט. עפנט זשע די טיר, א גוטן־אוונט אייך.

דאס מאל האט אדע אויך געהאלטן א פעקעלע אונטערן ארעם, אבער זי האט עס אזוי אומגעלומפערט א ווארף געטאן אף דער סאפע, אז דאס פאפיר האט זיך פאנאנדערגעוויקלט און דער יונגער מאנצבל האט מיט ווונדער באטראכט די מאדנע זאכן, וואס האבן זיך צעווארפן אף דער סאפע. פיצינקע שיכעלעך, זייער קלייניקע יאקעלעך און אזעלכע גאנצע הייזלעך מיט יאקעלעך, וואס רופן זיך „פאלזונקי". ער האט עס גאנץ גוט געזען, קיין ווארט ניט ארויסגערעדט. דערנאך איז ער מיט אדען געזעסן באם טיש, ער האט ארויסגעשטעלט א פלאש וויין, דאן האט מען נאך געקאנט קויפן וויין אין יעדער קראם, דערנאך האבן זיי עפעס צוגעביסן, ער איז היפש געזעסן, ענדלעך זיך אופגעהויבן און געלאזט וויסן:

— מיך רופט מען דאניעל, דאניע, מיין פאטערנאמען איז מייעראוויטש. נאר איך מיין, אז דאס איז איבעריק. א דאנק אייך פאר דער פרעזשעניצע, ס׳איז געווען אויסגעצייכנט, איך בין טאקע געווען גוט הונגעריק. אזויווי איך וועל דא העכערן די קוואליפיקאציע דריי מאנאט, וויל איך האפן, אז מיר זעען זיך ניט צום לעצטן מאל.

— צום לעצטן מאל, וואס פאלט אייך איין? אויב מיין געזעלשאפט איז אייך ניט דערווידער און איר האט דא נאך ניט קיין באטאליאן באקאנטע, וואלט איר געקאנט קומען צו מיר אלע אוונט, ווארעם איך זיץ מיר אין מיין איינצימערדיקער דירע און ס׳איז מיר אפט גאנץ פאסקודנע.

געזאגט און געטאן. זייער אפט איז דאניעל געקומען צו אדען. און נאך א פאר מאל האט ער אויך געכאפט מיטן בליק אף דער סאפע פארשיידענע קינדער־זאכן. ער איז געווען זייער נייגעריק, אבער ער וועט דאך ניט גיין פרעגן, פאר וואס און פאר וועמען? מיר וועלן לאנג ניט בריען — דאניעל און אדע זיינען זיך געפעלן געווארן און פריער ווי אין א יאר ארום. עס טרעפט אזוינס...

אין איינעם אן אוונט נאכן עסן האט דאניע עפעס באמערקט וועגן דעם, אז ער האט געזען דעמלט, צום ערשטן מאל, וויאזוי די קינדער־זאכן האבן זיך צעשאטן איבער דער סאפע.

אדע האט אים אנגעקוקט, זייער שטרענג און שטיל געפרעגט:

— ווי אלט זייט איר? מיר איז דאס אכט־און־צוואנציקסטע יאר, קאן זיין, אז איר זייט מיט א יאר צוויי יינגער פון מיר, אבער אכצן זייט איר שוין ניט אלט. זאג איך אייך אפן און קלאר: כ׳האב זייער ליב כעמיע, און ביכלאל האב איך ליב וויסנשאפט. אבער פאר איין קינד גיב איך אייך אוועק די גאנצע וויסנשאפט אין דער וועלט, איר האט באנומען, וואס איך רעד? איך האב געקוקט אף אייך און איך האב געזען, אז איך בין אייך ניט זייער דערווידער, האב איך ניט געפונען פאר נייטיק פרויענמעסיק זיך צו האמעווען. וואס וועט איר מיר זאגן?

— וואס זאל איך אייך זאגן? דאס איז פרעכטיק, און אלץ, וואס איר האט געקויפט, וועט אונדז צוניץ קומען. נאר מיר דוכט, אז מיר דארפן האבן מער פון דריי קינדער, ווייל ווען איר זייט געווען אין קיך, האב איך א קוק געטאן, וואס אין אלמער טוט זיך.

ווי דאניעל האט געזאגט, אזויווי ער וואלט דורך וואסער געקוקט, איז מעקויעם געווארן. ס׳איז צוניץ געקומען. ס׳דארף דאך גראד אזוי טרעפן, א פרוי זאל אזוי וועלן א קינד, אז זי זאל האבן צוויי מיטאמאל.

# די ערשטע באַד

עס האָט אים אַרומגענומען א וואַרעמע, שווענקענדיקע, צאַרט־גלעטנדיקע, שטילע, גרויסע וועלט... ווי די וועלט, פון וועלכער ער איז אַהער־געקומען מיט צען טעג צוריק. האָט ער אויסגע־צויגן די פיסלעך, אַרויסגעשטעקט א שפּיץ צינגל, זיך באַלעקט, אַרופגעקײַקלט די שוואַרצאַפּלען, א בלינצל געטאָן די קלאָרע ווײַסלעך, פּאַנאַנדערגע־לאָזן די פיס־פינגער — קײַלעכדיקע, פרישע, ווי אַרבעסלעך נאַרוואָס פונעם שויט — געטאָן א גריפּסל און אײַנגעשלאָפן.

די מאַמע האָט פּאַרזיכטיק, פּאַוואָליע, גע־גאָסן אפן בײַכל, בריסטל, אַף די הענטלעך, באַ־נעצט דאָס קעפּל, און ער איז געשלאָפן, ביז זי האָט אים איבערגעקערט מיט דער פּלייצע אַרויף. דאַן האָט דער טאַטע גענומען גיסן פון א קרוג דורכן געדיכטן זײַער. האָט עס זיך אופגעכאַפּט מיט א געשריי איבער די שטײַפע שטראָמעלעך, וואָס האָבן קוים שטעכנדיק זיך געגאָסן אפן רוקן, אפן געזעסל, אַף די פּולקעלעך. עס האָט א צאַפּל געטאָן. די מאַמע האָט אופגעציטערט, דער טאַטע איז בלייך געוואָרן, שיר ניט אַרויסגעלאָזט דעם זײַער פון דער האַנט.

— אוי, פּישל מײַנס! עס איז דאָך שיר ניט אַרויסגעשווומען פון די הענט, — האָט די מאַמע געזאָגט, איבערבאַפּנדיק דעם אָטעם, און שטיל, גאָר שטיל:

— דעם האַנטעך... פּאַוואָליע... גרינג... אַז א ווינט...

דער טאַטע האָט געשיקט אויסגעשפּרייט דעם האַנטעך. די מאַמע האָט עס גיך און שפּאַרעוודיק פּאַרוויקלט, געלאָזט א שפּעלטעלע באַם נעזל, מײַלכל און זײַער אַפּגעהיט עס אוועקגעלייגט אפן טיש. פון איר שטערן, איבער די אויגן, איבער דער נאָז האָבן זיך געקײַקלט גרויסע טראָפּנס שווייס.

— וויש מיר אויס דאָס פּאָנעם. דו זעסט דאָך, אַז ס'קאָן, כאַלילע, אַרופטריפן אַף אים, — האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ פּאַרציטערט קאָל, גלײַך עס דראָט איר פּיצל די גרעסטע סאַקאָנע.

האָט דער טאַטע געוווישט דער מאַמעס פּאַ־נעם, און זי, די מאַמע, האָט אָפּגעבויגן א ברעג האַנטעך, אַנטבלויזט א הענטל באַם קינד, עס אונ־טערגעהויבן, אויסגעוווישט, באַשמירט אונטערן אָרעמל מיט געקאָכט אייל, צוגעדעקט. אַקוראַט אַזוי געטאָן מיטן צווייטן הענטל, מיט די פיסלעך. ס'קינד האָט געשריגן, דער טאַטע האָט געדרייט קנײַטלעך פון וואַטע, די מאַמע האָט גערייניקט די אויערלעך, דאָס נעזל. לויט איר קוק האָט דער טאַטע פאַרשטאַנען, וואָס זי באַדאַרף, דערלאַנגט צו דער האַנט — אייל. א טיכעלע פאַרן קעפּל, א העמדעלע, אַנגעשטערנגט געקוקט אַף אירע גיך־גיך באַוועגנדיקע הענט, געציטערט איבער דעם, עס זאָל איר אין עפּעס זײַן, כאַלילע, אומבאַקוועם, אָדער, כאַסווכאַלילע, גאָר אָנרירן מיט א נאָגל די צאַרטע, ראָזלעך־רויטלעכע הויט פונעם בכויר...

ס'קינד האָט געשריגן. די מאַמע האָט אַלץ געטאָן ערנסט און באַדאַכט, פלינק אַרײַנגע־שטעקט די הענטלעך אין די אַרבל פונעם העמ־דעלע, פּאַרוויקלט אין א ווײַס ווינדל, אַרומגע־כאַפּט מיט א קרעמע פּלאַנעלע, געמאַכט א קנײַטש, פּאַרנומען ביידע עקן, א קײַקל געטאָן, צוגעפּעטשלט איבער דער פּלייצע, זיך אוועקגע־זעצט און פּאַנאַנדערגעשפּיליעט דעם כאַלאַט.

דאָס קינד האָט געשריגן נאָך א רעגע, ניט מער. עס האָט א דריי געטאָן מיטן קעפּל צו דער ריכטיקער זײַט, א כאַפּ, א טשמאַקע געטאָן, און עס הערט זיך שוין אַן אײַלנדיק שלינגען. א טראָפּן איז דעם קינד אַרײַן אין דער לינקער קעל, האָט עס זיך פאַרכלינעט, פּאַרהוסט, אַרויסגעלאָזן דעם וואָרצל, זיך צעשריען, נאָר באַלד ווידער א דריי געטאָן מיטן קעפּל, א כאַפּ און פּאַרטיק...

טאַטע־מאַמע האָבן געהערט, געקוקט, ווי דאָס פּיצל האָרעוועט, און שווײַגנדיק געטראַכט: „זאָל עס נאָר קיינמאָל פון בייז ניט וויסן...” דאָס קינד האָט אַלץ געשלונגען, געשלונגען, איבערגע־כאַפּט דעם אָטעם און ווײַטער געשלונגען, זיך אָנגענומען באַ דער מאַמען קרעפטן צו קוועלן, צו וואַקסן, צום געדײַען, צום לעבן...

# קיין לענינגראַד

ס'איז גוט, אַז מע פּאַרט אוועק פון דער היים ניט נאָר מיטן טשעמאָדאַן, ס'איז געוווּנטשן, ס'זאָל עפּעס זײַן אין קאָפּ און דאָס זאָל מיטפאָרן. מאַמעש פאַרן אוועקפאָרן קומט צו מיר מײַן יונ־גער פרײַנט און דערציילט מיר א מײַסע פון פּאַראַיאָרן, אַז ס'איז שוין א יאָר, אַז ער האָט זיך געעגעט מיט זײַן ווײַב און ער האָט שוין געענ־דיקט די אַספּיראַנטור אויך און האָט באַוויזן כאַ־סענע צו האָבן און האָט שוין א מיידערע פון אַכט כאַדאָשים. כ'בין געוואָרן דערשיטערט, ווײַל דער

יונגער פרײַנט מײַנער ב. איז געווען מיט זײַן ווײַב איין לײַב און איין נעשאָמע, עמעס, כ׳האָב זיך דערמאָנט, אז ער האָט אנומלטן געזאָגט: „טיאָטיא שירקא, כ׳וויל א קינד״. „וואָס קאָן מען טאָן, דאָס איז דאָך ניט קיין אינקובאטאָר, וויפל איך לייג ארײַן, אזויפיל נעם איך ארויס, האָב געדולד״. דאָס איז געווען מיט א יאָר צוריק, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן, ער האָט א נײַ ווײַב און האָט א טעכטערל. יענץ ווײַב האָט מיט דער צײַט אויך כאסענע געהאט. אזויווי מיר זײַנען אין זייער גוטע באציִונגען, פלעגט זי מיר אָפט קלינגען, און אקוראט פאר מײַן אוועקפאָרן — א קלונג אין טעלעפאָן: „טיאָטיא שירקא, פאָזדראווטיע מעניא, או מעניא סין״.

גוט! איצטער קומט צו מיר דער געוועזענער מאן, און פון זײַנע אויגן שטראָמט פארצווייפלונג און אומעט, פארשטיי איך שוין, וואָס די מײַסע איז, און טרייסט אים, ווי איך קען. „וואָס זאָל מען טאָן, דער אויסוואל איז ניט קיין גרויסער און וויבאלד דו האָסט ניט געהאט א יאָר מיט איר קיין קינדער, נעם זיך ניט צום הארצן, ביסט א טאטע, האָסט א מיידעלע, זי האָט געהאט א יִנגל, עפשער וועט איר זיך איינער דעם אנדערן זאָגן אמאָל מאזלטאָוו״. און מיט דעם בין איך מיר אוועקגעפאָרן קיין לענינגראד.

פאָרן אהין איז, ווי מע פלעגט אמאָל זאָגן, „א קאָשערע שיסל מיט א קאָשערן לעפל״. ערשטנס, איז דאָרטן מײַן טאָכטער רוט, צווייטנס, האָב איך דאָרטן א פאָרפאָלק קאָמונארן. וועגן די קאָמונארן שפעטער, כ׳האָב דאָך אָנגעהויבן פון דער טאָכטער. וואָס פאר א מאמע ליבט ניט איר קינד, אָבער מײַן רוט איז אן אויסגעזוכטע בעריע, אלץ אין שטוב בליצט און גלאנצט. כ׳פרעג בא איר: „מיט וואָס שײַערסטו דײַנע פענדלעך, אז זיי בלאנקען, ווי זילבערנע?״ „מיט זייף, מיט דינעם זאמד, וואָס איך ברענג זומער פונעם פליאזש, מיט א שמאטקעלע און מיט לעבעדיקן ביין״. אויסרעכענען, ווי אלץ זעט אויס אין שטוב בא איר, איז אומעגלעך. די טרעטערלעך, די טישטעכער, די קישנס, די קאָלדרעס — אלץ, ווי איצטער פון דער פאָליצע. אז די טײַערע זין — מײַנע אייניקלעך קומען פון דער ארבעט, זײַנען זיי אזוי אויסגעשולט, אז זיי לאָזן איבער די שיך אף דער שוועל און אין די שקארפעטקעס גייט מען אין פאָדער־שטוב. אכוץ אלצדינג, ווי זיי וואשן זיך, ווי זויבער זיי זײַנען, האָב איך נאָך אזעלכע זין ניט געזען. „מאמעטשקע און מאמעטשקע. מאמעטשקע, הײַנט איז א קאלטער טאָג, אָט גיב איך דיר א שיסל וואסער, פארע אויס די פיס, און אָט גיב איך דיר ווארעמע שקארפעטקעס״. זי באווײַזט זיך נאָך ניט צוזעצן צום טיש, ווי ס׳איז אלץ גרייט לעבן איר. די זין קאָכן און פרעגלען אליין, ווײַל זיי האָבן זיך געלערנט צו זײַן קעכערס, נאָר זיי זײַנען שוין פון לאנג ניט קיין קעכערס. ביידע ארבעטן זיי אין א שפײַכלער אף דער אײַזנבאן, זייער נאָענט פון שטוב, ווײַל מײַן טאָכטער לעבט לעבן מאָסקווער וואָקזאל, אף ניעווסקי. עסן אָן א ביכל איז אויסגעשלאָסן, און אז מע עסט — האָט מען וועגן וואָס צו ריידן.

דער עלטערער, עליע, לאָזט ניט ארויס פון מויל מיקלוכאָ־מאקלײַען. „באבושקא, דו געדענקסט, ווי דער פאפואס האָט געזאָגט: „מאקלײַ, דו קאָנסט שטארבן״. און וואָס מאקלײַ האָט געטאָן, געדענקסטו? ער האָט זיך פארטראכט, א פיר געטאָן מיט די אויגן אף די ווענט און האָט געזאָגט: „אָט הענגט א שפיז, נעם אראָפ און פרוּוו, וועסטו זען, ווי איך קאָן שטארבן צי ניט״. „אוי, ניין, ניין, מע דארף ניט, מאקלײַ״, — האָט דער פאפואס אויסגעשריִען. און וואָאָבשטשע, קען איך ניט נאָך אזא מענטשן, ווי מיקלוכאָ־מאקלײַ. נאָר אפן בעסוילעם האָט ער א דענקמאָל, פארוואָס זאָל מען ניט מאכן א גאס אף זײַן נאָמען?״

דער יִנגערער — פעטרושע, גערופן האָט מען אים פייסעך, הערט אוף צו עסן און זאָגט אופגעבראכט: „דײַן מיקלוכאָ־מאקלײַ איז, פארשטייט זיך, א וווילער יאט, אָבער נאנסען, איין קלייניקײַט, פריטיאָף נאנסען, ער איז דאָך געווען דאָרטן, ווו ס׳איז ניט ווארעם, און פון דאָרטן האָט ער געשריבן זײַן ווײַב: „דו וועסט זײַן מיט מיר אומעטום, צווישן די אײַזבערג, צווישן די זאווייעס, אין אלע יאמען. ווען איך וועל ארבעטן, אפילע ווען איך וועל שלאָפן — אומינקעטום וועסטו זײַן מיט מיר, מײַן טײַערע, האָב קיין מוירע ניט, אויב איך וועל זיך פארזאמען אף לאנג, וועל איך אלציינס קומען צו דיר א גליקלעכער...״

אָט אזוי ריידן זיך דורך מײַנע אייניקלעך, דערנאָך גייען זיי מיט מיר איבער דער שטאָט, און אז מיר קומען טרינקען טיי, לייענט מיר פעטרושע אף אויסווייניק קימאט די גאנצע „פאלאטע נומער זעקס״. ער דערציילט, אז דער פראָסט קנאקט און די ארבעט מוז מען אָפטאָן, און אזוי גייט אוועק דער טאָג.

גאנצע צוויי טעג פארבראכט מיט דער טאָכטער און מיט די טײַערע אייניקלעך, אזוינע האָרעפאשניקעס. צײַט צו גיין צו די קאָמונארן. די קאָמונארן וווינען אף גראזשדאנסקי פראָספעקט. געקומען אהין, דאָס ערשטע וואָרט, וואָס ווידגער, מײַן קאָמונאר, זאָגט מיר: „זעסט, שירקע, זיקנע איז א שלעכטע זאך״. מאלקע שאָקלט מיטן קאָפ און זינגט אונטער: „זיקנע איז זייער ניט פויגלדיק״.

וואָס קאָן מען דאָ זאָגן, ס׳איז טאקע ניט פויגלדיק, אָבער יעדער מענטש פילט אזוי די עלטער, ווי ער פילט. איך הער, און איך זאָג זיי:

— פארוואָס זאָלט איר ניט נעמען א טאקסי, זיך ארײַנזעצן זאלבעצווייט און זיך דורכפאָרן

איבער דער שטאָט? ניט זען א גאנצן טאָג די קאסטס, וואָס שטייען אין דער לענג און אין דער ברייט. איך לעבט אין אזא פראכט, און סײַ אײַערע בריוו און סײַ איצט, ווען איר האָט מיך דערזען, איז נאָר איין פּיזמען: זיקנע.

זיי שמייכלען, נאָר איך זע לויט זייערע פּענעמער, אז זיי וועלן קיינמאָל ניט פאָלגן מײַן אייצע. וויגדער באמערקט:

— געדענקסט, שירקע, אז דו ביסט פאראַיאָרן בא אונדז געווען, האָסטו דערציילט, אז דו שטאמסט פון קויהאנים. איך גלייב דיר, דערפאר האָסטו ליב צו געבן אייצעס.

נאָר מער קיין אייצעס האָב איך שוין ניט געגעבן, ווײַל מאלקע האָט מיך ארויסגעשלאָגן פון די געדאנקען:

— דו ווייסט דאָך, אז איך בין פערציק יאָר געווען א דאָקטער, האָב איך גענוג מײַסעס. אויב ווילסט הערן, וויאזוי מענטשן זײַנען פארנארישט, קאָן איך דיר דערציילן א קליינע מײַסע.

אנומלטן איז צו מיר געקומען א מאנצבל אין די מיטעלע יאָרן, ער פלעגט צו מיר קומען אָפט, ווײַל זײַן מאמע האָט שוין ניט געקאָנט גיין, זי האָט געהאט די סאמע מאָדערנע קרענק און ס'איז איר געבליבן צו לעבן לויט מײַן כעזשבן א כאדאָשים צוויי, און דער זון גייט צו איר, ווײַל זײַן ווײַב, די שנור, לאָזט ניט נעמען די מאמע צו זיך, אלעמאָל דינגט ער איר א נײַע פרוי, מע זאָל אכטונג געבן אף איר, און אלעמאָל טרײַבט זי ארויס די פרוי. איינמאָל, דערציילט ער מיר, האָב איך געקראָגן א טײַערע פרוי, א געוועזענע קראנקן־שוועסטער, א צוכט, זייער אן אופמערקזאמע, קום צו גיין צו דער מאמען. זי ליגט אליין און וויינט: „איר הערט, דאָקטער, וואָס איך דערצייל אײַך?” איך פרעג: „מאמע, ווו איז די פרוי?” זאָגט זי: „זאָלסט מיר וועגן איר ניט דערמאָנען, זי האָט געמישט די גערקולעסווע קאשע מיט מײַן זילבערנעם לעפל, האָב איך זי ארויסגעטריבן. ווי קאָן מען האלטן אין שטוב אזא אויסברענגערן?”

מאלקע אליין איז אופגעבראכט: „ס'איז טאקע נאריש, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? ביז די אויגן זײַנען אָפן, איז אלץ קנאפּ און קארג, און אלץ דארף מען אָפּהיטן אף שפּעטער...”

ס'גייט אוועק דער טאָג, ס'הייבט זיך אָן דער אָוונט, מאלקע מאכט וויגדערן אײַנשפּריצונגען קעגן דיאבעט, זי גיט אים נאָך א סאך רעפּועס, אף צו פארבײַסן — א טאבלעטקע אסקאָרבינקע.

מיטיק־צײַט גייט מיר דורך טיר און דורך טויער. ס'איז געקומען זייער אייניקל לענע מיטן מאן, מיט צוויי ייִנגלעך, וואָס שײַנען, ווי די לעוואָנע. עס ווערט אזא טומל, אזא גערודער, דאָס בעטגעוואנט און די זאָפּעס זײַנען גלײַך אויסגעדרייט מיטן קאָפּ און מיט די פיס ארויף. דאָס איז א פריילעכער טומל, ווײַל לענע און איר מאן אליק ארבעטן ערגעץ לעבן קאָמאראָוואָ אין פּעטעו. אכט יאָר האָבן זיי דאָרטן געארבעט און געווארט אף א דירע, און אקוראט איצט האָט מען זיי געגעבן די דירע, אף נײַ־יאָר. ס'איז ניט אזוי באקוועם, אפן פינפטן שטאָק, אָן א ווינדע, אָבער פאָרט א דרײַ־צימערדיקע דירע מיט צוויי באלקאָנען. אליק כאָכמעט זיך, ער קען א ביסל כומעש:

— איר הערט, טיאָטיע שירע, מיר האָבן געווארט אף דער דירע ניט ווינציקער, ווי אונדזער עלטער־פאָטער בא לאָוואנען אף ראָכלען. אָבער ס'איז גוט — בעסער קאָן שוין ניט זײַן. שטעלט אײַך פאָר, אז איינס און צוויי באנאכט פלעגט מען קלאפּן אין טיר, ווײַל איך פלעג דארפן ראטעווען די מיידלעך פון די עלטערע ייִנגלעך. די עלטערע ייִנגלעך זײַנען שוין ניט קיין קינדער, דאָס נײַנצנטע יאָר. אָט אזוי איז געווען, און איצטער וועלן מיר לעבן אין א באזונדערער דירע. גייט קלאָפּט.

נאָך דערוף גייט אוועק א ייִשעוו־האדאָס, וואָס פאר א מעבל מע זאָל קויפן און צי זאָל מען טאקע באלד קויפן, ווײַל קיין קלינגערס זײַנען ניט אזויפיל. וויגדער און מאלקע גייען ארויס אין צווייטן צימער, רופן אהין ארײַן לענען, און ס'איז גאנץ פארשטענדלעך, אז זיי טראָגן ארײַן זייער כיילעק אף דעם מעבל. טאטע־מאמע זײַנען אוועקגעפאָרן, דאָס עלטערע ייִנגל — דאָס צוועלפטע יאָר, זאָגט צו מאלקען: „באָבע, גיב מיר א ריינעם האנטעך, זײַף ווייס איך ווו עס ליגט, כ'וועל אליין אויסוואשן די וואנע און וועל אויסבאָדן פּאוולִיקן”. אזוי טוט ער טאקע. אליין באָדט ער זיך אויך אויס, ווײַל אין ייִשעוו, לעבן קאָמאראָוואָ האָבן זיי ניט קיין ווארעמע וואסער. דערנאָך גיט ער וועטשערע, סײַ דעם קלענערן, סײַ זיך, לייגט פאנאנדער דאָס דאטשע־בעטל אין צווייטן צימער, און אין א ווײַלע ארום ווערט שטיל. אינגיכן קומט צו גיין דער ייִנגערער זון — וויגדערס און מאלקעס, יויסעף, ער איז א געאָלאָג, ער האָט זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון אן עקספּעדיציע, זייער אן אויסגעשפּראָכענע ייִדישע אויסערלעכקײַט. דאָס קנייטשן מיט די אקסלען, צונויפקאָרטשען די נאָז, צוזשמורען די אויגן — אלץ איז זייער ייִדישלעך. ער דערציילט זייער קורץ וועגן זײַן עקספּעדיציע. וואָס איז דאָ א סאך וואָס צו ריידן: „אין דער ערד איז באהאלטן זייער א סאך גוטס, די געאָלאָגן דארפן גראָבן און געפינען. איך וואָלט אײַך דערציילט מערער, טיאָטיע שירקע, נאָר איך האָב קיין צײַט ניט, אף מיר ווארט אינדערהיים מײַן ווײַב”.

איך זע, אז ער גייט אויך אוועק מיט מאלקען אין צווייטן צימער, און מאלקע גייט ארויס פון דאָרטן מיט א שמייכל. פארשטיי איך שוין, אז יויסעף האָט אויך געגעבן עפּעס אף מעבל, ווײַל ער האָט שוין אן אנדער מישפּאָכע, און ער האָט א זון פון פופצן יאָר, און ס'איז אפילע צו זען,

אַז דאָס צווייטע מאָל האָט ער אויך ניט אָנגעכאַפּט גאָט פאַר דער באָרד... איצטער ווערט שוין, ענדלעך, שטיל, מע לייגט זיך שלאָפן.

אַף מאָרגן איז א נייַער טאָג. רוט זאָגט מיר אָן ניט קיין פריילעכע בסורע: „מאמע, דו ווייסט, דער רוסישער מוזיי איז פאַרמאַכט אַף רעמאָנט". מיטן רוסישן מוזיי איז דער הימל אַף דער ערד ניט אַראָפּגעפאַלן, איך גיי אין ערמיטאַזש. אָבער דאָרטן איז אזא גרויסע ריי, און דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט, אַז איך שטעל מיר פּאַשעט פאָר, ווי „דאַנייַער" איז נאָך ניט אויסגעשטעלט, מע רעסטאַווירט זיי נאָך אַלץ. איך זע מאַמעש, ווי דער אַלטער פאָטער האַלט די הענט אַזוי ליבלעך אַפן פאַרבלאָנדזשעטן זונס אויסגעוואָגלטער פּלייצע. ס'וועט שוין אויסקומען צו גיין אַף וואָלכאָנקע גלייַך ווי איך וועל קומען קיין מאָסקווע, נאָר די שטאָט גופא, די גאַס, וואָס פירט צו אַניטשקאָווס בריק, אַניטשקאָווס פּאַלאַץ, ווי קאָן מען גאָר אויסרעכענען די געבייַדעס פון לענינגראַד, ס'איז אַפילו אומבאַקוועם אויסצודריקן אַנציקונג פון זייער פּראַכט. די לענינגראַדער אַרקעס, די פּיאַטער־טויערן פון דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, ווי דער גאָט סאַוואָאָף קוקט אַרויס פון זיי, די נאַרווע־אַרקע מיט די פריזן, מיט די פּילאָנען אונטערן אַרקע־געוועלב, וועלכע דערציילן אינקורצן וועגן דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פון 1812 יאָר. אַף דער לענינגראַדער טריומפאַלער אַרקע האָט קלאָדט אייַנגעשפּאַנט זעקס מעכטיקע פערד. א ביסעלע נידעריקער איז אַף לאַטייַן אָנגעצייכנט: „דער זיגפולער רוסישער אימפּעראַטאָרישער גוואַרדיע צום רום פון פאָטערלאַנד". די שעפער פון די אַלע אַרקעס פון אַלע געבייַדעס־שעדעוורען האָבן געוווּסט, וויפל צייַט די נאַטור האָט געהאַט, קעדיי צו ווערן אַזוי פּרעכטיק, אומויסשעפּנדיק, עפּשער האָבן זיי דערפאַר אויך ניט געייַלט און פאַרקערפּערט אין מירמל, אין קופּער און אייַזן זייער באַדאַכט, אויסגערעכנט, ניט נעייַלט...

ס'איז דאָ א רוסיש ווערטל: „אַז ס'קומט די צאָרע, עפן אויף אַלע טויערן". נאָר מיר האָט דאָס מאָל אָפּגעגליקט ווי קיינמאָל ניט. צו מיר פלעגט קומען דעם קאָמונאַר דוואָרקינס טאָכטער. זי האָט שוין געענדיקט דעם כעמישן פאַקולטעט, און אַלע־מאָל, ווען זי פלעג קומען אין א קאָמאַנדירונג, פלעג זי צו מיר קומען מיט אַלערליי קניִעס פאַרן פריסטן עלטער — לייַבעלעך, יאַקעלעך, פּיצינקע שיכעלעך. איך האָב זיך ניט געוווּנדערט, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי וויל א קינד, דערפאַר קויפט זי די אַלע זאַכן. כ'האָב גאָרניט געפרעגט, געהאַט געדולד, און זי אַליין האָט אין איינעם אַן אָוונט קורץ געזאָגט: „כעמיע איז זייער גוט, אָבער איך בין מאַסקים צו פאַרגעסן כעמיע, אַבי א מאַמע צו ווערן". דאַרף זיך אַזוי מאַכן, אַז די קאָמונאַרקע באַסיע קווינט, וועלכע האָט געוווינט אין פּעאַ־דאָסיע, און האָט זייער א געראָטענעם זון, וואָס קען אַלץ, וואָס איר ווילט — צייכענען און מאָלן, און אָפּגיסן מעדאַלן פון קופּער, און מאַכן דיאַגראַמעס, און אויפנייען א פּאָר פּלודערן אַקוראַט ווי דזשינגסן, — אָט דער־אָ געראָטענער זון קומט צו מייַן שנור, צו דינע פרידמאַן צוגאַסט. דינע איז זייער פאַרנומען, זי אַרבעט אין אזא געביט, וואָס רייניקט אַף אַלע וואַסערן, און איז א נאַטשאַלניק פון א קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ, און מאָלט אייַך אויס, אַז זי האַלט זיך אָן אייצע מיט איר מאַן, מיט מייַן זון, הייסט עס, און זיי ביידע ווערן שאַדכאָנים. און זאָגן דעם גאַסט, וואָס האָט געראָטענע הענט — וויטיע פאָרט קיין לענינגראַד: „באַקען זיך מיט דוואָרקינס טאָכטער, דו ווייסט, ווער דוואָרקין איז, די מאַמע האָט דיר דערציילט. דוואָרקין איז פאַרפאַלן געוואָרן אין יענע גוטע יאָרן און האָט זיך ניט אומגעקערט, זייַן ווייַב מאַכליע איז פאַרפאַלן געוואָרן אַף זיבן יאָר אינגאַנצן און האָט זיך אומגעקערט און געפונען די קינדער — ליאָווען און ליוסיען. ליאָווע איז א גרויסער מענטש, ווו ער אַרבעט, זאָגט ער ניט, נאָר ער איז א וויכטיקער טוער אין זייער א זעלטענעם געביט, און ליוסיע, ווי דו ווייסט, איז א כעמיקערין. פאָר אַהין און האַלט די אויגן אין די הענט".

שטעלט אייַך פאָר, ליוסיע מיטן באָכער פון די געראָטענע הענט האָבן כאַסענע געהאַט, און זי האָט אַף אַזויפיל געוואָלט א קינד, אַז זי האָט געהאַט א צווילינג — צוויי ייִנגלעך. איצט, מאָלט אייַך אויס, מייַן איבעראַשונג, אַז צום נייַ־יאָר איז ליוסיע געקומען מיט איר מאַן, וואָס האָט גאָלדענע הענט, צו איר ברודער, צו ליאָווען, וואָס וווינט אין לענינגראַד, און אַקוראַט, ווען איך בין געווען בא וויגדערן מיט מאַלקען צוגאַסט, זייַנען זיי — די גאַנצע מישפּאָכע מיטן צווילינג — געקומען אַהין. די ייִנגלעך — א פּראַכט, נאָר אויסגעגאָסן דער זיידע, פאַר מייַנע אויגן איז מאַמעש געשטאַנען דוואָרקין. דאָס עלטערע ייִנגל איז, ווי ליוסיע זאָגט, שטיל, זייער פעיִק, נעמט אַף אַלע מאַטעמאַטישע אָלימפּיִאַדעס דאָס ערשטע אָרט, דער צווייטער מאָלט זייער גוט, צייכנט און קען אַלץ מאַכן, וואָס מע דאַרף, ער האָט אַפילו אַליין אויסגעקלעפּט מיט אַביצעס דעם קינדער־צימער.

דער אָוונט פליט אַוועק, ווי איין שאָ. אזא זאַך, ווי האָט עס מיר געקאָנט אייַנפאַלן, אַז איך וועל זען אַזעלכע טייַערע געסט — ליוסיע אַרבעט, דער מאַן, וועלכן מע רופט ייִפטאָך, נאָר מע רופט אים איצט וויטיע, אַרבעט אַף אַן אונטערנעמונג און איז, ווי ער זאָגט, צופרידן מיטן געהאַלט. וויגדערס און מאַלקעס אייניקלעך זייַנען אויך גאַנץ גוט באַוואָרנט, מייַנע אייניקלעך — געוויס.

איך שפּאַן איבער לענינגראַד, דער פראָסט קנאַקט, און איך לויף. איצטער לאַנג אַרומגיין קאָן מען ניט — אזא קרירע, אָבער שטיין און קוקן דורכן

פענצטער, וואָס גייט ארויס אף ניעווסקי, קאָן מען וויפל מע וויל. ס'איז זייער טשיקאַווע. אבי מע זאָל ניט ליב האָבן דעם שלאָף — קאָן מען זען, ווער עס שטייט אוף פריער פון אלעמען. די ערשטע גייען די מאשינען, וואָס ראמען דעם שניי — איינס נאָך איינס, כ'האָב אליין געציילט — צען מאשינען אין איין ריי, צו אניטשקאָווס בריק און צוריק. אז זיי גייען צוריק, הייבן שוין אָן גיין די אווטאָבוסן. צי דאָרטן זיצט עמעצער, צי ניט, קאָן מען ניט זען, ווײַל די פענצטער זײַנען פארהוקעט מיט פראָסט. דערנאָך קומט דער ערשטער טראָלייבוס, די פוסגייער לויפן ווי אין א קראָס. ס'הייבן אָן צו פליִען טאקסי צום מאָסקווער וואָקזאַל.

אמאָל, אז איך פלעג קומען קיין לענינגראַד, פלעג איך גלײַך גיין צו הילעל אלעקסאנדראָווין: וואָס פאר א געמיטלעכקײַט, ווי עס פלעגט באַרײַכערן, ווי טיף באַזיניקט ער האָט אָנגעשריבן וועגן מענדעלען. זאלמען קאהאן איז אויך אָלעוורהאשאָלעם, איז פארשפּאָרט צו אים צו גיין. אָבער!

אָבער די יונגע, די, וואָס האָרעווען, די, וואָס גרייטן זיך צו קויפן מעבל, אָדער ווי ליוסיע מיט וויטיען, וועלכע האָפן צו פאָרן זומער אף אלטײַ, אָדער מײַנע אייניקלעך, וואָס האָפן, אז זיי וועלן קאָנען פאָרן צוגאסט קיין יוגאָסלאוויע, אָדער מײַן שנור און מײַן זון, וואָס זײַנען אזוי פארהאוועט, האָבן ניט קיין פרײַע מינוט, האָבן געפונען צײַט צו פארשאדכענען ליוסיען מיט וויטיען.

## קאָנטאקטן אין ענגלאנד און פראנקרײַך

אין נאָיאבער פאָריקס יאָר האָבן באזוכט ענגלאנד און פראנקרײַך דער הויפּט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד" ארן ווערגעליס און דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע הערשל פּאָליאנקער. צוזאמען מיט זיי איז אין ענגלאנד געווען דער אווטאָר פונעם זשורנאל פּראָפ. גריגאָרי באָנדארעווסקי און אין פראנקרײַך — דער שטעלפארטרעטער פונעם הויפּט־רעדאקטאָר כאַיִם ביידער.

ביים באזוך פון דער גרופּע איז דורכגעפירט געוואָרן איןביידע לענדער א ברייטע פראָגראַם פון באגעגענישן מיט די לייענער און מיט פאָרשטייער פון פארשיידענע געזעלשאפטלעכע און ליטערארישע קרײַזן, קאָנסטרוקטיווע שמועסן און קאָנטאקטן.

## פלענארע זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע

דעם 8—11 דעקאבער פאָריקס יאָר איז פאָרגעקומען די אָרדנטלעכע פלענארע זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאנד".

דינסטיק, דעם 8 דעקאבער, איז געווען א טרויער־טאָג נאָכן טויט פון דעם גרויסן ייִדישן סאָוועטישן שריפטשטעלער, מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאל נאָטע לוריע.

אפן טאָג־סיידער פונעם פלענום זײַנען געשטאנען פראגן, וואָס דרינגען ארויס פון די אופגאבן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור אין דער צײַט פון גלאסנאָסט און איבערבויונג.

אין באשטאנד פון דער רעדקאָלעגיע איז קאָאָפּטירט געוואָרן דער יונגער פראָזע־שרײַבער באָריס סאנדלער.

# די שווערע איבערגאנג־צייט אינעם לעבן פון די קינדער

אלץ האט זיך אנגעהויבן פון דער גנייווע, כאטש דאן האט סעראפימע געטראכט, אז מיט דער גנייווע האט זיך אלץ געענדיקט. איר זונעלע ראמקע — א ביסעלע א פוילער, א קאפעלע א דיקלעכער און א שעמעוודיקער, בעקיצער, א יידיש יינגל. איבער אן אומגעלומפערטער צופעליקייט איז ער אריינגעפאלן אין ניט קיין געהויבענער כאפטע (אין יענעם זומער האט זי דאס ערשטע מאל דערהערט וועגן אזא מין זאך). מיטאמאל איז ער ארומגערינגלט געווארן מיט לאבוסעס, און ס׳איז איר ווייט ניט געווען צום הארצן די דאזיקע קאמפאניע. זי האט אבער געטראכט, אז מיט דער צייט וועט זיך אלץ שטעלן אף אן ארט און ער וועט ווידער ווערן איר וואויל היימיש זונעלע.

...ווען די עלטערן האבן אים ארויסגעשלעפט אינמיטן סעאנס פון דער פראנצויזישער קאמעדיע און זיי האבן אים אנגעזאגט די דערשיטערנדיקע נייעס, אז פון דער באבעס קעסטעלע איז פארפאלן געווארן צירונג, זיינען די אויגן בא אים פארצויגן געווארן מיט א וואלקנדל און די פינגער פון דער רעכטער האנט האבן גיך־גיך זיך א גליטש געטאן איבערן לינקן אקסל ביז דעם עלנבויגן, ארוף און אראפ. דאס איז געווען זיין געוווינהייט פון לאנג אן, בייס ער האט נאך באמיט זיך צו ווערן א באוווּסטער שווימער.

ראמקע האט זיך ניט געוואקלט קיין איין מינוט. ער האט גלייך געזאגט: ס׳איז פלאסטונס ארבעט. דאס איז ער, דער פרייליכער צעלאזענער קונדעס מיט זיינע צוויי טייערע כאווירימלעך פונעם שכיינעסדיקן הויף. דאס האט ער אומבאמערקט זיך דערקליבן צו דעם קעסטעלע אין ביכער־אלמער און צווישן די נישטיקע בראשקעס און קרעלן גראד געפונען די גאלדענע זאכן. ניט אומזיסט האט ער זיך אזוי צוגעקוקט צום ביכער־אלמער, און דער צעקראכענער ראמקע האט זיך געמאכט פאר א בריטן באלעבאס, אנגעווארפן פאר די געסט זשורנאלטשיקעס אפן קליינעם טישל, ניט קוקנדיק אף דעם, וואס עס וואלט גלייכער געווען, ווען ער פירט ניט אריין די כעוורע אינעם צימער פון די עלטערן.

דאס איז געווען נעכטן. היינט האט ראמקע געוואלט וויסן, פארוואס די מאמע האט אריינגעקוקט אין דער באבעס פושקעלע. דאס איז בעפיירעש געווען א ווונדער, ס׳וואלט קיינעם אין קאפ ניט געקאנט קומען אהין אריינצוקוקן. די באבע לייע האט פארן טויט געלאזן די דאזיקע רינגעלעך אהינטער דער פארגלאזטער טיר פון דער שאפע, אין קעסטעלע, און וויאזוי האט די מאמע באמערקט, אז עס פעלט דארט עפעס? זי האט עס באמערקט דערפאר, ווייל דער גראפין מיטן אייגענעם געשטעלטן ווייַן איז ליידיקער געווארן. געוויינלעך פלעגט מען דעם גראפין דערגיסן, ווען די געסט האבן שוין געטרונקען און איידער נייע געסט זיינען געקומען. און דאך... זי אליין וואלט איצט ניט געקאנט זאגן, פארוואס זי האט זיך א לאז געטאן צו דער פושקע מיטן צירונג. ניט אומזיסט איז איר ניט געווען צום הארצן, וואס ראמקעס כאפטע קומט אהער, עמעס, זי האט זיך געסטארעט די כעוורע צוצולאנטשען, זיי מעכאבעד געווען מיט טיי און מיט לאטקעלעך, געבעטן זיך, זיי זאלן לאזן ראמקען מאכן די אוראקן, זי האט גוט געוווּסט, וואס פאר א מישפאכעס די כעוורע האבן. איגאר טינייעווס מאמע האט געארבעט אין גרינס־מאגאזין, מע האט זי קיינמאל קיין ניכטערע ניט געזען, כוץ דעם, האט זי געהאט בלויע ביילן אונטער די איינגעפאלענע אויגן. דימקע איז בא איר דער עלטסטער פון די פיר קינדער, און קיין טאטע איז ניטא. בא יורקע „ווידל״ איז דער טאטע א שיקער. די כעוורע האבן געקוקט אף סימען מיט באדאכטע אויגן, זיי האבן גערעדט העפלעך, בייס גראד ראמקע האט געפראוועט קאפריזן — גערעדט אנטקעגן, געווארטשעט, ניט געקוקט אין די אויגן דעם, צו וועמען ער האט גערעדט און פאר קיין פאל ניט געוואלט גיין אין קראם עפעס קויפן. די כעוורע האט אים געמוסערט:

— ווי שעמסטו זיך ניט, ראמקע! מומע סימע, גיט מיר די אוואסקע, איך וועל גיין אין קראם, — האט פארגעלייגט איגאריאק.

זי פלעגט מיט דאנקבארקייט געבן איגארן די אוואסקע, און ראמקע פלעגט אים דאפקע נאכגיין.

די גאנצע מייסע איז איר ניט געווען צום הארצן. די האט פון דעם קיין נאכעס ניט געהאט. זיי האבן געווייכט פון ארבעט. אט איז באלד א יאר, ווי איגאר האלט אין איין גיין אין דער פאליקליניק און וואלגערט זיך ערגעץ אין די פאדוואלן אנשטאט צו לערנען זיך אין דער אוונט־שול. סעראפימע האט געוואלט זיין צוגעלאזט צו די קינדער. זי האט ניט געהאט קיין טארומעס צו ראמקען, וואס ער כאווערט זיך מיט זיי, דערצו האט זי פארשטאנען, אז אלע אירע טיינעס וועלן בלייבן הענגען אינדערלופטן. איר זונעלע, ראמקע, איז געווען פארשלאפן, אפגעשיידט, ס׳איז געווען אומעגלעך אים אויסצומענטשלען. זי, ווידער, האט מוירע געהאט, אז דאס דינע פעדעמל, וואס פארבינדט זי מיט איר קינד.

זאָל זיך ניט איבעררײַסן, האָט זי אים נאָכגעגעבן, געליטן און געהאָפט אַריבערצושטופּן דעם איבערבראָך־וווּקס.

אַנומלטן האָט זי געקנאָטן טייג, גראָד האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען, האָט זי מיט די טייגיקע הענט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרײַבל, און זי איז מאַמעש פאַרגאַפט געוואָרן, דערהערנדיק דאָס רויִקע קאָל, וואָס האָט קימאַט אַרטיסטיש, מיט אַ באַריטאָן, געזאָגט:

— מיט אײַך רעדט דער לייטענאַנט פונעם הונדערט־פיר־און־צוואַנציקטן מיליציע־אָפּטייל סורקאָוו...

ווען אַזאַ קלונג וואָלט זי געכאַפּט מיט דרײַ כאַדאָשים צוריק, וואָלט פאַר אירע אויגן דורכגעשווינדלט די „גיכע הילף" און ראָמקע מיטן וועלאָסיפּעד, אַן אויסגעצויגענער אַפן שאָסיי. איצטער האָט זי קוים מיט צאָרעס דערשטיקט דאָס פײַנלעכע געפיל און האָט געפרעגט, „וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן?!", און קוים באַהערשנדיק די צעשפּרייטע געדאַנקען, האָט זי, ענדלעך, דערהערט דעם סאָף פון דער פראַזע: „...די מאַמע זײַנע איז אַן אינוואַליד, זי גייט פון שטוב ניט אַרויס און הערט ניט אויף צו וויינען". ענדלעך, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עס גייט אַ רייד וועגן אַ ייִנגל, וואָס האָט זיך שוין אַ כוידעש ניט געיאַוועט אין שטוב. דאָס ייִנגל איז געווען ראָמקעס אַ באַקאַנטער פונעם זומער־לאַגער.

— ניין, מײַן ראָמאַן ווייסט גאָרניט. פונוואַנען קאָן ער וויסן, ווו פּאַשע באַהאַלט זיך? — ראָמע איז גראָד געווען אין שטוב און האָט עס געהערט. סעראַפימע האָט פאָרגעזעצט: — ראָמע האָט זיך מיט אים ביכלאַל ניט באַגעגנט, מײַן זון האָט אַן אַנדער קאָמפּאַניע...

זי איז געווען צופרידן, וואָס ראָמקע איז אין שטוב, אַט איז ער לעבן איר אַ היימישער, האָט ניט קיין שײַכעס צו יענע, וואָס הוליען גאַנצע נעכט, רייכערן און, קאָן זײַן, טרינקען אויך. גאָט זאָל אויסהיטן... און צו ראָמקען האָט זי מיט ווייטיקלעכן פאַרדראָס אַ זאָג געטאָן:

— כ'באַגריס דיך, פריִער האָט מען מיר עפּעס קיינמאָל פון דער מיליציע ניט געקלונגען!

זינט ס'איז פאָרגעקומען די גנייווע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרבאָרגענע טומלעניש אַרום ראָמקען. די ייִנגלעך פלעגן יעדעס מאָל אַרײַנלויפן און זיך סוידען. וואָס עס האָט זיך דאָ געטאָן, האָט זי ניט פאַרשטאַנען. אַלע ווײַלע האָט מען גערופן ראָמקען צום טעלעפאָן. די טעלעפאָן־שמועסן זײַנען געווען קורצע און וועגן עפּעס איינס און דאָס זעלבע.

דערנאָך זײַנען גאַנצע דרײַ טעג געווען שטיל. אַף איר שטענדיק צערודערטער פראַגע, „וואָס זאָל מען טאָן?", האָט ראָמקע אַ פאַרכמורעטער געענטפערט: „מירן צוּוואַרטן". צײַטנווײַז האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דער זון האָט אַ כיילעק אין דער גנייווע. צײַטנווײַז האָט זי געהאָפט, אַז אַלץ וועט זײַן קעשורע. פּלוצעם פלעגט איר אײַנפאַלן — ער שפּײַט אַף איר ווייטיק, אַף אירע אָנגעשטרענגטע נערוון און אַף דער באָבען אויך — דאַן פלעגט זי אין מאַכטלאָזן גרימצאָרן אומגיין איבער דער דירע, און זי האָט געגאָסן אַף ראָמקען אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט אַפן האַרצן. יענער איז אָבער געווען פאַרמאַכט אַף צען שלעסער, און ענדיקן פלעגט זיך אַלץ מיט דעם, וואָס ער פלעגט זיך אַוועקזעצן און עפענען די העפטן.

אין דרײַ טעג אַרום זײַנען געקומען ראָמקעס כאַווײרים, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ סאַך פּאַסירונגען, געלעבט אין אַ פּאַלאַטקע, וואָס זיי האָבן אַנטליִען בא ראָמקען, און סאָפּקאָלסאָף זײַנען זיי געפאַלן אַף פּלאַסטונס שפּורן. די שפּורן האָבן געפירט אין דאָרף גריזלאָוואָ, ווו זיי זײַנען געווען אין זומער־לאַגער. זיי האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז דאָס געגאַנוועטע צירונג געפינט זיך אין לאָמבאַרד אַף טאַגאַנקע. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט פּלאַסטונס כעווּרע, און, פירנדיק די מילכאָמע, האָבן זיי פאַרברענט ראָמקעס פּאַלאַטקע און זײַן שלאָף־זאַק, מע ווייסט שוין אויך, אַז פּלאַסטון וועט צוריקקומען קיין מאָסקווע אין פיר טעג אַרום.

ערשט דאַן האָט סעראַפימע מיט איר מאַן אָנגעהויבן אָנעמען מיטלען. זיי האָבן אָן שוועריקייטן דורכן נאַטשאַלניק פונעם זומער־לאַגער, סאַדטשענקאָ, זיך דערוווּסט פּלאַסטונס היימישן טעלעפאָן. סעראַפימעס מאַן האָט אָנגעקלונגען און, סטאַרענדיק זיך ריידן וואָס ווייכער, מיט אינטעליגענץ, אַפילע מיט גרינגן מיטגעפיל, זיך דורכגעשמועסט מיט אַלעגס שטיפטאַטן. יענער האָט רויִק, אָן שום צווייפלעניש, געבעטן, מע זאָל צוּוואַרטן דרײַ טעג, ווײַל אַלעג איז אין דאָרף. אין דרײַ טעג אַרום האָט סעראַפימע געקלונגען צו אַלעגס מאַמע, יענע האָט זיך אָנגעצונדן:

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז דאָס האָט געגאַנוועט מײַן אַלעג, ס'קאָן ניט זײַן! ער איז אַ ייִנגל אָן אַ גאַל, גיט אַוועק אַלץ, וואָס ער האָט, און אים גופע, זעט איר, באַגאַנוועט מען יאָ!

זי האָט עס געזאָגט, געוויינט, און סעראַפימע איז ווייכער געוואָרן, ווײַל זי האָט אַלעמאָל געגלייבט אין טרערן.

נאָך אין אַ טאָג אַרום האָט סעראַפימעס מאַן געשמועסט מיט אַלעגן. פּלאַסטון האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער גנייווע, ער האָט גערעדט אָן שום פאַרלעגנהייט, אַפילע מיט ווירדע. ווען מע האָט אים געזאָגט, ער זאָל אָפּגעבן דאָס געגאַנוועטע, האָט ער געענטפערט: „איך וועל אַ קלער טאָן". אין עטלעכע טעג אַרום איז מען ווידער געלאָפן אין מיליציע, און אַ האַלב יאָר האָט זיך געשלעפּט דער איניען וועגן דער גנייווע.

צום סאָף, אין פעוורואַל, נאָך אומצאָליקע שמועסן מיט דער יונגיטשקער אויספאָרשערן, האָט סעראַפימע געקראָגן פונעם לאָמבאַרד דער באָבעס רינגעלע און איר בראָש. מע האָט אויך געפונען דאָס קייטעלע, וואָס פּלאַסטון האָט געשענקט זײַנער אַ כאַווערטע פון גריזלאָוואָ.

ערעוו דעם מישפּעט איז ראָמקע אומגעגאַנגען אַ פאַרלאָרענער, אַ שווײַגנדיקער, האָט קיינעם ניט געקוקט אין די אויגן. סעראַפימע האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַף איר זונעלע, און ניט קוקנדיק

אף דעם, וואָס דער מאַן איז געווען קעגן, האָט זי אים דערלויבט צו גיין אפן געריכט. נאָר אין דער לעצטער מינוט אים אָנגעזאָגט:

— גיי בעסער אין דייַן טעכניקום, און נאָך דער ארבעט זאָלסטו די מינוט קומען אהיים.

אין קאָרידאָר פונעם געריכט איז אויסגעקומען לאנג ווארטן, און סעראפימע האָט זיך דאָרט באַקאנט מיט פלאסטונס באָבען. ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס זי האָט געברענט פון קאס אף דעם באָכערעץ דעם גאנעוו, האָט זי באַקומען מיטלייַד צו דער שטילער אלטיטשקער. זי האָט דערזען א שוואכע זקיינע, אָנגעטאָן אין א וואָלוועלן מאנטל, און זי האָט צום ערשטן מאָל א טראכט געטאָן: צי וועט זי ניט אומברענגען דאָס יינגל, וועלכער היינט ערשט איצט אָן לעבן?

דעם מישפּעט האָט געפירט א פרוי מיט שיינע רייד, זייער אָן אייַנגעגלייבטע אין זיך, ס׳איז געווען גרינג צו פארשטיין, אז די רעדע האָט זי אָנגעגרייט פון פריער, סעראפימען האָט זיך אפילע געדאכט, אז זי האָט עס רעפּעטירט אנטקעגן דעם שפּיגל. די צוויי יינגלעך, וואָס זייַנען געזעסן אהינטער דעם באריער, זייַנען געווען ווי אָפּגעשלאָסן פון אלץ און פון אלעמען, זיי האָבן, דאכט זיך, ניט פארשטאנען, וואָס עס קומט פאָר אין געריכט־זאל. די שלוס־רעדע פונעם ריכטער איז געווען א גרויסארטיקע: איר קלינגענדיק קאָל איז געווען פול מיט פּאטאָס, זי האָט געשטעמפּלט די אומפאראנטוואָרטלעכקייַט פון די עלטערן, זייער גייַסטלאָזיקייַט, די שרעקלעכע ראָליע פון אלקאָהאָל און פון פּוסטעפּאסעווען אין גאס, איר רעדע איז געווענדט ניט נאָר צו די צוויי, וועלכע זייַנען געזעסן הינטערן באריער, נאָר צו דער יוגנט ביכלאל, קאָן זייַן אפילע — צו דער אלוועלטלעכער יוגנט.

אינגיכן האָט מען געמאָלדן דעם פּסאק־דין: צוויי יאָר אויסבעסערונגס־קאָלאָניע. סעראפימען האָט א שטאָך געטאָן אין הארצן, צו דערצו האָט זי זיך נאָך דערוווּסט, אז אַלעגס שטיפטאטע האָט אָפּגעטראָגן די גנייווע אין לאָמבארד, פארבייַגייענדיק, האָט דאָס די ריכטערן דערמאָנט אין איר רעדע.

„צי מישפּעט מען טאקע די, וועמען מע דארף?“ — סעראפימע האָט עס שיר ניט אויסגעשריגן, זי האָט באטראכט די בייַזיצערס, דעם פּראָקוראָר, די פארטיידיקער, די פּובליקע, וואָס איז געזעסן אין זאל. קיינער האָט זיך ניט פארינטערעסירט מיט דעם דערוואקסענעם מענטשן, וואָס האָט ארייַנגעזעצט די יינגלעך הינטער די גראטעס. סעראפימע האָט געהאט טייַנעס צו זיך אליין, ווי עס פלעגט מיט איר גאנץ אָפט טרעפן ביים זי האָט געצווייפלט אין עפּעס.

צו איר איז דערגאנגען גאָר א נייַער נאָמען — אירינע וואָלקאָווא, אף וועלכער די מיליציע האָט געוואָרפן אָן אויג. ס׳איז געגאנגען א רייד וועגן אָן אָרטיקער נעסט פון אויסגעלאסנקייַט. דאָרט פלעג מען זיך צונויפנעמען און זיך אופירן עקלהאפט. ס׳פלעגט זיך דאָרט צונויפנעמען די יוגנט, אף וועלכע עס האָט גוט אכטונג געגעבן די מיליציע.

...ראָמאַן איז אין שטוב ניט געווען. ווי סעראפימע האָט זיך דערוווּסט, איז ער אויך ניט געווען אין טעכניקום, הינטערן פענצטער איז געשטאנען א געדיכטער פראָסטיקער אָוונט. סעראפימע האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען.

אינדערפרי, ווען איבער די דעכער האָט זיך פאנאנדערגעגאָסן א גרויקייַט, האָט א שקראבע געטאָן א שליסל אין שלאָס־לעכל, צוויי פאָר אויגן האָבן זיך אָנגעקוקט. סעראפימע איז געווען ווי פארקילט. ראָמע האָט פון זיך אָפּגעטריבן מיט גרויס מי די נאכט. דאָס, וואָס די מאמע איז ניט געשלאָפן, האָט געווארט אף אים — אירע אָנגעקוואָלענע טונקעלע זעקעלעך אונטער די אויגן, די ניט־שיינע צונויפגעצויגענע ליפּן, די אומבאהאָלפענע קולעקלעך, צוגעקוועטשטע צום הארצן, און די צעקודלטע האָר, — דאָס אלץ האָט אים אופגערייצט.

— וואָס בין איך, נאָך אלץ א פּיצל? — און ער איז אוועק אין זייַן צימער, זיך געלייגט אין אָנטאָן, אויסגעקערעוועט זיך צו דער וואנט און אזויארום זיך אָפּגעצאמט פון אלע פאָרוווּרפן און פראגעס.

סעראפימע איז ווי צעגאנגען געוואָרן פון ווייטיק, אינגיכן איז זי אייַנגעשלאָפן, ביז דער וועקער האָט זי אופגעוועקט. ס׳האָט איר ניט געשטערט, וואָס זי איז געשלאָפן באנאנד מיטן מאַן, און יענער האָט געשמאַק געכראָפּעט.

— שטיי אוף, שייַנדעלע מייַנס, ס׳איז שוין צייַט, — זאָגט פּאָלינע צו איר טעכטערל, זי קיצלט פּאניעטשקען אונטער דעם מאָרדעלע, נעמט זי פארן אויער־לעפל, טוט א שויבער אירע קרייַזלעך, נאָר די טונקעלע וויִעס ווילן זיך ניט פאנאנדערנעמען. ס׳האָבן זיך שוין אויסגעבויגן די ברעמען, עס טוען א ציטער די נאָזלעכער, אונטער דער קאָלדרע באוועגן זיך די פיסלעך. פּלוצעם צינדט זיך אָן א פייַער אין די שווארצע פאנאנדערגעפּראלטע אויגן, גראָד פאר דער־אָרעגע האָט פּאָלינע ליב צו וועקן דאָס טעכטערל.

— אוי, מאמעלע, מע האָט אונדז נעכטן געזאָגט, אז א טייל פון אונדזער קלאס וועט פאָרן אף קאניקולן קיין דייַטשלאנד, און א טייל וועט אופנעמען דייַטשישע שילער דאָ. נאדקע קאָן זיך ניט פאנאנדערקלייַבן אין מאטעמאטיק, וועט זי הייַנט קומען צו מיר, וועל איך ווידער ניט קאָנען גיין א קוק טאָן אף שורעס קעצל. מאמינקע, לאָמיר גיין אין פּלאנעטארי, מיר זייַנען לאנג ניט געווען, איך בענק שוין נאָך די שטערן...

פּאניעטשקע טוט אויס די פּיזשאמע, ציט ארוף אף זיך די טרוסיקעס מיט די קאָלגאָטקעס, פּאָכעט מיט די הענט, שאָקלט מיט די פארפּלאָנטערטע קרייַזלעך, אייַלט זיך צו דערציילן די נעכטיקע נייַס, ביז די מאמע דערמאָנט זיך, אז די מילך שטייט אף דער פּליטע.

— ס׳איז געבליבן א וואָך, וועמען וועסטו אייַנלאדן?

— איך וועל אייַנלאדן נאדיען, שורען, מארינען, פארשטייט זיך, לארען.

פֿאַניעטשקען ווילט זיך אַרײַנעטעמען וואָס מער לופֿט, קעדיי ס׳זאָל איר ווערן פֿרײַער דער אָטעם. דערבײַ טראַכט זי: „ווידער וועלן זײַן בלויז מיידלעך, די קאָבילקעס מיט די פֿײַכטע אייגעלעך. אָט האָט נעכטן שורע זיך דורכשפּאַצירט מיט אַ ייִנגל געאָרעמט, און זי האָט קיין אַכט ניט געלייגט אויף די אַלטיטשקע, וואָס זײַנען געזעסן אויפֿן בענקל. און נאָדקען גיט סאַמאָכין איבער בײַסן לימעד אין קלאַס צעטעלעך...״

— ראָמען ווערסטו אײַנלאַדן?

— מיסטאָמע, — פֿאַניעטשקעס שטים קלינגט ניט זיכער. די מאַמע פֿאַרשטייט, אַז ראָמע איז ווי געהעריק אונטערגעוואַקסן, זײַנע פּלייצעס זײַנען ברייטער געוואָרן, און ער קודלט נאָכאַנאַנד זײַן צעכוואַליעטע פּאַטלע. קיין ברילן טראָגט ער ניט, אָבער פּאָלינע טראַכט איצטער וועגן דעם, אַז פֿאַניעטשקע וואַקסט ניט, און זי וועט, קאָן זײַן, פֿאַרבלײַבן אַזאַ ברעקעלע די גאַנצע צײַט. זי פֿאַרשטייט גוט, וואָס עס באַטײַט פֿאַר אַ מיידל אַזאַ קליינער וווּקס.

זי הערט זיך צו, ווי דאָס טעכטערל רעדט צו איר, און באַשליסט, אַז זי וועט גיין אין פּאָליקליניק צו דער דאָקטערן זיך האַלטן אַן עיצע, וואָס זי זאָל טאָן. פֿאַניעטשקע איז טאַקע אַן אויסגעצייכנטע שילערן, פֿאַראַיאָרן האָט די דאָקטערשע ניט געזאָגט גאָרנישט וועגן איר וווּקס, נאָר דאָס מאָל וועט זי זיך דערשלאָגן, די דאָקטערשע זאָל יאָ געפֿינען אַ מיטל, אַז פֿאַניעטשקע זאָל אַ ביסל אונטערוואַקסן. פֿאַראַיאָרן האָבן די קינדער פֿון דײַטשלאַנד זייער ליב געקראָגן פֿאַניעטשקען. איינע פֿון די דײַטשישע שילערנס האָט זי אַפֿילע אָנגערופֿן „פּופּכען״ און פֿיל מאָל זי געקושט. די פֿרוי אין ווײַסן כאַלאַט מיט די קאַלטע אויגן האָט ניט געקאָנט דערקלערן, פֿאַרוואָס די קליי־ניטשקע פֿאַניע קאָן ניט פֿאָרן מיט איר קלאַס קיין דײַטשלאַנד, נאָר דאָס מאָל וועט פּאָלינע בעשום־אופֿן ניט אָפּטרעטן, זי וועט זיך דערשלאָגן צום געזונטהײַט־מיניסטעריום, און זי וועט פּויעלן, מע זאָל פֿאַניעטשקען יאָ לאָזן פֿאָרן קיין דײַטשלאַנד. פֿאַרשטייט זיך, זי קאָן ניט האַלטן אַ גאַנץ לעבן דעם שירעם איבער פֿאַניעטשקעס קאָפּ, אָבער דאָס מאָל וועט זי זיך דערשלאָגן, וואָס מע דאַרף.



דער אינספּעקטאָר פֿונעם אוגאָלאָווני ראָזיסק ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש סליאָזקין האָט זיך אין די שטילע פּרימאָרגן־שאָען פֿאַרגונען אָנצוטאָן זיך נאָכעס. ער האָט געקוקט דורכן פֿענצטער אַף די שפּאַלעס פֿון דעם אײַזנבאַן־וועג, כאָטש, דאָס איז אים שוין דערעסן און דאָס בילד האָט ער געקענט מיט אַלע אײנצלהײַטן: די בידנע קוסטיקעס מיטן מיליציייִשן „גאַזיק", וואָס איז דאָ געשטאַנען, אַפֿילע, די שפּערלעך, וואָס האָבן געטומלט אַפֿן פּוסטן אָרט.

וועגן זיי האָט ער טאַקע געטראַכט: „וואָס טשיריקען זיי אַזוי, וואָס צוויטשערן זיי?" פֿון אינדערפֿרי פֿלעגט אים שווער אָנקומען אַרײַנצוקריכן אין דער אַרבעט, ס'האָט אים געיאָדיעט אומצופֿרידנקײַט מיטן לעבן בִּכלל און מיט דעם אײגענעם לעבן בִּפֿרט. דער קאָפּ האָט אים וויי געטאָן אַזוי, אַז ער פֿלעגט זיך אויסקערעווען אַף צוריק מיטן גאַנצן קערפּער. איצט האָט ער אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אין טיש און מיט אַ זיפֿץ זיך געריבן דעם האַלדז.

ס'איז אַרײַנגעקומען איוואַן נעטשײַעוו. ער האָט זיך אוועקגעזעצט גאַנץ באַקוועם, פֿאַרלײגט אַ פֿוס אַף אַ פֿוס, פּאַוואָליע גענומען אַ סיגאַרעטקע, אַרויסגעלאָזט דעם רויך און אָנגעהויבן דערציילן:

— האָסט געהערט, נאַדיעזשדע האָט אין ראַיאָנעם וווינונגס־אָפּטייל אָנגעגעבן אַ מעלדונג, אַז זי וויל בײַטן די דירע.

— אַף וואָס זשע וויל זי בײַטן?

— ס'זאָל זײַן נעענטער, זי וויל אַ שטאָטישע פּראָפּיסקע, מיט וואָלקאָוועץ זיך צונויפֿצופּאָרן. אָן אַפּעטראָפּסיכע זיך געפֿונען. זי וועט איצטער נעמען די קורווע אונטער איר האַזשגאָכע.

— קאָן זײַן ס'איז דאָ דערוף אַ סייכל...

— מעגלעך. בא וואָלקאָוועץ וועלן מיר פּאַקן אַלע מיטאַמאָל, מע וועט ניט דאַרפֿן נישטערן אין די פּאָדוואַלן.

זיי זײַנען אַנשוויגן געוואָרן. יעדערער האָט געטראַכט וועגן זײַנס. ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש האָט געוואַרט, איוואַן זאָל שוין אַוועקגיין, דאַן וועט ער אַ זופּ טאָן די וואַרעמלעכע וואַסער פֿונעם גראַפֿין, וואָס שטייט לעבן דער טיר אַף דער טומבאָטשקע, אַ דריי טאָן מיטן קאָפּ צען מאָל אין איין זײַט, צען מאָל אין אַ צווייטער זײַט, מאַכן קײַלעכיקע באַוועגונגען מיט די אַקסלען, און דאַן שוין קאָנען רעכענען, אַז ער איז אין דער געהעריקער פֿאָרם.

דערווײַל האָט ער זיך צוגעהערט, ווי עפּעס איבלדיקס און קאַלטס הייבט זיך פֿון זײַנע אײַנגעווײדן צו די געהירן.

„אינדערעמעסן, אַזאַ מין בעריע. זי וויל זיך אײַנאָרדענען ווי עס געהער צו זײַן, באַקומען אַ גוטן שעם. אַלע ווייסן, אַז זי אָרגאַניזירט די לאָבוסעס, כאָטש זי לערנט זיך אין אינסטיטוט, אַזאַ מין סטערווע. דעם מאַן האָט זי אַרויסגעטריבן, אַליין שוין אַ מאַמע פֿון צוויי קינדערלעך. נו, אַ צאַצע..."

— איך וועל אָנשרײַבן דער נאַטשאַלסטווע. דער אינספּעקטאָר פֿאַר ניט־דערוואַקסענע דאַרף באַווײַזן אַ בײַשפּיל פֿון אָביעקטיוויקײַט, ניט שאַרן אונטער זיך.

מיט אָט די ווערטער האָט זיך איוואַן אויפֿגעהויבן, עלעגאַנט צוגעקוועטשט די סיגאַרעטקע אין אַשבעכער און אַרויסגעגאַנגען פֿונעם קאַבינעט.

„דער עמעסער כעוורעמאַן, — האָט אַ טראַכט געטאָן סליאָזקין, — ער ווייסט, אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. ער וועט טאַקע אָנשרײַבן, כ'האָב אָבער ראַכמאָנעס אַף נאַדיעזשדען, זי האָט גוטע אויגן. און די קינדער, די הויף־כעוורע, קלעפּן זיך צו איר".

און ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש האָט ווידער גענומען זיך ברענגען אין דער געהעריקער פֿאָרם.

אינמיטן טאָג איז סליאָזקין אַרײַנגעגאַנגען צו נאַדיעזשדען, ווײַל בא איר איז אַלעמאָל געווען פֿרישע שטאַרקע טיי און זי האָט אַפֿגיך געקאָנט אָפּקאָכן אַ גלאָז אָקרעפּ.

— וואָס הערט זיך מיט דײַנע יאַטן? זיי גלאָצן די אייגעלעך, האָבן שוין גוט אַ שמעק געטאָן דאָס לעבן...

— ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש, אין אַלגעמיין זײַנען זיי ניט קיין שלעכטע כעווירע, זיי ווילן, מע זאָל זיי צונויפֿנעמען, אינדערהיים איז זיי שלעכט, דערפֿאַר בלאָנקען זיי אַרום אין די פּאָדוואַלן.

נאַדיעזשדעס ליכטיקע אויגן זײַנען געווען ערנסט, זי האָט גערעדט פּאַוואָליע, ווי זי וואָלט אַליין זיך צוגעהערט צו די אייגענע ווערטער און אַרײַנגעדרונגען אין זייער טאָך. דאָס איז געווען אַזוי ערנסט, אַז מע האָט זיך ניט געקאָנט דערבײַ ווייצלען.

— אַ גרויסער צווייפֿל איז, פֿונדעסטוועגן, צי פֿון דער דאָזיקער כעווירע וועלן ווערן דרוזשיניקעס.

— איר וואָלט געזען, — האָט לעבהאַפֿטיק באַמערקט נאַדיעזשדע, — ווי זיי האָבן דאָס מעבל געהאָלפֿן איבערטראָגן אין דער וווינונגס־פֿאַרוואַלטונג.

— מע האָט אײַך געגעבן אַן אָרט, ווו צו זײַן?

— יאָ, איין צימער, דאָרט פֿירן מיר אָן אַרבעט מיט די כעווירע. נאָך איינעם האָט מען צוגעזאָגט אונדז געבן, קעדיי מע זאָל קאָנען זיך פֿאַרנעמען מיט דזיודאָ.

— ווער וועט זײַן דער טרענירער?

— כ'בין געווען אין שכיינעסדיקן זאַוואָד, דאָרט האָבן זיי אַזאַ סעקציע. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שיקן אַ באָכער.

— נו, וואָס הערט זיך מיט דײַן אירינע?

נאַדיעזשדעס פּאָנעם איז פֿאַרצויגן געוואָרן מיט אַ וואָלקנדל:

— כ'האָב זי אײַנגעאָרדנט אין פּאָליקליניק, אין דער רעגיסטראַטור... זיי האָבן ניט זייער געוואָלט... בין איך אוועק אין ראַיאָנע סאָוועט. דערווײַל אַרבעט זי ניט ווי ס'געהער צו זײַן, האָט אַ סאַך פּראָגולן. מע באַקלאָגט זיך אַף איר, אַז זי פֿירט זיך אויף גראָב, רעדט אַנטקעגן. ניט קיין שלעכט ייִנגל האָט זיך צו איר צוגעלאָנטשעט, ראָמאַן רעזניק, איר געדענקט? פּלאַסטונס איניען

האָט מען איבערגעגעבן אין דער פּראָקוראַטור מיט א האַלב יאָר צוריק...

— איך געדענק, איך געדענק, א מאַמינקעס זונדעלע, דערשראָקענע אויגן, נאָר זיך געהאַלטן אומאָפּהענגיק, פֿון די אינטעליגענטיקעס.

— יאָ ער איז מיר ניט זייער געפֿעלן. אָבער איך דאַרף אים האָבן, ער וועט מיר עפּשער העלפֿן.

— ניין, קיין אָנפֿירער בא די זשוליקעס וועט ער ניט ווערן, דערווײַל קאָכט דאָס יונגע בלוט, ווײַל אירינעס קישעפֿערײַ ווירקט, ער וועט אינגיכן אָפּגיין...

— מע וועט זען...

ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש האָט געענדיקט טרינקען טיי, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — א דאַנק, א קײַ געטאָן מיט די ליפּן, ס'האָט זיך אים זייער געוואָלט פֿרעגן, וואָס נאַדיעזשדע טראַכט וועגן דער דירע, וואָס זי וויל בײַטן, נאָר ער האָט ניט געפֿרעגט. נאָך דער טיי, האָט ער געטראַכט, איז ניט באַקוועם פֿאַרגעבן אַזאַ פֿראַגע. בא דער טיר האָט ער זיך אויסגעקערעוועט, א קוק געטאָן אַף נאַדיעזשדען, געהאָפֿט, אַז זי וועט עפּשער אַליין דערציילן וועגן דער דירע, נאָר זי האָט גאָרניט געזאָגט. אין די מויל־ווינקלען האָט בא איר א שפּיל געטאָן א שמייכל, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט עפּעס א טשיקאַווע זאַך.

...נעכטן איז דער הימל געווען נידעריק און פֿאַרוואָלקנט, דער אַספֿאַלט — ניט פֿאַרשפּרייט, קיין פֿאַרבײַגייער אַף דער גאַס זײַנען ניט געווען, און די הײַזער האָבן אויסגעזען ווי גרויסע מאַנסטערס מיט שיטער־באַלויכטענע פֿענצטער. ס'איז איר געווען איינזאַם, אַפֿילע א ביסעלע שרעקלעך צו עפֿענען די שווערע טירן פֿון די אַרײַנגענג, אַרײַנקוקן אין די פּאָדוואַלן, קלעטערן אַף די בוידעמער, זוכן יענע הפֿקרדיקע קינדער, וועלכע זײַנען אַלציינס גרייט צו שלאָגן זיך און צו באַגיין העלדנטאַטן און פֿאַר וועלכע עס האָט איר אַזוי ווי געטאָן דאָס האַרץ.

זי האָט א שטופּ געטאָן די מעטאַלענע טיר פֿון א הייץ־קאַמער, אָנגעצונדן דאָס קעשענע־לאַמטערנדל. אַף דער פּאָדלאָגע האָבן זיך געזען קליינינקע קאַליוזשעס, ס'האָט זיך געהערט ווי עס קאַפּען טראָפּנס, אין דער קאָטיעלנע איז געווען זייער דושנע.

— היי, ווו זײַט איר דאָרט? — האָט זי ניט הויך א רוף געטאָן, עפּשער צום צענטן מאָל פֿאַרן הײַנטיקן אָוונט.

יאָ, זיי זײַנען דאָ געווען. ענג צונויפֿגעקוועטשטע, האָבן זיי געררייכערט, געשפּיגן דורך די ציין אַף דער פּאָדלאָגע, געענטפֿערט אײַנגעהאַלטן. אָבער זי איז געווען צופֿרידן דערפֿון, וואָס זיי האָבן כאָטש אַזוי שטיל געענטפֿערט און וואָס עס האָט זיך געענדיקט סאָפּקאָלסאָף איר אומלויפֿן איבער די גאָרנס און פּאָדוואַלן. זי האָט געהאַט אָנגעגרייט א סך ווערטער פֿאַר דער צײַט, וואָס זי איז געזעסן אין קאַבינעט, נאָר איצטער זײַנען אַלע ווערטער אַרויסגעפֿלויגן פֿון קאָפּ.

— גאָט צו דאַנקען, געפֿונען!

איר פֿריידיקער אויסגעשריי האָט צעווייעט זייער אָנגעשטרענגטקייט, זיי האָבן אַפֿילע גענומען לאַכן. זי האָט אָנגעהויבן קריכן איבער די טרעפּ אַרויף־צו און אין דער פֿינצטער אָנגעכאַפּט עמעצנס אויסגעצויגענע האַנט.

— קומט צו אונדז, נאַדיעזשדע וולאַדימיראָוונע, איר וועט זיך דאָ אָנוואַרעמען מיט אונדז.

— וועגן וואָס שמועסט איר דאָ?

— ראָמאַן האַקט א טשײַניק וועגן „שוואַרצע לעכער" אינעם קאָסמאָס...

— זעץ פֿאָר, ראָמאַן, איך וויל אויך הערן, — האָט געבעטן נאַדיעזשדע.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף עמעצנס א וואַטניק, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אַף דער וואַרעמער טרויב, זיך צוגעהערט און אײַנצײַטיק אַרומגעטראַכט, וואָס זי וועט זאָגן די כעווּרע, מיט וואָס זי וועט קאָנען צוציִען זייערע ניט־שטאַנדהאַפֿטיקע נעשאָמעס.

— ...דער צוציִונגס־קויעך פֿון אָט די קליינע הימל־קערפּערס איז אַזאַ, אַז אַפֿילע זייערע אייגענע שטראַלן ווערן פֿאַרשלונגען, און דעריבער זעען זיי אויס שוואַרץ.

— פֿונוואַנען ווייסטו דאָס? — האָט געפֿרעגט יוריק־ווײַדל.

— כ'האָב אַליין געזען, ס'האָט מיך אַנומלטן שיר ניט אַרײַנגעשלעפּט אַהין, אין הימל, — האָט סוידעספּול געענטפֿערט ראָמאַן.

— נו! — האָט אויסגעשריגן מיט שפּאָט יוריק־ווײַדל.

די כעווּרע האָט געקײַכט פֿון געלעכטער, נאַדיעזשדע האָט אויך געלאַכט פֿון גאַנצן האַרצן.

צו אירינע וואָלקאָווען האָבן די שכיינים זיך באַצויגן פֿאַרשיידנאַרטיק. איינע האָבן זי פֿײַנט געהאַט, אַנדערע האָבן אַף איר געהאַט ראַכמאָנעס. מ'האָט זי געדענקט א קליינינקע, אינגאַנצן פֿיר יאָר אַלט מיט העלע האָר, בלויע אויגן, שטײַפֿע פֿולע פּיסלעך. באַוווּסט איז אירינע געוואָרן אין הויף טאַקע צו פֿיר יאָר, ווען מע האָט איר מאַמע געמישפּעט, ווײַל זי האָט אויסגעבראַכט מעלוכיש געלט. צוליב איר טאַטן דעם אַלקאָהאָליק איז אירינקע אויך געווען גענוג באַוווּסט. פֿון אינדערפֿרי ביז אָפּדערנאַכט פֿלעגט זי אומגיין שלינג־שלאַנג איבערן הויף און אין די דירעס, וווּהין מע פֿלעגט זי אַרײַנרופֿן. מע האָט אַף איר ראַכמאָנעס געהאַט, און דאָ און דאָרט האָט מען זי א ביסל אונטערגעהאָדעוועט, געשענקט אָפּגעטראָגענע שיך, פֿאַרוואַשענע קליידערעך, מעכאַבעד געווען מיט קאַראַמעלקעס. דער טאַטע פֿלעגט קומען אין שטוב שיקער־לאָט מיט א ווײַסן באַטאָן ברויט אונטערן אָרעם, מיט א שטיקל וווּרשט אין האַנט, אַף אירינקען האָט ער אַפֿילע ניט געקוקט. אָנהייבנדיק פֿון זיבן יאָר, איז אירינקע געגאַנגען אין שול, האָט דאָרט געגעסן אומזיסטע וואַרעמעסן, זיך געקויפֿט מילך און ברויט, ווען דער טאַטע פֿלעגט לאָזן אַפֿן טיש א מאַטבייע. זי האָט געהאַט פֿעיִקײַטן, פֿלעגט אַריבערגיין פֿון קלאַס אין קלאַס, נאָר קיין אוראָקן קיינמאָל ניט געגרייט. דער טאַטע פֿלעגט קומען אַלץ זעלטענער, אירינע איז געוואַקסן, און צו צוועלף יאָר האָט זי

גלײַכגילטיק דערלויבט א געלהאָריקן יונגן לאַבוס, ער זאָל זי באקאנט מאכן מיט די „געהיימע געהיימנישן". פון יענער צײַט האָט זי פּולקום באהערשט די ליבע־שפּיל, דערבײַ ניט גענוצט צו דעם קײן פּיצל נעשאָמע. אין דער דירע האָבן אין די אָוונטן זיך געטאַפּטשעט נאָך ייִנגלעך און מיידלעך, מע האָט זיך געשושקעט, געלאַכט, ס'האָבן זיך געהערט באָרוועסע טריט פון צימער ביזן טואַלעט, די אַרײַנגאַנג־טיר האָט זיך פאַרמאַכט זעלטן.

די לעצטע צײַט האָט צו אירינען געַנומען אַרײַנקומען נאַדיעזשדע וולאַדימיראָוונע, דער ראַיאָנער אינספּעקטאָר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די אונטערגעוואַקסענע, און אירינע האָט אין אָנפאַנג זי באַגעגנט אָפּגעפרעמדט. מיט דער צײַט איז אירינע אָבער אַלץ מער און מער צוגעוווינט געוואָרן צו נאַדיעזשדע וולאַדימיראָוונעס פּאַוואָליעדיק רעדן, אָן שום דידאַקטיק, אָן אומעטיקע צעקײַעטע עמעסן. אײַנגיכן האָט דאָס מיידל זיך גענומען פרייען מיט דעם אינספּעקטאָרס באַזוכן.

נאַדיעזשדע וולאַדימיראָוונע האָט אָנגעמערקט אירינעס לעבנסוועג אױף דער נאָענטסטער צײַט. דער אַכטער קלאַס אין דער אָוונטשול. אײַנצײַטיק אַרבעטן אין פּאָליקליניק, דערנאָך די פּע.טע.או. דער ערשטער טייל פונעם פּלאַן איז קוים־קוים פאַרווירקלעכט געוואָרן, דער צווייטער טייל איז דורכגעפאַלן אין א מאָנאַט אַרום. אירינע האָט אויפגעהערט צו גיין אױף דער אַרבעט, די אָוונטן און די נעכט האָט זי פאַרבראַכט אין דער פרייַלעכער קאָמפּאַניע. דאַן האָט נאַדיעזשדע פאַרטראַכט זיך אַריבערצוקלײַבן מיט דער צעלאָזענער אירקען, זי האָט געהאָפט, אז עס וועט זײַן געמיטלעכער. אָט די ווירדיקע פּלענער איז ניט באַשערט געווען צו פאַרווירקלעכט ווערן, צוליב אומדערוואַרטע סיבעס: דער אינספּעקטאָר איוואַן נעטשײַעוו האָט אָנגעשריבן דער נאַטשאַלסטווע, אז זי מיסברויכט מיט אירע רעכט אויך אַלס אינספּעקטאָר. און אַלע מאָסמיטלען אומצוקערן אירינקען דער געזעלשאַפט האָבן זיך געענדיקט מיט בײַטן די דירעס. אירינעס ווויִנשטעטל איז קלענער געוואָרן אױף צען מעטער, דערפאַר איז נאַדיעזשדע געווען איבערצײַגט, אז די שטרענגע שכיינע אירינעס, קלאַוודיע, וועט פאַנאַנדעריאָגן די גאַנצע „כעוורע". אַזוי איז טאַקע געווען. די וואַרעמע נעסט איז צעטריבן געוואָרן. אירינע האָט שפּאַצירט אין די אָוונטן, אָבער זי האָט געוווּסט, אז נאָך עלף אַזייגער באַנאַכט דאַרף זי זײַן אין שטוב, ווײַל די דרויסנדיקע טיר וועט זײַן פאַרמאַכט.

צו אָט דער צײַט האָט אירינקע פאַרלאָרן איר געטרײַען ריטער. ראָמאַן רעזניק האָט זיך מער ניט באַוויזן, פאַרשטייט זיך, אז זי איז אַליין געווען שולדיק — געדאַרפט פאַרשטיין, אז ראָמאַן איז אַן איידעלער און א זיכערער כאַווער, דאָס האָט זי, עמעס, באַמערקט, אָבער, געטרײַ אירע אויסגעפּרוּווטע געוווינהײַטן, האָט זי אָנגעהויבן א שפּיל מיט קאָסטיקן פונעם שכיינעסדיקן הויף, דאַן האָט ראָמאַן אויפגעהערט זיך צו ווײַזן.

— ראָם, הא, ראָם, — האָט זי גערעדט אין טעלעפאָן מיט איר מילד קאָל, — קום צו גיין, מיר וועלן א ביסעלע פאַרברענגען.

— כ'האָב קיין צײַט ניט, — פלעג העפלעך, נאָר קאַטעגאָריש זיך אָפּזאָגן ראָמאַן.

פון יענער צײַט, ווען אירינקעס אויגן האָבן אין אים אויסגעשאָסן און דערנאָך האָבן זיי אַזוי אויך געשאָסן אין קאָסטיקן, איז זי מער פאַר אים אױף דער וועלט ניט געווען. ווען סעראַפימע האָט זיך דערוווּסט וועגן אירינקען, האָט זי געוואָלט מיט איר א שמועס טאָן, אָנטאַפּן אירע שוואַכע ערטער, אױף וועלכע זי וואָלט אָנגעוויזן ראָמאַנען.

אַזוי זײַנען צו נישט געוואָרן ראָמאַנס און אירינעס באַציִונגען. סעראַפימען איז געוואָרן גרינגער אױפן האַרצן. איר זון האָט אויפגעהערט פאַרפאַלן ווערן דורך די נעכט. ער פלעגט זיצן אָפּטער מיט די לערנביכער, און ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אז אין קלאַס האָט ער באַקומען א פאַרגעבונג אָנשרײַבן אַן אַרבעט אױף דער טעמע „די דערציִונג פון די אונטערוואַקסנדיקע", איז זי געווען מאָלע סימכע און אָנגעהויבן צושטעלן דעם זון צײַטונגס־אויסשניטן.

ראָמאַן האָט גענומען קומען צו־זיך, ער האָט אויפגעהערט זיך שפּאַרן און ריידן אין דער גאַל, נאָר סעראַפימען איז געווען שווער אױפן האַרצן דערפון, וואָס נאָך דער ערשטער ליבע וועט ניט בלײַבן אין זײַן האַרץ דאָס זיס־שמאַרצנדיקע געפיל, וואָס דאַרף בלײַבן בא א יונגן באָכער.

פאַניע האָט פאַמעלעך געשפּאַנט איבערן נײַאַלטן אַרבאַט, אײַנקוקנדיק זיך אין די פאַרבײַגייער, אין די יונגיטשקע מיידלעך מיט די אָנגעפאַרבטע באַקן און אונטערגעפירטע אויגן, זיי האָבן אויסגעזען ווי ליאַלקעס.

הײַנט, אין דער טומלדיקער מאַטערניש, האָט זי איבערגעלעבט איר אַרויסלאָז־אָוונט און האָט פאַרוווּנדערט געטראַכט ניט נאָר וועגן די לאַנגע יאָרן פון דער לער און וועגן וואָס עס האָבן גערעדט די לערער, נאָר אויך וועגן דעם, וואָס זי האָט געטאָן פאַר די לעצטע שאָען, ווי זי האָט געלאַכט און געפּלאַפּלט מיט די מיידלעך. דערנאָך איז זי געשטאַנען לעבן דער וואַנט, און אירע אויגן האָבן געשווינדלט צווישן די צעווייטע קליידלעך. דאָס דאָזיקע וואַלס־דרייעניש וועט זיך איר געדענקען מער פון אַלץ. דאָס טאַנצן האָט זיך געענדיקט, און אַלע האָבן זיך צעשפּרייט איבער דעם גאַס. פאַניע האָט פּלוצעם באַמערקט, אז זי איז געבליבן אַליין, אפילע די געטרײַסטע כאַווערטע טאַטיאַנע איז ערגעץ פאַרשוווּנדן, נאָר לאַנג זײַן אומעטיק האָט זי ניט געקענט, און זי האָט ווידער גענומען באַטראַכטן די פאַרבײַגייענדיקע, געוואָלט פאַרשטיין זייער כאַראַקטער און זייער עלטער.

אָט די זײַנען, אַפּאָנעם, געקומען פון א קליינער שטאָט, זיי זײַנען זיך אָנגעלאָפן איבער די קראָמען, די קעפּ האָבן זיך זיי פאַרדרייט פונעם מאַשינען־ראַש, און איצט, ווען אַלע קראָמען האָבן זיך פאַרמאַכט, ווען ס'איז שטילער געוואָרן די באַוועגונג, קאָן מען שוין גיין א ביסל לאַנגזאַמער.

און אָט די זײַנען געווים היגע, מאָסקווער אײַנוווינער, זיי באַמערקן גאָרניט,ריידן עפּעס אַזוי פאַרטיפט און זײַנען געווים מיד פון דער אַרבעט. קוקנדיק אַף די פּאָרלעך, האָט פאַניע פּאָשעט געקליבן נאַכעס, אַלע זײַנען געווען קראַסאַוועצעס, מאַמעש שיינהייטן, די יינגעלעך — זי איז געווען זיכער, אַז זיי האָבן געפונען איינע די אַנדערע, און זיי וועלן זיך קיינמאָל־קיינמאָל ניט צעשיידן, זיי וועלן האָבן קינדער, נאָכדעם אייניקלעך, און די קינדער מיט די אייניקלעך וועלן זײַן פריילעכע און גליקלעכע.

ס'איז דורכגעגאַן אַ פּרוי, נאָך ניט קיין אַלטע, נאָר זייער אַ דיקע מיט נײַגעריקע אויגן, זי האָט מיט עפּעס דערמאָנט פאַניען איר מאַמען. מאַמינקע, מאַמינקע! אַזאַ מין גיכע, אַזאַ בעריע, אַלעמאָל ווייסט זי, וויאַזוי זיך צו באַגיין מיטן טאַטן, ווי גוט עס איז זיך צוטוליען צו איר וואַרעם לײַב, עס ווערט אַזוי רויִק און געמיטלעך. פאַראַיאָרן זומער האָט זי זיך טאַקע דערשלאָגן, אַז פאַניע זאָל פאָרן קיין דײַטשלאַנד. זי האָט געלאַכט, דערציילנדיק, ווי די פּײַלן זײַנען געווען אָנגעגליט און וויפל ס'איז איר אויסגעקומען מילכאָמע צו האַלטן, ווײַל דעם הויפּט־דאָקטער פון דער פּאָליקליניק האָט מען לאַנג געדאַרפט אײַנריידן. איצט האָט פאַניען זיך פאַרוואָלט וואָס גיכער קומען צו דער מאַמען, צו די לײַבלעכע הענט, צו דער ליבער שטים. זי איז אַוועק צו דער מעטראָ־סטאַנציע, קלאַפּנדיק מיט די הויכע קנאַפּעלעך פון די דאַמען־טופעלקעס.

...איגאָר טינייעווס קאָמאַנדע האָט אין דעם וואַרעמען אָוונט אויך געשפּאַצירט איבער די מאָסקווער גאַסן. דער מאַרשרוט האָט זיי אַרויסגעפירט אַף אַרבעט, מע האָט גערעדט וועגן פאַרשיידענע זאַכן, דערהויפּט וועגן מאַגניטאָפאָן־לענטעס. ראָמאַן רעזניק האָט געזשמורעט די קורצזיכטיקע אויגן, האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער בײַ דער גאַנצער קאָמפּאַניע, דערבײַ אַליין קיין שמייכל ניט באַוויזן. דער קליינוווקסיקער מאַגערער איגאָריאָק מיט די געלע האָר ביז די פּלייצעס האָט גערעדט ווייניק און שטיל, נאָר דאַפקע זײַן קאָל האָט מען געהערט מער פון אַלע איבעריקע.

ראָמאַן איז אַנשוויגן געוואָרן אַף אַ רעגע, ווען ס'האָט זיי איבערגעיאָגט פאַניע. ראָמען האָט זי ניט באַמערקט, און דאָס האָט אים געפרייט.

סיאָמיטש האָט זי אַ רוף געטאָן. זי האָט אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ, גענומען שפּאַנען לאַנגזאַם, אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

— קום אַהער, — האָט ווידער געזאָגט סיאָמיטש.

זי איז צוגעגאַנגען, סיאָמיטש האָט אויסגעצויגן דעם עלנבויגן און אַרונטערגענומען איר האַנט אונטערן אָרעם, דערבײַ זיך אַרומגעקוקט אַף די כעווריע.

אין אַ מינוט אַרום האָט ראָמאַן אַ שפּאַן געטאָן אַהינטער איגאָרקען, מיטן אַקסל אַ ביסעלע אָפּגעשטופּט סיאָמיטשן און זיך באַגריסט מיט פאַניען.

פאַניעטשקע האָט אַ פינקל געטאָן מיט איר ברייטן שמייכל, האָט ווי דורכגעזונגען: „ראַ־אָ־מאַ!" ראָמקע האָט אַראָפּגעלאָזן די האַנט אַף איר אַקסל און אוועקגעפירט זי פאַרויס.

— רעם, ווּוהין?! — האָבן געפרעגט די יינגלעך, נאָר איגאָר טינייעוו האָט אַלעמען איבערגעיאָגט, ראַפּטאָם זיך אויסגעקערעוועט, אַ הייב געטאָן די דלאָניע מיט פאַנאַנדערגענומענע פינגער און גאָרניט געזאָגט. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און שווײַגנדיק געקוקט ווי ראָמקע מיט פאַניעטשקען דערווײַטערן זיך...



# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## כאַיִם־נאַכמען ביאַליק

(1934—1873)



כאַיִם־נאַכמען ביאַליק

## אין שכיטע־שטאָט

פון שטאָל און אײַזן, קאַלט און האַרט און שטום,
שמיד אויס א האַרץ פאַר זיך, דו מענטש, — און קום!
קום, גיי אין שכיטע־שטאָט, זאָלסט זען מיט דײַנע אויגן,
זאָלסט אָנטאַפּן מיט דײַנע אייגענע הענט
אַף צוימען, סלופּעס, טויערן און ווענט,
אַף שטיינער פון דער גאַס, אַף אַלע העלצער
דאָס שוואַרץ־פאַרטריקנט בלוט מיט די געהירן
פון דײַנע ברידערס קעפּ און העלדזער.
און אומבלאָנדזען זאָלסטו צעווישן כורוועס
דורך ווענט צעבראָכענע מיט אויסגעקרימטע טירן,
פאַרבײַ צעשטירצטע אויוונס, האַלבע קוימענס,

אנטבלויזטע שוואַרצע שטיינער, האַלב־פאַרברענטע ציגל,
ווי פּײַער, האַק און אײַזן האָבן נעכטן
אױף דער בלוט־כאַסענע א ווילדן טאַנץ געשפּילט;
און קריך דורך בוידעמער, דורך לעכערדיקע דעכער —
און קוק זיך אײַן אין אַלע שוואַרצע לעכער —
דאָס זײַנען אָפּ׳נע, שוואַרצע, שטומע ווונדן,
וואָס וואַרטן מער אױף קיין רעפֿוע אין דער וועלט...
אין גאַסן וועסטו גיין, מיט פעדערן פאַרפלייצטע —
דו באָדסט זיך אין א טײַך, א ווײַסן טײַך,
וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון מענטשנס בלוטיקן שוויס;
דו טרעטסט אױף גאַנצע בערג צעפליקטע האָב־און־גוטס —
דאָס זײַנען גאַנצע לעבנס, גאַנצע לעבנס,
צעבראָכענע אױף אייביק, ווי א שאַרבן!
דו גייסט, דו לויפסט, דו פלאָנטערסט זיך אין כורבן,
מעש, זילבער, פוטער, שיימעס, זײַד און אַטלעס,
צעריסענע, צעפליקטע אױף פיך־פיצלעך,
מיט פיס צעטראָטענע שאַבאָסים, יאָמים־טויווים, נאַדנס,
טאַלייסים, טפילן, פאַרמעט, שטיקער טוירע,
יעדיעס הייליקע, קלאָר־ווײַסע וויקעלעך פון דײַן נעשאָמע.
זע, זע, זיי וויקלען זיך אַליין ארום דײַן פוס
און קושן דיר די טריט פון מיסט אַרויס
און ווישן אָפּ פון דײַנע שיך דעם שטויב...
דו לויפסט? צו ליכט און לופט אַנטלויפסטו?
אַנטלויף, אַנטלויף — דער הימל לאַכט אויס דיר!
די זון וועט דיר מיט שפּיזן אויסשטעכן די אויגן,
אַקאַציעס, מיט פרישע גרינס־און־ווײַס באַצויגן,
וועלן סאַמען דיך מיטן רייעך פון בלוט און בליטן,
דײַן קאָפּ מיט בלימעלעך און פעדערן באַשיטן,
און שטיקלעך גלאָז פון מיטן גאַס מיט טויזנט גלאַנצן
וועלן דיר אַנטקעגן אױף דײַן בייזוווּנדער טאַנצן...
דען גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט א צווילינג:
א שכיטע מיט א פרילינג;
דער גאָרטן האָט געבליט, די זון געלויכטן —
און דער שויכעט האָט געשאָכטן...
דער כאַלעף האָט געגלאַנצט און פון דער ווונד
האָט בלוט מיט גאָלד געפליסט...
אַנטלויפסט? באַהאַלטסט זיך אין א הויף? — אומזיסט!
אָט איז א בערגל מיסט!
דאָ האָט מען צוויי געקעפּט: א ייִדן מיט זײַן הונט...
אינמיטן הויף האָט נעכטן זיי איין האַק געקעפּט,
און הײַנט האָט זיי אַהער איין שווײַן פאַרשלעפּט,
געשנאָרט, געגריבלט זיך אין זייער אויסגעמישטן בלוט.
שאַ, מאָרגן וועט א פרישער רעגן קומען
און אָפּשווענקען דאָס בלוט אין רינשטאָק, ס׳זאָל ניט שרײַען
צום הימל גוואַלד פון מיסט אַרויס, און עפּשער
איז דאָס שוין אײַנגעזונקען אין דעם טהאָם דעם שטומען
און זויגט די דערנער אָן בא א פלויט א קרומען,
און מאָרגן וועט די זון, ווי הײַנט, ווי נעכטן,
ווי אַלע טאָג, א ליכטיקע אַרויסגיין.
פון מיזרעך־זײַט, געמינערט ניט א האָר נישט,
און שאַ, און שטיל, און גלײַך ווי גאָרנישט...

און ווילד, מעשוגע־ווילד, פאַרקריכסטו אױף א בוידעם
און בלײַבסט דאָרט שטיין אין פינצטערניש אַליין;

דו פילסט: דאָ שוועבט נאָך איצט ארום דער טויט־שרעק
און פאָכעט מיט א קאלטן שווארצן פליגל
און פרירט די וואָרצלען פון די האָר אין קאָפּ;
און דאָ און דאָרט פון אלע שווארצע לעכער —
זע: אויגן, אויגן, שטומע אויגן קוקן...
דאָס קוקן די נעשאָמעס פון די קדוישים,
פארוואָגלטע, פארשטויסענע נעשאָמעס,
וואָס האָבן זיך איינגעם דאָ אין ווינקל
צונויפגעפרעסט דערשראָקענע — און שווייַגן...
אָט דאָ האָט זיי די שארפע האק געפונען
און אָט אהערצו קומען זיי א קוק טאָן,
צום לעצטן מאָל אין זייערע שווארצאפּלען
פארכאסמענען פון זייער סאָף דעם אָפּשייַן,
די גאנצע שרעק פון זייער טויט דעם ווילדן,
די גאנצע טויכעכע פון זייער וויסטן לעבן...
און ציטערנד, ווי טויבן פאר דער שכיטע,
דאָ טוליען זיי זיך צו דעם דאך איינעם
און קוקן לאנג אף דיר מיט שטומע אויגן,
וואָס מאָנען נאָר און פרעגן אָן א לאָשן
און טייַנען שטומערהייט אלץ יענע אלטע טייַנע,
וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט דערגרייכט צום הימל
און וועט צום הימל קיינמאָל ניט דערגרייכן:
„פאר וואָס, פאר וואָס? און נאָכאמאָל פאר וואָס??..”

און דו פארייַסט דעם קאָפּ — ניטאָ קיין הימל!
א דאך, א שטומער דאך מיט שווארצע שינדלען.
אָט הענגט א שפּין — גיי, פרעג דעם גרינעם שפּין!
ער האָט געזען אלצדינג, ער איז אן איידעס,
איין לעבעדיקער איידעס אף דעם בוידעם,
לאָז ער זשע דיר דערציילן אלע מייַסעס:
א מייַסע פון א בויך, מיט פעדערן געפילט,
פון נאָזלעכער מיט נעגל, קעפּ מיט האמערס,
פון מענטשן נאָכן קוילען קאָפּ־אראָפּ, ווי גענדז,
צום באלקן פון דעם בוידעם אופגעהאנגען,
און פון א קינד אן איינגעשלאָפענעם מיט זייַן מאמעס
צעשפּאָלטענער און טויטער ברוסט אין מייַלכל,
און נאָך א קינד, א לעבעדיקס, צעריסן
איינעם מיט זייַן לעצטן שרייַ — אף צווייען:
א האלבער „מא...!” און „מאמע” ניט געענדיקט...
און נאָך, און נאָך פיל מוירעדיקע מייַסעס,
וואָס לעכערן דייַן קאָפּ, פארברענען דיר דעם מויעך
און טויטן דיר אף אייביק דייַן נעשאָמע.
און דו דערשטיקסט אין קאָל דייַן ווילדן בריל
און שפּרינגסט אראָפּ און לויפסט ארויס אין גאס —
און נאָכאמאָל פאר דיר א וועלט, ווי נעכטן,
און אומפארשעמט גיסט אויס די זון, ווי טאָמיד,
פאר יעדער שוועל, פאר יעדער טיר איר שפּיל־ליכט
און ווארפט ארויס איר גאָלד פאר די כאזיירים...

נאָר ווייַטער גיי, אנטלויף פון ליכט, באהאלט זיך,
אין דר׳ערד אריַין פארקריך, אין שווארצן קעלער,
און פרעס דאָרט אוף דייַן שטאָלן הארץ פאר ווייטיק:
דו זעסט? דאָ האָבן אומרייַנע ארײלים
די רייַנע טעכטער פון דייַן פאָלק געשענדט.

אף איינער צען, אף איינער צען, די מוטער —
דער טאַכטער אין די אויגן, און די טאַכטער —
דער מוטער אין די אויגן, פאַרן קוילען,
בייסן קוילען, נאָכן קוילען... נעם זשע,
בען־אַדאַם, נעם, טאַפּ אָן מיט דיינע הענט די פלעקן
פון בלוט מיט עפּעס אנדערס אף דער קישן,
ווו מיט זיין האק, וואָס טריפט נאָך ווארעם בלוט,
האָט זיך אַ ווילדער כאזער־מענטש געוואַלגערט...
און זע, בען־אַדאַם, זע: אין יענעם ווינקל,
דאָרט אונטער יענער פּאס, בא יענעם קאסטן,
פארשטעקט אָן אָטעם זיינען זיך געלעגן
כאסאנים, ברידער, מענער, זין און טאַטעס
און צוגעקוקט פון זייער לאָך, ווי ס׳צאַפּלען
און ווארגן זיך מיט אייגן בלוט און עקל
די הייליקע, די ריינע, פרומע לייבער,
געדראָשענע פון (...) אייזן —
דאָס צוגעקוקט, אין דר׳ערד געלעגן און געשוויגן,
און ניט די אויגן זיך ארויסגעריסן,
דעם קאָפּ זיך ניט צעקלאַפּט און ניט אראָפּ פון זינען...
און עפּשער האָט נאָך יעדערער פון זיי באזונדער
פאר זיך געשעפּטשעט שטיל מיט זיינע לעפּצן:
„טו, גאָטעניו, אַ נעס, פארבלענד זיי, גאָט, די אויגן,
זיי זאָלן מיך, דיין קנעכט, ניט זען...” און נאָכדעם,
ווען איינע האָט זיך יאָ דערוואַכט צום לעבן,
פון בלוט און שמוץ ארויס צום וויסטן לעבן,
פארומרייניקט פאר זיך, פאר גאָט, פאר יידע וועלטן —
איז ער, דער מאַן, פון לאָך ארויסגעקראָכן,
צו גאָט אין שול געלאָפן בענטשן „גוימל”
און פרעגן דאָרט באם ראַוו אַ פרומע שיילע:
„צי מעג ער מיט זיין אישע וויטער לעבן...”

ארויס קריך, מענטש, קום וויטער, כ׳וועל דיר ווייזן
באהעלטענישן — שטאַלן פון כאזירים,
און זע מיט דיינע אויגן אַלע מיסטן,
ווו דיינע ברידער, כאשמוינאָיִמס יאָרשים,
די אייניקלעך פון אייביקע קעדוישים,
אין יעדער לאָך צו דריי מיניאָנים האָבן
אין יענעם שכיטע־טאָג זיך אויסבאהאַלטן
און גרויס געמאַכט צעווישן מיסט מיין נאָמען...
אנטלאָפן, ווי די מייז, באהאַלטן זיך, ווי וואַנצן,
און ווי הינט געשטאָרבן... און צומאָרגנס
איז פון זיין שטוב אַ זון ארויס און האָט געפונען
אין מיסט זיין טאַטנס פייגער... וואָס זשע וויינסטו, מענטש?
צו וואָס פארדעקסטו מיט די הענט דיין פּאָנעם? —
קריץ שטארקער מיט די ציין און פּלאַץ פאר ווייטיק!

איצט גיי אראָפּ אין טאָל, דאָרט גרינט אַ גאָרטן,
אין גאָרטן שטייט אַ שטאַל, די טויטע שטאַל,
ווו איינגעשלאָפענע אף זייערע קאָרבאָנעס,
טויט־שיקערע פון בלוט, וואַמפּירן ווילדע —
זע, ליגן דאָ אין שטאַל צעוואָרפן רעדער
צעבראָכענע, מיט בלוט און מארך פארשפּריצטע,
מיט שפּיצן אָפענע און אויסגעשטרעקטע,
ווי פינגער מערדערשע, צו עמעצנס אַ האַלדז.

וואַרט אויס, פֿאַרנאַכט, ווען פֿײַערדיק און בלוטיק
וועט אונטערגיין אין מײַרעוו־זײַט די זון —
זאָלסטו זיך שטיל אַרײַנגאַנוועגען אין שטאָל —
און ווער פֿאַרפֿאַלן דאָרט אין טהאָם פֿון שרעק...
א שרעק, א שרעק! זי שוועבט דאָ אײַנדערלופֿטן!
זי רוט אויף אַלע ווענט, זי איז אײַנגעפּרעסט אין שטילקײַט...
שאַ, הער זיך אײַן: סע רירן די רעדער...
דאָס צאַפּלען דאָרט פֿון אונטן שטיקער איווּרים,
זיי וואַרפֿן זיך אין אייגן בלוט און גויסען...
א שטילער קרעכץ, א כאָרכלען פֿון א האַלדז
א ניט־דערקוילעטן, א לעצטער זיפֿץ,
א צוגעשטיקטער רוף, א קריץ פֿון ציין...
דאָס אַלעס וואַלגערט זיך דאָ ערגעץ אונטער רעדער
און שלאָגט זיך אָן די שפּיצן, אָן די העלצער,
און שפּאַרט זיך דורך פֿון לעכער און פֿון שפּאַלטן
און בלײַבט פֿאַרגליווערט הענגען אײַנדערלופֿטן,
א שוואַרצע כופּע אויף דײַן קראַנקן קאָפּ,
א וויי, א שטומער וויי, א צאַר, א גרויסער צאַר...
יעסורים שטומע פֿלאַטערן... שאַ, שטילער,
ס׳איז נאָך דאָ עמעצער מיט דיר, ער בלאָנדזשעט
מיט צוגעמאַכטע אויגן אין דער פֿינצטער,
פֿאַרטיפֿט אין אָפּגרונטן פֿון גרויסן אומעט,
שטרעקט אויס פֿאַר זיך צוויי דאַרע הענט צום שוואַרצן,
מיט שטומע אַנגסטן אָנגעפֿילטן, כאַלעל
און טאַפּט די פֿינצטערניש מיט בלינדע פֿינגער,
ניט זוכנדיק קיין אויסוועג פֿאַר זײַן טרויער —
ס׳איז ער, ס׳איז ער אַליין, דער גרויסער שמערץ־גײַסט,
וואָס האָט זיך זעלבסט פֿאַרשלאָסן דאָ אין טפּיסע
און אָן ראַכמאָנעס זיך אַליין פֿאַרמישפּעט
אויף אייביקע, אויף גרויסע שטומע לײַדן;
און ערגעץ דאָ אין שטאָל, אַרום ביידע,
איז נאַוועגאַד, און שוועבט אַרום און רוט ניט,
און קאָן פֿאַר זיך קיין ווינקל ניט געפֿינען,
א מידע, א טויט־מידע, שוואַרצע שכינע.
האַרצרײַסנד! וויינען וויל זי — און זי קאָן ניט,
כאָטש איין געשריי טאָן — און זי שווײַגט...
שטיל וואַרגט זי זיך מיט אירע טרערן,
פֿאַרשפּרייט די פֿליגל איבער די קדוישים,
פֿאַרלייגט דעם קאָפּ אַרונטער און פֿאַרגייט זיך
און וויינט, און וויינט אין זיך אָן לאָשן...

. . . . . . . . . . . .

שאַ, גיי פּאַמעלעך צו, פֿאַרשליס די טיר
און אויג אויף אויג בלײַב איבער דאָ מיט איר.
און לאָז זיך אָנזאַפּן אויף אייביק דײַן נעשאָמע
מיט אירע שטילע, ברענענדיקע לײַדן;
און ווען אין דיר וועט אַלעס אָפּשטאַרבן און שווײַגן,
נעם ריר זיי אָן — זיי וועלן אויפֿלעבן און ריידן.
און גיי אַוועק, צעטראָג זיי אין דײַן שויס
אין אַלע עקן פֿון דער גאַנצער וועלט
און זוך, נאָר ניט געפֿין פֿאַר זיי קיין נאָמען...

איצט גיי אַרויס אין שטאָט, ווען קיינער זעט ניט,
און שלײַך זיך שטיל, פּאַמעלעך צום בעסאַלמען,
און שטעל זיך אויף די פֿרישע קדוישימס קוואָרים,

און שטיי, און קוק, און לאָז אראָפּ די ברעמען —
און ווער פאַרשטיינערט!
דײַן האַרץ זאָל אויסגיין, כאַלעשן א טרער —
נאָר טרוקן, ווי א שטיין אין מידבער, בלײַבט דײַן אויג;
און שרײַען ווּעסטו וועלן, רײַסן קוואָרים,
און ברילן, ווי אַן אָקס, צום שכיטע־באַנק געבונדן —
נאָר שטום, ווי די מאַציייוועס, בלײַבסטו שטיין,
נעם קוק זיי אָן, דאָ זײַנען זיי, די קדוישים,
דאָ ליגן זיי געשאָכטענע, ווי קעלבער,
און האָסט פאַר זיי קיין טרער, ווי איך — קיין לוין...
איך בין אהער געקומען, טויטע ביינער,
בא אײַך מעכילע בעטן: זײַט מיר מויכל!
זײַט מויכל אײַער גאָט, איר, אייביקע פאַרשעמטע,
פאַר אײַער ביטער, פינצטער לעבן זײַט מיר מויכל,
פאַר אײַער צען מאָל ביטערן, פינצטערן טויט.

---

# מאקסים גאָרקי וועגן כ.־נ. ביאַליק


שאָלעם־אַלייכעם און כ.־נ. ביאַליק

עס איז שווער צו רעדן וועגן א גרויסן דיכ־טער. ס'איז קימאַט אומעגלעך איבערצוגעבן מיט א גענוגנדיקער קלאָרקייט דאָס אַלץ, וואָס עס רופן אַרויס אין דײַן נעשאָמע זײַנע לידער — דער ווי־כער פון געפילן, וועלכן זיי וועקן אויף, איז קימאַט שטענדיק אומדערשפּירלעך פאַרן וואָרט.

פאַר מיר איז ביאַליק א גרויסער דיכטער און א פולקומע פאַרקערפּערונג פונעם גײַסט און זײַן פאָלק, ער איז פונקט ווי יעשײַע, דער נאָווי, וועל־כער איז אַמערסטן מיר ליב, און פונקט ווי דער נאָווי, וועלכער איז אַמערסטן מיר ליב, און פונקט ווי דער גאָטסקעמפער איזעוו.

ווי אַלע רוסן, קען איך שלעכט די ליטעראַטור פון די ייִדן, נאָר אַף וויפל איך ווייס זי, ווײַזט זיך מיר אויס, אַז דאָס ייִדישע פאָלק האָט נאָך ניט געהאַט, — יעדנפאַלס אין מעשעך פונעם XIX יאָר־הונדערט, — ניט געשאַפן א דיכטער פון אַזא מעכטיקײַט און שיינקײַט.

אַף רוסיש פאַרלירן אַפּאָנעם ביאַליקס לידער א העלפט פון זייער קויעך, געשטאַלטלעכקײַט, נאָר אויך דאָס, וואָס עס גיבן די איבערזעצונגען, דער־לויבט צו פילן די שיינקײַט פון ביאַליקס צאַרנדי־קער פּאָעזיע.

איך בין געבענטשט פון גאָט מיט גײַסט —
אײַך וועל איך שענקען מײַן נעשאָמע...
איך בין פון גאָט מיט מוט באַשמידט,
וואָס רײַסט אויס בערג און ווערט ניט מיד,
וואָס לאָזט מײַן רוקן זיך ניט בייגן
און קוקט דעם בייז גלײַך אין די אויגן;
און גאָט האָט מיר געשענקט א צונג,
א שאַרפע, ווי א שאַרפער קלונג, —
אויב איר זײַט שטיין — איז זי אַן אײַזן,
אויב איר זײַט אײַזן — איז זי שטאָל...

אַזוי קאָן ריידן בלויז א מענטש פון אויסשליס־לעכער גײַסטיקער קראַפט, א מענטש פון הייליקן צאָרן, און — זאָל אָט דער צאָרן דערוועקן בא דעם פאָלק א געפיל פון שטאָלץ פאַר דעם פלאַמיקן האַרץ פונעם דיכטער.

נאָר ווי אַלע גרעסטע פּאָעטן, איז ביאַליק אַלמענטשלעך, און ווען דו לייענסט אייניקע זײַנע לידער, ווערט ביז פאַרצווייפלונג א שאָד שוין ניט בלויז דעם ייִדן, נאָר דײַן גאַנץ פאָלק און זיך אַליין.

---

*М. Горький. Материалы и исследования. Под ред. В. Десницкого. Академия наук СССР, Л., 1934, т. 1.*

אז איר וועט קומען מאָרגן הינטער מײַנע טירן
און אָנקלאַפּן בא מיר, און מאָנען לוין —
וועל איך אײַך עפענען, קומט זעט — איך האָב נישט!
א גאָטס ראַכמאָנעס איז אף אײַך — נאָר כ'האָב נישט!
א יוירעד בין איך, גלײַך מיט אײַך פאַראָרעמט...
און ווײ, און וויינד, און ווײ איז אַלע וועלטן!
און לאָזן אַלע הימלען ברומען פאַר ראַכמאָנעס! —
אַזעלעכע קאָרבאָנעס — און אומזיסטע!
אומזיסט אַזוי געלעבט, אַזוי געשטאָרבן,
ניט ווײסנדיק צו וואָס, פאַר וואָס, פאַר ווען?
אין וואָלקן אײַנגעהילט איר קאָפּ וועט אייביק
מײַן אַלטע שכיטע ווײַנען שטיל פאַר בושע,
און נאַכט אף נאַכט וועל איך אַראָפּ פון הימל
באַוויינען זיך אף אײַער קייווער...
די שאַנד איז זייער גרויס, און זייער גרויס דער ווייטיק —

---

און שווער וועט אײַך דאָס לעבן ווערן —
א לאַנגע נאַכט און ניט איין שטערן...
און אײַער קרעכץ פאַרטראָגט דער ווינט,
און אײַער קאָל וויל גאָט ניט הערן...
און שרעקלעך גרויס וועט זײַן די נויט,
ווי גרויס און שרעקלעך ס'איז די זינד;
און איר וועט כאַלעשן דעם טויט,
און בענקען וועט איר נאָכן לעבן...
נאָר גאָט וועט ביידע אײַך ניט געבן...

און ווײַטער:

הערט, טויבע, הערט! עס גייט א טאָג,
איך לאָז אַרויס א זון פון רעכט
און וועל די וועלט מיט ליכט באַגיסן —
נאָר איר אַליין וועט בלײַבן קנעכט
און וועט קיין טראָפּן ליכט געניסן...
...נאָר אײַך באַגעגנט א געלעכטער:
ווהין איר קומט, האָט איר פאַרזאַמט...

אָט די ווערטער פון גרויסן ייִעש פאַלן מיט צעגליטע קוילן ניט בלויז אפן האַרצן פונעם ייִדן, נײַן, ניט בלויז. . .

איינע פון ביאַליקס אמערסטן שטאַרקע לידער איז פאַר מיר די „שכיטע־שטאָט", וועלכע שטראָפט אומראַכמאָנעסדיק דעם הענקער און מיט רעכט — דעם קאָרבן פאַר זײַן האַכנאָעדיקײַט צו דעם הענקער.

דורך ביאַליקס האַרץ זײַנען דורכגעגאַנגען אַלע יעסורים פון זײַן פאָלק, און דעם דיכטערס האַרץ איז טיף און קלינגעוודיק, ווי א גרויסער גלאָק.

דעם צאַר און צאָרן זײַנעם דריקט ער אויס מיט שטראָף־רייד פון א נאָווי, נאָר אים איז ניט פרעמד אויך דאָס פּראָסטע, ליבלעך־מענטשלעך וואָרט; ווען ער קאָן, איז ער א פּרעכטיקער ליריקער.

ער איז ביכלאַל א ברייטהאַרציקער עכטער מענטש, וועמען ס'איז גאָרנישט אין דער וועלט — פרעמד, ער האָט ליב דאָס פאָלק זײַנס ביז פאַרצווייפלונג, ער רעדט מיטן פאָלק אף דער שפּראַך פון א נעקאָמענעמער, באַליידיקט עס, שרײַט מיט בײַראָנס שטים:

איך שיק אַראָפּ א מילדן גײַסט,
וואָס פרישט, ווי טוי פון גאָט און ווײַזט
א נײַעם וועג צו נײַע הימלען —
נאָר איר וועט טרוקן זײַן ווי שטרוי,
און ניט אף אײַך וועט פאַלן טוי.
איר? — איר וועט אייביק פוילן, שימלען.
און אויב ס'איז נאָך פון פרי'ר געבליבן
א פונק פון גײַסט, געפיל און גלויבן,
אַן ערנסטער זיפץ, א הייסע טרער, —
וועל איך דאָס אײנציקווײַז אָפּרייבן.
און אײַער האַרץ וועט בלײַבן לער
אָן טאַם, אָן רייעך, אָן לײַב און לעבן...

אָבער דאָס איז א צאָרן פון א ליבנדיקן, א גרויסער צאָרן פון א פאָלקס־האַרץ, ווײַל דער דיכטער איז דאָס האַרץ פונעם פאָלק.

דורכן וויכער פון צאָרן, ווײ און בענקשאַפט שלאָגט זיך דורך ווי א העלער שטראַל די ליבשאַפט פונעם דיכטער צום לעבן, צו דער ערד און זײַן שטאַרקער גלויבן אין די גײַסטיקע קויכעס פונעם ייִדנטום:

איבערגיין וועלן די פינצטערע צײַטן,
אויך אונדז וועט נאָך עפּשער געראָטן, ווי לײַטן.
בעסערס און שענערס דערלעבן...

אָט דער גלויבן ביאַליקס רופט בא מיר ניט אַרויס קיין צווייפל — דאָס ייִדישע פאָלק — א פאָלק מיט א שטאַרקן גײַסט — אָט האָט עס געגעבן דער וועלט נאָך איין גרויסן דיכטער...

מ. גאָרקי

און וואָס איז גרעסער? — זאָג שוין דו, בען־אַדאָם!
ניין, שווײַג בעסער, און זײַ א שטומער איידעס,
אז דו האָסט מיך אין אַרעמקײַט געפונען
און צוגעזען מײַן עלנט און מײַן טרויער.
און גייענדיק צוריק — נעם מיט, בען־אַדאַם,
א טייל פון צאַר מײַנעם, פון שטילן ווייטיק,
און מיש אים אויס מיט צאַרן־גיפט און וואַרף אים
אין שויס פון די נאָך לעבעדיקע מייסיס...

ווילסט גיין צוריק — פאַרקוקסטו זיך אַף גרעזלעך.
א פרישע יונגע בסורע פון א פרילינג
פילט אָן דײַן האַרץ, באַהויכט דיר דײַנע אויגן
מיט שטילן באַנג נאָך ווײַטן, נײַעם לעבן, —
ס'איז קוואָרים־גראָז, סע שמעקט מיט טויט, בען־אַדאָם!..
רײַס אויס א הויפן גראָז, פאַרוואַרף דאָס הינטער זיך
און זאָג דערבײַ, צומאַכנדיק די אויגן:
„מײַן פאָלק איז אָפּגעריסן גראָז — צי קאָן דען
אַן אָפּגעריסענעס נאָך לעבן?..
און קוק זיך מער ניט אום — אַנטלויף פונדאַנען,
צו די נאָך לעבעדיקע לויף, ס'איז הײַנט א טאָנעס,
און פאַל אַרײַן צו זיי אין שול, און ווער פאַרפּאַלן
אין זייער ברענענדיקן יאַם פון טרערן...
דו הערסט? יעלאַלעס, ווילדע, שרעקלעכע יעלאַלעס,
דורך מײַלער אָפענע, דורך ציין פאַרקלעמטע,
צערײַסן זיך אַף טויזנט לעבעדיקע שטיקער,
פאַרמישן זיך און גיסן זיך צונויף
אין איין פאַרצווייפלטן און מוירעדיקן יאָמער,
וואָס וואַרפט זיך ווי א קראַנקער אינדערלופטן
אַף קעפּ, פאַריסענע צום פײַכטן באַלקן,
אַף פּנעמער, פאַר ווייטיק אויסגעקרימטע... —
א גרויל, גרויל! א פראָסט נעמט דורך דײַן לײַב!
אַזוי קלאָגט נאָר א פאָלק, וואָס איז פאַרלוירן,
וואָס אַש און רויך איז זײַן נעשאָמע, און א מידבער,
א וויסטער מידבער איז זײַן האַרץ געוואָרן:
קיין איינציק גרעזל האָס, קיין קערנדל נעקאָמע!
דו הערסט? זיי קלאַפּן זיך אין ברוסט „אַשאַמנו!"
זיי בעטן, איך זאָל זיי די זינד פאַרגעבן...
צי זינדיקט דען א שאָטן אַף די ווענט —
א שאַרבן א צעבראַכענער, א טויטער וואָרעם? —
וואָס בעטן זיי? וואָס שטרעקן זיי די הענט?
א פויסט ווו איז? ווו איז א גרויסער דונער,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דוירעס,
און אײַנלייגן די וועלט, צערײַסן הימלען,
מײַן שטול, מײַן קיסע־קאָוועד, איבערקערן!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . .

און הער, בען־אַדאָם!
צעשרײַט זיך דער כאַזן באַם אָמעד:
„טו, גאָט, פאַר די געשאָכטענע קאָרבאָנעס!
פאַר די צאַדיקים טו, פאַר פרומע זקיינים!
פאַר זויגנדיקע קינדער טו, פאַר פיצלעך קינדער!"
און נאָכשרײַען מיט קוילע־קוילעס וועט דער אוילעם,
אַזוי, אַז אַלע ווענט און זײַלן פון דעם הויז

מיט דיר אײנײנעם װעלן ציטערן פאר פּאַכעד —
װעל איך אַף דיר אַן אַכזער זײַן, אַ גרױסער אַכזער —
מיט זײ װעסטו באַ מיר ניט װײנען!
און הײבט זיך אױף אין דיר אַ בריל און רײַסט זיך —
דערשטיק איך אים צװישן דײַנע צײן!
דו זאָלסט דעם אומגליק ניט װי זײ פאַרשװעכן,
פאַרבלײַבן זאָל ער אומבאַקלאָגט לעדױרעס...
און דײַן ניט־אױסגעװײנטע טרער באַגראָב אין זיך,
אין האַרצן טיף פאַרמױער זי, בױ אױס דאָרט
פון האַס, פון גרימצאָרן און גאַל פאַר איר אַ פעסטונג,
און לאָז זי װאַקסן דאָרט, אַ שלאַנג אין נעסט,
און זױגן זאָלט איר אײנער פון דעם צװײטן,
און טאָמיד בלײַבן הונגעריק און דאָרשטיק!
און װען אַ בײזער יום־האַדין װעט קומען —
צעבערעך דײַן האַרץ, באַפרײַ די בײזע שלאַנג,
און לאָז זי אַפּ װי אַ פאַרסאַמטע פײַל,
טױט־הונגעריק, מיט ברענענדיקן גיפט,
אינמיטן האַרצן פון דײַן אײגן פאָלק...
און מאָרגן גײ אַרױס אין גאַס, בען־אָדאָם,
און זע! אַ מאַרק, אַ מאַרק פון לעבעדיקן ברוכװאַרג!
דערשלאָגענע, האַלב־טױטע מענטשן־װערעם,
צעבראָכענע און אױסגעקרימטע רוקנס,
פאַרװיקלטע אין שמאַטעס הױט און בײנער,
מיט קינדער — װיסטע קאַליקעס, מיט װײַבער,
צום טױט פאַרמאַטערטע און אײַנגעדאַרטע,
אַ הײשעריק, סאַף־זומערדיקע פליגן
באַפאַלן טיר און טױער, אַלע פענצטער,
באַלאַגערן די שװעלן פון די הײַזער
און שטרעקן אױס, געלערנטע צו בעטלען, קרומע הענט
מיט אופגעדעקטע אײַטערדיקע װוּנדן,
און יעדערער שרײַט אױס זײַן פעקל סכױרע,
פאַרײַסנדיק די לױזע אױגן צו די פענצטער,
װי קנעכט, װי הינט געשלאָגענע, צום באַלעבאָס!
אַ גראָשן פאַר אַ װוּנד, אַ גראָשן פאַר אַ װוּנד!
אַ גראָשן פאַר אַ טאָכטער אַ געשענדטער!
אַ גראָשן פאַר אַן אַלטן טאַטנס טױט
און פאַר אַ יונגן כופּע־זון אַ קאַדעש!
צום בײס־האַקװאָרעס מיט די טאָרבעס, שלעפּער!
אַהינצו גײט, גראָבט אױס די װײַסע בײנער
פון אײַערע קדױשימס פרישע קװאָרים,
שטאָפּט אָן די טאָרבעס, יעדערער זײַן טאָרבע,
און לאָזט זיך אין דער װעלט אַרײַן, און שלעפּט זיך
פון שטאָט צו שטאָט, װוּ ערגעץ אַ יאַריד,
און הינטער אַלע פרעמדע הױכע פענצטער
זינגט הײזעריקע בעטלערשע ניגונים,
און האַכמים בעט, און שנאָרערט אױס, און שװינדלט,
װי ביז אַהער, מיט אײַער פלײש און בײן.
. . . . . . . . . . . . . .
און איצט געזונג, אַנטלױף, דו מענטש, אַנטלױף אַף אײביק!
אין װיסטן מידבער לױף — און װער מעשוגע!
צערײַס אַף טױזנט שטיקער דײַן נעשאָמע
און װאַרף אַרױס דײַן האַרץ פאַר װילדע הינט!
און לאָז דײַן טרער אַראָפּפאַלן אַף הײסע שטײנער,
און דײַן געשרײ זאָל אײַנשלינגען דער שטורעם...

★ ★ ★

## לידער
## איבערזעצונגען

# וולאדיסלאוו כאָדאסעוויטש

## זוך מיך

דו זוך מיך, ווו ס'איז גליק און ווו ס'איז אומגליק.
איך בין די שײַן, וואָס קײנער האָט געזען.
איך בין א זיפץ, אַף דעם פּאַרקעט א זון־בליק,
כאָטש ער איז דאָ, און איך בין שוין געווען.
און דאַך — מיט דיר כ'וועל קײנמאָל זיך ניט שיידן.
אָט בין איך, זע. צו אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג,
עס רירן צו זיך דײַנע דלאָניעס ביידע,
וואָס רײַבן זיך אין לויפנדיקן טאָג.
דו אײַל זיך ניט. ס'האָט יעדע זאַך א העמשער.
מאַך צו די אויגן און די שײַן פאַרשטעל.
דאַן אַף די ציטעריקע פינגער דײַנע עפּשער,
פּונקט ווי אַף שוועבעלעך, כ'וועל אָנצינדן זיך העל.

1918.



וולאדיסלאוו פעליציאַנאָוויטש כאָדאסעוויטש (1886—1939) האָט דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין 1905. אין 1908 איז דערשינען זײַן ערשטע פּאָעטישע זאַמלונג. אין 1922 עמיגרירט קיין אויסלאַנד. זײַנע ליטעראַטור־פאָרשערישע אַרבעטן „פּושקינס פּאָעטישע ווירטשאַפט" (1924), „דערזשאווין" (1931), „וועגן פּושקינען" (1937) האָבן א גרויסע דערקענטעניש־ווערט. וו. כאָדאסעוויטש האָט איבערגעזעצט אַף רוסיש פיל ווערק פון פּוילישע, יידישע, פראַנצויזישע, אַרמענישע און לעטישע שרײַבער. געשטאָרבן אין פּאַריז.

* * *

מעגסט איבערגיין, אַריבערגיין,
אַריבערשפּרינגען, איבערלויפֿן,
נאָר טו א ריס זיך, ווי א שטיין
און סאַמע פֿלי.
בעיין אויפֿן,
אַליין פֿאַרלאָרן, זוך אַליין...

וואָס שעפּשטע איך, איין גאָט קאָן וויסן,
ווען כ'זוך די ברילן, צי די שליסל.

1922

## די מאַלפּע

א הייסער טאָג. די וועלדער אין דער געגנט
האָבן געברענט. ס'האָט נודנע באַ די שכיינים
א האָן געקרייעט. כ'האָב באַ דער קאַליטקע
זיך צוגעשפּאַרט צום פּלויט. דאָרט איז געזעסן
א סערב, פֿון די בראָדיאַגעס, אויף דעם ברעטל,
וואָס דינט אונדז פֿאַר א באַנק. א מאָגערער, א
שוואַרצער,

מיט א מאַסיוון ציילעם אויף דער ברוסט דער הוילער,
פֿון וועלכער ס'האָט געקאַפּעט שווייס. געזעסן
איז אויפֿן פּלויט א מאַלפּע אין א קליידל
א רויטס. פֿון בעז פֿאַרשטויבטע בלעטער
געגעסן זשעדנע. אויפֿן האַלדז דער פּאַסעק
געווען איז אָפּגעצויגן פֿון א קייט א שווערער,
דעם גאָרגל איר געוואָרגן. אין דער רעגע
דער סערב האָט אופֿגעכאַפּט זיך און געבעטן
באַ מיר א טרונק. נאָר בלויז געפּרוווט דאָס
וואַסער

מיט זײַנע ליפּן, צי קאַלט עס איז ניט צופֿיל,
און אויף דער באַנק אוועקגעשטעלט דעם טעלער.
דאַן האָט די מאַלפּע, ווייקנדיק די פֿינגער,
א כאַפּ געטאָן דעם טעלער אין די לאַפּעס
און, שטייענדיק אויף אַלע פֿיר, געטרונקען,
די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אין ברעטל,
וואָס דינט אונדז פֿאַר א באַנק. די פּלייצע
האָט באַ דער מאַלפּע זיך געוויגט מיט טײַנעג.
אַזוי, דאַכט אויס מיר, איז פֿאַרצײַטנס, מעגלעך,
דער גרויסער דאַריי צוגעפֿאַלן דאָרשטיק
צום וואַסער פֿון א קאַליוזשע, ווען לויפֿן
ער האָט געמוזט פֿון דער פֿאַלאַנגע אַלעקסאַנדערס.
דאָס וואַסער אויסגעטרונקען, האָט די מאַלפּע
פּאַשעט

אויף דר'ערד אַראָפּגעשאַרט דעם טעלער, און מיט
ווירדע
(אָ, צי די רעגע מעגלעך איז פֿאַרגעסן?)
מיר אויסגעצויגן א פֿאַרשוואַרצטע לאַפּע —
א האַנט, וואָלט איך געזאָגט, וואָס אין מאָזאָליעס,
ניט אויסגעטריקנט פֿונעם וואַסער, קאַלט נאָך...
געדריקט כ'האָב הענט באַ שיינהייטן, פּאָעטן,
באַרימטע פֿירער, — און קיין האַנט קיין איינע
איז ניט געווען, ווי אָט דער מאַלפּעס, איידל
און אַזוי ברידערלעך מיך ניט געצערטלט.
גאָט איז אַן איידעס, אַז אין מײַנע אויגן
געקוקט האָט קיינער מיט אַזויפֿיל כאָכמע,
אָן גוזמע — ביזן דעק פֿון דער נעשאָמע.
ס'האָט מיטאַמאָל פֿון אָוואַר זיסע זמירעס
דער אָרעמער באַלכײַ אין מיר צעצונדן,
און ס'לעבן איז געווען פֿאַרפֿולט מיט טײַנעג,
און מאַכנעס שטערן, מאַכנעס בלויע כוואַליעס
האָבן מיט ווינט אָן אָרגל־שפּיל געטראָגן
צו אַלע, אַלע, אַלע, אַלע מענטשן.
קלאַפּנדיק פֿאַמעלעך מיט די בובנעס,
אָן אײַלעניש אוועקגעגאַן דער סערב איז,
שנעל אויף זײַן לינקן אַקסל איז אַרויף גלײַך
די מאַלפּע, גלײַכמעסיק זיך אָנגעהויבן וויגן,
פּונקט ווי א מאַגאַראַדזשאַ אויף א העלפֿאַנד
אין אינדיע. די זון, א גוואַלדיק גרויסע,
איינגאַנצן א מאַלינאָווע, אָן שטראַלן,
געהאַנגען איז פֿאַרויכערט. אָן א דונער
די היץ האָט אויף דעם ווייץ־פֿעלד זיך געקויקלט.

אין אָט דעם טאָג האָט מען געמאָלדן די מילכאָמע.

1919

■



באָריס לעאָנידאָוויטש פּאַסטערנאַק (1960—1890) האָט זײַנע ערשטע לידער פֿאַרעפֿנטלעכט אין 1913 אינעם אַל־מאַנאַך „ליריקאַ״, און אין אַ יאָר אַרום איז דערשינען זײַן ערשטע פּאָעטישע זאַמלונג. אין מעשך פֿון זײַן דויערנדיקן שעפֿערישן וועג האָט דער דיכטער געשאַפֿן אַ גרויסע צאָל לירישע און עפּישע ווערק, ווי אויך פּראָזע. ב. פּאַסטערנאַק איז געווען אַ גלענצנדיקער איבערזעצער פֿון דער וועלט־קלאַסיק (געטע, שעקספּיר, שעלי, פּעטעפֿי און אַנד.), פֿון דער גרוזינישער פּאָעזיע.

# באָריס פּאַסטערנאַק

## אימפּראָוויזאַציע

א סטײַע קלאַווישן כ׳שפּײַז פֿון דער האַנט,
ס׳קלאַפּט מיט די פֿליגל עפּעס אַ פֿויגל.
עס איז בײַ מײַן אַרבל פֿאַרקאַטשעט דער ראַנד,
און ס׳רײַבט זיך די נאַכט אינעם עלנבויגן.

און פֿינצטער עס איז. און אַן אָזערע וויִעט
זיך כוואַליעט. און פֿייגל... עס נעמט זיי דער שלאָף דיען?
זיי וועלן אַ וואָרף טאָן זיך פּיקן מײַן לײַב
מיט שוואַרצע, מיט שטאַרקע און שרײַענדע שנאָבלען.

עס שווענקט זיך די נאַכט אינעם גאָרגל פֿון ברעג,
די פֿייגל זיך קריגן אַרום ניט־געשטויגן.
אַ כוואַליע האָט אויסגעלעקט זשעדנע די דעק
באַם שיפֿל און פֿליעסקעט זיך לעם עלנבויגן.

וואָס שײַעך די פֿייגל, איז טײַער די פּרײַז
פֿאַר דעם, וואָס די אײַפֿעלעך זייערע צאַפּלען.
און זאָלן זיי, זאָלן זיי פּיקן מײַן לײַב
מיט שוואַרצע, מיט שטאַרקע און שרײַענדע שנאָבלען.

1916

* * *

מ׳הייבט אָן אַזוי: קוים אַלט צוויי יאָר,
מיט קלאַנגען האַלט מען אין איין שיטן,
מע צוויטשערט דאַן, מע פּײַפּט, — דאָס וואָרט
קומט אויף ערשט אינעם יאָר דעם דריטן.

אַזוי־אָ הייבט מען אָן פֿאַרשטיין.
און ס׳דוכט זיך אין דער וועלטס גערודער:
דו ביסט ניט דו, דײַן היים — קיין היים,
די מוטער איז אויך ניט קיין מוטער.

וואָס נאָך קאָן וועלן אָט דער ווינט,
די קוסטעס בעז, מיט נאכט פאַרשאָטנט,
אויב ניט אוועקשלעפּן דאָס קינד? —
אזוי־אָ קומען אוף די כשאָדים.

און ס׳רײַפּן פּכאָדים. ס׳בלײַבט פאַרצוימט
די שטערן־הייך פאַר זעל פאַר דײַנער
בייס פּאוסט ביסטו אין דײַן טרוים.
אזוי באַווײַזן זיך ציגײַנער.

דערנאָך עס גיט זיך א צעשפּרייט
איבערן פּלויט, אָנשטאָט די הײַזער,
א פּלוצלינגדיקע יאמען־ברייט.
אזוי וועט זיך דער יאמב באַווײַזן.

די זומער־נאכט צו פעלדער קניט
און בעט: אָ, ווערט אַף שטענדיק היגע!
זי דראָט דעם רוים מיט אויג צעגליטס
און מיט דער זון אויך נעמט זיך קריגן.

אזוי אין לעבן קומט די ליד.

1921

* * *

ביין־האשמאָשעס וועט זיך שפּינען,
קיינער מער וועט דאָ ניט זײַן.
אין דער שטוב דורך די גאַרדינען
קוקט דער ווינטער־טאָג אַרײַן.

בלויז דער נאסער שניי אין דרויסן
גלאַט אזוי זיך שיט און שיט.
שניי און דעכער בלויז,
און אויסער
שניי און דעכער — גאָרנישט ניט.

פראָסט וועט אָנוואַרפן א מוירע,
און — עס האָט מיך שוין פאַרדרייט
פון אמאָל די מאַרעשכוירע,
פון ניט־איצט דער ווינטער־ווי.
אומקערן וועט דער פאַרדראָס זיך
פאַר א שולד, וואָס איז נאָך פריש.
ס׳איז מיט קעלט די שויב פאַראָסטעט
און די וועלט אין איר — פאַרווישט.

די פאַרטיער וועט אומגעריכט דאַן
זיך א וויג טאָן אין דער שײַן.
דורך דער שטילקייַט, אזוי ליכטיק,
ווי די צוקונפט, וועסט אַרײַן —

דורך דער טיר, וואָס איז שוין אָפן,
אין עפּעס א ווײַסער קלייד,
אופגעגנייט פון יענע שטאָפן,
וועלכע זײַנען ווײַס ווי שניי.

1931

## פרימאָרגעדיקע צוגן

כ׳לעב הינטער מאָסקווע אָט דעם ווינטער,
נאָר הײַנט גאַנצפרי, אין שניי, אין פראָסט,
ווײַל ס׳איז מיר נייטיק, האָב איך מונטער
זיך אין דער שטאָט אוועקגעלאָזט.

אין אָט דער שאָ — קיין שפּור קיין מינדסטער,
די נאכט האָט זיך אין וואלד פאַרהיט.
איך האָב צעוואָרפן אין דער פינצטער
א בינטל סקריפּענדיקע טריט.

די רעלסן האָבן זיך באַוויזן,
געגלאַנצט אנטקעגן א געפאַר
און אומגעריכט זיך איבערגעריסן
אין טהאָם פון פראַכטיקן יאנוואַר.

בא דעם וואָקזאלכל האָט גערעכטיק
מיך אָפּגעשטעלט בלויז אַף א ווײַל
דער צוג, וואָס רופט זיך „איין און פערציק",
און איך צו מײַנעם האָב געײַלט.

עס האָבן זיך פון שײַן די פאָלעס
צונויפגענומען אין א קרײַז,
זיך דורכגעריסן דאָרט, ווו שמאָל איז,
און זיך צעגאנגען אַף באַנײַס.

אינעם וואגאָן — ווער ווייסט, מיט וועמען
עס רעדן אלע מיטאמאָל.
כ׳בין גרייט געווען אָן אָרט פאַרנעמען,
כאָטש זיצן האָב איך ניט געוואָלט.

דורך צײַטן, ווען די נויט זיך קלאַמערט,
דאָס לעבן גאָרנישט ניט באַהאַלט, —
פּונקט ווי א קינד דערקענט זײַן מאמע,
דערקענט כ׳האָב רוסלאנדס ליב געשטאלט.

אין א געמיינשאַפט אין אַן עכטער
דעם ישועו האָב איך דאָ דערזען.
געווען עס זײַנען ווײַבער, גערטנער,
סטודענטן, שלאָסערס אויך געווען.

מיט אומבאַקוועמקייט זיך באַגאַנגען
אַזוי־ווי גראַפּן אין א דאָרף,
די ניט־באַפרידיקטע פאַרלאַנגען
איבערגעטראָגן ווי מע דאַרף.

געזעסן ענג, פאַרקוועטשט צוזאַמען,
גלײַך אין די וועגענער אַמאָל:

די דרעמלענדיקע עפּעס שטאַמלען,
די וואַכע לייענען אַף א קאָל.

באַגעגנט מאָסקווע האָט מיט כאַשכעס,
ווען די באַגינענדיקע שאָ
האָט צו די פּיס זיך אונדז געלאַשטשעט
בא דעם אַרויסגאַנג פון מעטראָ.

די יאָרשים פון דעם גרויסן מאָרגן
האָבן באַשמעקט די גאָרע וועלט
מיט פראָסטער רויִקייט, מיט זאָרגן,
מיט האָניק־פלעצלעך און מיט פעלד.

1941

* * *

איך וויל אין אַלץ דערגיין צום גרונט,
צום פראָסטן כאָמעץ,
צו דעם, וואָס רופט זיך אָן — די וווּנד,
יאָ, דער נעשאָמעס.

צו סיבעס, וואָס מע מוז פאַרשטיין,
צו די פאַרוואָסן,
צו וואָרצלען, צו דעם טאָך אַליין,
צו אַלע מאָסן.

דעם פאָדעם אָנכאַפּן איך וויל
פון וועלט און סיידער.
און לעבן־שטרעבן מיט געפיל
כ'וועל טאָן א ניידער.

אָ, ווען איך וואָלט געקאָנט באַדאַכט
אַזעלעכס שאַפן,
איך וואָלט אין שורעס אַכט
באַטראַכט
די לײַדנשאַפטן.

די מיצוועס, די אוויירעס אויך
דעם שעדס מאַטאָנעס,
די גוואַלדטאַטן פון גראָבן קויך,
די אַקסל, דלאָניעס.

פון לײַדנשאַפט כ'וואָלט דעם געזעץ
געווען א באַלן
באַצײַכענען פאַר אײַך צולעצט
מיט איניציאַלן.

געבליט די ליד וואָלט אין מײַן סאָד
באַגלײַך מיט ליפּעס,
פאַר אירע שוועסטער כ'וואָלט ניט גראָד
געמאַכט קיין איפּעס.

זיי זאָלן שטיין זיך אין א ריי
אין די פיר עקן,
מיט רויזן, רעגן און מיט היי
זיי זאָלן שמעקן.

אַזוי אַמאָל עס האָט שאַפען
געשענקט אָן שאָדן
די פראַכט, וואָס ס'אויג זײַנס האָט געזען,
זײַנע עטיודן.

דאָס לעבן גייט זיך ניט געײַלט,
די פייגל ציִען,
און אָנגעצויגן איז די פײַל,
וואָס באַלד וועט פליִען.

1956





# פּובליציסטיק

אַלעקסאַנדער קריוקאָוו

## וועגן דער ראַדיאָסטאַנציע „דאָס קאָל פון יִסראָעל"

ווי באַוווּסט, איז ראַדיאָ אַן עפעקטיוו מיטל פון פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע, וואָס איז בעקױעך גלײַכצײַטיק אַרומכאַפּן ריזיקע טעריטאָריעס. אין די „דירעקטיוון צו די אידעאָלאָגישע פּראָבלעמען", וועלכע זײַנען אָנגענומען געוואָרן אויפן 28־טן קאָנגרעס פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (אַצאָ) אין יאַנואַר 1972, ווערט באַזונדערס באַטאָנט, אַז דאָס פאַרפולקומען און אויסברייטערן די ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד און אויף אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער איז „א זאַך פון ערשטראַנגיקער און ערשטרײַיקער וויכטיקייט און דרינגלעכקײַט.

אין דעם אַלגעמיינעם כאָר פון די קאָ־לערליי „ראַדיאָ־קוילעס" טיילט זיך באַזונדערס אויס די ראַדיאָסטאַנציע „דאָס קאָל פון יִסראָעל" („קפּי"), וואָס פירט שוין ניט איין צענדליק יאָר א צעיושעטע אַנטיקאָמוניסטישע און אַנטיסאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע. באַזונדערס האָט זי אַקטיוויזירט איר טעטיקייט אין דער לעצטער צײַט. גענוג צו זאָגן, אַז אויב דער אַלגעמיינער פאַרנעם פון דער מײַרעווודיקער ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געצילט אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט זיך פאַרגרעסערט פאַר 15—20 יאָר אין אַנדערהאַלבן מאָל, זײַנען די טראַנסלירונגען פון יִסראָעל אויסגעוואַקסן אין 6 מאָל[1].

●

## די געשיכטע און די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור פון דער יִסראָעלדיקער ראַדיאָ־דינסט

אין 1936 האָט די ענגלישע מאַנדאַטאַרן־מאַכט געגרינדעט אין ירושלים די „פּאַלעסטינער ראַדיאָ־דינסט" און אָנגעהויבן טראַנסלירן רעגולערע פּראָגראַמען אויף ענגליש, איווריט און אַראַביש.

אין די 40־ער יאָרן איז א געוויסע צײַט געווען טעטיק די אומלעגאַלע סטאַנציע „דאָס קאָל פונעם קעמפנדיקן ציִען" — דער רופאָר פון דער טעראָריסטישער ציִוניסטישער אָרגאַניזאַציע „איר־גון צוואי לעומי" („נאַציאָנאַלע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע"), מיט וועלכער עס האָט אין 1942 אָנגעפירט מענאַכעם בעגין. די דאָזיקע ראַדיאָסטאַנציע האָט גערופן צו פאַרכאַפּן די טעריטאָריע פון גאַנץ פּאַלעסטינע און מיט גוואַלד („בעדאַם וואיעש" — „מיט בלוט און פײַער") אַרויסטרײַבן פון לאַנד א מאַקסימאַל מעגלעכע צאָל פּאַלעסטינער אַראַבער. בעגין און זײַנע אָנהענגער זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּלאַן פון צעטיילן פּאַלעסטינע אויף צוויי מעלו־

---

1 אין אַקטיווע און אומופּהערלעכע ציִוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע פירן אויך „דאָס קאָל פון אַמעריקע", „בי־בי־סי", „סוואָבאָדאַ", „די דויטשע וועלע", „דאָס קאָל פון קאַנאַדע" און אייניקע אַנדערע. דער פאַר־נעם פון דער ציִוניסטישער טעמאַטיק און די דאָזיקע ניט־יִסראָעלדיקע סטאַנציעס איז, פאַרשטייט זיך, קלענער, איידער אין „קפּי". נעמענדיק אָבער אין אַכט די וויכטיקע ראָליע, וואָס זיי שפּילן אין דער אַלגעמיינער סיסטעם פון דער אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע, מוז מען זיי, אָן שום ספק, צורעכענען צו די קאַנאַלן אויף צו פירן ציִוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

כעס — א ייִדישער און אַן אַראַבישער. אין אָנהייב 1948 האָט אין טעל־אוויוו אופגעשטעלט איר אייגענע ראַדיאָסטאַנציע די „האַגאַנאַ“ — די באַוואָפנטע פאַרמירונג אונטער דער אָנפירונג פון בען־גוריאָנען, דעם שפּעטערדיקן ערשטן פּרעמיער־מיניסטער פון דער מעדינע. אין אָנהייב פון די 50־ער יאָרן איז ווידער אופגעשטעלט געוואָרן דער געוועזענער ענגלישער ראַדיאָ־קאָמפּלעקס אין ירושאָלאיִם.

אין מאַרט 1950 הייבט אָן איר טעטיקייט די צענטראַלע ראַדיאָסטאַנציע פון דער „אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע“ „שידורים לאַגאָלאַ“ („אַאודיציעס פאַר די גאָלעס־לענדער“) — די שפּעטערדיקע „קאָל ציאָן לאַגאָלאַ“. אין 1956 האָט זי שוין פאַרמאָגט א גענוגנדיקן קאָמפּלעקט טעכנישע מעכטיקייטן און א שטאַט אויסגעשולטע פּראָפּאַגאַנדיסטן, קעדיי אָנצוהייבן טראַנסלירן אויף די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע. אין די רעגולערע טאָגטעגלעכע אַאודיציעס אויף איוורית, ייִדיש, שפּאַניש און פּאָרטוגאַליש האָבן זיך פּערזענלעך באַטייליקט דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט בען־צווי, דער אָנפירער פון דער „ייִדישער אַגענטור“ בערל לאָקער, ווי אויך די אַקרעדיטירטע אין ייִסראָעל דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער פון אַרגענטינע, בראַזיליע, גוואַטעמאַלע און טשילי. אָנהייבנדיק פונעם 1959, האָט זיך „דאָס קאָל פון ציוֹן פאַרן גאָלעס“ אָנגעשלאָסן אין דעם „קאָל ייִסראָעל“ („קפּי“) און איז אין 1965 צוזאַמען מיט אים אונטערגעאָרדנט געוואָרן דער „פאַרוואַלטונג פון ראַדיאָ־אַאודיציעס פון ייִסראָעל“.

די הערשנדיקע קרייזן סטאַרען זיך פאָרשטעלן די דאָזיקע פאַרוואַלטונג אַלס אַן „אומאָפּהענגיקע און אויטאָנאָמע אינסטיטוציע“. אינדערעמעסן אָבער איז זי אָרגאַניזאַציאָנעל און פינאַנסיעל אונטערגעאָרדנט דער ייִסראָעל־רעגירונג, אין פראַגן פון אידעאָלאָגיע און אינהאַלט — דעם מיניסטעריום פאַר בילדונג און קולטור, בעראָש פון וועלכן עס שטייט דער געוועזענער פּרעזידענט, איינער פון די הויפּט־לידערס פון דער סאָציאַל־ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי באַוואָן.

אָפיציעל פירט אָן מיט דער פאַרוואַלטונג דער פּלענום און זיין „אָנפירנדיקער קאָמיטעט“. דער פּלענום באַשטייט פון 31 מיטגלידער. 30 פון זיי זיינען די אויסגערופענע „פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפטלעכקייט“ (מיטגלידער פונעם ייִסראָעלדיקן איסטעבלישמענט, מעלוכישע טשינאָווניקעס אאַז״וו.) און איינער איז א פאָרשטייער פון דער „ייִדישער אַגענטור“.

דער פּלענום באַשטימט די אַלגעמיינע ריכטליניע פאַר דער טעטיקייט פון „קפּי“ און באַשטעטיקט די ראַדיאָ־פּראָגראַמען. ער האַלט אָפּ זיינע זיצונגען עטלעכע מאָל אין יאָר. באַם פּלענום זיינען טעטיק ספּעציאַליזירטע באַראַטונגס־קאָמיסיעס, וואָס אַרבעטן אויס רעקאָמענדאַציעס צו פאַרשיידענע פראַגן פון טעלעוויזיע־ און ראַדיאָ־טראַנסלירונגען. מיט דער לויפנדיקער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג פירט אָן א קאָמיטעט („אָנקאָ“) פון 7 מענטשן (דער פּאָרזיצער, זיין שטעלפאַרטרעטער און פינף מיטגלידער). אַלע אָן אויסנאַם ווערן זיי יעדע 5 יאָר נאָמינירט דורך דער ייִסראָעלדיקער רעגירונג, און דאָס איז נאָך איין פאַקט, וואָס באַווייזט, ווי ניט ריכטיק זיינען די באַהויפּטונגען וועגן דער „אומאָפּהענגיקייט און אויטאָנאָמישקייט“ פון דער ייִסראָעלדיקער ראַדיאָ־פאַרוואַלטונג.

בעראָש פון דער פאַרוואַלטונג שטייט דער פּלענום־פּאָרזיצער, היינט־צו־טאָג — א טוער פון דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער פּאַרטיי. גרויסע פולמאַכטן האָט אין דער פאַרוואַלטונג דער גענעראַל־דירעקטאָר, וואָס ווערט אויך נאָמינירט דורך דער רעגירונג (אין אַפּרעל 1984 איז אויף דעם פּאָסטן אוועקגעשטעלט געוואָרן דער געוועזענער געהילף פון מענאַכעם בעגינען אין פראַגן פון דער פּרעסע א. פּאָראַט).

דאָס „קאָל פון ייִסראָעל“ טראַנסלירט פינף פּראָגראַמען, אויף 18 שפּראַכן אין דיאַפּאַזאָנען פון קורצע, מיטעלע און לאַנגע כוואַליעס אויף די לענדער פון מיזרעך־ און מיירעוו־אייראָפּע, צאָפן־ און דאָרעם־אַמעריקע, אַפריקע, וויטן מיזרעך, אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד, דאָרעם־ און מיזרעך־אַזיע. דער אַלגעמיינער פאַרנעם פון די אַאודיציעס באַטרעפט העכער 90 שאָ אין א מעסלעס. כוץ דעם, ווערן פאַרשריבן אויף קאַסעטעס ספּעציעלע פּראָגראַמען, וועלכע מע צעשיקט אין די מיירעוודיקע ראַדיאָסטאַנציעס אויף צו טראַנסלירן לויט די דאָרטיקע קאַנאַלן. א באַזונדערע אופמערקזאַמקייט שענקט די ייִסראָעלדיקע ראַדיאָ דעם אַרויסלאָז פון די פּאָליטישע קאָמענטאַרן און פון פּילצאָליקע איבערזיכטן פון די לויפנדיקע געשעענישן (לעצטע ניַיעס). עס ווערן דערביי אָנגעווענדט מעטאָדן פון טענדענציעזן אָפּקלייב און באַלויכטונג פון פאַקטן. מאַטעריאַלן, וואָס ריידן ניט לעטוויוועס דעם ציוניזם, ווערן פאַרקריפּלט, טענדענציעז אויסגעטייטשט אָדער ביכלאַל פאַרשוויגן.

„קפּי“ אַרבעט אין ענגן קאָנטאַקט מיט די פּילצאָליקע ייִסראָעלדיקע אַנשטאַלטן און דינסטן, מעלוכישע און „אומאָפּהענגיקע“ צענטערס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט זאַמלען און אַנאַליזירן אינפאָרמאַציע, מיט די פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילן באַם ייִסראָעלדיקן אויסערן־מיניסטעריום און בא דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער אינפאָרמאַציע־אָפּטייל בא דער „אצאָ“ ווייזט אָן אין זיין באַריכט צום 30־טן ציוניסטישן קאָנגרעס (דעקאַבער, 1982), אַז „די הויפּט־אויפגאַבע פון דער גאַנצער ציוניסטישער פּאָליטישער אינפאָרמאַציע איז דער קאַמף קעגן דעם אַנטיציוניזם“ (לייען: קעגן דער קריטיק פונעם ציוניזם. — א. ק.). באַזונדערס ווערט אונטערגעשטראָכן די בא־

דיײַטונג פון דער ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע „איז בעקויעך צו דינען אַלס בריק צווישן אונדז (געמיינט: ייִסראָעל. — א. ק.) און די ייִדן אין די גאָלעס־לענדער".

בא דער „אצאָ" איז טעטיק אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט די אַודיציעס פאַר כוץ לעאָרעס. דער פאָרזיצער איז דער בריגאַדע־גענעראַל אין רעזערוו אַ. נאַרקיס. דער קאָמיטעט אַרבעט אויס רעקאָמענדאַציעס, וויאַזוי צו פאַרפולקומען און אַקטיוויזירן די ציִעניסטישע ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע, וועמענס הויפּט־רופאָר עס איז „קפּי".

די אָנפירונג פון „קפּי" האַלט פאַר באַזונדערס וויכטיק די מיטאַרבעט מיט די מײַרעוודיקע ראַדיאָציענטערס אין געביט פון אַנטיקאָמוניזם און אַנטיסאָוועטיזם. די פאָרמען פון אָט דער מיטאַרבעט זײַנען פאַרשיידענע: „קפּי" באַזאָרגט די מײַרעוודיקע סטאַנציעס מיט „אינפאָרמאַציע", דאָס הייסט — מיט גרייטע, פאַרשריבענע אַף קאַסעטעס אַודיציעס, קאָמאַנדירט צו הילף די דאָזיקע סטאַנציעס אייגענע מיטאַרבעטער אאַז״ו. די מײַרעוודיקע קאָלעגן העלפן, פון זייער זײַט, דער ייִסראָעלדיקער ראַדיאָ צו פירן די אַנטיסאָוועטישע „פּסיכאָלאָגישע מילכאָמע". אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט אַ לענגערע צײַט געאַרבעט אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער ראַדיאָסטאַנציע „סוואָבאָדאַ" אין ייִסראָעל דער געוועזענער סאָוועטישער בירגער, אַ פאַרביסענער אַנטיסאָוועטשיק מ. אַגורסקי. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט זיך אַקטיוו אָנגעשלאָסן אין דער אונטערײַסערישער טעטיקײַט פון „קפּי", ווו ער טרעט אַרויס מיט רעכילעס־קאָמענטאַרן אין די פראַגן פון דער סאָוועטישער אויסערן־פּאָליטיק.

„קפּי" ברייטערט אויס די פאַרבינדונגען מיט אַ רייַ פּריוואַטע ראַדיאָסטאַנציעס, ווי אויך מיט ראַדיאָסטאַנציעס פון די ייִדישע קעהילעס אין די מײַרעוו־לענדער. אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן האָט „דאָס קאָל פון ייִסראָעל" געשלאָסן אָפּמאַכן מיט די ראַדיאָסטאַנציעס פון די ייִדישע קעהילעס אין פראַנקרײַך און בעלגיע. לויט דעם דאָזיקן אָפּמאַך גיבן די פּאַרטניאָרן איבער פּראָגראַמען „לעצטע נײַעס", רעליגיעזע און לערן־אַודיציעס, קאָמענטאַרן און אינטערוויוען, וועלכע ווערן צונויפגעשטעלט אין ייִסראָעל און וואָס זייער ציל איז „באַווײַזן ייִסראָעל אַלס שאַפנדיקע געזעלשאַפט אין אַלע געביטן פונעם לעבן".

„דאָס קאָל פון ייִסראָעל" געפינט זיך אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אַ רייַ אָפּטיילונגען פונעם ייִסראָעלדיקן אויסערן־מיניסטעריום. דער אינפאָרמאַציע־אָפּטייל פון דעם מיניסטעריום גרייט צו פינף רעגולערע אַודיציעס און אַ באַדײַטנדיקע צאָל פאַרשיידענע פּראָגראַמען, וועלכע זײַנען געצילט צו פּראָוואָצירן און פאַרשאַרפן די צווישן־אַראַבישע סיכסוכים, אָפּצולייקענען די נויטווענדיקײַט און דרינגלעכקײַט פון לייזן דעם ייִסראָעל־אַראַבישן קאָנפליקט אפן נאָענטן מיזרעך, לויבן און רימען די קעמפּ־דייוויד־מעטאָדן פון סעפּאַראַטע אָפּמאַכן, קעמפן קעגן די אידייען וועגן דער נויטווענדיקײַט צו שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע פאַלעסטינער מעלוכע, פאַרלוימדן די פרײַנטשאַפטלעכע קעגנזײַטיקע באַציונגען צווישן די סאָציאַליסטישע לענדער און דער אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פאַלעסטינע, פאַרשפּרייטן רעכילעס וועגן דער „סירישער געפאַר", וואָס באַדראָט ייִסראָעל אאַו״ו. אאַז״ו.

●

טראַנסליאַציעס, וואָס זײַנען באַשטימט פאַר די צוהערער אין סאָוועטנפאַרבאַנד

דער טעגלעכער פאַרנעם פון די „קפּי"־טראַנסליאַציעס פאַר די צוהערער אין פססר מאַכט אויס 11 שאָ.[1] אַ העלפט צײַט פאַרנעמען די אַודיציעס אַף רוסיש.

דעם אינהאַלט פון דער ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געריכטעט קעגן אונדזער לאַנד, בילדן פאָלגנדיקע הויפּט־טעמעס:

דאָס לויבן און רימען די מעדינע ייִסראָעל, איר סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור, די „ייִסראָעלדיקע דעמאָקראַטיע", דעם „הויכן לעבנס־ניוואָ" פון די ייִסראָעל־בירגער אאַז״ו.

אַלמעגלעכער אַנטיסאָוועטיזם. „קפּי" שטרעבט פאַנאַנדערבלאָזן אין אונדזער לאַנד „אַ געקייטלטע רעאַקציע פון נאַציאָנאַליזם", פּראָוואָצירן עמיגראַנטישע שטימונגען בא סאָוועטישע ייִדן, פאַרשפּרייטנדיק צוליב דעם רעכילעס וועגן „אַנטיסעמיטיזם אין פססר".

אַ היפּש אָרט אין די אַודיציעס פון „קפּי" פאַרנעמען פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּראָגראַמען וועגן ייִסראָעל. טאָגטעגלעך ווערן איבערגעגעבן אַודיציעס „הינטערן פּאַסאַד פון פאַקטן", „מענטשן און זייער טועכץ", „אונדזער ייִסראָעל", „באַגעגענישן אַף דער אייגענער ערד" און אַנדערע. אין זיי ווערן רעקלאַמירט די שיינקײַטן פון דער מעדינע, אירע היסטאָרישע דענקמעלער, עס ווערט דערציילט וועגן די ייִדישע רעליגיעזע יאָמטויווים און מינהאָגים. די פילצאָליקע עקסקורסן אין אַלטערטום, די אַרויסטרעטונגען פון אײַנגעלאַדענע אַרכעאָלאָגן און פאָרשער זײַנען באַרופן צו איבערצײַגן די צוהערער, אַז די טײַנעס פון די ציִעניסטן וועגן זייער רעכט צו אָקופּירן די טעריטאָריע פון גאַנץ פאַלעסטינע זײַנען געזעצלעכע, היסטאָריש באַגרינדעטע. די פאַלסיפיקאַטאָרן קריכן פון דער הויט, קעדיי אָפּלייקענען די געזעצלעכע רעכט פונעם פאַלעסטינער אַראַבישן פאָלק, וואָס לעבט שוין זינט דאָר־דוירעס אַף דער דאָזיקער ערד. „אויסער די ייִדן, האָט קיין שום פאָלק ניט געהאַלטן ערעץ־ייִסראָעל פאַר זײַן היימלאַנד", דערקלערט „דאָס קאָל פון ייִסראָעל".

[1] שאַבעס און זונטיק — 12 שאָ.

אַלס טיפּישער בײַשפּיל פון די לויב־געזאַנגען לעקאָוועד דער „ייִסראָעלדיקער דעמאָקראַטיע" קאָן דינען די ראַשיקע קאַמפּאַניע פון „קפּי" גלײַך נאָכן פאַרעפנטלעכן די רעזולטאַטן פון אויספאָרשן די מאַסן־הריגעס איבער די פּאַלעסטינער אין די פּליטים־לאַגערן סאַברא און שאַטילאַ. ווי באַוווּסט, האָט די קאָמיסיע פעסטגעשטעלט, אַז אין אַט דעם איניִען זײַנען פאַרמישט די הויכגעשטעלטע אָנפירער פון דער אַרמיי און פון דער רעגירונג. „דאָס קאָל פון ייִסראָעל" האָט אָבער אַרויסגעלאָזט אַן עקסטרע־ספּעציעלע אַודיציע, קעדיי אַרײַנצופירן די צוהערער אין טאָעס און אַרופלייגן די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר די כײַישע מערדערײַען בלויז אויף די ליוואַנער פאַלאַנגיסטן. דער איינציקער פאָרוואורף, וואָס „קפּי" האָט דערכאַפּט און מיט אַ האַלב מויל דערלויבט זיך פאָרצוואַרפן דעם פּרעמיער־מיניסטער מ. בעגין, איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס ער האָט — הערט אַ מײַסע! — „רעכטצײַטיק ניט אַרויסגעוויזן קיין גענוגנדיקן אינטערעס צו די געשעענישן אין סאַברא און שאַטילאַ און האָט זיך פּערזענלעך ניט באַטייליקט אין אָננעמען די געהעריקע באַשלוסן..."

נאָך מער. די ייִסראָעלדיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט געפּרוווט פאָרשטעלן דעם גאַנצן איניִען אַזוי, אַז די אַרבעט פון דער אויספאָרש־קאָמיסיע באַווײַזט, „ווי הויך עס איז די מאָראַל אין דער ייִסראָעלדיקער געזעלשאַפט" און „ווי פּעסט עס איז די ייִסראָעלדיקע דעמאָקראַטיע". אַזעלכע דערקלערונגען זײַנען געמאַכט געוואָרן אין דער זעלבער צײַט, ווען די אַרמיי פון ייִסראָעל האָט פאָרגעזעצט און זעצט פאָר ביז הײַנט צו אָקופּירן די ליוואַנער טעריטאָריע און אָנהאַלטן דאָרט אַ רעזשים פון אַכזאָריעסדיקן טעראָר.

די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון „קפּי" סטאַרען זיך איבערצײַגן די צוהערער אין דעם „הויכן לעבנס־ניוואָ" פון די ייִסראָעל־בירגער. עס ווערן איבערגערעכנט די פאַרשיידענע עלעקטרישע אַפּאַראַטן (פון אַ מיקסער ביז אַ מאַשין אויף וואַשן געפעס), וועלכע עס באַזיצט אַ טייל ייִסראָעלדיקע בירגער. גלײַכצײַטיק איז די פּראָפּאַגאַנדע געצוווּנגען זיך מודיע זײַן, אַז אין לאַנד איז פאַראַן אַ גרויסע אַרבעטלאָזיקײַט[1] און אַז עס קומען אומופהערלעך פאָר שטרײַקן[2] פון אַרבעטנדיקע אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווײַגן.

[1] לויט די אָנגאַבן פון דער ייִסראָעלדיקער פּרעסע, האָט די צאָל אַרבעטלאָזע דערגרייכט אין סאָף 1986 13—15 פּראָצענט פון דער זעלבסטעטיקער באַפעלקערונג.

[2] לויט די אָנגאַבן פונעם ייִסראָעלדיקן אַרבעטס־מיניסטעריום, קומען פאָר יערלעך, אין דורכשניט גענומען, העכער הונדערט שטרײַקן, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך הונדערטער טויזנטער מענטשן, און די ייִסראָעלדיקע ווירטשאַפט פאַרלירט דערפון יעדעס יאָר ביז 2 מיליאָן אַרבעטסטעג.

„דאָס קאָל פון ייִסראָעל" סטאַרעט זיך מיט דעמאַגאָגישע מיטלען פאַרשענערן די ביטערע ווירקלעכקײַט.

בעשאַס דער אינוואַזיע אין ליוואַן האָט די ראַדיאָ טאָגטעגלעך איבערגעגעבן באַרימערישע מעלדונגען וועגן ניצחונעס, באַמיִענדיק זיך פאָרשטעלן די לאַגע אַזוי, פּונקט ווי עס וואָלט בכלל ניט געווען קיין ערנסטע פאַרלוסטן, וועלכע האָבן זיך אַזוי פאַטאַל אָפּגערופן אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער מעדינע[1].

אין זײַן אַנטיכאָוועטישער און אַנטיקאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע סטאַרעט זיך „דאָס קאָל פון ייִסראָעל" דיסקרעדיטירן די געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אָרדענונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד, די עקאָנאָמישע סיסטעם פון סאָציאַליזם, די לעניניסטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון קפּסס, דעם סאָוועטישן לעבנשטייגער, די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע. גאַנצע סעריעס אַודיציעס זײַנען געווידמעט „דער לאַגע פון ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד". אין זיי ווערן געשילדערט „די גרוילטאַטן פון כאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם", די קלוימערשטע רעדיפעס אויף די אַזויגערופענע „אַסירײ־ציִען", „אָטקאַזניקעס", „אַקטיוויסטן פון אַליִאַ", „לערער פון איווריט און פון ייִדישער היסטאָריע".

## מיטלען און מעטאָדן, וואָס ווערן אָנגעווענדט, קעדיי צו פאַנגען מענטשלעכע נעשאָמעס

די ציִעניסטישע ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדיסטן פירן זייער אַרבעט, צופּאַסנדיק זיך צו פאַרשיידענע באַפעלקערונגס־שיכטן. זייער דעוויז איז: צו יעדער גרופּע צוהערער דאַרף מען צוגיין דיפערענצירט. פאַר יעדער גרופּע דאַרף מען צוקלײַבן די פּאַסיקע פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט שענקען זיי דער אינטעליגענץ, די וויסנשאַפט־ און קונסט־טוער, דער יוגנט און די קינדער. אין דעם באַריכט פונעם אינפאָרמאַציע־דעפּאַרטאַמענט בא דער אַל־וועלטלעכער ציִעניסטישער אָרגאַניזאַציע ווערט געזאָגט: „אונדזער וואָגיקסטע און דרינגלעכסטע אויפגאַבע איז וואָס שטאַרקער אויסברייטערן די צוהערער־אַודיטאָריע. צוליב דעם ענדערן מיר יעדעס מאָל די אינפאָרמאַציע־מיטלען, ווענדן אָן פאַרשיידענע נײַ־אײַנפירונדען באַם צוגרייטן און פאַרשפרייטן די אינפאָרמאַציע, צופּאַסנדיק זי צו די אייגנטימלעכקײַטן פון יעדער גרופּע".

עס ווערן אײַנגעפירט כפּעציאַליזירטע פּראָגראַמען: פאַר די, וועמענס האָבי איז פּאָליטיק — „די וואָך אין קנעסעט", „מיליטערישער איבערזיכט" אאַ. פיל אַודיציעס זײַנען באַרופן צו לויבן

[1] לויט די אָנגאַבן פון דער ייִסראָעלדיקער פּרעסע, האָט די ליוואַנער אַוואַנטיור אָפּגעקאָסט ייִסראָעל 5 מיליאַרד דאָלאַר, אַ סומע, וואָס האָט אין 1983 אויסגעמאַכט 25% פונעם יערלעכן ביודזשעט.

דאָס אײַנאָרדענען זיך פון די געוועזענע סאָוועטישע בירגער אין ייִסראָעל („דאָס לעבן דאָ", „בריוו פון ייִסראָעל").

די הערשנדיקע ציִעניסטישע קרײַזן זײַנען באַזונדערס פאַרינטערעסירט אַרײַנברענגען קיין ייִסראָעל הויכקוואַליפיצירטע וויסנשאַפטלער און טעכנישע ספּעציאַליסטן. זיי דערקלערן דאָס אָפן: „קענדיי אַרויסרופן אַן אינטערעס בא יונגע קוואַליפיצירטע מענטשן, דאַרף מען פאַרשטעלן ייִסראָעל אַלס א צענטער פון וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע". מע גיט טאַקע איבער פילצאָליקע פּראָגראַמען וועגן דעם, ווי גוט און ווויל עס ווערט אײַנגעאָרדנט אין ייִסראָעל די וויסנשאַפטלער-טעכנישע אינטעליגענץ, וועלכע עמיגרירט פון סאָוועטנפאַרבאַנד. פאַרשטייט זיך, וועגן די שוועריקײַטן צו קריגן אַן אַרבעט לויטן וויסנשאַפטלעכן באַרוף מײַדט מען אויס צו רעדן.

פונדעסטוועגן איז אויך די ציִעניסטישע פּראָפּאַגאַנדע געצוווּנגען אין דער לעצטער צײַט צו באַהאַנדלען דעם פאַקט פון די אַנוואַקסנדיקע קריזיס-טענדענצן אין אַלע געביטן פונעם לעבן. עס ווערט שוין אָנערקענט, אַז די מערהײַט עמיגראַנטן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד זאָגן זיך אָפּ צו פאָרן קיין ייִסראָעל, „דרייען אויס די האַלאַבליעס" און פאָרן אַוועק אין אַנדערע לענדער, מייַנסטנס אין פּשאַ. א צווייטע דערשײַנונג, וואָס באַאומרויִקט די ציִעניסטישע לידערס, איז די יערידע. שוין אין מעשך פון א ריי יאָרן האַלט מען אין איין לויפן פון ייִסראָעל, און די צאָל ייִדן, וועלכע פאָרן אַרויס פון דאָרט, שטײַגט אַלץ מער אַריבער די צאָל אָנגעקומענע.

„קפּי" פאַרשווײַגט אין די טראַנסליאַציעס פאַרן אויסלענדישן צוהערער אַזעלכע דערשײַנונגען, ווי דער שנעלער וווּקס פון פאַרברעכערישקײַט און געוואַלט, די כראָנישע עקאָנאָמישע דעפּרעסיע, וועלכע האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט אין רעזולטאַט פון דער מילכאָמע-אַוואַנטיור אין ליוואַן. אין ייִסראָעל גופא איז דאָס אַלץ א סאָד פאַר גאַנץ בראָד, און מע רעדט וועגן דעם אָפן. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער פאָרזיצער פון דעם פּרעסע-ראַט דערקלערט אין אַן אינטערוויו פאַר דער צײַטונג „דזשערוזאַלעם פּאָסט": „דאָס אַנווענדן געוואַלדטאַטן פירט אומפאַרמײַדלעך צו באַשטימטע קאָנסעקווענצן, עס הייבט זיך אָן פון באַרויִקעזדיק געזאָגטע און געדרוקטע ווערטער, דערנאָך לאָזט מען אין גאַנג פּוילע פּאָמידאָרן, און באַלד דערויף נעמט מען וואַרפן אויף דעם אָפּאָנענט שטיינער און אַפילע, ווי מיר האָבן דאָס שוין געזען, אויפרײַס-גראַנאַטעס"[1].

די ראַדיאָ-פּראָפּאַגאַנדיסטן קומען אָן צו דער אָנווענדונג פון אַלץ נײַע „ניט-אידעאָלאָגישע" מיטלען אויף צו פאַרשפּרייטן זייערע רעאַקציאָנערע אָנשוייונגען. אין דער לעצטער צײַט דריקט זיך דאָס אויס אין דער טענדענץ צו „פּסיכאָלאָגיזירן" די פּראָפּאַגאַנדע. די דאָזיקע טענדענץ ווערט דורכגעפירט אין דרײַ ריכטונגען:

ערשטנס — אין אַריבערפירן דעם אידעאָלאָגישן קאַמף אויף רעלסן פון א „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע";

צווייטנס — אין אָנווענדן ספּעציעלע מיטלען, קעדיי צו שאַפן בא די צוהערער די געוווּנטשענע אויפנעמפעיִקײַט, אויסניצן די אַלגעמיין-פּסיכאָלאָגישע געזעצמעסיקײַטן פון פאַרשטיין און פאַרגעדענקען די אינפאָרמאַציעס;

דריטנס — אין אָנווענדן ספּעציפישע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס דרינגען אַרויס פון דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט פון די צוהערער.

„קפּי" פאַרנעמט זיך אומופהערלעך מיט שאַפן און אײַנדויבען אין די מויכעס פון די צוהערער א גרויסע צאָל ציִעניסטישע סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע סטערעאָטיפּן: די פּאַלעסטינער, וואָס קעמפן פאַר זייער היימלאַנד, ווערן אָנגערופן ניט אַנדערש, ווי טעראָריסטן, וואָס באַשיסן ייִדישע קינדער מיט סאָוועטישע „קאַטיושעס"; דעמאָנסטראַציעס פון אַראַבישע שילער און סטודענטן קעגן דער ייִסראָעלדיקער אָקופּאַציע פונעם מײַרעוו-ברעג פון דעם יאַרדן ווערן באַצייכנט אַלס פּרימיטיווע „מאַסן-אומרוען" אַאַוו.

זייער אָפט באַניצט זיך „קפּי" מיטן מעטאָד פון „דראַמאַטיזירן", „צעבלאָזן" די פאַקטן, „מאַכן פון א מילב א העלפאַנד". באַזונדערס איז דאָס שײַעך די אינפאָרמאַציעס וועגן די „רעדיפעס און דיסקרימינאַציעס", וואָס עס האָבן, קלוימערשט, אויסצושטיין אין סאָוועטנפאַרבאַנד די „אַקטיוויסטן פון דער אַליִאַ" און ענלעכע פאַרשוינען.

דאָס אויבנגעזאָגטע באַווײַזט, אַז די ראַדיאָסטאַנציע „דאָס קאָל פון ייִסראָעל" שטעלט מיט זיך פאָר א דערפאַרענעם שאָדן-פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס אַלע מיטלען זײַנען בא אים קאָשער. דער אַנאַליז פון די מעטאָדן און ריכט-ליניעס אין דער טעטיקײַט פון „קפּי" דערלויבט אויך צו מאַכן אַן אויספיר, אַז דער דאָזיקער רופאָר פונעם ציִעניזם איז איינער פון די רעאַקציאָנערסטע און סאַמע עקסטרעמיסטישע אינעם אַרסענאַל פון דער מײַרעוודיקער מאַסן-אינפאָרמאַציע.

---

[1] ס׳ווערט דאָ קאָנקרעט געמיינט דער אויפרײַס פון א גראַנאַטע אין מאַרט 1983, וואָס די אָנהענגער פון דער רעגירונג האָבן געוואָרפן אויף א גרופּע דעמאָנסטראַנטן, מיטגלידער פון דער פּאַציפיסטישער אָרגאַניזאַציע „שאַלאָם אַכשאַוו" (טייקעף-אומיאַד שאָלעם). אין רעזולטאַט פונעם אויפרײַס איז איין מענטש געהאַרגעט געוואָרן און בא צען — פאַרוווּנדעט.

אנדריי טשערקיזאָוו

# אַן אַרויסרוף

„ווען דעמאַגאָגן צעגאַרטלען זיך...” („סאָוועטיש היימלאַנד”, נומ. 9, 1987), „פּאַמיאַט” באַקומט די געהעריקע אָפּשאַצונג” („סאָוועטיש היימלאַנד”, נומ. 10, 1987)

1

אַן אַרויסרוף איז געוואָרפן אונדז, דער גאַנצער געזעלשאַפט, וועלכע באַמיט זיך איבערצובויען, אָנמאַכן אַן אָרדענונג אין דער אייגענער שטוב, אָנהייבן לעבן אַף אַ נײַעם אופן.

ס׳וואָלט געווען נאַיִוו צו מיינען, אַז אונדזערע באַמיִונגען זאָלן ניט אַרויסרופן קיין ענטפער־רעאַקציע פון ווידערשטאַנד. ניט ווייניקער נאַיִוו וואָלט געווען אויסצורעכענען אַף דעם, אַז די קעגנער פון דער איבערבויונג, יענע אַלע, וועמען ס׳האָט זיך גאַנץ פײַן געלעבט אין דער „פאַרגליווערונגס”־צײַט, זאָלן ניט וועלן אויסנוצן זייער סאָציאַלע דעמאַגאָגיע, זאָלן זיך ניט ווענדן צו ראַפינירטע מיטלען פון סאָציאַלער מימיקריִע.

און וואָס שײַך לאָזונגען און רופן, דאַרפן זיי זײַן פאַרשטענדלעך ביז פרימיטיוויזם, שאַרף־סיוזשעטיש און אַקטועל־צאַפּלדיק...

די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד” האָבן געקאָנט זיך באַקענען מיט מײַן אַרטיקל „דעמאָקראַטיע — דאָס איז ניט צעלאָזטקײַט”, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אינעם נומער אַכט פאַרן פאַריקן יאָר. און איך מיין, אַז עס האָט ניט קיין זין ווידעראַמאָל דערציילן וועגן יענע סצענקעס, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין מאָסקווער מאַניעזש, ווען איך בין דאָרט געווען, און וואָס עס האָט געצווונגען זיך אַליין פאַרגעבן ניט קיין סאַמע אָריגינעלע פראַגע: „וואָס זשע קומט מיט אונדז פאָר?”

גלײַך נאָך מײַן אַרטיקל, וואָס זײַן אָריגינאַל האָט אָפּגעדרוקט די צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ”, האָט מיר אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן אַן אומבאַקאַנטער מענטש. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט: דאַוויד שפּילפויגעל, פאַרוואַלטער מיט אַן אָפּטייל אינעם זשורנאַל „עקאָ”, פון נאָוואָסיבירסק, און מיך פאַרינטריגירט: „איך האָב פאַר אײַך זייער אינטערעסאַנטע דאָקומענטן”.

דאָס זײַנען געווען אויסשניטן פון דער צײַטונג פון דער סיבירער אָפּטיילונג פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר „וויסנשאַפט אין סיביר” און אַ בריוו פונעם רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג וואָלאָדימיר מאַטווייעוון. אַזוי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיט זוכן „ציִעניסטיש־מאַסאָנישע פאַרשווערער” זײַנען פאַרנומען ניט בלויז מעטורעפע פּאָליטיקאַנער, נאָר אויך אַ טייל פון דער טעכנישער און וויסנשאַפטלעכער אינטעליגענץ פונעם אַקאַדעם־שטעטל. און איך בין אַרויסגעפלויגן קיין נאָוואָסיבירסק.

מע דאַרף זיך מודה זײַן: ווען צום ערשטן מאָל טרעפסטו אַן אַף עפּעס אומגעוויינלעך אויסטערלישס, ווילדס, גלייבסטו ניט גלײַך אין דעם, וואָס עס קומט פאָר. אַלץ ווײַזט זיך דיר אויס ווי אַ ווילדער כאָלעם, און דו נעמסט זוכן פאַר זיך אַליין אַרגומענטן, וועלכע דאַרפן באַשטעטיקן די אַבסאָלוטע ניט־רעאַלקײַט פון דעם געזעענעם.

נאָר דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען און וואָס קומט נאָך ביז איצט פאָר, איז געווען די סאַמע רעאַלקײַט אַליין. די היסטאָריש־פּאַטריאָטישע פאַרייניקונג „פּאַמיאַט” האָט אַף אירע זייער שטורמישע צונויפקומענישן גערופן זוכן די „פאַרשווערער” — וועגן וואָס עס זאָל ניט געווען זײַן קיין רייד — וועגן פּראָבלעמען פון קאָמפּיוטעריזאַציע, וועגן דער בויונג פון דער הידראָעלעקטראָסטאַנציע אין אַלטײַער קאַנט, וועגן דעם קינאָפילם „לערמאָנטאָוו”, וועגן ראָק־מוזיק אָדער וועגן ניכטערקײַט — אומעטום ווערט פאָרגעלייגט צו זוכן „געהיימע בייזע כּוחות”.

דעם אַפּאָפּעאָז האָבן די דאָזיקע רופן דער־גרייכט אין די לעקציעס פונעם נײַ־געבוירענעם סאָוואָנאַראָלאַ — אַלעקסאַנדער קאַזאַנצעוון. מאַגני־טאָפאָן־קאַסעטעס מיט זײַנע אַרויסטרעטונגען זײַנען „געגאַנגען" איבער די סטודענטישע און אַספּיראַנ־טישע צוזאַמענוווינונגען, צווישן די וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער. איינע אַ סטודענטקע פונעם אוניווער־סיטעט האָט אין אַ געשפּרעך מיט מיר זיך גע־קלאָגט:

— אונדזערע באַכערים האָבן נאָך קאַזאַנצעווס לעקציעס דורך די נעכט געהאַלטן אין איין זוכן מאַסאָנען.

מע האָט איר אוודאי געקאָנט מיטפילן...

לאָמיר זיך אַ ביסל אָפּווענדן. אין דער לעצ־טער צײַט הער איך אָפט: לאָזט דער „פּאַמיאַט" זיך אַרויסזאָגן! זאָלן זיי אַרויסזאָגן זייער שטאַנדפּונקט! וואָס זשע איז עס פאַר אַ גלאַסנאָסט: איר שלײַ־דערט אַף זיי אַראָפּ די גאַנצע קראַפט פון די צענטראַלע צײַטונגען און זשורנאַלן, און זיי גיט איר ניט קיין וואָרט?!

איך פאַרשטיי — גלאַסנאָסט און דעמאָקראַטיע פאָדערן, אַז אויך דער אַנדערער צאַד זאָל אויסגע־הערט ווערן. מיר האָבן פאַרגעלייגט די אַקטיוויסטן פון דער נאָוואָסיבירסקער „פּאַמיאַט" זיך באַטייליקן אין אַ „רונדן טיש" אַף אַבסאָליוט פּאַריטעטע יעסוי־דעס. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, און טעלעפאָן איז געזאָגט געוואָרן:

— „פּאַמיאַט" איז ניט גרייט.

איך האָב געוואָלט זיך באַגעגענען מיט קאַזאַנ־צעוון. מיר האָבן אָפּגערעדט דעם טאָג און די שאָ. ער איז ניט געקומען. די לידערס פון דער מאָסק־ווער „פּאַמיאַט" שטופּן זיך דערווײַל נאָך אַלץ אין די רעדאַקציעס, נאָר אַף פּאַפּיר לייגן זיי ניט אויס זייערע מיינונגען. אַכוץ דעם, עקזיסטירט נאָך איין אומשטאַנד, וואָס זײַן ריכטיקייט וועל איך פאַר־טיידיקן ביזן סאָף: מע קאָן ניט, מע טאָר ניט דרוקן דאָס, וואָס עס אַנטהאַלט אַ רוף אָדער קאָן אויס־געטײַטשט ווערן ווי אַ רוף צו נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער סינע.

אין וואָס באַשטייט א. קאַזאַנצעווס קאָנצעפּ־ציע?

אונדזער געזעלשאַפט, האַלט א. קאַזאַנצעוו, פאַרמאָגט אַ סוינע. ניט קיין אויסערלעכן, נאָר אַן אינערלעכן. ניט קיין ביוראָקראַט, ניט קיין טשינו־שע, ניט קיין דעמאַגאָג, נאָר אַ „ציוניסטיש־מאַסאָ־נישן פאַרשווערער". אַ סוינע איז עס אַ מעכטיקער, זייער אַ פאַרמאַסקירטער און אַן אומגעוויינלעך שטאַרקער. מע דאַרף אים אָפּזוכן, אויפדעקן און פאַרניכטן. זיך פאַרנעמען דערמיט דאַרפן מיר אַלע. טאָגטעגלעך און אין יעדער שאָ. אָט איז, אייגנט־לעך, די גאַנצע טעאָריע.

אַ ביסל אינפאָרמאַציע פון דער ניט־ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט. אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן איז אינעם נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל אַנט־שטאַנען אַ באַוועגונג „פּרײַוויליקע געזעלשאַפט פון ניכטערקײַט". די איניציאַטיוו איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן מיצאַד דער צענטראַלער פּרעסע, דערונ־טער מיצאַד דער צײַטונג „איזוועסטיאַ". ריידן וועגן דעם, אַף וויפל אַזאַ באַוועגונג איז געווען סאָ־ציאַל־נייטיק, איז איבעריק. נאָר אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען ניט איין אומשטאַנד.

בײַ מײַן קאָמאַנדירונג איז אַרײַנגעפאַלן צו מיר אין די הענט אַ גאַנץ גראָבער פּאַליאַנט, גע־דרוקט אַף אַן עלעקטראָנישער רעכנמאַשין, אין וועלכן ס'איז געווען אויסגעטײַטלט דער „סימבאָל פון גלויבן" פון דער פּרײַוויליקער „געזעלשאַפט פון ניכטערקײַט", און איצטער — פון „פּאַמיאַט". קיין שום טיטל האָט דער דאָזיקער פּאַליאַנט ניט געהאַט. אַ מין כרעסטאָמאַטיע, אָדער אַנטאָלאָגיע פון אומ־לעגאַלע („סאַמיזדאַטישע") און עפנטלעכע אַרטיק־לען, פּסעוודאָוויסנשאַפטלעכע אַרבעטן עלעהיי דעם טרויעריק באַרימטן וו. יעמעליאַנאָווס „דעציוניזאַ־ציע". און אָט דאָרט, אין אַ „בײַלאַגע נומ. 2" אונ־טערן טיטל „איינציקע פאָרמען פון אַנטיציוניסטישן קאַמף", האָב איך איבערגעלייענט:

„1. מיר דאַרפן אָנטיילנעמען אין דער אַנטי־אַלקאָהאָלישער באַוועגונג, ווײַל אַלקאָהאָל איז דאָס הויפּט־מיטל פון די ציוניסטן צוליב פרידלעך פאַר־ניכטן אונדזער פאָלק. אין די 60־ער יאָרן האָבן די ציוניסטן אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע פון „קול־טורעל" טרינקען, ס'איז אָנגערעדט געוואָרן רעכי־לעס אַף דער דערפאַרונג פון דעם „טרוקענעם גע־זעץ" אין רוסלאַנד, אײַנגעגלידערט געוואָרן אינעם באַוווסטזײַן פון אַלעמען די אידיי וועגן זײַן אומטוי־געוודיקייט. קימאַט אַלע ייִדן, זייערע גויישע קרוי־ווים און אַנדערע יודאָפילן זײַנען אַרויסגעטראָטן אין אַן איינהייטלעכן אידיישן מאָנאָליט קעגן פאָלקער ניכטערקײַט און אַ „טרוקענעם געזעץ" אין פּססר".

אַזױאַרום, האָבן צום סאָף פון די אַכציקער יאָרן די „ציוניסטן, די ייִדן און זייערע גויישע קרוי־ווים" זיך אַרויסגעוויזן אַלס שולדיקע, לויט א. קאַ־זאַנצעווס מיינונג, אין אַלע אונדזערע אומגליקן. די פּאָפּוליאַריטעט פון דער דאָזיקער, מישטיינס־געזאָגט, טעאָריע האָט אין נאָוואָסיבירסק, לאָזט זיך אויס, איר באַשטימטע געשיכטע...

## 2

אָבער אויך די „טעאָריע" אַליין איז ניט קיין נײַע!

אין 1778 האָט דער דאָמיניקאַנישער מאָנאַך גריינמאַן אַאַכען געפּריידיקט פון דער קאַפּעדרע: „די ייִדן, וועלכע האָבן געמוטשעט דעם רעטער אונדזערן, זײַנען געווען מאַסאָנען. פּילאַט און הויר־דוס זײַנען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון לאָזשעס; יעהודע, איידער ער האָט געדאַרפט פאַראַטן יעזוסן,

איז אוועק אין דער לאָזשע און איז געוואָרן א „מאסאָן".

אזוי איז געבוירן געוואָרן די קאָנצעפּציע פון א „ייִדיש־מאסאָנישער פארשווערונג": ווי עס זאָל ניט געענדערט זײַן דער ערשטער טייל פונעם צווייענדיקן נאָמען — „יודע — זשידאָ — ציִען"— איז דער באטײַט איינער און דער זעלבער. די ייִדן און די מאסאָנען, וועלכע זײַנען מיט זיי ענג פארבונדן, שטרעבן אין באדינגונגען פון טיפער קאָנספּיראציע צעשטערן די עקזיסטירנדיקע סאָציאַלע אָרדענונג און דערגרייכן זייער הערשאפט.

די נאטור פון דער דאָזיקער לעגענדע איז קאָנסערוואטיוו, רעאקציאָנער און טראָגט אן אָבסקוראנטישן כאראקטער.

צום לעצטן פערטל פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט די לעגענדע וועגן א „פארשווערונג" באדײַטנדיק זיך פארשפרייט אין די אנטיסעמיטישע און רעאקציאָנערע קרײַזן. דער יעזויִט ג. פאכטלער האָט אין 1876 געשריבן, אז די מאסאָנען באזאָרגן „דאָס אנטיקריסטלעכע ייִדנטום מיט אן עכטן מאָקעם־מיקלעט און מיט דער נייטיקער באזע פאר זייער טעטיקײַט". טאקע דעמלט האָט דער טערמין „מאסאָן" אָנגעהויבן צו באקומען דעם כאראקטער פון א קאָד־וואָרט, וואָס ווערט אויסגעניצט צוליב דיסקרעדיטירן א באליביקע אומגעווונטשענע אנטוויקלונג.

איך וויל זייער, אז דער לייענער זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אָט דעם געדאנק. און, אָפּשטעלנדיק זיך, ענטפערן דערנאָך זיך אליין אויף דער פראגע: וואָס זשע האָבן אין זינען די איצטיקע פּאַטערלענדישע „פּראָפּאגאנדיסטן" פון דער דאָזיקער לעגענדע, אײַנשטעלנדיק א קלוימערשט גענעטיש קייטעלע פון אי. נאָוויקאָוו צו די דעקאבריסטן, פון הערצענס „פּאָליארנאיא זוועזדא" ביז דער לענינישער „איסקרא", פון די מאסאָנען פון XIX—XVIII יאָרהונדערטער צו דעם „מאסאָן" טראָצקי אאוו... לאָמיר גיין ווײַטער. דער „איניִען דרייפוס". ער האָט מאָביליזירט אלע רעכטע קויכעס אין פראנקרײַך, ווי אויך ניט נאָר דאָרט. קעדיי צו פארהיטן די אָרטאָדאָקסאלע ווערסיע וועגן א „פארשווערונג", האָט מען זי געריכטעט קעגן די רעפּובליקאנישע און סעקוליאריסטישע קרעפטן.

נאָך מער איבערצײַגעוודיקער פון די בילבולים פון די פראנצויזישע אנטיסעמיטן האָט זיך ארויסגעוויזן דער טרויעריק־בארימטער פאלסיפיקאט, וועלכן עס האָט אויסגעפארטיקט די צארישע אָכראנקע אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, — די „פּראָטאָקאָלן פון זיקניי־ציִען", וועלכע זײַנען קלוימערשט אָנגענומען געוואָרן געהיים אפן ערשטן, באזעלער קאָנגרעס פון דער אלוועלטלעכער ציִעניסטישער אָרגאניזאציע אין 1897.

ווער זשע איז דער אוטאָר פון דער דאָזיקער פאלשיווקע? אוטאָרן זײַנען עטלעכע: דער אָנפירער פון דער אויסלענדישער אגענטור פון דער צארישער אָכראנקע ראטשקאָווסקי, די אוואנטיוריסטן מאנוסעוויטש־מאנויִלאָוו און גאָלאָווינסקי. פארפאסט אין פאריזש, זײַנען זיי געווען פּאָשעט א פּלאגיאַט פונעם פּאמפלעט פון דעם פראנצויזישן שרײַבער מאָריס זשאָלי „דיִאלאָג אינעם קיניגרײַך פון שאָטנס צווישן מאקיאוועלי און מאָנטעסקיע" (ארויסגעגעבן אין זשענעווע אין 1864) און דעם ראָמאן פונעם דײַטשישן שרײַבער גערמאן געדשע (פּסעוודאָנים — דזשאָן ראדקליף) „צו סעדאן". די „פּראָטאָקאָלן" האָט מען געבראכט קיין רוסלאנד און לויט דער אָנווײַזונג פונעם געהילף פון דעם מיניסטער פון אינערן־איניִאָנים גענעראל טרעפּאָוו זיי געגעבן א גאנג אין 1905 צוליב צעצינדן ייִדישע פּאָגראָמען, קעדיי אָפּשוואכן די כוואליע פון רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען אינעם לאנד. דער ערשטער פארלעגער פון די „פּראָטאָקאָלן" קרושעוואן איז געווען דער אָרגאניזאטאָר פונעם בלוטיקן פּאָגראָם אין קעשענעוו.

דאָס צווייטע מאָל איז די פאלשיווקע געלאָזט געוואָרן אין גאנג אין 1911 אין צוזאמענהאנג מיטן בײליס־איניִען (ווי באוווּסט, האָט מען מ. בײליסן באשולדיקט אין דערמאָרדן אין קיִעוו דאָס ייִנגעלע אנדריושע יושטשינסקי קלוימערשט צוליב ריטואלע צילן). דער אוטאָר פון דער דאָזיקער פּראָוואָקאציע דער פּראָקוראָר טשאפּלינסקי איז געווען נאָענט מיטן קיִעווער מיטראָפּאָליט פלאוויאַנען, וועלכער האָט ווידעראמאָל פארשפרייט דעם בילבול וועגן דעם, אז די ייִדן געברויכן קריסטלעך בלוט צוליב ריטואלע צוועקן. די קיִעווער־פּעטשאָרער לאַווּרע האָט פארפלייצט דאָס לאנד מיט פּאָגראָם־בלעטלעך מיט די דאָזיקע באשולדיקונגען.

אין די יאָרן פונעם בירגערקריג האָבן די „פּראָטאָקאָלן" אויסגענוצט די ווײַסגווארדייער, בארעכטיקנדיק דערמיט די אכזאָריעסן בענעגייע דער ייִדישער באפעלקערונג אויף אוקראַינע. אין נאָוואָטשערקאסק האָט זיי פארעפנטלעכט דער גענעראל קראסנאָוו.

אין די אָבאָזן פון דער צעשמעטערטער ווײַסער ארמיי איז די דאָזיקע פאלשיווקע געבראכט געוואָרן קיין דײַטשלאנד. געבראכט האָט זי אלפרעד ראָזענבערג.

די רעאקציאָנערע און מאָנארכיסטישע קרײַזן פון דײַטשלאנד זײַנען געווען גרייט אופצונעמען די „פּראָטאָקאָלן". אין 1918 האָט דער פרעזידענט פונעם דײַטשישן יאם־פארבאנד פרינץ אָטאָ פאָן סאַלען־האָרטסמאר, ארויסטרעטנדיק אין דער פרײַסישער אויבער־פּאלאטע, געשילדערט די מילכאָמע, ווי א קאָנפליקט צווישן דער „ייִדישער דעמאָקראטיע" און דער „דײַטשישער אריסטאָקראטיע". דערבײַ האָט ער באהויפּטעט, אז אלע רעוואָלוציעס אין דער הײַנטצײַטיקער עפּאָכע האָבן צוגעגרייט און פארווירקלעכט די מאסאָנען, און די מאסאָנסטווע איז שטענדיק געווען אן אינסטרומענט בא די ייִדן.

אין דעם זעלבן יאָר האָט דער „דײַטשישער אָרדען", וועלכער איז געשאַפן געוואָרן פֿרײַער מיט זעקס יאָר, גענומען זיך אָנרופֿן „געזעלשאַפט טולאַ" און פּראָקלאַמירט: „אונדזער הויפּט־אידעאָלאָגיע טיילט אונדז אָפּ (די דײַטשישע לאָזשעס. — א. ש.) פֿון דער מאַסאָנסטווע... מיר האַסן די אַלוועלטלעכע „גלײַכהײַט". גלײַכהײַט — דאָס איז טויט פֿאַר אונדז... מיר אַרבעטן לעטויוועס אונדזער נאַציע, און, טוענדיק אַזוי, פֿאַרשטייען מיר, אַז מיר טוען פֿאַרן פּראָגרעס פֿון דער מענטשהײַט אַ סך מער, איידער אַלע לאָזשעס צוזאַמען גענומען... מיר זײַנען ניט קיין דעמאָקראַטן, די דעמאָקראַטיע איז אַ יידישע, מיר זײַנען אַריסטאָקראַטן".

מיט דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז געווען אין קאָנטאַקט דער אַגענט פֿון דער דײַטשישער מיליטערישער אויספֿירונג אַדאָלף היטלער. אַלפֿרעד ראָזענבערג איז אַרײַנגעטראָטן אין דער געזעלשאַפט אין סאָף פֿונעם 1918 און האָט פֿאַרעפֿנטלעכט די „פּראָטאָקאָלן". מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זײַנען עטוואָס שפּעטער געוואָרן די קינפֿטיקע אָנגעזעענע טוער פֿון דער נאַציסטישער פּאַרטיי האַנס פֿראַנק, דיטריך עקערט, גאָטפֿריד פֿעדער, רודאָלף העס.

אַ לײַדנשאַפֿטלעכער פּראָפּאַגאַנדיסט פֿון דער טעאָריע פֿון דער „ייִדיש־מאַסאָנישער פֿאַרשווערונג" איז אין דײַטשלאַנד געוואָרן א. ראָזענבערג. ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט די איבערזעצונג פֿונעם בוך פֿון דעם הוגענאָט מוסאָ „דער ייִד, יודאַיזם און די יודאַיזאַציע פֿון די קריסטלעכע פֿעלקער" (1869), וועלכן עס האָט דעמלט געלויבט דער פּויפּסט פּי IX. דער הוגענאָט באַווײַזט, וואָס פֿאַר אַ ראָליע עס שפּילן די מאַסאָנען אין דער צעשטערונג פֿונעם קריסטנטום און אין אײַנשטעלן די ייִדישע הערשאַפֿט. אַחוץ דעם, האָט ראָזענבערג פֿאַרעפֿנטלעכט אויך אייגענע פּאַמפֿלעטן אויף דער זעלבער טעמע.

באַנאַנד מיט ראָזענבערגן האָט זיך פֿאַרינטערעסירט מיט דער לעגענדע וועגן דער „פֿאַרשווערונג" אויך פֿרידריק וויטשל, דער אַוטאָר פֿון די פּאַמפֿלעטן „די אַלוועלטלעכע מאַסאָנסטווע, די אַלוועלטלעכע רעוואָלוציע און די אַלוועלטלעכע רעפּובליק" (1919) און „מאַסאָנסטווע, ציוניזם, קאָמוניזם, ספּאַרטאַקיזם, באָלשעוויזם" (1920). איבערגעלייענט דעם ערשטן בוך, האָט דער נײַנצניאָריקער העגריך הימלער פֿאַרשריבן אין זײַן טאָגבוך: „דער בוך, וואָס וואַרפֿט אַ שײַן אויף אַלץ און דערציילט אונדז, קעגן וועמען מיר דאַרפֿן קעמפֿן".

אין יאַנואַר 1937 האָט דער רײַכספֿירער העגריך הימלער אין זײַן לעקציע „דער טאָג און די צילן פֿון עסעס און פֿון דער פּאָליצײַ" דערקלערט: „מיר דאַרפֿן פֿאַרשטיין, אַז דער קעגנער אין דער מילכאָמע איז ניט בלויז אַ קעגנער אין מיליטערישן זין פֿון וואָרט. אין דעם פֿאַל האָב איך אין זינען, פֿאַרשטייט זיך, אונדזער נאַטירלעכן קעגנער אינעם געשטאַלט פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן באָלשעוויזם, מיט וועלכן עס פֿירן אָן די ייִדן און די מאַסאָנען" (איך קאָן דאָ נישט ניט באַמערקן: הײַנט, לויט קאָנצעפּציע, פֿירן אָן די ציוניסטן און מאַסאָנען מיט די באַמיִונגען פֿון די „קעגנער פֿון רוסלאַנד און פֿון דער איבערבויונג" (!!). אַז מע רעדט, דערעדט מען זיך...).

אין צוויי יאָר אַרום, אין פֿעוראַל 1939, ווערט יאָזעף געבעלס אָנפֿאַלן אין דער צײַטונג „פֿעלקישער בעאָבאַכטער" אויף די „קרײַזן פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ייִדנטום, פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער מאַסאָנסטווע און פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן מאַרקסיזם" פֿאַר דעם, וואָס זיי „זײַנען אַ געהיימער באַוועגער אין דער ברייטער קאַמפּאַניע קעגן דעם פֿרידנליבנדיקן דײַטשלאַנד".

אַזוי האָט זיך אַריבערגעוואָרפֿן אַ בריק פֿונעם דאָמיניקאַנער גריינמאַן צו די אידעאָלאָגן פֿונעם „דריטן רײַך", וואָס זײַן מעלוכישע דאָקטרינע איז געווען „די ענדגילטיקע לייזונג פֿון דער ייִדישער פֿראַגע". וואָס דאָס האָט באַטײַט אויף דער פּראַקטיק — ווייסט יעדער איינער.

די פּראָגרעסיווע, אַנטיפֿאַשיסטישע קרײַזן, וועלכע פֿאַרשטייען דעם פּאָליטישן שאָדן און דעם העצערישן טאָך פֿון די „פּראָטאָקאָלן", האָבן אָרגאַניזירט אַ געריכט איבער דער פֿאַלשיווקע (1935, בערן). די נאַציסטן זײַנען באַשולדיקט געוואָרן אין פֿאַרשפּרייטן די „פּראָטאָקאָלן". אויפֿן געריכט זײַנען געווען אַ סך באַרימטע געלערנטע און שרײַבער פֿון פֿיל לענדער בעראָש מיט ראָמען ראָלאַנען.

די איידעס, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן אויפֿן געריכט (די פֿירשטן ראַדזיוויל און אַ געוויסע כערבלעט, וועלכע פֿלעג אַרײַנקומען צו איר אין פּאַריזש), האָבן דערציילט וועגן דעם, וויאַזוי גאָלאָווינסקי האָט זיך מודיע געווען, אַז ער האָט צוזאַמען מיט ראַטשקאָווסקין און מאַנוסעוויטש־מאַנויִלאָוון צוגעגרייט די פֿאַלשיווקע. בורצעוו, אַלס עקספּערט, האָט באַוויזן, וויאַזוי עס איז פֿאַבריקירט געוואָרן די דאָזיקע „אַרבעט" מיצאַד דער צאַרישער אָכראַנקע. דער געריכט האָט אָנערקענט פֿולקום, אַז די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען אַן אַבסאָליוטער שעקער.

דער פֿאָרזיצער פֿונעם געריכט האָט אָנגעשריבן: „איך האָף, אַז ווען־ניט־איז וועט קומען די צײַט, ווען קיינער וועט ניט קאָנען פֿאַרשטיין, וויאַזוי אין 1935 האָבן קימאַט אַ צענדליק מענטשן מיט אַ לויטערן סייכל און מיט אַ ניכטערן זיקאָרן געקאָנט אין משך פֿון 14 טעג מוטשען זייערע געהירן פֿאַרן געריכט אין בערן אַרום דער פֿראַגע וועגן דער וואָרהאַפֿטיקײַט פֿון די אַזויגערופֿענע „פּראָטאָקאָלן", וועלכע זײַנען פּאַשעט אַ פּוסטע מײַסע".

3

אָבער די לעגענדע וועגן דער „פאַרשווערונג" איז ניט אוועק אין דער אייביקייט. אף א מאָדנע אויפן לעבט זי נאָך ביז היינט, נאָך מער — זי איז אופגעשטאַנען טכיאַס־האַמייסים אינעם לאַנד, וואָס האָט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פונעם פאַשיזם. און ווידעראַמאָל שלעפּט מען ארויס פון דער פאַרגאַנגענהייט די „פּראָטאָקאָלן". און דער לידער פון מאָסקווער „פּאַמיאַט" ד. וואַסיליעוו דערקלערט דעם אווטאָר פון די דאָזיקע שורעס:

— ס'וועט קומען א צייט, און איך וועל דערווייזן זייער עמעסדיקייט.

וואָס זשע פאַר א היסטאָרישע, סאָציאַלע ראָליע האָבן געשפּילט די „פּראָטאָקאָלן"? זיי זיינען געריכטעט ניט בלויז קעגן די יידן, ניט בלויז קעגן דעם מייַרעוודיקן סטיל פון דער דעמאָקראַטיע — זיי זיינען געריכטעט קעגן דער באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע, קעגן דעם סאָציאַליזם.

ניט אומזיסט זאָגט מען: איין נאַר איז א מייווון אפן אנדערן. שטרעבנדיק צוגעבן זיינע „נעוויִעס" א „וויסנשאַפטלעכן" אָנבליק און מער איבערציַיגעוודיקייט, פאַרופט זיך אַלעמאָל א. קאַזאַנצעוו אף די דערשינענע בא אונדז אין לאַנד ביכער פון דריי אווטאָרן — יע. יעווסייעוון, וו. בעגונען און א. ראָמאַנענקאָ. האָט ער טאַקע צוגעצויגן מיין אופמערקזאַמקייט צו די דאָזיקע „פאָרשער".

זייערע ביכער, ארטיקלען און לעקציעס זיינען, אזוי צו זאָגן, דער אידייִש־טעאָרעטישער פונדאַמענט פון פיבערדיק זוכן „פאַרשווערער", זוכענישן, מיט וועלכע עס פאַרנעמען זיך אייניקע זייער פּיפּיקע אקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט".

איך בין געצוווּנגען צו בעטן פאָרויס אנטשולדיקונג בא די לייענער פאַר די מערערע ציטאַטעס. אָבער וויִאַזוי קאָן מען אנדערש שטרייטן מיט די אָפּאָנענטן?

אַלזאָ, דער ערשטער טעזיס:

„דער ציִעניזם שפּילט די איקערדיקע און באַשטימענדיקע ראָליע (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) אין דער סיסטעם פונעם אנטיקאָמוניזם". דער הויפּט־אווטאָר פון דעם דאָזיקן טעזיס איז דער קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן יע. יעווסייעוו. לאָמיר זיך פאַנאַנדערקלייבן אין זיינע געדאַנקען. „אין דער סומע פון פאַרשיידענע פאַקטאָרן — עקאָנאָמישע, אידעאָלאָגישע, סאָציִאַלע, רעליגיִעזע אאַוו., וועלכע באַשטימען דעם קורס פון די פירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, טרעט ארויס די קאָסמאָפּאָליטישע יידישע בורזשואַזיע (וואָס איז דאָס פאַר א מאָדנע, אבסאָליוט ניט־מאַרקסיסטישער טערמין? — א. טש.). דער ציִעניסטישער קאַפּיטאַל (און אָט דאָס וואָס איז? אינעם מאַרקסיזם־לעניניזם עקזיסטירט ניט אזא טערמין — ער איז גענומען פון דער נאַציסטישער פּראָזעאָלאָגיע. — א. טש.) איז... באַדייַטנדיק מעכטיקער, אָרגאַניזירטער און ציִלגעוועַנדטער, איידער אנדערע ווירקזאַמע... גרופּעס און גרופּירונגען פון דער פינאַנסיִעלער אָליגאַרכיע".

יעווסייעוו באַהויפּטעט, אז דער ציִעניזם „דריקט אויס די אמעסטן (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) אגרעסיווע און העגעמאָניסטישע שטרעבונגען פון דער גרויסער פינאַנץ־אינדוסטריִעלער בורזשואַזיע". קימאַט אין אַלע זיינע ארבעטן רעדט דער אווטאָר וועגן דעם, אז עס עקזיסטירן „ציִעניסטישע גלאָבאַלע העגעמאָניסטישע פּלענער, וועלכע האָבן א סטראַטעגישן כאַראַקטער", אז די ציִעניסטן האָבן „האָפענונגען אף איינצושטעלן א העגעמאָניע" און האָבן ארויסגערוקט א פּראָגראַם פון „מאָשיִעכדיקער" אָנפירונג מיט דער וועלט". די ארגומענטאַציע פון אָט דער באַהויפּטונג ווערט פאָרמולירט אזוי: „איינער א שאָנפעלד איז נאָך אין 1943 ארויסגעטראָטן מיט א דערקלערונג וועגן דעם, אז „די יידן פאַרמאָגן א פּלאַן פון באַהערשן די וועלט".

ווער איז אָט דער שאָנפעלד? און צי קאָן מען אים גלייבן? פונוואַנען איז גענומען די ציטאַטע? וועגן דעם האַלט יעווסייעוו, ווי שטענדיק, בעסער צו פאַרשווייַגן. אָבער די געבראַכטע ארויסזאָגונג דערמאָנט ניטצווויידייַטיק די הויפּט־האַנאָכעס פון די שוין דערמאָנטע „פּראָטאָקאָלן". בלויז דאָס וואָלט געדאַרפט ארויסרופן א כשאַד בא א סאָוועטישן געלערנטן. אָבער — ניין! און די סיבע דערפון שטעקט אין דער גאַנץ אייגנאַרטיקער באַציִונג פון יעווסייעוון צו די „פּראָטאָקאָלן".

נאָך יעווסייעוון גייט דער קאַנדידאַט פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן וו. בעגון. אין זיינע ביכער „די פויזענדיקע קאָנטער־רעוואָליוציע" (מינסק, 1974), „אינוואַזיע אָן געווער" (דאָרט, 1980, דריטע אופלאַגע) שרייבט ער, אז דער אויסוואַל פון דעם אימפּעריִאַליזם „איז געפאַלן גראָד אף די ציִעניסטן — דער אמערסטן (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) רעאַקציִאָנערער, ניט זעלטן פאַרקאָנספּירירטער קראַפט אין די מעלוכעס פון דער „פרייַער וועלט". דער ציִעניזם האָט זיך באַוויזן, לויט זיין מיינונג, „מיטן ציל פון אימפּעריִאַליסטישער פאַרקנעכטונג". אינעם פאָרוואָרט צו דער „פויזענדיקער קאָנטער־רעוואָליוציע" שטעלט דער דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן א. מאַלאַשקאָ אַלס בעגונס פאַרדינסט, וואָס ער זעט „דעם הויפּט־ציל פונעם ציִעניזם... אין דער שטרעבונג צו שאַפן א באַזונדערן וואַריִאַנט פונעם אולטראַ־אימפּעריִאַליזם, וועלכער עקספּלואַטירט די וועלט..."

נאָר דאָס איז דאָך א העכסט ניט־ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער ראָליע און פונעם אָרט פון דעם ציִעניזם אין דער סיסטעם קויכעס, וועלכע זיינען פייַנטלעך דעם סאָציִאַליזם און דעם קאָמוניזם, דעם פּראָגרעס און דער דעמאָקראַטיע. „דער ציִעניזם, — ווערט באַהויפּטעט אינעם ספּראַוואָטשניק „די מעלוכע יִיסראָעל", מאָסקווע, 1986, —

שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אמערסטן רעאקציאָנערע פֿאָרם פֿונעם ייִדישן בורזשואזן נאציאָנאליזם, וועלכער הערשט אין דער מעלוכע ייִסראָעל און אין די ייִדישע געמיינדעס פֿון א ריי קאפּיטאליסטישע לענדער". יע. יעווסייעווס און וו. בעגונס בויך־סוואָרעס ווידערשפּרעכן די האנאָכעס פֿון דער פּראָגראם פֿון קפּסף, פֿון די דאָקומענטן פֿון די צוזאמענפֿאָרן פֿון אונדזער פּארטיי. אזוי, לעמאָשל, ווערט געגעבן אינעם באריכט־פּאָרטראָג פֿונעם צק קפּסף דעם XXVII צוזאמענפֿאָר א גרונטיקע מארקסיסטיש־לעניניש אָפּשאצונג פֿונעם ציִעניזם „אלס געווער פֿון די אגרעסיווע אימפּעריאליסטישע קרייזן". א. ראָמאנענקאָ אָבער באהויפּטעט:

„די אייַנגלידערונג אין די מויכעס פֿון דער כיטרע־שעלמישער אידיי וועגן דעם, אז דער ציִעניזם איז בלויז נאָר א געווער פֿונעם אימפּעריאליזם, איז שטענדיק געווען א וויכטיקע ריכטונג פֿון אידעאָלאָגיש פֿארזיכערן זייַן אלזייַטיקע עקספּאנסיע אין דער וועלט".

ווי געפֿעלט אייַך אזא באשולדיקונג אין אדרעס פֿונעם באריכט־פּאָרטראָג פֿנעם צענטראל־קאָמיטעט פֿון קפּסף! ניט געקוקט אַף די באהויפּטונגען פֿון א. ראָמאנענקאָ, גייען ארויס אונדזער פּארטיי, די צווישנפֿעלקערלעכע קאָמוניסטישע באוועגונג פֿון דער דאָזיקער אָפּשאצונג. די סאָוועטישע געלערנטע האָבן אַף דער אלפֿארבאנדישער וויסנשאפֿטלעך־פּראקטישער קאָנפֿערענץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין ריגע אין 1982, אָפּגעמערקט, אז עס איז ניט דער־לאָזבאר „סייַ פֿארמינערן, סייַ פֿארגרעסערן (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) דאָס אָרט און די ראָליע פֿונעם ציִעניזם אין דער סיסטעם פֿון דעם אימפּעריאליזם, די מאָס פֿון דער ווירקונג און האשפּאָע פֿון זייַן רעאקציאָנערער אידעאָלאָגיע אין פֿארשיידענע לענדער פֿון דער וועלט, דעם פֿארנעם און די מעגלעכקייַטן פֿון דער אונטערייַסערישער טעטיקייַט פֿון די ציִעניסטן קעגן די די קויכעס פֿון שאָלעם, סאָציאליזם, דעמאָקראטיע און פּראָגרעס".

איבערטרייַבנדיק די ראָליע פֿונעם ציִעניזם אין די וועלט־איניאָנים, ווילן די אווטאָרן פֿון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע אזוי אָדער אנדערש ריינוואשן דעם אמעריקאנער אימפּעריאליזם, וועגן וועלכן אין דער נייַער רעדאקציע פֿון דער פּראָגראם פֿון קפּסף ווערט געזאָגט:

„א ציטאדעל פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער רעאקציע איז דער אימפּעריאליזם פֿון פּשא. טאקע פֿון אים קוידעמקאָל שטאמט די געפֿאר פֿון א מילכאָמע. פּרעטענדירנדיק אַף וועלט־הערשאפֿט, דער־קלערט ער אומגעבעטענערהייט גאנצע קאָנטינענטן אלס זאָנעס פֿון זייַנע „לעבנס־אינטערעסן". די פּאָליטיק, וועלכע ער פֿירט דורך, א פּאָליטיק פֿון העגעמאָניזם, דיקטאט, פֿון אָנבינדן ניט־גלייַכבארעכטיקטע באציִונגען מיט אנדערע מעלוכעס, פֿון שטיצן די רעפּרעסיווע אנטיפֿאָלקישע רעזשימען, פֿון דיס־קרימינירן די לענדער, וואָס געפֿעלן ניט פּשא, דערָ־אָרגאניזירט די צווישנמעלוכישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באציִונגען, שטערט זייער נאָרמאלער אנטוויקלונג".

אין טאָך גערעדט, פֿארבייַטן די אווטאָרן דעם אימפּעריאליזם מיט ציִעניזם, און גראָד דעם ציִעניזם ווילן זיי פֿאָרשטעלן אלס איקערדיקע, אָנפֿירנדיקע קראפֿט פֿון דער וועלט־רעאקציע.

דער טערמין „ציִעניסטישער קאפּיטאל", וועלכן יע. יעווסייעוו געברויכט ברייט, באווייַזט, אז דער דאָזיקער „געלערנטער" שטימט ניט מיט עלעמענטאַרער וויסנשאפֿטלעכער גראמאָטנעקייַט, ווייַל קאפּיטאל — דאָס איז א קאטעגאָריע א פּאָליט־עקאָנאָמישע און פֿארמאָגט ניט קיין אידעאָלאָגיע — ניט קיין ציִעניסטישע, ניט קיין פֿאשיסטישע, ניט קיין ליבעראלע, ניט קיין קאָנסערוואטיווע אָדער עפּעס אן אנדערע. יע. יעווסייעוו געברויכט אָט דעם טערמין, האָבנדיק אין זינען די קאפּיטאלן פֿון אלע ייִדישע קאפּיטאליסטן, נאָר ער פֿארגעסט וו. אי. לענינס אָנווייַזונג, אז קאפּיטאליסטן פֿון פֿארשיידענער אָפּשטאמונג זייַנען אקציאָנערן פֿון די קאפּיטאליסטישע מאָנאָפּאָליעס, אז זייערע אינטערעסן האָבן זיך אומצערייַסלעך איבערגעפֿלאָכטן. דערבייַ האלטן אונטער ניט אלע קאפּיטאליסטן פֿון ייִדישן אָפּשטאם דעם ציִעניזם — ס'איז גענוג צו דערמאָנען ארמאנד האמערן.

דעם אנדערן טערמין — „די קאָסמאָפּאָליטישע ייִדישע בורזשואזיע" פֿירט דער אווטאָר אייַן צוליב באהויפּטן, אז עס עקזיסטירט קלוימערשט עפּעס אן אלוועלטלעכער קלאס קאפּיטאליסטן פֿון ייִדישער אָפּשטאמונג, וועלכער פֿארמאָגט א באזונדערע — אייַנצייַטיק א קאָסמאָפּאָליטישע און ראסיסטישע — אידעאָלאָגיע. דערבייַ ווערט געמאכט אן אָנשטעל, אז קאָסמאָפּאָליטיזם איז אייגנטימלעך בלויז פֿאר די ייִדישע קאפּיטאליסטן. דער פּרוּוו פֿאָרצושטעלן די ייִדישע בורזשואזיע אלס אן אלוועלטלעכן קלאס איז ניט אנדערש, ווי... די ציִעניסטישע טעאָריע וועגן אן „אלוועלטלעכער ייִדישער נאציע", מיט וועלכער יעווסייעוו גופֿע פּאָלעמיזירט!

אזויארום, טראָגט דער ערשטער טעזיס, וועלכן עס ברענגען יע. יעווסייעוו און וו. בעגון, אן אנטי־וויסנשאפֿטלעכן כאראקטער און ווידערשפּרעכט די הויפּט־קאָנצעפּציעס פֿון דער מארקסיסטיש־לענינישער טעאָריע.

מאסאָנסטווע — דאָס איז „אן אומזעבארער אפּאראט פֿון דער הערשונג (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) פֿון דער אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע, פֿון דעם פֿינצטערן קויעך, וועלכער איז טיף פֿייַנטלעך די אינטערעסן פֿון אלע פֿעלקער און אלע מעלוכעס".

איינער פֿון די הויפּט־שעפֿער פֿון דער דאָזיקער „טעאָריע" איז וו. בעגון. גאנץ געניי איז זי פֿאנאנדערגעארבעט אין זייַן בוך „דערציילונגען וועגן די „קינדער פֿון דער אלמאָנע", וועלכער איז

דערשינען אין צוויי אופלאַגעס אין מינסק — אין 1983 און אין 1986.

„...די מאַסאָנסטווע, — שרײַבט בעגון, — וועלכע פאַראייניקט אין פאַרשלאָסענע „הערמעטישע" אָרגאַניזאַציעס די אמערסטן רעאַקציאָנערע קרײַזן פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, שטעלט מיט זיך פאָר א געפערלעכע פאַר דער זאַך פון שאָלעם און סאָציאַלן פּראָגרעס אַנטיקאָמוניסטישע קראַפט, טרעט ניט אַרויס אויף דער פּאָליטישער אַרענע אָפן, נאָר האַלט זיך שטענדיק אין שאָטן... פראַנקאָמאַסאָנסטווע — דאָס איז א געהיימע אָדער האַלב־געהיימע קאָסמאָפּאָליטישע באַוועגונג, וועלכע כאַפּט אַרום די בורזשואַזע שיכטן פון דער באַפעלקערונג פון די לענדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און שטעלט פאַר זיך א ציל צו פאַרשטאַרקן די אימפּעריאַליסטישע הערשאַפט איבער די אַרבעטנדיקע... אין דער הײַנטצײַטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פאַרנעמט די פראַנקאָמאַסאָנסטווע די הערשערישע (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) פּאָזיציע בענעגייע די בורזשואַזע פּאַרטייען (! — א. טש.) און טרעט אַרויס אַלס זייער אַלגעמיינער פּאָליטישער רײַטער (!!)... דער אָרדען פון די „פרײַע מויערער" האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א הויך אָרגאַניזירטן, נאָרמאַל טעטיקן, עפעקטיוון פּאָליטישן, הינטער די קוליסן, מעכאַניזם, וועלכער זיכערט די בורזשואַזע הערשאַפט איבער מיליאָנען אַרבעטנדיקע... די פראַנקאָמאַסאָנסטווע איז די העכסטע, אמערסטן קונציקע און אומיבערשטײַגלעכע אַנטיגעזעלשאַפטלעכע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון דער בורזשואַזיע".

ווידעראַמאָל אָנשטאָט א וויסנשאַפטלעך שטרענגן, פּאָליטיש אויסרעגולירטן, קלאַסעווע פּינקטלעכן אַנאַליז פון די מעכאַניזמען פון זיכערן די הערשאַפט פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, פון אונטעראָרדענען די אַרבעטנדיקע אירע אינטערעסן, לייגט מען אונדז פאָר צו גלייבן אין עפּעס מיסטישע, סוידעספולע, פּכאָדימדיקע קויכעס, וועלכע ס'איז זייער שווער צו דערקענען און מיט וועלכע ס'איז נאָך שווערער צו קעמפן. נאָר ניט אין וו. אי. לענינס אַרבעטן, ניט אין די דאָקומענטן פון דער פּאַרטיי וועלן מיר נישט געפינען קיין אָנדײַט וועגן די מאַסאָנען, אַז זיי זײַנען קלוימערשט די הויפּט־קראַפט, דער שטאַב פונעם אימפּעריאַליזם.

איך וואָלט געוואָלט דערמאָנען די לייענער וו. אי. לענינס זייער א וויכטיקע אָנווײַזונג: „דאָס סאַמע זיכערע אין דער פראַגע פון דער געזעלשאַפטלעכער וויסנשאַפט און דאָס נייטיקע צוליב דעם, קעדיי ווירקלעך באַקומען געניטשאַפט אויף ריכטיק צוגיין צו דער דאָזיקער פראַגע און ניט לאָזן צו פאַרלירן זיך אין א מאַסע קלייניקײַטן אָדער אין דער קאָלאָסאַלער פאַרשיידנאַרטיקײַט פון שטרײַטנדיקע מיינונגען, — דאָס סאַמע וויכטיקע, מע זאָל צוגיין צו דער פראַגע פונעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט — ניט פאַרגעסן די איקערדיקע היסטאָרישע פאַרבינדונג, קוקן אויף יעדער פראַגע פונעם שטאַנדפּונקט פון דעם, וויאַזוי א באַוווּסטע דערשײַנונג אין דער געשיכטע איז אויפגעקומען, וועלכע הויפּט־עטאַפּן אין איר אַנטוויקלונג איז די דאָזיקע דערשײַנונג דורכגעגאַנגען און פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט פון איר אַנטוויקלונג זען, וואָס די געגעבענע זאַך איז געוואָרן אַצינד" (פולע זאַמלונג פון ווערק, ב. 39, ז. 67).

אין דער היסטאָרישער וויסנשאַפט איז אָט די לענינישע האַנאָכע באַוווּסט אַלס „פּרינציפּן פון היסטאָריזם". און אויף די דאָזיקע פּרינציפּן איז די גאַנצע צײַט אויווער אין זײַנע ביכער וו. בעגון. די מאַסאָנסטווע, לעמאָשל, באַטראַכט ער אויסער צײַט און רוים, פאַרגעסנדיק, אַז סײַ פריִער, סײַ אפילע איצטער האָט די מאַסאָנסטווע ניט פאָרגעשטעלט מיט זיך קיין איינהײַטלעך גאַנצעס: אויך צווישן די הײַנטצײַטיקע מאַסאָנען איז פאַראַן א ליבעראַלער פליגל, אַשטייגער, די פראַנצויזישע לאָזשע „דער גרויסער מיזרעך", — וועגן דעם האָט געשריבן די סאָוועטישע פּרעסע (זע די צײַטונג „טרוד" פאַרן 2 יוני 1981, „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" פאַרן 15 יולי 1981).

מע דאַרף אָנערקענען, אַז וו. בעגון איז אויווער אויף די פּרינציפּן פון היסטאָריזם גאַנץ קונציק. ער שרײַבט, לעמאָשל: „אויפן פריִען עטאַפּ פון איר געשיכטע איז די מאַסאָנסטווע געווען פּראָגרעסיוו בלויז אין יענער מאָס, אין וועלכער ס'איז געווען פּראָגרעסיוו די בורזשואַזיע בענעגייע דעם פעאָדאַלן שטאַנד, און רעאַקציאָנער אויף אַזויפיל, ווי די בורזשואַזיע איז רעאַקציאָנער בענעגייע די אַרבעטנדיקע". טיפּזיניק, ניט עמעס? נאָר לאָמיר פרעגן: ווי אַנדערש וואָלט געקאָנט זײַן? די פאַרהעלטנישמעסיקע פּראָגרעסיווקײַט פון דער דעמאָלטיקער מאַסאָנסטווע (דערמיט, אַגעוו, דערקלערט זיך, וואָס מיטגלידער פון די לאָזשעס זײַנען אין פאַרשיידענע צײַטן און פאַרשיידן לויט דער דויערנדיקײַט געווען נ. נאָוויקאָוו, פּ. פּעסטעל, א סאַך אַנדערע דעקאַבריסטן, דזש. גאַריבאַלדי, דזש. מאַדזיני און אַנד.), וועלכע דער אַווטאָר מערקט אָפּ, איגנאָרירט ער אַליין.

דער דריטער טעזיס:

די מאַסאָנסטווע — „איז ענג פאַרבונדן אין דער אידייִשער הינזיכט מיט די יודאַיִסטישע דאָגמעס, אין פּלאַן פון דער פּראַקטישער פּאָליטיק — מיט די אמערסטן רעאַקציאָנערע אימפּעריאַליסטישע קרײַזן און מיטן צווישנפעלקערלעכן ציִעניזם".

אַזוי באַהויפּטעט וו. בעגון, לעמאָשל, אין זײַן בוך „דערציילונגען וועגן די „קינדער פון דער אַלמאָנע".

מע דאַרף זאָגן, אַז אין דאָזיקן פאַל אַנטוויקלט ער בלויז די קאָנצעפּציע, וועלכע ס'האָבן פאָרגעלייגט וו. יעמעליאַנאָוו (וועגן אים האָט געשריבן דעם 15 יוני 1987 די צײַטונג „וועטשערניאַיאַ

מאָסקווא" — זע „כאָוועטיש היימלאַנד", 1987, נומ. 9, זז. 102—103) און יע. יעווסייעוו, אַז דער ציוניזם איז קלוימערשט אַ מין „פּאָליטיזירטער יודאַיזם": „פּרינציפּיעלע פאַראַכטונג צו די „גאָים" — מענטשן פון ניט־ייִדישער אָפּשטאַמונג — איינער פון די ווינקלשטיינער פון דער יודאַיִסטישער רעליגיע — האָט געפונען איר פאַרקערפּערונג אין דער הײַנטצײַטיקער אידעאָלאָגיע פונעם ציוניזם... די ייִדישע רעליגיע... פּראָקלאַמירט און פּראָפּאַגאַנדירט אָפּן ראַסיסטישע אידייען". עס ווילט זיך אָפּמערקן, אַז גראָד דאָס האָט צעטראָגן אין זײַנע לעקציעס איבערן נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעמשטעטל דער אויסגעשלאָסענער פון די רייען פון דער פּאַרטיי אַ. קאַזאַנצעוו.

אין טאָך גערעדט, באַהויפּטעט יע. יעווסייעוו, אַז סײַ בײַ אונדז אין לאַנד, סײַ אין אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער איז טעטיק די ראַסיסטישע, מענטשנפֿײַנטלעכע רעליגיע. אַכוץ דעם, וואָס די דאָזיקע באַהויפּטונג באַליידיקט די רעליגיעזע געפילן פון די גלויביקע, טרײַבט זי נאָך רעכילעס — און אין אַ אייגנאַרטיקער פאָרם — אויף דער מלוכישער אָרדענונג פון פֿסס"ר. אויב יודאַיִסטישע רעליגיעזע פאַרייניקונגען רעגיסטרירן זיך, און אין פֿסס"ר זײַנען טעטיק אַזעלכע פאַרייניקונגען אויף אַ געזעצלעכן אופן, ווערן זיי געשטעלט אונטער דער שוץ פונעם סאָוועטישן געזעץ, זייערע רעכט ווערן אָפּגעהיט מצד דער קאָנסטיטוציע. פּראָפּאַגאַנדע קעגן די דאָזיקע רעליגיעזע געזעלשאַפטן — און יעווסייעווס אַרויסזאָגונגען טראָגן גראָד אַזאַ כאַראַקטער — איז אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער עקזיסטירנדיקער אין דער מלוכישער אָרדענונג, ווײַל עס גייט אַ רייד, אַז אינעם לאַנד איז פאַרעגיסטרירט אַ רעליגיעזע פאַרייניקונג, וועלכע פּרידיקט ראַסיזם, און דאָס איז, ווי באַוווּסט, פאַרבאָטן אין פֿסס"ר.

וו. אי. לענין האָט געשריבן: „בלויז לאַכלוטן פינצטערע, לאַכלוטן דערשלאָגענע מענטשן קאָנען גלייבן דעם שעקער און דער רעכילעס, וואָס עס ווערט פאַרשפּרייט קעגן ייִדן. דאָס זײַנען רעשטלעך פון דער אַלטער לײַב־אייגנטום־צײַט, ווען עס האָט עקזיסטירט קנעכטשאַפט פון די פּויערים, ווען דאָס פאָלק איז געווען דערשטיקט און שטימלאָז" (פולע זאַמלונג פון ווערק, ב. 38, ז. 242). יע. יעווסייעוו איז, אַפּאַנים, ניט מסכּים אויך מיט דער לענינישער האַנאָכע, אַז מע טאָר ניט „אַרויסרוקן די רעליגיעזע פראַגע אויפן ערשטן אָרט, וואָס געהערט איר ניט" (דאָרט, ב. 12, ז. 146), אַז דאָס צעצינדן רעליגיעזן האַס ווענדט אָפּ „די אויפמערקזאַמקײַט פון די מאַסן פון ווירקלעך וויכטיקע און גרינטלעכע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגן" (דאָרט). פאַר אים האָט ניט קיין ווערט אויך די האַנאָכע פון דער קאָנסטיטוציע פון פֿסס"ר (אַרט. 52), וואָס גאַראַנטירט די סאָוועטישע בירגער פרײַהײַט פון געוויסן און פאַרבאָט „דערוועקן האַס און שינע אין צוזאַמענהאַנג מיט רעליגיעזע גלויבונגען".

איך נעם אויף זיך די דרייסטקײַט צו באַהויפּטן, אַז נעמלעך יע. יעווסייעוו און ענלעכע אויף אים גיבן אַ גרונט אונדזערע אידעאָלאָגישע קעגנער, וועלכע טײַנען סיסטעמאַטיש, אַז אין פֿסס"ר פאַרפאָלגט מען קלוימערשט דעם יודאַיִזם אַלס אַזעלכן, זײַנע גײַסטלעכע און אָנהענגער, אַז די פּאָליטיק פון דער סאָוועטנמאַכט בנוגע דער דאָזיקער רעליגיע איז קלוימערשט אַ „באַזונדערע" און שיידט זיך אונטער פונעם קורס בנוגע אַנדערע רעליגיעס.

לאָמיר זיך אומקערן צו וו. בעגונען. ער האָט פּלוצעם אַנטדעקט, אַז דער יודאַיִזם פאַרמאָגט קלוימערשט ניט בלויז אַ פּאָליטישע, נאָר אויך אַ „וועלטלעכע פאָרם" — די מאַסאָנסטווע. דערמיט דערקלערט זיך, לויט וו. בעגונען, „דער ענגער בונד פון דער מאַסאָנסטווע מיטן צווישנפעלקערלעכן ציוניזם". נאָר אויב אַזאַ בונד עקזיסטירט ווירקלעך, וואָס מע דאַרף עס נאָך גרינטלעך וויסנשאַפטלעך דערווײַזן, דרינגט ער אַרויס און באַזירט זיך אויף פּאָליטישע, און ניט אויף רעליגיעזע מאָטיוון.

ווידעראַמאָל ווערט אַ מאַרקסיסטיש־לענינישער אַנאַליז פון דער הײַנטצײַטיקײַט פאַרביטן מיט עפּעס אַ מיסטיק!

ענדלעך, דער פערטער טעזיס:

לאָזט זיך אויס, אַז עס עקזיסטירט אַ טיף פאַרקאָנספּירירטע פאַרשווערונג פון די ציוניסטן און מאַסאָנען, וואָס איר ציל איז צו צעשטערן קימאַט אומעטום די עקזיסטירנדיקע סאָציאַלע אָרדענונג און זיכערן אַן אַלוועלטלעכע הערשאַפט.

די „טעאָריע" פון דער פראַגע האָט אָנגעהויבן צו פאַנאַנדעראַרבעטן דער זעלבער אומדערמידלעכער יעווסייעוו. ער פירט אַרײַן אין געברויך זײַנע נעפּלהאַפטע אָנדײַטונגען מיקויעך עפּעס „אַ גרייטער אויף אַלץ ייִדישער סטרוקטור פון מאַכט", זאָגט נעוויִעס, אַז דער ציוניזם פּרוּווט קלוימערשט „אײַנשטעלן אַ ייִדישע העגעמאָניע איבער די פעלקער פון דער גאַנצער וועלט", פאָדערט, מע זאָל אים, יעווסייעוון, געבן אַ מעגלעכקײַט אַרויסצוזאָגן זײַן „מיינונג וועגן דעם קאָסמאָפּאָליטישן און עקספּלואַטאַטאָרישן ייִדנטום" און אַזוו. נאָך מער, אַזאַ איז קלוימערשט „דאָס ייִדנטום" געווען און פאַרבלײַבט שטענדיק, און אַפילו בײַ אונדז אין לאַנד: „...דער עמעס אָבער באַשטייט אין דעם, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו די געשעענישן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע פון 1917 און צו די געשעענישן פונעם בירגערקריג".

אָט אַזאַ איז דער היסטאָריקער יעווסייעוו — אַן „עכטער אינטערנאַציאָנאַליסט"!

וו. בעגון אַרבעט פאַנאַנדער די פאַרגעלייגטע „טעאָריע", ניט זשאַלעוועדיק קיין קויכעס. „די מאַסאָנען, — שרײַבט ער, — מיִען זיך אומדערמידלעך אין געביט פון אַנטיקאָמוניזם — פּלאַנירן פאַרשווערונגען, פירן דורך רעכילעסדיקע אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניעס, דרינגען אַרײַן אין פּראָ־

גרעסיווע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען, באַאַרבעטן אין אַ לײַנבאַרער פֿאַר דער צווישנפֿעלקערלעכער רעאַקציע שײַן די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג". באַווײַזן? צוליב וואָס? דעריקער איז — אַנשרעקן!

אין דער ערשטער אופֿלאַגע פֿון זײַן בוך „דערציילונגען וועגן די „קינדער פֿון דער אַלמאָנע" שרײַבט ער: „עס זײַנען פֿאַראַן סימאָנים, וועלכע זאָגן אײדעס וועגן דעם, אַז די מאַסאָנען באַמִיען זיך צו שאַפֿן זייערע דיווערסיע־נעסטן אין די לענדער פֿון דער סאָציאַליסטישער געמיינשאַפֿט". וועלכע „סימאָנים"? קיין שום באַווײַזן! אין דער צווייטער אופֿלאַגע, מוירע האָבנדיק, אַפּאָנעם, מע זאָל אים ניט כאַפּן אין רעכילעס, גיט ער אַרויס דעם זעלבן פּאַסאַזש אַ ביסל אַן אונטערגעפּוצטן. בעגון ציטירט צום אָנהייב אַרויסזאָגונגען פֿון ק. מאַרקס און פֿ. ענגעלס, וועלכע קריטיקירן די טעטיקײַט פֿון באַקונינס אַנאַרכיסטישן „אַליאַנס פֿון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע", דערנאָך מאַכט ער אַן אויספֿיר: „אַ גערעכטע, אויך אַף הײַנט אַן אַקטועלע באַשולדיקונג! אַ באַשולדיקונג, וועלכע דעקט אוף דעם שטענדיקן רעאַקציאָנערן טאָך פֿון דער מאַסאָנסטווע (די קלאַסיקער פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם, קריטיקירנדיק באַקונינס „אַליאַנס", האָבן, צוליב פּובליציסטישער פֿאַרשטאַרקונג, אים אָנגערופֿן — פֿאַר די מעטאָדן און פּרינציפּן פֿון דער אָרגאַניזאַציע — „אַ געהיימע פֿראַנקמאַסאָנישע אָרגאַניזאַציע". און ווי נאָר בעגון דערזעט דאָס וואָרט „פֿראַנקמאַסאָן" — טוט ער זיך פֿיבערדיק אַ וואָרף. — א. טש.), וואָס האָט געפֿירט אַן אַרונטערײַסישע אַרבעט קעגן די רעוואָלוציאָנערן שוין אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט. מע קאָן זי אָנווענדן אויך צו די איטאַליענישע, פּוילישע, צו באַליביקע אַנדערע „פֿרײַע מויערער" פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט, וועלכע דינען מיט לײַב און לעבן דער אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע. דעריבער דאַרפֿן מיר, סאָוועטישע מענטשן, וויסן אַלע געהיימע און אָפֿענע אונטערטיילונגען פֿון אונדזער אימפּעריאַליסטישן קעגנער, וועלכע פֿירן פֿאַרביטערטע שלאַכטן אַף צו ראַטעווען די אונטערגייענדיקע געזעלשאַפֿטלעכע סיסטעם".

ווי:אַזוי זשע קאָן מען זיי, די דאָזיקע סאָנים, דערקענען? זיי זײַנען דאָך אַזעלכע „סופּערפֿאַרקאָנספּירירטע"!

אָבער וו. בעגון ווייסט. אָט שרײַבט ער אין דער צווייטער אופֿלאַגע פֿון זײַן בוך: „...די מײַרעוודיקע ספּעצדינסטן ניצן אויס מאַסאָנישע מעטאָדן פֿאַר דירעקטע (אונדזער קורסיוו. — א. טש.) אַנטיקאָמוניסטישע דיווערסיעס, באַזונדערס אין דער סוויווע פֿון דער יוגנט און פֿונעם אַרבעטער־קלאַס... די דערפֿאַרונג זאָגט אײדעס, אַז ווי אין די פֿאַרגאַנגענע צײַטן, אַזוי אויך איצט טרעטן אַרויס די אַקטיאָרן פֿון „צאַרישער קונסט" (ד.ה. די מאַסאָנען. — א. טש.) שטענדיק אין מאַסקעס... ס'איז באַוווּסט, אַז אין דער מײַרעוודיקער פּרעסע און ליטעראַטור, אין די אַאודיציעס פֿון די אַרונטערײַסערישע ראַדיאָסטאַנציעס און אין דער אידעאָלאָגישער קאָנטראַבאַנדע, וואָס זיי שיקן אַרײַן צו אונדז אין לאַנד, פֿאַרשפּרייטן זיי אידייען פֿון אַנטיקאָמוניזם און אַנטיסאָוועטיזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און מיסטיציזם, רוסאָפֿאָביע, גײַסטלאָזיקײַט, רעליגיעזן אָבסקוראַנטיזם, ערגסטע מוסטערן פֿון דער מײַרעוודיקער מאַסן־קולטור... אַ באַזונדערע טראָפּ שטעלט זיך אַף אַרונטערײַסן דעם פּאַטריאָטיזם דורך איזדיעקעווען זיך איבער די בעסטע פֿאָלקס־טראַדיציעס און איבער דער נאַציאָנאַלער קולטור, דורך דיסקרעדיטירן די קלאַסישע קולטור־ירושע, פֿאַרגעטערן צווייפֿלהאַפֿטע פּערזענלעכקײַטן און פֿאַלשע קומירן. ערגזיע פֿונעם פּאַטריאָטיזם, פֿאַרבײַטן אים מיט קאָסמאָפּאָליטיזם — אָזא איז דער ערשטער ציל פֿון דער מאַסאָנסטווע".

און אָט ווי:אַזוי עס שרעקט דעם לייענער א. ראָמאַנענקאָ: „אין די לעצטע יאָרן ווערט אַלץ מער אַרגומענטירט מיטגעטיילט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור, אַז דער ציעניזם שטעלט פֿאַר זיך דעם ציל נעמלעך צו פֿאַרכאַפּן די הערשאַפֿט איבער דער וועלט. אַף דער ראָליע פֿון דער „ראַסע האַרן" האָבן די אידיישע אַרגומענטן פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע פֿאָרויסבאַשטימט די ייִדן, און פֿאַר אַלע ניט־ייִדן האָבן זיי פֿאַרגרייט די ראָליע פֿון אייביקע קנעכט, וועלכע זײַנען מעכויעוו צו מִיען זיך פֿאַרן אופּבלי פֿון דער „עליטע פֿון דער מענטשהײַט"... דער ציעניזם האָט איצט פֿאַנאַנדערגעאַרבעט זײַנע מעטאָדן פֿון באַהערשן די וועלט און שטרעבט אַקשאָנעסדיק צו פֿאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל, פֿולקום אַנאַלאָגיש צו די היטלערישע פּלענער פֿון פֿאַרכאַפּן די וועלט־הערשאַפֿט".

אַ גאַנץ קלאָרער אָנדײַט, באַזונדערס פֿאַרן סאָוועטישן לייענער!

אָבער א. ראָמאַנענקאָ שטעלט זיך אַף דעם ניט אָפּ. אין איינער זײַנער אַ לעקציע, וועלכע ער האָט געלייענט דעם 26 אָקטיאַבער 1986, האָט ער באַהויפּטעט, אַז ער וואָלט זיך ניט אַנטשלאָסן „צו דערקלערן, אַז נאָכן צעשמעטערן די ציעניסטישע אָרגאַניזאַציעס בא אונדז אין לאַנד זאָל אַבסאָליוט זײַן גאַראַנטירט, אַז געהיימע צוזאַמענפֿאָרן פֿונעם ציעניזם זײַנען ניט געווען, האָגאַם קיין אינפֿאָרמאַציע וועגן די דאָזיקע צוזאַמענפֿאָרן פֿון די ציעניסטן זײַנען אין דער ליטעראַטור פֿאַר דער לעצטער צײַט ניטאָ און עס זײַנען מיקויעך דעם אויך קיין דאָקומענטן ניטאָ (! — א. טש)... אַף וויפֿל ציעניסטישע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן, הייסט עס, אַז מע קאָן קלערן, אַז זיי פּרוּוון דורכצופֿירן וועלכע־ניט־איז זייערע ניט־אָפּיציעלע, האַלב־אָפּיציעלע, לעגאַלע, אומלעגאַלע (עס גייט אַ רייד, כאָזער איך איבער, וועגן פּסר. — א. טש.) צוזאַמענפֿאָרן".

דערציילנדיק זײַן ווערסיע וועגן די געשעענישן אין טשעכאָסלאָוואַקיע אין 1968 און אונטער־

שטרײַכנדיק, אַז די אורסיבע פֿון די געשעענישן זײַנען קלוימערשט געווען די אינטריגעס פֿון די ציוניסטן, האָט א. ראָמאַנענקאָ אין זײַנע דערמאָנטע לעקציעס געזאָגט: „וואָס האָבן דאָרט געטאָן די ציוניסטן? זיך פֿאַרנומען מיט דע־אידעאָלאָגיזאַציע פֿון דער קולטור, ליטעראַטור, קונסט... געפּרוּווט פֿאַרווירקלעכן א דע־אידעאָלאָגיזאַציע פֿון דער קולטור, ליטעראַטור, קונסט (ווײַטער גייט שוין א רייד וועגן אונדזער לאַנד. — א. טש.) — זיי זײַנען טעטיק אזוי געפֿערלעך, אַז מיר דאַרפֿן ווענדן אויף זיי אַן אויסשליסלעכע אויפֿמערקזאַמקײַט. הײַנט ווייסן מיר, אַז זיי פֿאַרווירקלעכן א טאַקטיק פֿון א פּויזענדיקער קאָנטער־רעוואָלוציע, אַנאַלאָגיש צו דער טאַקטיק אין דער סיטואַציע פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע פֿונעם יאָר 1968".

לויט א. ראָמאַנענקאָס מיינונג, עקזיסטירט אַן ענגע „פֿאַרבינדונג פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס מיט דער ייִדישער טשעכישער אינטעליגענץ אין פֿאַרשיידענע מעלוכעס" (אונדזער קורסיוו. — א. טש.).

און אָט איז די קולמינאַציע. האַלטנדיק, פּונקט ווי יע. יעווסייעוו און וו. בעגון, אַז די אָרגאַניזאַציע „בנײַ בריט" איז א מאַסאָנישע לאָזשע, שרײַבט א. ראָמאַנענקאָ:

„די דאָזיקע באַזונדערע לויט איר באַדײַטונג ציוניסטיש־מאַסאָנישע אָרגאַניזאַציע פֿאַרנעמט א פֿירנדיקע לאַגע אין דער גאַנצער ברייט צעצווײַגטער און קאָמפּליצירט איבערגעפֿלאָכטענער אָרגאַניזאַציאָנעלער סיסטעם פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ציוניזם... די קאָנגלאָמעראַטן פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זײַנען צילגעווענדט געגרינדעט צוליב אויספֿילן באַשטימטע פֿונקציעס (פֿריער מיט פֿיר זײַטלעך ווערט באַהויפּטעט: „די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אינטערוועניאַניסטישע". — א. טש.) פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, שטעלן פֿאַנאַנדער די געטרײַע דעם ציוניזם קאַדרן אזוי, אַז זיי זאָלן האָבן א צוטריט צו א באַליביקער אינפֿאָרמאַציע, אַרײַנגיין אין געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין די מאַסשטאַבן פֿון באַזונדערע לענדער, גרופּעס מעלוכעס, אין די ראַמען פֿון דער גאַנצער וועלט (אײַנגעשלאָסן פּסח און אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער. — א. טש.), אַרויסווײַזן א גינסטיקע פֿאַרן ציוניזם ווירקונג אויף דער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג, אויף די פּאַרלאַמענטן און רעגירונגען, ווירקן דירעקט אָדער אומדירעקט אויף אָננעמען לעבנסוויכטיקע פֿאַר די מעלוכעס באַשלוסן".

און ווידער — קיין שום באַווײַז. קיין דערקלערונגען, אַז עס גייט א רייד וועגן קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אויך ניט. דערפֿאַר אָבער ווערט קונציק אָנגעפּאָמפּעט שרעק.

דער אָפּטייל פֿון א. ראָמאַנענקאָס בוך אונטערן טיטל „ציוניזם און מאַסאָנסטווע" שטעלט מיט זיך פֿאָר א צילגעווענדטע קאָמפּיליאַציע, וועלכע איז באַרופֿן צו שאַפֿן באַם לייענער א מיינונג, אַז די מאַסאָנסטווע איז די מעכטיקסטע קראַפֿט פֿון דער הײַנטצײַטיקער וועלט און אַז זי איז א געווער פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ציוניזם אין זײַן קאַמף פֿאַר דערגרייכן א וועלט־הערשאַפֿט.

יע. יעווסייעוו, וו. בעגון, א. ראָמאַמענקאָ רופֿן צו „העכער וואַכזאַמקײַט". דערפֿאַר טאַקע זײַנען די מיטגלידער פֿון „פּאַמיאַט" זייער וואַכזאַם, זוכנדיק אומעטום „ציוניסטיש־מאַסאָנישע פֿאַרשווערער".

4

אַלזאָ, איך באַשולדיק יע. יעווסייעוון, וו. בעגונען, א. ראָמאַנענקאָ, ערשטנס, אין ווייסנשאַפֿטלעכער אַמעראַצעס. אויב ס'איז מעגלעך צו האַלטן, אַז ווייסנשאַפֿטלעכע אַמעראַצעס האָט א סיסטעם, שליסט אײַן די דאָזיקע „סיסטעם" א ניט־קריטישע אויסנוצונג פֿון אַנטימאַרקסיסטישער, אַנטיווייסנשאַפֿטלעכער טערמינאָלאָגיע; א פֿאַקטישע אידענטיפֿיצירונג פֿון די באַגריפֿן „ייִד — יודיי — ציוניסט"; א ניט־קאָרעקטע אויסנוצונג פֿון ציטאַטן פֿון די ווערק פֿונעם מאַרקסיזם־לעניניזם. אַכוץ דעם דערמאָנטן בײַשפּיל, וואָס האָט א שײַכעס צו דעם, וויאַזוי מאַרקס און ענגעלס האָבן קריטיקירט מ. באַקונינס „אַליאַנס", קאָן מען ברענגען נאָך אזא מוסטער. יע. יעווסייעוו שרײַבט אין דער זאַמלונג „דער קאַמף פֿון אידייען אין דער הײַנטצײַטיקער וועלט" (ב. 1, מאָסקווע, 1975, ז. 214): „די שטרעבונג צו פֿאַרכאַפּן די הערשנדיקע פּאָזיציעס אינעם קאַפּיטאַליסטישן לאַגער באַשטימט די גאַנצע טעטיקײַט פֿון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון דער קאָסמאָפּאָליטישער ייִדישער בורזשואַזיע: „וועלט־הערשאַפֿט, — ווײַזט אָן וו. אי. לענין, — איז, קורץ גערעדט, דער אינהאַלט פֿון אַן אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק..." נעמלעך אזא איז דער אינהאַלט פֿון דער פּאָליטיק פֿונעם ציוניסטישן קאַפּיטאַל, וועלכער סובסידירט די לעגאַלע און געהיימע טעטיקײַט פֿון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פֿונעם ציוניזם".

ס'איז ניט שווער צו אײַנזען, אַז וו. אי. לענין האָט לאַכלוטן ניט געהאַט אין זינען דאָס, וואָס עס שרײַבט אים צו יעווסייעוו.

ניט קריטיש ציטירן יע. יעווסייעוו און וו. בעגון די ציוניסטישע, נאַציסטישע, בורזשואַזע קוואַלן. אָן קיין שום היסטאָרישן אַנאַליז ציטירט בעגון, לעמאָשל, דעם ציוניסטישן אַוטאָר א. רופּין, ווי אויך די זשורנאַלן „ראַסוועט" און „וואָסכאָד", אינעם בוך „אינוואַזיע אָן געווער", וועלכער האָט אויסגעהאַלטן דרײַ (!) אויפֿלאַגעס. יע. יעווסייעוו גייט ווײַטער — ער ציטירט בעשעפֿע היטלערס „מײַן קאַמף" אין דער זאַמלונג „דער קאַמף פֿון אידייען אין דער הײַנטצײַטיקער וועלט".

ביכלאַל האָבן ליב די דאָזיקע אוטאָרן ציטירן „אויסער צײַט" און אָן פאַרופונגען. וו. בעגון, לעמאָשל, שרײַבט אין זײַנע „דערציילונגען וועגן די „קינדער פון דער אַלמאָנע": „די מאַסאָנסטווע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומצערײַסבארע קייט, וועלכע האָט ארומגעגארטלט דעם גאַנצן ערדקײַלעך, — ווערט געזאָגט אינעם יוגאָסלאַווישן מאַסאָנישן זשורנאַל „ניימאר". דאָס קלינגט גאַנץ שטארק. נאָר לאָמיר א קוק טאָן אין סאָף פונעם בוך — דאָרט, ווו עס ווערן אָנגעוויזן די קוואַלן. לאָזט זיך אויס, אז דער דאָזיקער זשורנאַל האָט דאָס געשריבן אין... 1924: די דערמאָנונג, אז מוסאָליני איז קלוימערשט „געווען א מאַסאָן פונעם 33־טן גראַד", ווערט ארגומענטירט אַף אזא אופן: „ווי ס'איז געוואָרן באַוווּסט". וועמען? פונוואַנען? אַף וויפל איז ריכטיק דער קוואַל? אַף דעם — אַן אומבאדינגטע פאָדערונג צו א באַליביקער היסטאָרישער פאָרשונג — האַלט ניט דער אוטאָר, לויט זײַן טעווע, פאר נייטיק צו געבן אַן ענטפער.

דערצו נאָך ווערן אַף שריט און טריט די ציטאַטעס פאַלסיפיצירט. באַזונדערס בא יעווסייעוון. אין זײַן ארטיקל „דער ציִעניזם אין דער סיסטעם פונעם אנטיקאָמוניזם", וואָס איז פארעפנטלעכט אין ב. 1 פון דער זאמלונג „דער קאַמף פון אידייען אין דער הײַנטצײַטיקער וועלט", שרײַבט ער: „אין גערמאַן ראַושנינגס „געשפרעכן מיט היטלערן", וועלכע זײַנען פארעפנטלעכט אין ווין, ווערט אָנגעוויזן, אז היטלער האָט אָפן זיך מודה געווען זײַן מיטשפּרעכער אין דעם, אז ער האָט אנטליִען בא די ציִעניסטן „די פּאָליטישע אינטריגע, די טעכניק, די קאָנספּיראַציע, די רעוואָליוציִאָנערע צעלייגונג, דאָס באַהאַלטן כוידעס און ארײַנברענגען אין א טאָעס, די אָרגאַניזאַציע". יע. יעווסייעוו פארבײַט רוִיק די ווערטער פון די „פּראָטאָקאָלן פון זיקניי־ציִען" אַף „בא די ציִעניסטן". ערגעוואָרט, ווי אַליין יעווסייעוו וואָלט געשאַפן נײַע „פּראָטאָקאָלן"!

יע. יעווסייעוו פאַלסיפיצירט ניט בלויז ציטאַטעס, נאָר אויך היסטאָרישע פאַקטן. אין זײַן ארטיקל „וואָס איז באַהאַלטן הינטער דער „ביבל פונעם ציִעניזם" (צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ קולטורא", 5 סענטיאַבער 1979) שרײַבט ער, אז „ט. הערצלס בראָשור „די ייִדישע מעלוכע" אנטהאַלט דירעקטע אנטלײַונגען פון מ. זשאָליס פּאַמפלעט „א דיִאַלאָג אינעם קיניגרײַך פון שאָטנס צווישן מאַקיִאַוועלי און מאָנטעסקיע", ווען ס'איז גאַנץ באַוווּסט, אז אַף אנטלײַונגען פון דעם דאָזיקן „ווערק" זײַנען געבויט די „פּראָטאָקאָלן".

איך באַשולדיק יע. יעווסייעוון, וו. בעגונען און א. ראָמאַנענקאָ, צווייטנס, אין אנטיסעמיטיזם.

אין איינער פון זײַנע ארבעטן שרײַבט יעווסייעוו: „מע דאַרף וועגן די אופמערקזאַמקײַט אויך אַף דער קינסטלערישער ליטעראַטור, קינעמאַטאָגראַפיע און טעלעוויזיע, ווו ניט זעלטן ווערט ארויסגעפירט אַלס פּאָזיטיווער הויפּט־העלד אָדער אַלס העלד, וועלכער שטייט באַנאַנד מיטן הויפּט־העלד, א פּערסאָנאַזש, וועלכער געהערט צו פּערזאָנען פון ייִדישער אָפּשטאַמונג. צוליב באַגרענעצן אַזעלכע פאַלן איז נייטיק ברייטער צוציִען דעם אַפּאַראַט פון גלאַווליט, וועלכער איז באַזאָרגט מיט געהעריקע אינסטרוקציעס"...

די פּילצאָליקע פעלשונגען, וועלכע מע קאָן ניט אָפּשאַצן אנדערש, ווי עלעמענטן פון אנטיסעמיטיזם, האָבן באַנאַנד מיט „ערנסטע טעאָרעטישע און מעטאָדאָלאָגישע פעלערן" ניט דערלויבט דעם פּרעזידיום פון דער העכסטער אַטעסטאַציִאָנעלער קאָמיסיע (וואַק) באַם מיניסטאָרן־ראַט פון פסםר באַשטעטיקן יעווסייעווס דאָקטאָר־דיסערטאַציע.

די אנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, ריינוואַשנדיק „איר" נאַציִאָנאַלע בורזשואַזיע, באַהויפּטעט, אז די מאַכט אין דעם אָדער אנדערן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד האָבן קלוימערשט פארכאַפּט די ייִדן. וו. בעגון כאַזערט איבער אויך דעם דאָזיקן טעזיס, ווען ער דערקלערט, אז „אַלס וויכטיקסטע אופגאַבע פונעם ציִעניסטישן מויעך־צענטער איז געווען און פארבלײַבט די פּאָליטיק פון פארכאַפּן די שליסל־פּאָזיציעס אין דער עקאָנאָמיק, אינעם אדמיניסטראַטיוון און אידעאָלאָגישן אַפּאַראַט פון יענע אָדער אנדערע מעלוכעס". „אויב זיך צוקוקן, לעמאָשל, צו די פאַראייניקטע שטאַטן, וועט ניט זײַן שווער צו באַמערקן, אז בא זייער גאַנצער פּילצאָליקײַט האָבן די ציִעניסטן זיך אָנגעזאַמלט ניט דאָרט, ווו מענטשן שאַפן מיט זייער מי מאַטעריעלע ווערטן, נאָר אַף די שפּיצן פון עקאָנאָמיק, פּאָליטיק, אידעאָלאָגיע, וויסנשאַפט, קולטור... האַקלאַל, די ציִעניסטן פארמאָגן דאָרט די רײַכטימער און די מאַכט". נאָך לאַנג פאר בעגונען האָט היטלער געטײַנעט: „די ייִדן קאָנטראָלירן די קראַפט פון דער בירזשע אין אמעריקע. וואָס א יאָר ווערן זיי אַלץ מער באַלעבאַטים פון דער פּראָדוצירונג אין אָט דעם לאַנד".

לויט וו. בעגונען, איז אנטיסעמיטיזם — „א סטיכיייִשער ענטפער פון די פארקנעכטעטע שיכטן פון דער ארבעטנדיקער באַפעלקערונג אַף דער באַרבאַרישער עקספּלואַטאַציע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע", און די פּאָגראָמען זײַנען ניט מער און ניט ווייניקער — א קלאַסעווער פּראָטעסט: „אויב דער פּאָלקס־צאָרן איז געווען געווענדט קעגן די ייִדישע ווּכערניקעס, קרעטשמערס, זאַוואָדטשיקעס, סאָכרים און אנדערע עקספּלואַטאַטאָרן, דאַרף מען געפינען די סיבע דערפון ניט אין נאַציִאָנאַלער, נאָר קוידעמקאָל אין קלאַסעווער סינע". לויט א. ראָמאַנענקאָס מיינונג, זײַנען די פּאָגראָמען — רוישיקע צוזאַמענשטויסן צווישן דער ייִדישער און ניט־ייִדישער קליינבירגערלעכער בורזשואַזיע, וועלכע עס האָבן פּראָוואָצירט די צארישע רעאַקציע און א ציִעניסטישע ווערכושקע".

וו. בעגונס און א. ראָמאַנענקאָס פאָרמולירונגען זײַנען גאַנץ נאָענט צו היטלערס „מײַן קאַמף", ווו די פּאָגראָמען ווערן קוואַליפיצירט אַלס „אופ־

בליצן פונעם פאָלקס־צאָרן קעגן דעם אייביקן בלוטצאַפּער".

צו נאָך א גרעסערער לעסטערונג דערגייט א. ראַמאַנענקאַ, אַפּלייקענענדיק, אין אוניסאָן מיט די ארויסזאָגונגען פון די הײַנטצײַטיקע נעאָפאַשיסטן, דעם פאַקט, אז די היטלעראָווצעס האָבן פּלאַנירט א פולע פארניכטונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע פון אייראָפּע. ער באַהויפּטעט, אז אויף דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד זײַנען קלוימערשט פארניכטעט געוואָרן איבערהויפּט די ייִדן, „וועלכע זײַנען געבראַכט געוואָרן פון דײַטשלאַנד און פון אנדערע פארכאַפּטע לענדער פון אייראָפּע". הייסט עס, אז די מאַטעריאַלן פונעם נירנבערגער פּראָצעס זײַנען פאר ראַמאַנענקאָן אויך ניט קיין באַווײַז! דער דאָזיקער „געלערנטער" שטעלט אונטער א צווייפל, „אז די דײַטשישע פאַשיסטן... האָבן אומגעבראַכט א באַדײַטנדיקן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון דײַטשלאַנד און פון זייערע אָקופּירטע טעריטאָריעס". לויט זײַן מיינונג, איז די דאָזיקע „קאָנצעפּציע א סאַך יאָרן אײַנגעפלאַנצט געוואָרן (! — א. טש.) אין דער בורזשואזער ליטעראַטור בכלל און אין דער ציִעניסטישער בפרט". וואָס זשע ווערט פאַרגעלייגט אַנשטאָט איר? עס ווערט פאָרגעלייגט, ערשטנס, צו רעכענען, אז די ציִעניסטן און די היטלעראָווצעס זײַנען סאָנים־מיטבאַטייליקטע, צווייטנס, די סיבע פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע — דאָס איז „א שאַרפע קאָנקורענץ פון דער ייִדישער און ניט־ייִדישער בורזשואזיע אין דײַטשלאַנד און אויף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע", דריטנס, דער מיטאָרגאַניזאַטאָר פון דער מילכאָמע איז דער ציִעניזם, וועלכער פאַרבאַהאַלט, לויט דער מיינונג פונעם אווטאָר, „דעם פּכאַדימדיקן אַנבליק פונעם קלאַסעוון צווייטלינג פון דעם היטלעריזם", און פערטנס, די נירנבערגער ראַסעווע געזעצן און די „קרישטאָל־נאַכט" זײַנען בלויז „אויסלייז־געלט דער דײַטשישער בורזשואזיע פאַר אירע אַקציעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען".

גענוג!

גענוג ציניזם, לעסטערונג און כויזעק איבער דער געשיכטע!

גענוג צו דורכשמוגלען אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור, אין אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן די איבערכאַזערונגען פון דער לעגענדע וועגן דער „ציִעניסטיש־מאַסאָנישער פאַרשווערונג", די מענטשנפײַנטלעכע פּלוידערײַען פון „מײַן קאַמף".

צום באַדויערן, זײַנען די באַהויפּטונגען פון יע. יעווסייעוו און וו. בעגונען, אז קיינמאָל האָבן זייערע אַרבעטן ניט אַרויסגערופן קיין באַמערקונגען אָדער רעצענזיעס, גערעכטע. מיט איין באַוואָרעניש: אין דער עפנטלעכער פּרעסע בענעגייע יע. יעווסייעווס מאָנאָגראַפיע „דער ציִעניזם אין דער סיסטעם פונעם אַנטיקאָמוניזם" איז באַוווּסט די שאַרפע קריטישע אַרויסטרעטונג פונעם אַקאַדעמיקער קעדראָוו אויף דער זיצונג פון דער אָפּטיילונג פון פילאָסאָפיע און רעכט בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר און רעצענזיעס אויף אנדערע זײַנע בראָשורן אין די זשורנאַלן „נאָווי מיר" און „סאָוועטיש היימלאַנד". וועגן וו. בעגונען קאָן מען ברענגען די מיינונג פונעם פאַרשטאָרבענעם אַקאַדעמיקער מ. קאָראָסטאָווצעוו, וועלכע ער האָט ארויסגעזאָגט אין איינעם פון זײַנע בריוו: „וו. בעגונס בראָשור זאָגט איידעס, אז ער איז ניט קיין קלאַסן־סוינע אין א מאַסקע, נאָר א סוינע, וועלכער טרעט אַרויס אָפן און אָן א מאַסקע..."

דאָס, וואָס עס ווערן פאַרשוויגן יע. יעווסייעווס און וו. בעגונס טיף פעלערהאַפטע אָנשויונגען אין דער ברייטער פּרעסע, דערונטער אין דער וויסנשאַפטלעכער, איז א פאַקט א באַדויערנדיקער. באַזירנדיק זיך אויף זייערע שעדלעכע אַרויסזאָגונגען, האָבן איינציקע סאָוועטישע שרײַבער גענומען אַרויסרוקן אין זייערע ווערק די זעלבע אידיי וועגן דעם, אז עס עקזיסטירט קלוימערשט אויף דער וועלט עפּעס א מעכטיקע געהיימע קערפּערשאַפט פונעם ציִעניזם און דער מאַסאָנסטווע. אין פּ. פּראָסקורינס בוך „די שוועל פון ליבע" („ראָמאַן־גאַזעטאַ", נומ. 16, 1987) איז פאַראַן אַזאַ פּראָזע, וואָס פאַררופט זיך אויף וו. בעגונען: „...נעמלעך אפן מײַרעוו באַווײַזן זיך אָט א נאַפּאָלעאָן, אָט א היטלער, ווי אויך אנדערע, איצטיקע, מיט זייער ווילדער רוסאָפאָביע, אין טויזנט מאָל א פאַרגרעסערטער מיט די געהיימע אויפגאַבן פון מאַסאָנסטווע — אָט דער אַלוועלטלעכער איבערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פונעם אימפּעריאַליזם לויט דער גײַסטיקער פאַרקנעכטיקונג פון דער וועלט, לויט דעם אומראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט באַליביקע פּראָגרעסיווע סאָציאַלע באַוועגונגען". די אידיי פון דער „טאָטאַלער" אַלמעכטיקײַט פון די „טײַוולאָנים", וועלכע זײַנען ניט אנדערש, ווי די מאַסאָנען, דרינגט דורך וו. בעלאָווס ראָמאַן „אַלץ איז פאָרויס" (זשורנאַל „נאַש סאָוורעמעניק", נומ. 7—8, 1986).

דאָס איינציקע, מיט וואָס מע קאָן דערקלערן די „שטאַנדהאַפטיקײַט" פון יע. יעווסייעווס און וו. בעגונס „ווערק" (וועגן א. ראַמאַנענקאַ גייט דאָ אין דעם פאַל ניט קיין רייד: זײַן בוך האָט גענוי דורכאַנאַליזירט דער זשורנאַל „וואָפּראָסי קאַספּ", נומ. 1, 1987), איז די טעמע „קאַמף קעגן ציִעניזם", און די קריטיק האָט זיך ניט זייער פאַנאַנדערגעקליבן ביז דער לעצטער צײַט אין די אַנטיוויסנשאַפטלעכע שרײַבעכצן פון אַזעלכע, ווי די אויבנדערמאָנטע אווטאָרן. ענדלעך אָבער איז געקומען די צײַט צו ענטפערן אָפן אַרויסרוף פון די פּסעוודאָ־געלערנטע.

זאַלמען ליבינזאָן

# אַרנאָלד צווייג

(צום הונדערטסטן געבורטסטאָג)



אַרנאָלד צווייג געהערט צו דער גרויסער פּלעיאַדע אײראָפּעיִשע שריפטשטעלער-רעאַליסטן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין וועלכער עס גייען אַרײַן טאָמאַס און הענריך מאַן, ליאָן פויכט־וואַנגער, ראָמען ראָלאַן, בערנאַרד שאָו און אַנדע־רע. אין זייער שאַפונג האָבן זיי געגעבן אַ קינסט־לעריש בילד פון די קאַטאַקליזמען, מיט וועלכע עס איז פול געווען זייער צײַט.

וואָס איז אַזוינס אַ שרײַבער? — פרעגט איי־נער פון אַרנאָלד צווייגס העלדן, אין וועלכן מע דערקענט דעם מעכאַבער, און ער ענטפערט: „ס'איז אַן ערדגרעבער, און גאָר. מיט דער פּען און אין דער נײַסטער צײַט מיט דער מאַשינקע גראָבט ער אויף דעם באָדן פון דער געזעלשאַפט". זײַן גאַנץ לעבן האָט אַרנאָלד צווייג אָפּגעגעבן אָט דער ביז גאָר שווערער אַרבעט, אין איר האָט ער געפונען זײַן גליק, און זי איז ניט איין מאָל געווען די סיבע פון זײַנע אומגליקן.

„מײַנע אומגליקן" — אַזוי האָט ער איראָניש באַטיטלט אַן אַרטיקל וועגן זײַן לעבן און טעטיקײַט. „דער ערשטער אומגליק מײַנער האָט געטראָפן דעם 10 נאָיאַבער 1887, ווען איך בין געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט גראָס-גלאָגאַו, און דערצו נאָך — און דאָס איז מײַן צווייטער אומגליק, — אין אַ מישפּאָכע פון אַ יידישן באַלמעלאָכע. און איך בין אַפן גאַנצן לעבן געבליבן אַ ייִד און גע־ווען ענג פאַרבונדן מיט דעם ייִדישן פאָלק". מע דאַרף דאָ אונטערשטרײַכן, אַז געשריבן האָט ער אַף דײַטש, געווען אַ דײַטשישער שריפטשטעלער, אָבער אים האָט טאָמיד אינטערעסירט דער גוירל פונעם פאָלק, פון וועלכן ער איז אַרויס. אַנטשיידנ־דיק אָפּוואַרפנדיק קאָלערליי נאַציאָנאַליסטישע און שאָוויניסטישע שטרעמונגען, ווו זיי זאָלן זיך ניט אַנטפּלעקן — סײַ בא די דײַטשן, סײַ בא די ייִדן, — פלעגט ער אַקשאָנעסדיק באַשיצן די פּרינ־ציפּן פון הומאַניזם און אינטערנאַציאָנאַליזם.

אין אַ געווויסער מאָס איז אַן אידעאַל פאַר אים געווען מוישע מענדעלסאָן. ווען מע גייט אַרײַן אין זײַן לעצט בערלינער הויז און מע לאָזט זיך אַראָפּ מיט די טרעפּ צו זײַן אַרבעטס-קאַבינעט, זעט מען אַף דער וואַנט אַ פּאָרטרעט פון דעם גרויסן

דײַטשישן און ייִדישן אופקלערער. „מוישע מענדעלסאָן, — האָט ארנאָלד צווייג געזאָגט אינעם פאָרטראָג צו די פײַערונגען לעקאָוועד יענעמס 200־יאָריקן געבורטסטאָג. — האָט געעפנט דעם וועג פון דער עמאנסיפאציע פאר די ייִדן פון דײַטשלאנד, געווענדט זיי צו דער דײַטשישער שפּראך, צו וועלטלעכער בילדונג און בירגערלעכער פרײַהײַט".

פון קינדהײַט אָן האָט זיך בא א. צווייגן ארויסגעוויזן א לײַדנשאפטלעכע שטרעבונג צו אלזײַטיקן וויסן. אינדערהיים געלערנט דעם כומעש און די געמאָרע און באלד זיך אנטוישט אין דער רעליגיע, פארענדיקט די דײַטשישע גימנאזיע און פארלאָזט די עלטערן־היים, אָנגעהויבן פירן א פולקום זעלבשטענדיק לעבן. פון יאָר צו יאָר גייט ער אריבער פון איין אוניווערסיטעט אין אנדערן — פון ברעסלאוו קיין מינכען, פון דאָרט — קיין בערלין, געטינגען, ראָסטאָק, ווו ער שטודירט גערמאניסטיק, פילאָסאָפיע, פסיכאָלאָגיע, געשיכטע פון קונסט, די ענגלישע און פראנצויזישע שפראכן. די ערשטע ליד האָט ער פארפאסט אף דער סטודענטישער באנק. אין זײַן ערשטער פיעסע — „אוויגייע און נאבאל" (1909) האָט ער דראמאטיזירט א ביבלישן סיוזשעט וועגן דעם קאמף צווישן שויעלן און דאָווידן.

אף א היסטאָריש־לעגענדארן פאָן וויקלט זיך פאנאנדער די טראגעדיע פון נאבאלן, וועלכער וויל לעבן אין פרידן מיט זײַן פרוי אוויגייע, פארהאסט דעם קולט פון הוילן קויעך בא די קריגסמענער. נאבאל איז שטארק פארליבט אין זײַן אוויגייען, אָבער זי שעצט מערער דאָווידן, דעם שלאכטמענטש, און זי גייט אוועק צו אים. נאבאל הייבט אוף אף איר זײַן שווערד, וויל זיך נויקעם זײַן, נאָר אין לעצטן מאָמענט, זײַענדיק א מענטש פון יוישער, דערמאָרדעט ער ניט זי, נאָר זיך אליין. די טראגעדיע פון א מענטשן, וואָס איז אינגאנצן אָפגעגעבן דער אידיי פון יוישער, ווערט בוילעט באוויזן אין דער דראמע, אָבער יוישער איז בלויז א טרוים...

נאָך שטארקער קלינגט דער מאָטיוו פון גערעכטיקײַט אין א. צווייגס צווייטער דראמע „דער ריטואל־מאָרד אין אונגארן. א ייִדישע טראגעדיע אין 5 אקטן". אין איר יעסאָד ליגט א רעאלע געשעעניש, דער מישפעט, וואָס איז פאָרגעקומען אין די אכציקער יאָרן פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט אין אן אונגארישער שטאָט איבער דער ייִדישער קעהילע, וועלכע מע האָט באשולדיקט אין א ריטועלן מאָרד פון א קריסטלעך מיידל, וועלכע ס'האָט אינדערעמעסן דערהארגעט א רײַכער פאָרעץ. אין לאנד האָט זיך אופגעהויבן אן אנטיסעמיטישע כוואליע. אין צענטער פון דער טראגעדיע — דער גוירל פון א ייִדיש בארמיצווע־באָכערל, בא וועמען דער אויספאָרשער איז אופגעצוווּנגען צו געבן א פאלשע אנערקענונג, אז זײַן פאָטער האָט דערמאָרדעט דאָס מיידל. דער שווינדל איז אָבער אופגעדעקט געוואָרן. דאָס ייִנגל פילט זיך שולדיק און נעמט זיך דאָס לעבן. אויך דעם אויספאָרשער האָבן זײַנע פרײַנט פון דער פריציש־נאציאָנאליסטישער פארטיי געצוווּנגען צו באגיין זעלבסטמאָרד, ווײַל נאָך דעם דורכפאל פונעם פראָצעס קאָמפראָמעטירט ער זיי.

דעמאסקירנדיק די ראסיסטיש־נאציאָנאליסטישע אידייען, וועלכע האָבן אופגעברויזט אין דײַטשלאנד און אין עסטרײַך־אונגארן ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, גייט דער שרײַבער אין א געוויסער מאָס ארויס פון אבסטראקט־עטישע קאטעגאָריעס. די האנדלונג אין דער פיעסע קומט פאָר ניט נאָר אף דער ערד, נאָר אויך אין הימל. דאָס ייִנגל לעבט שטארק איבער, האלעמײַ ער האָט ניט אויסגעהאלטן די פײַניקונגען און פאראטן זײַן פאָלק, אָבער דער הימל־מישפעט בארעכטיקט אים, ווײַל די פײַניקונגען האָבן אויסגעשעפט בלויז זײַנע פיזישע קויכעס, און די קאוואָנעס זײַנע איז ער דאָך געווען ריין. מע בארעכטיקט דאָרט — מיט אייניקע באוואָרענישן — אויך דעם אויספאָרשער, וועלכער האָט אזוי געפײַניקט דעם ייִדישן באָכער, ווײַל ער האָט קלוימערשט אופריכטיק געגלייבט אין דער שולד פון די ייִדן, אזוי — גאנץ פאנטאסטיש און א ביסל קינסטלעך — ווערט אופגעשטעלט דער יוישער אף דער וועלט.

ניט געקוקט אף אזא פינאל, איז די דראמע פארווערט געוואָרן מיצאד דער מיליטערישער צענזור, אָבער די פראָגרעסיווע דײַטשישע שרײַבער־געזעלשאפט האָט באגריסט דעם מעכאבער און אים צוגעטיילט א ליטערארישע פרעמיע.

אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז אויך ארנאָלד צווייג געווען פארכאפט מיצאד דער קוואזי־פאטריאָטישער פראָפאגאנדע, נאָר דאָס האָט געדויערט ניט לאנג. מע האָט אים אופגערופן צו מיליטער־דינסט, איבער זײַן קורצזיכטיקײַט — אין געהילף־מיליטער. אלס א פאָשעטער סאָלדאט האָט ער געדינט אף פארשיידענע פראָנטן ביזן סאָף פון דער מילכאָמע, דורכגייענדיק א היפשע לעבנס־שול, אין וועלכער ס'האָט זיך ראדיקאל איבערגעביטן זײַן וועלט־אָנשויונג, זײַענדיק א קעגנער פון געוואלט — דאָס האָט זיך שוין ארויסבאוויזן אין זײַנע ערשטע דראמעס — האָט ער אף די פראָנטן דערזען, ווי מע ווענדט אָן געוואלט אפן סאמע ברוטאלן אומענטשלעכן אויפן, ווי הונדערטער טויזנטער מענטשן זײַנען קאָרבאָנעס פון דער אימפעריאליסטישער פאָליטיק. דער קראך פון די הומאניסטישע אידעאלן און אײַנצײַטיק דער קראך פון דער דײַטשישער אימפעריע, וואָס עס איז א סימבאָל פונעם אונטערגאנג פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם, איז געוואָרן דערנאָך די הויפט־טעמע, פון זײַן שאפונג, וועלכע איז איבערהויפט פאָרגעשטעלט אין דער פילבענדיקער עפּאָפייע מיטן נאָמען „די גרויסע מילכאָמע פון די

ווײַסע מענטשן". דער ערשטער באַנד אירער — „דער שטרײַט איבערן אונטער־אָפיצער גרישע" איז אַרויס אין 1927 יאָר און אוועקגעשטעלט דעם מעכאַבער אין דער רײ פון די גרעסטע אייראָפּעישע שרײַבשטעלער.

ניט גלײַך האָט אַרנאָלד צווייג געפונען זײַן צוגאַנג צו שילדערן דעם רײַכן לעבנס־מאַטעריאַל פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. נאָך דער דעמאָביליזאַציע אין 1918 גיט ער זיך אײַנגאַנצן אָפּ דער ליטעראַרישער שאַפונג, לאָזט אַרויס דרײַ בענדער דערציילונגען, שרײַבט דראַמעס, צווישן זיי — „די געשיכטע וועגן דעם אונטער־אָפיצער גרישע" (דער אורשפּרינגלעכער דראַמאַטישער וואַריאַנט פונעם קומענדיקן ראָמאַן), טרעט אַרויס מיט אַ רײ פּובליציסטישע אַרטיקלען, רעדאַגירט די בערלינער צײַטונג „ייִדישע רונדשאַו". אָבער בלויז דער ראָמאַן וועגן דעם טראַגישן גורל פון אַ רוסישן סאָלדאַט האָט געמאַכט ברייט באַוווּסט אַרנאָלד צווייגס נאָמען.

אויסערלעך דערציילט דער שרײַבער וועגן אַ קליינעם, אין טאָג גענומען, צופאַל פון דער מילכאָמע, אין וועלכער ס׳זײַנען געווען אַרײַנגעצויגן צענדליקער פעלקער פון דער וועלט. אַ רוסישער קריגס־געפאַנגענער, דער פּראַפּאָרשטשיק גריגאָרי איליטש פּאַפּראַטקין, אַנטלויפט פונעם דײַטשישן לאַגער.

די האַנדלונג קומט פאָר אין סאַמע מאַרט 1917, צום לאַגער זײַנען שוין דערגאַנגען די ידיעס וועגן דער פעוורואַל־רעוואָליוציע אין רוסלאַנד, וווּ מע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער, און גרישע האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן, ס׳האָט אים באַהערשט אַ בענקשאַפט נאָך זײַן היים, נאָך דער פרוי מאַרפע, נאָך דער טאָכטער ליזע.

אַנטלאָפן איז ער צוזאַמען מיט נאָך אַ קריגס־געפאַנגענעם, אָבער באַלד זיך צעשיידט מיט אים. געבליבן אַליין. אַ סך איז אים אויסגעקומען צו וואַנדערן, זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער, ביז ער איז געקומען קיין ליטע, וווּ ער האָט באַגעגנט אַ באַנדע פון דעזערטירן, געוועזענע פּליטים, קריגס־געפאַנגענע. אין שפּיץ פון דער באַנדע — אַן אַטאַמאַנשע, אַ יונגע ליטווישע פרוי, וועלכע איז געוואָרן גרוי פון צאָרעס (די דײַטשן האָבן דערשאָסן איר גאַנצע מישפּאָכע). די דאָזיקע „באַבקע", ווי מע רופט זי, האָט זיך פאַרליבט אין גרישען און, ווילנדיק אים ראַטעווען, איבערגעגעבן אים די פּערזענלעכע דאָקומענטן פון אַ געוועזענעם רוסישן סאָלדאַט, וועלכער איז אַנטלאָפן פונעם פראָנט און געשטאָרבן אין וואַלד. די דאָזיקע דאָקומענטן, וואָס האָבן געדאַרפט ראַטעווען גרישען, זײַנען געוואָרן די סיבע פון זײַן אומקום.

אַלס אַן איבערלויפער, האָט מען אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און פאַרמישפּעט צום שיסן. די טויט־געפאַר האָט אים געצוווּנגען אַנטפּלעקן זײַן עמעסן נאָמען. דער מיטגליד פונעם מיליטער־געריכט פּאָזנאַנסקי און דער קאַנצעליאַריע־שרײַבער ווערנער בערטין האָבן פעסטגעשטעלט די ריכטיקייט פון זײַנע באַווײַזן. דאַכט זיך, אַז דער אומגעזעצלעכער אורטייל דאַרף אָפּגעשאַפן ווערן. דער איניען פאַלט אָבער אַרײַן צום גענעראַל שיפענצאַן, פאַר וועמען דער באַגריף פון גערעכטיקייט איז פרעמד. ניט געקוקט אויף די באַמיִונגען פון ערלעכע מענטשן, איז דער אורטייל אויסגעפילט געוואָרן — מ׳האָט גרישען דערשאָסן.

אַזוי האָט אַרנאָלד צווייג באַוויזן די אומענטשלעכקייט פון דער מיליטער־מאַשין, וועלכע באַשטראָפט אומראַכמאָנעסדיק אַבסאָליוט אומשולדיקע מענטשן. קעדיי צו פאַרשטיין אַרנאָלד צווייגס הומאַניסטישע שטעלונג, איז קעדײַ אונטערצושטרײַכן, אַז איז פאָקוס פון זײַן שילדערונג האָט ער אוועקגעשטעלט דעם גוירל פון אַ רוסישן סאָלדאַט, וואָס אַליין דאָס איז שוין גאַנץ דרייסט. אָבער פאַר דעם דײַטשישן שרײַבער איז דעריקער וויכטיק, וואָס גרישע איז אַ מענטש, און מע דאַרף זיך באַציִען צו אים ווי צו אַ מענטשן. און נאָך אַ מאָמענט דאַרף מען צוגעבן. די האַנדלונג פונעם ראָמאַן קומט פאָר אין אַ ייִדיש שטעטל פון ליטע — מערעווינסק. ס׳איז אַ קליין פאַרוואָרפן שטעטל, אין וועלכן עס שטייט אײַן דער שטאַב פון אַ דײַטשישער דיוויזיע, וואָס האָט אָקופּירט ליטע. אַרנאָלד צווייג באַווײַזט, ווי די באַפעלקערונג פונעם שטעטל — סײַ די ליטווישע, סײַ די ייִדישע — האָט געליטן פון דער אָקופּאַציע און ווי זי האָט סימפּאַטיזירט דעם רוסישן קריגס־געפאַנגענעם.

זיצנדיק אין דער מערעווינסקער טפיסע, האָט זיך גרישע צופעליק באַקאַנט מיט דעם סטאָליער, טעוויע פרום, וועמען די דײַטשישע קאָמענדאַטור האָט פאַראָרדנט, ער זאָל מאַכן טרונעס. גרישען האָט מען געשיקט צו אים אַלס אַ מיטהעלפער. איך מיין, אַז אַרנאָלד צווייג האָט ניט צופעליק געגעבן זײַן פּערסאָנאַזש דעם זעלבן נאָמען. מיט וועלכן שאָלעם־אַליי̆כעם האָט אָנגערופן דעם באַרימט געוואָרענעם דאָרפס־ייִד. „פאַר טעוויען, — לייענען מיר אין ראָמאַן, — איז דער טײַנעג פון דער נעשאָמע — די טוירע, פאַר זײַן סייכל — אַ בלעטל געמאָרע..." ווי שאָלעם־אַלייכעמס העלד, שיט ער אויך מיט פּסוקים און מעשאָלים. טעוויע און גרישע האָבן זיך באַפרײַנדעט, זיי האָבן געפונען אַ קעגנזײַטיקע סימפּאַטיע אָפּן באָדן פון אַלגעמיינע דערנידעריקונגען און קעסיידערדיק בידעווען. טעוויע פאַרגלײַכט דאָס הײַנטצײַטיקע דײַטשלאַנד מיט דער ביבלישער שטאָט סדאָם, וועלכע גאָט האָט כאָרעוו געמאַכט, ווײַל דאָרט האָט זיך ניט געפונען קיין איין צאַדיק.

אַרנאָלד צווייג געפינט אין דײַטשלאַנד ערלעכע מענטשן, הומאַניסטן, וועלכע פאַרטיידיקן גערעכטיקייט און יושער, צווישן זיי — דער דײַטשישער אָבערלייטענאַנט ווינפריד, דער אַדוואָקאַט

די רעדאקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאנד" באגריסן הארציק דעם שרײַבער, ליטעראטור־פאָרשער זאלמען ליבינזאָן מיט זײַן זיבעציקסטן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אריכאס־יאָמים און נײַע שעפערישע דערפאָלגן.



פאָזנאנסקי, דער קאנצעליאַריע־שרײַבער ווערנער בערטין. די לעצטע צוויי זײַנען ייִדן, שוין אסימילירטע, האגאם פאָזנאנסקי היט אָפּ אין דער ארמיי די רעליגיעזע מינהאָגים. אָט די פּערסאָנאַזשן זײַנען אינעם ראָמאן פאָרגעשטעלט אלס קעמפער פאר יושער.

ס'איז איצט שווער פעסטצושטעלן, צי ארנאָלד צווייג האָט פון אָנפאנג אָן פאַרטראכט א גאנצע סעריע ראָמאנען וועגן דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. גיכער פון אלץ האָט דער דערפאָלג פונעם ערשטן ראָמאן אים אָנגעשטויסן צו פאָרזעצן די טעמע און שאפן א גרויסע עפּאָפּייע, אף וועלכער ער האָט געארבעט — מיט קליינע אָדער גרויסע איבעררײַסן — ביזן סאָף פון זײַן לעבן און ניט באוויזן פולקום זי צו פארענדיקן. אין איר האָבן געדארפט ארײַנגיין אכט ראָמאנען, פון וועלכע צוויי זײַנען געבליבן בלויז פארפלאנירט און אין אויסצוגן. די דאָזיקע ווערק האָבן גדארפט געבן א גאנץ בילד פון דער מילכאָמע, וויאזוי זי איז געווען צוגעגרייט און האָט אופגעפלאמט („די צײַט איז רײַף", 1957) און זיך פארענדיקט מיט דער נאָיאבער־רעוואָליוציע אין 1918 („די אופזעצונג אפן קיסר־האמאלכעס", 1937).

די שלאכטן זײַנען אין די ראָמאנען ווייניקער פון אלץ באשריבן. אין טאָך איז בלויז איינער — „די דערציִונג הינטער ווערדען" — געווידמעט דער דרײַצנכאדאָשימדיקער שלאכט בא דער פראנצויזישער פעסטונג ווערדען. און אפילע אין אָט דעם ראָמאן איז צווייגס הויפּט־אינטערעס ניט אין די עצעם שלאכטן, נאָר אין דעם, וויאזוי זיי האָבן געווירקט אפן באוווסטזײַן און אף דער פסיכאָלאָגיע פון די דײַטשישע סאָלדאטן, וועלכע האָבן דערפילט דעם אומזין פון דער מילכאָמע.

די גאנצע אינטריגע פונעם ראָמאן „די דערציִונג הינטער ווערדען" דרייט זיך ארום א געשעניש, וואָס איז נאטירלעך פאר א מילכאָמע — דעם טויט פונעם פּאָשעטן סאָלדאט קריסטאָף קראָיזינג. דער דאָזיקער סאָלדאט האָט דערזען, אז די ראָטנע נאטשאלסטווע, בעראָש מיטן קאפיטאן ניגל, באגאנוועט די סאָלדאטן, נעמט צו פאר זיך א טייל פון זייער פּאיאָק, און ער האָט וועגן די מיִעסע מײַסים אָנגעשריבן זײַנעם א הויכגעשטעלטן קאָרעוו. די מיליטערישע צענזור האָט זײַן בריוו ניט דורכגעלאָזט און געגעבן צו וויסן וועגן אים דער קאָמאנדשאפט. קעדיי ניט דערלאָזן אן אויספאָרשונג, האָט דער קאפיטאן ניגל באשלאָסן פּאָטער ווערן פונעם אָנקלאָגער און אוועקגעשיקט קראָיזינגן אפן סאמע געפערלעכן פראָנט־באצירק, ווו ס'האָט אים געטראָפן א פראנצויזישע קויל. קראָיזינגס בריוו איז אָבער ארײַנגעפאלן אין די הענט פונעם סאָלדאט פון דעם הילף־באטאליאָן ווערנער בערטין, וועלכער האָט צוזאמען מיט אנדערע געפרוווט פארפירן א געריכט־איניען וועגן דעם מאָרד פון קריסטאָף קראָיזינגן. דאָס האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן, ווײַל די קויכעס פון שלעכטס זײַנען שטארקער, איידער פון יושער און גערעכטיקײַט.

ווערנער בערטין פיגורירט אין אלע ראָמאנען פון צווייגס עפּאָפּייע. אין דער ערשטער ריי האָט אים איבערדערצויגן „די גרויסע מילכאָמע פון די ווײַסע מענטשן". פון וועלכער ער, פון אָנהייב א נאיווער יונגערמאן, וואָס האָט געגלייבט אין דער הויכער מיסיע פון זײַן לאנד, דײַטשלאנד, איז ארויס א באוווסטזיניקער קעגנער פון דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג, וואָס האָט ארײַנגעשטויסן די וועלט אין דער שרעקלעכער בלוטבאָד.

ווערנער בערטין איז בעפיירעש אן אויטאָביאָגראפישע פיגור. אין זײַן וועג, אין זײַנע וואקלונגען און דעראָבערונגען איז לײַכט צו דערקענען דעם מעכאבער, אָבער מע דארף אים ניט באגרענעצן מיט דער דאָזיקער אויטאָביאָגראפישער פונק־

ציע. בערטינס אינערלעכע וועלט באקומט אין דער
סעריע ראָמאַנען א גרויסן פילאָסאָפישן און סאָציאַלן
טיקן. ווען־ניט־ווען פארגעסט ארנאָלד צווייג וועגן
די ראמען און דער פונקציאָנאַלקייט פונעם גע־
שטאַלט, וואָס ער האָט אופגעשטעלט, און ער
שרייבט אים צו ניט נאָר זיינע געדאנקען, נאָר אויך
זיינע ווערק. אין דעם ראָמאַן „דער שטילשטאנד"
לייענען מיר, צום ביישפיל: „דער שריפטשטעלער
בערטין האָט דערפילט א מעכטיקע באדערפעניש צו
שרייבן, אים האָט פארפאָלגט א סצענע פון „ביו־
שעוו" (אזוי האָט לעכאטכילע געהייסן די דראמע
וועגן דעם אונטער־אָפיצער גרישע. — ז. ל.), ווו
דער געפאנגענער גריגאָרי איליטש פאפראָטקין האָט
באקומען דעם פאספאָרט פון ביושעווו און איז אריינ־
געפאלן אין די נעצן, וועלכע ס'האָבן צעשטעלט די
דייטשן". אָבער אזעלכע פאלן זיינען זעלטן. געוויינ־
לעך טיילט זיך ארנאָלד צווייג אָפּ פון זיין העלד,
און ווערנער בערטין באקומט א זעלבשטענדיקן כא־
ראקטער.

ווערנער בערטין איז, ווי זיין מעכאבער, א זון
פון אן אָרעמען יידישן באלמעלאָכע, א זאָטלמא־
כער. ווי אלע יידישע יינגלעך פון יענער צייט, האָט
ער, „אָנשטאָט צו פארברענגען מיט מיידלעך פון
דער דייטשישער פרויען־גימנאזיע, געמוזט לערנען
כומעש און געמאָרע. זייענדיק שוין א דערוואקסע־
נער באָכער, האָט ער זיך פארלאָזט א בערדל און
געוואָרן געגליכן צו א מעלאמעד", — אזוי ווערט ער
כאראקטעריזירט אינעם ראָמאַן „דער שטילשטאנד".
אָנגעקומען איז ער אין מינכענער אוניווערסיטעט,
דאָרט ליב באקומען די טאָכטער פונעם רייכן יידישן
באנקיר הוגאָ וואל — לענאָרע, איר געשטאלט איז
אמבוילעטסטן געשילדערט אין דעם ראָמאַן „א יונגע
פרוי פון 1914 יאָר". זייערע געפילן האָבן די צוויי
פארליבטע געמוזט האלטן בעסאָד, ווייל זיי האָבן
געוווסט, אז לענאָרעס עלטערן וועלן איר ניט דער־
לויבן כאסענע האָבן פאר אן אָרעמען סטודענט.
שוין ניין כאדאָשים, אז עס בושעוועט די מילכאָמע,
„גאנצע ארמייען טויטע דייטשן זיינען באגראָבן אין
קוואָרים, אָדער וואלגערן זיך אויף דער הוילער ערד...
קימאט א מיליאָן סאָלדאטן זיינען פארוווּנדעט, ניט
רעכענענדיק די שפּורלאָז פארפאלענע, וועלכע זיינען
אומגעקומען אין די מיט וואסער פארגאָסענע שוצ־
גראָבנס אָדער שמאכטן אין געפענקעניש..."
צו אָט דער צייט האָט ווערנער בערטין שוין
פארענדיקט דעם אוניווערסיטעט, געוואָרן א יוריסט,
פארעפנטלעכט עטלעכע קינסטלערישע ווערק און
באקומען א פריזיוו־רופצעטל. ער אליין כאראקטע־
ריזירט זיין דעמלטיקן צושטאנד, ווי א צושטאנד
פון א טיפּישן אינטעליגענט, וועלכער איז געווען
איינגעליבט אין ביכער, אין קונסט און געגלייבט,
אז דייטשלאנד פירט א גערעכטיקע מילכאָמע,
שטאָלצירט, אז אויך ער וועט דינען „דעם גרויסן
דייטשלאנד", אין דער ארמיי וועט ער „זיך צונויפ־
גיסן מיטן פאָלק". מע שיקט אים, א קורצזיכטיקן,
אוועק הינטער ווערדען. דאָרט, זייענדיק א באאָ־
באכטער און אן אומיטלבארער אָנטיילנעמער פון די
בלוטיקע שלאכטן, גייט ער דורך א הארבע שול.
בעהאדראָגעדיק איז ער גוויוער זיינע פריערדיקע
נאַיווע אילוזיעס, דערזעט דאָס עמעסע פּאָנעם פון
דער שוידערלעכער מילכאָמע. טאקע דאָ, הינטער
ווערדען, פרווט ער זיך באווייזן, אז אפילע אין
די דאָזיקע אומענטשלעכע באדינגונגען דארף מען
בלייבן א מענטש, און אויף זיין אויפן, אויף אן אינ־
טעליגענטישן, ווייל ער זיך דערשלאָגן גערעכטיקייט.
מיט אזא קאוואָנע נעמט ער איינעם מיט אנדערע
אָנטייל אין דעם איניען פון קריסטאָפער קראָיזינגן.
אָבער וואָס פאר א גערעכטיקייט קאָן זיין, ווען
אומזיסט און אומגישט פאלן מיליאָנען קאָרבאָנעס?
אזוי טראנספאָרמירט זיך זיין וועלט־באנעם.

אינעם ראָמאַן „די יונגע פרוי פון 1914" שטייט
אפן פאָדערשטן פלאן אויף די טראגעדיע פון לענאָ־
רע וואל. זי האָט אים ליב און ווייסט, אז די על־
טערן וועלן איר ניט דערלויבן ווערן זיין פרוי, אפי־
לע דעמלט, ווען זי האָט דערפילט, אז זי איז מעו־
בערעס. דער ראָמאַן גיט איבער אירע איבערלעבונ־
גען, זי האָט אויף זיך דערפילט די מאָנסטעריעזע
קראפט פון דער בורזשואזער געזעלשאפט. אויך די
מילכאָמע האָט געדריקט אויף לענאָרע וואל, און עס
וואקסט אין איר דער פּראָטעסט קעגן דעם אומזין.
צום סאָף פונעם ראָמאַן האָט זי כאסענע פאר איר
געליבטן — דער פאָטער, וועלכער פירט געשעפטן
מיט דער דייטשישער מיליטער־קאָמאנדשאפט, האָט
באשלאָסן, אז עס לוינט אים צו האָבן אן איידעם
א סאָלדאט־פראָנטאָוויק.

דער ווייטערדיקער גוירל פון ווערנער בערטין
איז געשילדערט אינעם ראָמאַן „דער שטילשטאנד".
די האנדלונג קומט דאָרט פאָר אינעם זעלבן שטעטל
מערווינסק, אין סאָף 1917, אָנהייב 1918, נאָך דער
אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וועלכע האָט אופגעטרייסלט
די גאנצע וועלט מיטן דעקרעט וועגן שאָלעם. אויף
די שלאכטפעלדער איז אָנגעקומען א שטילשטאנד.
די סאָוועטישע מאכט האָט גלייך פאָרגעלייגט
דייטשלאנד צו שליסן א שאָלעם און געשיקט קיין
ברעסט־ליטאָווסק, קעדיי צו פירן אונטערהאנדלונ־
גען וועגן דעם פרידן־אָפּמאך, א דעלעגאציע. מיט
אָנגעשטרענגטער אופמערקזאמקייט ווארט מען אויף
די סאָוועטישע מענטשן — „די אָנזאָגער פון שאָ־
לעם".

אין מערווינסק, ווו עס געפינט זיך דער שטאב
פון א דייטשישער דיוויזיע, האָט זיך אויסגעבילדעט
א קרייזל פון הומאניסטן, וועלכע דינען אין דער
ארמיי, אָבער זיינען ניט מאסקים מיט דער קעמפע־
רישער פּאָזיציע פון דער קאָמאנדשאפט. אין דעם
קרייזל דערציילט בערטין וועגן זיין לעבן און אי־
בערלעבונגען. ווען ער האָט זיך אינגאנצן אָפּגע־
געבן דער קונסט — „שוין דעמלט האָב איך זיך
ניט אָפּגענארט, פארשטאנען, אז איך לעב איינזיי־
טיק, און, ווייסנדיק, וואָס מיר שטייט פאָר, ווען מע

האָט מיך גענומען אין דער אַרמיי, האָב איך מיט אָפענע אויגן באַגריסט מײַן אומפאַרמײַדלעכן גורל. אין דער זעלבער צײַט האָב איך אויך פאַרשטאַנען, אַז איך בין ניט פּאַשעט, ווי מיר האָט זיך פריִער געדאַכט, אַ דײַטשישער ייִד און אַ סאָלדאַט, און אין דעם באַשטייט מײַן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, נאָר איך גיס זיך צונויף דאָרט מיט סאַמע פאַרשיידענע מענטשן". צום סאָף פונעם ראָמאַן זאָגט מען צו אים: „דו, בערטין, פאַרשטייסט אַלץ ריכטיק, מיטן סייכל און מיט דעם געפיל מאַכסטו שטענדיק אומפאַרמײַדלעכע אויספירן. פאַרוואָס זשע פירן זיי דיך ניט צו רעוואָלוציאָנערן טאַט, צו דער אָרגאַניזאַציע פון ווידערשטאַנד?". אויף דעם ענטפערט ער: „איך ווייס ניט. מעגלעך דערפאַר, וואָס אַלץ קומט בײַ מיר פאָר אין דער ספערע פון קוויער־האַדימיען און פאַרקערפּערט זיך אין געשטאַלטן, אין קינסטלערישן וואָרט..."

יאָ, ווערנער בערטין איז געבליבן אַן אינטעליגענט מיט אַלע זײַנע מײַלעס און כעסרוינעס. אָבער, זײַענדיק אַ קינסטלער און אַ דענקער, הערט ער זיך צו צו די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער געזעלשאַפט אַרום אים, אין דער גאָרער וועלט. צו אים זײַנען דערגאַנגען די ידיעס וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ער האָט זיך דערשלאָגן, אַז מיט אַן אופטראָג זאָל מען אים שיקן קיין ברעסט (און ער באַמערקט, אַז אויף ייִדיש הייסט עס בריסק), ווען דאָרט האָט מען געוואַרט אויף דער סאָוועטישער דעלעגאַציע, און דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַשרײַבן זי און אָפּשאַצן. ער איז באַגײַסטערט פון אירע מיטגלידער, צווישן וועלכע ער האָט דערזען אַ פּויערטע, וואָס האָט זיך ניט לאַנג צוריק אומגעקערט פון סיביר, וווּהין זי איז געווען פאַרשיקט, אַ פּאַשעטן מאַטראָס און אַנדערע. דער עצם אָנקום פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע האָט אופגעמונטערט אויך די דײַטשישע סאָלדאַטן. איינער פון זיי האָט געבעטן בײַ זײַן קאָמאַנדיר אַ דערלויבעניש צו אויסדריקן די שעליכים פון דעם סאָוועטישן רוסלאַנד אַ דאַנק פאַר זייער שאָלעם־פאָרשלאָג, אָנשטאָט אַן ענטפער האָט דער אָפיצער אים געשלאָגן.

וועגן דעם דערוויסט זיך ווערנער בערטין, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז „די סאָוועטישע דעלעגאַציע פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן וואָפןשטילשטאַנד ניט נאָר אין נאָמען פון די פעלקער פון דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, זי נעמט אין אַכט די רעכט פון אַלע קעמפנדיקע נאַציעס. ניט קיין סעפּאַראַטן שאָלעם ווילן שליסן די דעלעגאַטן, נאָר פאַרענדיקן מיט דער מילכאָמע, וועלכע די מעכטיקע־אָנפירער און די אינדוסטריעלע מאַגנאַטן האָבן אַרופגעוואַלגערט אויף זייערע פעלקער". אַזוי האָבן זיך אין ווערנער בערטינס וועלט־אָנשויונג באַוויזן גאָר נײַע אידייען. ער זעט זײַן מיסיע צו ווערן ניט נאָר אַ פּינקעס־שרײַבער פון זײַן דאָר, נאָר ווערן אַ שריפטשטעלער, וועלכער זאָל אויסדריקן די אינטערעסן פונעם פאָלק, זײַנע לײַדן און העלדנטאַטן. ער וויל איצט באַווײַזן דעם עמעסן פּאַרצוף פון דער מילכאָמע, וועלכע איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דער פאַרדאָרבענער סאָציאַלער סיסטעם. דאָס איז בעעמעס אַ גרויסע דעראָבערונג פון אַרנאָלד צווייגן. אין ווערנער בערטינען האָט ער וואָרהאַפטיק אָפּגעשפּיגלט זײַן אייגענעם וועג.

אין 1918 האָט מען אַרנאָלד צווייגן דעמאָביליזירט. ער באַזעצט זיך נעבן מינכען, דערנאָך — אין אַ פאָרשטאָט פון בערלין, און גיט זיך פולקום אויף דער ליטעראַרישער טעטיקייט, טרעט אַרויס מיט אַ ריי פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן דעם סאָציאַלן לעבן פונעם נאָכמילכאָמעדיקן דײַטשלאַנד, וועגן דעם אַכזאָרישן מאָרד פון קאַרל ליבקנעכט און ראָזע ליוקסעמבורג, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער — וועגן דעם מאָרד פונעם אויסערן־מיניסטער וואַלטער ראַטענאַו, וועלכן עס האָבן דערשאָסן אַנטיסעמיטן. פאַר די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען אין דער פּרעסע האָבן די פאַשיסטישע קרײַזן אָנגעהויבן רודפן אַרנאָלד צווייגן. אין 1926 שליסט זיך צווייג אָן אין דער געזעלשאַפט „פרײַנט פונעם נײַעם רוסלאַנד", האַלט אַ פאָרטראָג וועגן מאַקסים גאָרקין.

מיטן אָנקום פונעם היטלערישן פאַשיזם האָט אין דײַטשלאַנד, ווי אַ קאַנצעריש געשווילעכץ, זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם. אַרנאָלד צווייג האָט זיך טאָמיד געהאַלטן פאַר אַ דײַטשישן שריפטשטעלער, אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעריסן זיך פונעם אייגענעם פאָלק, געשטרעבט שילדערן אין זײַנע ווערק די לאַגע און די פּראָגרעסיווע טענדענצן פון די ייִדישע מאַסן.

ניט צופעליק צעמענטירט אַלע ראָמאַנען פון דער עפּאָפּייע „די גרויסע מילכאָמע פון די ווײַסע מענטשן" דאָס געשטאַלט פון ווערנער בערטין, דעם דײַטשישן ייִדן. אויף די זײַטלעך פון די ראָמאַנען טרעפן מיר נאָך ייִדן. אינעם ראָמאַן „דער שטילשטאַנד" ברענגט אַ. צווייג אַזעלכע ציפערן: אין דײַטשלאַנד האָבן געוווינט דרײַ פערטל מיליאָן ייִדן, הונדערט טויזנט פון זיי האָבן אָנטיילגענומען אַלס סאָלדאַטן אין דער מילכאָמע, אָבער באַצויגן האָט מען זיך צו זיי גאַנץ אָפט אומצוטרוילעך. שוין דעמלט האָבן זיך גאַנץ אָפט אַרויסבאַוויזן אַנטיסעמיטישע האַנדלונגען. ווערנער בערטין קאָן עס ניט פאַרשטיין: מיט וואָס, אייגנטלעך, שיידן זיך אונטער די דאָזיקע בירגער, וועלכע רופן זיך ייִדן, פון די ניט־ייִדן, „מיט וועלכן סימען זײַנען מיר אָפּגעטיילט, פאַרוואָס זאָגט מען אונדז אָפּ אין גלײַכבאַרעכטיקונג? ווער האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע שפּיל, שטרעבנדיק מאַכן פון אונדז פרעמדע, ווער האָט די שפּיל פאַרייביקט?"

ער דעמאַסקירט אויך די קאָנסערוואַטיווע ייִדישע שיכטן, וועלכע כאַנפענען זיך צו די מאַכטהאָבער. אָט האָט דער מיליטערישער ראָוו געווידמעט זײַן נײַ־יאָר־דראָשע הינדענבורגן. און בערטין טראַכט: „דער ראָוו האָט געדאַרפט פרײדיקן שאָ־

לעם: „ריבוינעשעלוילעם, באגנעדיק אונדז מיט שאָלעם". די דאָזיקע ווערטער זײַנען פון דער ביבל. זיי כאזערן איבער די ווערטער פון אן אומבאקאנטן ייִדישן דיכטער: „ווער האָט באהויפּטעט שאָלעם אַף די הייכן, זאָל ער אים געבן דעם פאָלק, און זאָגן — „אָמיין", אָבער אַנשטאָט דעם האָט דער ראָוו געשילדערט פאר אונדז דאָס העלדישע געשטאלט פונעם אלטן פעלדמארשאל, און קיינער האָט ניט אויסגעדריקט זײַן אומצופרידנקייט פון אזא דראָשע".

ס'איז וויכטיק צו אונטערשטרײַכן, אז ווערנער בערטין ווארפט שארף אַף אויך דעם שמאָלקעפּיקן ייִדישן נאציאָנאליזם, די אטאָבעכארטאָנו־אידעאָלאָגיע.

נאָך דער מאפּאָלע אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָט זיך אין דײַטשלאנד אופגעהויבן א כוואליע פון אנטיסעמיטיזם: „די ייִדן האָבן אונדז פאראטן און זײַנען שולדיק אין דער מאפּאָלע!" ארנאָלד צווייג טרעט אנטשלאָסן ארויס קעגן די רעכילעס, ער פּובליקירט א ריי ארטיקלען וועגן דער אנטיסעמיטישער העצע: „די אנטיסעמיטישע כוואליע" (1919), „דער הײַנטיקער דײַטשישער אנטיסעמיטיזם" (1920).

אין 1923 ווערט ער אַף א צײַט דער רעדאקטאָר פון דער דײַטשישער צײַטונג „די ייִדישע רונדשאו", ווו ער פארעפנטלעכט א ריי מאטעריאלן וועגן דעם קיִעם פונעם ייִדישן פאָלק, וועגן דער ייִדישער קולטור. איין ארטיקל האָט ער געווידמעט דעם מאָסקווער ייִדישן טעאטער, וועלכער האָט אין די צוואנציקער יאָרן גאסטראָלירט אין אויסלאנד.

באנאנד מיט דער אנטיסעמיטישער כוואליע האָט זיך אין דײַטשלאנד אויך פארשפּרייט די ציִעניסטישע באוועגונג. ארנאָלד צווייג האָט קיינמאָל ניט אָנטיילגענומען אין איר, אָבער זוכנדיק א וועלכע־ניט־איז שטיצע פון דער היטלערישער פּראָפּאגאנדע, וועלכע האָט זיך אַלץ העכער און העכער געלאָזט הערן, האָט ער אין אָנהייב 1932 פאָרגענומען א קורצדויערנדיקע רײַזע קיין פּאלעסטינע און דערנאָך ארויסגעלאָזט א ראָמאן „דע־וורִיענד קערט זיך אום אהיים".

דע־וורִיענד — א דאָקטער — איז אין די צוואנציקער יאָרן געקומען קיין פּאלעסטינע. זײַער פּלאַסטיש און פּילפארביק איז געשילדערט אינעם ראָמאן די נאטור פון דעם מיזרעכדיקן לאנד, דאָס לעבן פון די אראבער און פון די ייִדן. דע־וורִיענד קאָן ניט פארשטיין די סינע פון די ייִדישע פאנאטיקער קעגן די אראבישע אײַנוווינער, און ער טרעט ארויס פאר א מיטארבעט צווישן די צוויי פעלקער. אין די אויגן פון די ציִעניסטן איז דער דאָקטער דע־וורִיענד א פארעטער, זיי הייבן אוף קעגן אים א קאמפּאניע, אָבער ער פארטיידיקט ענערגיש זײַן פּאָזיציע, און סאָפּקאָלסאָף האָבן די פאנאטיקער אים דערמאָרדעט. אזוי האָט זיך פארענדיקט זײַן „קומען אהיים".

נאָכן אומקערן זיך קיין דײַטשלאנד האָט צווייג גלײַך דערפילט די דראָענדיקע פאשיסטישע געפאר. אין 1932 פארעפנטלעכט ער אן ארטיקל „וואָס וואָלט באדײַט דער זיג פון די נאציסטן", אין וועלכן ער האָט געשריבן: „די נאציאָנאל־סאָציאליסטישע באוועגונג איז ניט קיין נאציאָנאלע און ניט קיין סאָציאליסטישע. זי איז ניט קיין סאָציאליסטישע דערפאר, וואָס אונטערן צודעק פון הויכע פראזעס פאראט זי דעם ארבעטער־קלאס צוגונסטן די אונטערנעמער, זי איז ניט קיין נאציאָנאלע, ווײַל זי שטרעבט דערשטיקן די אנטוויקלונג פון די שעפעריִשע קויכעס פונעם פאָלק".

היטלער האָט פארכאפּט די מאכט, און ארנאָלד צווייג האָט געמוזט טייקעף פארלאָזן זײַן היימלאנד. דאָס הויז, אין וועלכן ער האָט געלעבט, האָבן די פאשיסטן צעראבעוועט, די קסאוויאדן — קאָנפיסקירט.

ער וווינט אין טשעכאָסלאָוואקיע, דערנאָך אין דער שווייץ, אין ענגלאנד, פראנקרײַך, פּאלעסטינע. אין כײַפע לעבט ער אַף פופצן יאָר. ווו ער זאָל ניט זײַן, איז ער אן אקטיווער אָנטיילנעמער פון דער אנטיפאשיסטישער באוועגונג.

אין 1934 פארעפנטלעכט ער אין אמסטערדאם א בוך אונטערן נאָמען „דער באלאנס פונעם דײַטשישן ייִדנטום", אין וועלכן ער האָט געמאכט אן איבערזיכט פונעם היסטאָרישן גוירל פון די ייִדן אין דײַטשלאנד, שרײַבט וועגן דעם בײַטראָג, וואָס זיי האָבן ארײַנגעבראכט אין דער דײַטשישער קולטור, וויסנשאפט, אינעם גאנצן לעבן פון דעם לאנד. ער באווײַזט די קעגנזײַטיקע האשפּאָעס אין גאנג פון דער אנטוויקלונג פון דער דײַטשישער און פון דער ייִדישער קולטור, באשרײַבט די וויכטיקע ראָל, וועלכע ס'האָט געשפּילט די עמאנסיפּאציע פון די ייִדן אין אָנהייב פונעם נײַנצנטן יה. איצט האָבן די היטלעריסטן פארטראכט צו פארניכטן דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק. דער שרײַבער רופט לײַדנשאפטלעך ניט צו דערלאָזן עס און פארענדיקט דעם בוך מיט אזעלכע ווערטער: „מיר, די בירגער פון 1933, וועלכע זײַנען דורכגעגאנגען „די גרויסע מילכאָמע פון די ווײַסע מענטשן", וועלן ניט קאפּיטולירן פאר דעם פאשיזם. מיר וועלן ווײַטער אויספילן אונדזער פליכט און קעמפן אַף דער לינקער זײַט פון דער וועלט".

אגעוו, אין די יאָרן פון דער עמיגראציע האָט ארנאָלד צווייג גענומען שטודירן די ווערק פון מארקסן, ענגעלסן, לענינען (לויט די אויסגאבעס, וואָס מע האָט אים צוגעשיקט לויט זײַן באקאָשע פון מאָסקווע).

אָפּגעבנדיק א סאך קויכעס דער אנטיפאשיסטישער פּובליציסטיק, פארלאָזט ער ניט די קינסטלערישע שאפונג, זעצט פאָר צו שאפן די סעריע ראָמאנען וועגן דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, שטעלנדיק פאר א ציל צו באווײַזן, אז די וואָרצלען פונעם היטלעריזם געפינען זיך אין דער ווילהעלמישער אימפּעריע. כוץ דעם, פארטראכט ער אין 1937 יאָר א ראָמאן וועגן דײַטשלאנד, ווו עס בור-

שעוועז שוין די פאשיסטן, ארבעט אױף אים מער פון פינף יאָר און לאָזט אים פריִער ארויס אין א העברעיִשער איבערזעצונג (אין דעם דײַטשישן אָריגינאַל איז דער ראָמאַן צום ערשטן מאָל ארויס נאָכן זיג איבערן פאשיזם) — „די האק פון וואנדסבעק“. וואנדסבעק איז א פאָרשטאָט פון האמבורג, ווו עס קומט פאָר די האנדלונג פון אָט דעם ווערק.

אין גרונט פונעם ראָמאַן ליגט א רעאַלע געשעניש. ארנאָלד צווייגן האָט צוגעצויגן א נאָטיץ אין א דײַטשישער צײַטונג — „דער זעלבסטמאָרד פון א טאליען“. „מיך האָט דעמלט, — דערמאָנט זיך דער מעכאבער, — דורכגעבויערט ווי א בליץ א געדאנק — אָט איז דער קערן פון א פאבולע, מיט דער הילף פון וועלכער מע קאָן אין סאמע בלי פונעם דריטן רײַך באווײַזן דעם פארבאָרגענעם אין אים אומקום“.

די געסטאפאָ האָט פארכאפּט פיר אנטיפאשיסטן, וועלכע מע האָט גלײַך צוגעמישפּעט צום טויט. אױף וויפל דער פראָפעסיאָנעלער הענקער איז געווען קראנק, האָט מען פאָרגעלייגט דורכצופירן די קעפּונג א היגן קאצעוו — אלבערט טעטיען, וועמענס געשעפטן האָבן זיך שטארק פארערגערט. אלבערט טעטיען גלייבט דער נאציאָנאליסטישער פראָפאגאנדע, אז אין אלע צאָרעס פונעם לאנד איז שולדיק די יידישע פלוטאָקראטיע, „די שאנד פון ווערסאל“, די רויטע, און ער טרעט ארײַן אין דער היטלערישער פארטיי, ווערט א שארפיורער פון עסעס און פילט אויס דעם אורטייל. נאָכדעם אָבער האָט געטראָפן אזוינס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאָרויסזען.

דער גוירל פונעם קאצעוו שאפט בלויז איין סיוזשעטישע ליניע פונעם ראָמאַן. אין דער קעפּונג פון די אנטיפאשיסטן ווערן פארמישט — דירעקט אָדער אומדירעקט — א סאך פערזאָנען. פאר דעם לייענער גייט דורך א גאנצע גאלערייע פון אקטיווע און פאסיווע שוטפים פון די פאשיסטישע פארברעכנס. צווייג באווײַזט, וויאזוי אונטערן צודעק פון פרידלעכער דעמאגאָגיע („דער פיורער וועט זיך אלץ דערשלאָגן אױף א פרידלעכן אויפן“), און פון דער אנטיסעמיטישער קאמפאניע האָט היטלער געגרייט די אגרעסיווע מילכאָמע.

סימבאָליש איז דער עפּילאָג פונעם ראָמאַן, אין וועלכן ס׳ווערט דערציילט, ווי אין 1939 זײַנען אינעם האמבורגער פּאָרט ארײַן פיר סאָוועטישע שיפן, וועלכע טראָגן די נעמען פון די הינגעריכטעטע. אױף די מאסטביימער האָבן געפלאטערט רויטע פאָנען, און די היטלערישע מאכט האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן מיט דער דאָזיקער דעמאָנסטראציע פון ברידערלעכער סאָלידארישקײַט.

ווי נאָר די היטלערישע כאיאָלעס האָבן אָנגעהויבן די אגרעסיע קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד, איז ארנאָלד צווייג געוואָרן אין פאלעסטינע איינער פון די אָרגאניזאטאָרן פון דער ליגע „ניצאָכן“, וועלכע האָט געשטעלט א ציל צו העלפן דעם העראָישן קאמף פון די סאָוועטישע פעלקער. אינאיינעם מיט א פרײַנט לאָזט ער ארויס א זשורנאל „מיזרעך“, אין וועלכן ער באקאנט די פאלעסטינער לייענער מיט די שלאכטן אױף די סאָוועטיש־דײַטשישע פראָנטן, דעמאסקירט פארשיידענע מינים שאָוויניזם, און דאָס האָבן אים ניט געקענט מויכל זײַן די היגע נאציאָנאליסטן, וועלכע האָבן צעגראָמירט די טיפּאָגראפיע פונעם זשורנאל.

באלד נאָכן זיג איבער דעם פאשיזם האָט ארנאָלד צווייג זיך באזעצט אין דעמאָקראטישן סעקטאָר פון בערלין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון דער דײַטשישער דעמאָקראטישער רעפּובליק.

אין זײַן ווענדונג צום גרינדונג־קאָנגרעס פון די אָנהענגער פון פרידן, וועלכער איז פאָרגעקומען אין ווראצלאוו, האָט ער געשריבן: „לאָמיר אלע אינאיינעם, פרײַנט מײַנע, מיט אלע שפּראך־ און גײַסט־מיטלען קעמפן צוליב מאכן פון אונדזער אויסגעמאטערטן טייל פון דער וועלט א היימלאנד פאר אלע ארבעטנדיקע פון דער מענטשהײַט, אומאָפּהענגיק פון דעם, צו וועלכע פעלקער זיי געהערן און אױף וועלכע לעשוינעס זיי ריידן“. ער ווערט דער פאָרזיצער פונעם דײַטשישן קאָמיטעט פון קעמפער פאר שאָלעם, מיטגליד פון דער ביוראָ פונעם אלוועלטלעכן ראט.

אין 1958 האָט מען אים באערט מיט דער לענין־פּרעמיע „פאר פעסטיקן דעם שאָלעם צווישן די פעלקער“. מיט גרויס פרייד האָט ער אין דעם מאָסקווער קרעמל באקומען די דאָזיקע באלוינונג. אין זײַנעם א בריוו האָט ער געשריבן: „מאָדנע, מאָדנע. אמאָל האָב איך געהאָפט באקומען דעם נאָבעל־פּרײַז, איצט ווייס איך, אז בלויז די לענין־פּרעמיע פּאסט פאר מיר. ניט דער דערפינדער פון דינאמיט, נאָר דער באָלשעוויק לענין האָט צו טאָן מיט שאָלעם און מיט מיר“.

אין דער דײַטשישער דעמאָקראטישער רעפּובליק איז ארנאָלד צווייג אויסגעקליבן געוואָרן פאר א דעפּוטאט פון דער פאָלקס־פּאלאטע, געוואָרן דער ערשטער פּרעזידענט פון דער קונסט־אקאדעמיע. באגלײַך מיט דער אקטיווער געזעלשאפטלעכער און פּובליציסטישער טעטיקײַט זעצט ער פאָר זײַן קינסטלערישע שאפונג. ס׳האָט זיך אים, צום באדויערן, ניט אײַנגעגעבן צו פארענדיקן די עפּאָפּייע „די גרויסע מילכאָמע פון די ווײַסע מענטשן“ — צוויי פארטראכטע ראָמאנען („דאָס אײַז איז אוועק אין גאנג“ און „צו בעסערע צײַטן“) זײַנען געבליבן נאָך זײַן טויט (1968) אין אויסצוגן. ער האָט אָבער אָנגעשריבן נאָך א ראָמאַן „דער טרוים איז טײַער“, וועלכער איז ארויס אין 1962 און די האנדלונג פון וועלכן קומט פאָר אין די דרײַסיקער יאָרן און אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

■ ■ ■

# טיכאָן כרעניקאָוו

פאָלקס־אַרטיסט פון פססר

# געגליכן צו א דראמע

אין דעם מאָסקווער מעלוכישן אָפּערעטע־טעאטער איז פאָרגעקומען די פרעמיערע פונעם ספעקטאקל „דער פידלער אפן דאך" (מוזיק — דזשערי באָק, ליברעטאָ און לידער — דזשאָזעף סטײַן און שעלדאָן כארניק אין דער איבערזעצונג פון פאָלינע מעלקאָווא). דער דאָזיקער ספעקטאקל איז ניט ענלעך אַף זײַנע אויסלענדישע פאָרגייער (איך האָב געזען דעם „פידלער אפן דאך", לעמאָשל, אין בערלין, אין דער „קאָמישע אָפער"), אָבער ער טרעט לאכלוטן ניט אָפ פון זיי לויט דער אויספירערישער, רעזשיסערישער, מוזיקאלער און שטעלונגס־מײַסטערשאפט. און עפשער...

דער העלד פון שאָלעם־אלייכעמס ווערק „טעוויע דער מילכיקער", לויט די מאָטיוון פון וועלכן ס'איז אָנגעשריבן די ליברעטאָ פארן ספעקטאקל „דער פידלער אפן דאך", לעבט שווער, אָבער ער האָט ניט אָנגעווירן דעם גלויבן אינעם לעבן, ער איז א קלוגער מענטש, וואָס איז באשאָנקען מיט ווייכער איראָניע. גיכער אינטויִטיוו, איידער באוווּסטזיניק, פארשטייט טעוויע, אז דאָס לעבן קאָן ניט און דארף ניט זיך אָפשטעלן. אן אָפשטעל באטײַט — טויט. די באדינגונגען און מינהאָגים אין דער סוויווע, אין וועלכער ער לעבט צוזאמען מיט זײַן מישפאָכע, זײַנען אָבער זייער שווערע, און זיי ווערן אומדערטרעגלעך. אים, דעם פאָלקס־מענטש, פארבלײַבט בלויז איינס — פרווון ברעכן די אלטע טראדיציעס און מינהאָגים.

וואָס פאר א רײַכע און לעבנסבאשטעטיקדיקע מײַסטערשאפט דארף פארמאָגן דער רעזשיסער פונעם ספעקטאקל (פאָלקס־ארטיסט פון פססר וולאדימיר קוראָטשקין), קעדיי ניט סטאם דערפילן און אנטפלעקן אָט דעם קאָנפליקט, נאָר אויך מאכן אים פאר דעם איקערדיקן, דערפירן אים ביז צום העכסטן פונקט פון אָנשטרענגונג, ביז פילאָסאָפישער פאראלגעמיינערונג. טעוויע ברעכט די מינהאָגים, אָבער די מינהאָגים ברעכן אויך טעוויען. א טראגעדיע? יאָ. נאָר אויך א באנײַונג און, הייסט עס, אויך — לעבן. די טעמע פונעם טריוּמף פון דעם לעבן, פון דער לעבנסבאשטעטיקונג, איז אינעם ספעקטאקל „דער פידלער אפן דאך" די גרונטיקע. זי פולסירט אין יעדער סצענע, אין יעדער באוועגונג, אין יעדן שטריך. אויך אין דער מוזיק. א בונטע, מעלאָדישע, וואָס גייט אוועק מיט אירע וואָרצלען אין דעם ייִדישן פאָלקלאָר־מעלאָס, איז ד. באָקס מוזיק דער וויכטיקסטער „פערסאָנאַזש" אינעם ספעקטאקל. אפן וועג צו פארפאָלקסטימלעכן די מוזיק האָבן אירע שעפער זיך דערשלאָגן דעם וויכטיקסטן דערפאָלג.

די פאָעזיִע און די סימבאָליק פון די שאגאלישע „ציטאטן", וועלכע דער וואַרשעווער קינסטלער מאריאן סטאָנטשאק האָט דרייסט ארײַנגעפירט אין די דעקאָראציעס פונעם ספעקטאקל, פלעכטן זיך ווּנדערלעך איבער מיט די קימאט פינקטלעך־עטנאָגראפיש געמאכטע, אָבער זייער טעאטראלע קאָסטיומען. דער קינסטלער לייזט ניט נאָר דערפאָלגרײַך — און שארפזיניק — די פילבילדערישע קאָמפאָזיציע, נאָר צווינגט, אבסאָליוט אומבאמערקט פארן צושויער, דעם סצענישן רוים „זיך צונויפפרעסן", קעדיי רעליעפער באווײַזן דעם העלד אָדער אומענדלעך פאנאנדערוקן און ארײַנעמען א ריזיקע מאסן־סצענע.

די מאסן־סצענעס אין אָט דעם ספעקטאקל לאָזן זיך ניט, לויט דעם הײַנט אָנגענומענעם, צו צעטיילן זיך אַף כאָר־ און באלעט־סצענעס.



**פון אויבן: דער פאָלקס־אַרטיסט פון רספסר** וו. באַרינין **אין דער ראָל פון טעוויען, פון אונטן — א סצענע פונעם ספּעקטאַקל.**
וו. באַרינין **(טעוויע) און דער פאַרדינסטפולער־ אַרטיסט פון רספסר** וו. זשוק **(דער פידלער).**

**פאָטאָ —** מ. סטראַקאָוו



דער באַלעטמייסטער פונעם ספּעקטאַקל קריסטינע גרושקוּוונא (פּוילישע פֿאָלקס־רעפּובליק) האָט פֿאַרגעלייגט, לויט מײַן מיינונג, אַן אינטערעסאַנטן, אייגנאַרטיקן פּלאַסטישן געמעל פֿונעם גאַנצן ספּעקטאַקל בכלל, ווי ניט „פֿאַרגעסנדיק", אַז אינעם אָפּערעטע־טעאַטער דאַרף דער כאָר „לויט דער טראַדיציע" שטיין און זינגען, אין עפּעס אַ מאָמענט דאַרף די האַנדלונג זיך אָפּשטעלן, קעדיי אָפּטרעטן דאָס אָרט דעם באַלעט־דיוועטיסמענט, און די אַרטיסטן, וועלכע פֿילן אויס „קאַסקאַד"־ראָלן, דאַרפֿן צום סאָף פֿונעם דועט באַווײַזן דעם אַזויגערופֿענעם „אונטערטאַנץ".

אינעם אַלגעמיינעם פּאָרטראַכט, אונטערוואַרפֿנדיק זיך דער איינהייטלעכער, אַלגעמיינער אויפֿגאַבע, „אַרבעט" דין און פּינקטלעך דער אָרקעסטער בעראָש מיטן דיריזשאָר וולאַדימיר גאָרעליק. אין דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער מוזיקאַלער לייזונג איז דעם טעאַטער אויסגעקומען זיך אָנשטויסן אין ניט קיין קליינע שוועריקייטן. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס אין אונדזער לאַנד איז ניטאָ די אָוטאָרישע פּאַרטיטור פֿונעם מיוזיקל. אָבער דער אָרקעסטראָווטשיק וולאַדימיר טערלעצקי איז מיט ערע אַרויס פֿון אָט דער לאַגע, אויפֿזעקנדיק פּינקטלעך די סטיליסטיק און דעם דראַמאַטורגישן פּאָרטראַכט פֿונעם קאָמפּאָזיטאָר.

אינעם ספּעקטאַקל באַטייליקט זיך קימאַט די גאַנצע טרופּע. אַלע אַרטיסטן אַרבעטן האַרמאָניש, איבערצײַגעוודיק, אָרגאַניש. ס'וואָלט זיך געדאַכט, אַז עס איז אוממעגלעך אויסצוטיילן עמעצן באַזונדער. און פֿונדעסטוועגן האַלט איך פֿאַר נייטיק באַזונדערס זיך אָפּשטעלן אויף די אַרבעטן פֿון אייניקע אויספֿילער. ס'איז אָנגענעם, ווען אויף דער בינע פֿונעם טעאַטער באַווײַזט זיך די יוגנט. טאָפּלט איז אָנגענעם, ווען זי אַרבעט פּראָפֿעסיאָנעל, מיט הויכער עמאָציאָנעלקייט. אין אַזאַ פֿאַל קאָן מען זיכער זאָגן, אַז דער טעאַטער פֿאַרמאָגט אַ צוקונפֿט. אינעם מאָסקווער אָפּערעטע־טעאַטער האָט דער פּראָצעס פֿון פֿאַרייִנגערן די טרופּע נאָרוואָס זיך אָנגעהויבן, פֿאַרויסזאָגן עפּעס אויף געוויס איז שווער, אָבער האָפֿענונגען זײַנען פֿאַראַן. גרויסע האָפֿענונגען רופֿן אַרויס, אָן שום ספֿק, די פֿאַרנומענע אינעם ספּעקטאַקל „דער פֿידלער אויפֿן דאַך" יונגע אַרטיסטן וו. בעליאַקאָווא, זש. זשערדיעוו, יע. זײַצעווא, יע. יאַנאָווא, ט. קאָנסטאַנטינאָווא, נ. טשערקאַסאָווא און ס. אַלימפּיִעוו.

מע קאָן נישט ניט אָפּמערקן דעם אָנטייל אינעם ספּעקטאַקל פֿון די סטודענטן פֿונעם מעלוכישן אינסטיטוט פֿון טעאַטראַלער קונסט. פּראַקטיק, אַקטיאָריש איבערצײַגעוודיק איז אויפֿגעטראָטן אין דער ראָל פֿונעם פֿידלער דער אײַנגעלאַדענער מיצאַד דעם טעאַטער אויסגעצייכנטער מוזיקאַנט מיכאיל בעזווערכני. זײַן סאָלאָ אינעם 1־טן אַקט איז מוזיצירונג פֿון דער סאַמע העכסטער פּראָבע. מיט אַ פּינקטלעכער אָנצייכענונג פֿונעם כאַראַקטער טיילן זיך אויס די אַרטיסטן וו. פֿיגין, יע. קאַציראָוו, יו. אַלעקסייעוו און ז. איוואַנאָווא. אָבער די סאַמע בונטע אַקטיאָרישע „געשעעניש" איז וואַלערי באַרינין. זײַן טעוויע איז דער כאַמע איבערצײַגעוודיקער באַווײַז, אַז דער אַקטיאָר פֿאַרמאָגט גרענעצלאָזע מעגלעכקייטן. דאָ גייט ניט אין באַנאַלער אַנציקונג — זע, ווי אָט דער אָפּערעטע־אַקטיאָר, וואָס האָט פֿיל יאָרן נאָכאַנאַנד געשפּילט בלויז „פֿראַק"־העלדן, האָט פּלוצעם באַוויזן „אַזוינס"! אַזעלכע רייד וואָלטן געקלונגען וווּלגאַריש.

פֿאַר אונדזערע אויגן ווערט הײַנט באַנײַט דאָס לעבן פֿונעם מאָסקווער אָפּערעטע־טעאַטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרבינדן מיר אָט דעם פּראָצעס מיט דער נײַער קינסטלערישער אָנפֿירונג. אָבער מיר איבערצײַגן זיך אַלץ מער און מער אין דעם, אַז די טרופּע גופֿא איז שוין אַריבער אין אַ נײַער, העכערער שטופֿע פֿון מײַסטערשאַפֿט, אַז די אַרטיסטן פֿונעם מאָסקווער אָפּערעטע־טעאַטער זײַנען בעקויעך לייזן באַליביקע דראַמאַטורגישע און רעזשיסערישע אויפֿגאַבן.



## זיכרוינעס פון א מאשיניסטקע

### מאניע לאנדמאן

# שטריכן פון מוישע טייפס פּאָרטרעט

מיט מוישע טייפן בין איך ביז דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע ניט געווען באקאנט. ער האָט געוווינט אין מינסק, איך — אין מאָסקווע. זייַנע לידער האָב איך געלייענט, אייניקע, וועלכע זייַנען מיר באזונדערס געווען געפעלן, האָב איך פארגעדענקט.

מיר האָבן זיך באפרייַנדעט אין 1961, ווען מיר האָבן אינײנעם אָנגעהויבן ארבעטן אין דער רעדאקציע פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד".

ס'ווילט זיך מיר נאָכאמאָל און ווידעראמאָל דערמאָנען צום גוטן מייַנע פרייַנט, וועלכע זייַנען אוועק אין דער אייביקייַט. מיישקע — אזוי האָבן אים גערופן אלע זייַנע כאוויירים. איך האָב זיך צו דעם ניט געקאָנט צוגעווינען, ניט געקענט געבן פּאָשעט א זאָג „מיישקע". פאר מיר איז ער געווען דער באוווּסטער דיכטער — מוישע טייף.

איך געדענק, אז בייס איך בין דאָס ערשטע מאָל ארייַנגעקומען אין דעם ליפט פון דער „ליטעראטורנאיא גאזעטא" אף צוועטנאָי בולוואר, ווו ס'האָט שוין דאן פארנומען א צימער די יידישע רעדאקציע, איז דאָרט געשטאנען טייף. ער האָט מיך דערזען און געלאָזט אָפן די טיר, קעדיי איך זאָל אויך קאָנען ארייַנגיין. אין ליפט האָט ער מיר גאָרניט געזאָגט. אין זייַנע אויגן אָבער האָב איך דערזען, ווי צופרידן ער איז, וואָס מיר הייבן זיך אויף אף א הויכן עטאזש אין אונדזער אייגענעם זשורנאל.

ארויסגייענדיק פונעם ליפט, האָט ער שוין ניט אויסגעהאלטן און מיט פרייד קימאט אויסגעשריגן:

— איז גייען מיר אף דער ארבעט!..

און עס האָט אויסגעזען, אז ער איז גרייט גלייַך דאָ אפן אָרט פארקאשערן די ארבל און נעמען אף זיך א מאסע.

ער האָט געעפנט די טיר פונעם צימער, דורכגעלאָזט מיך פריער. ארייַנקומענדיק, האָבן מיר שוין געטראָפן א פיר־פינף מענטשן. מוישע האָט זיך געווענדט צו מיר:

— איר וועט מיסטאמע זיצן אָט אָ־דאָ, בא אָט דעם טיש?

באקומען האָט זיך אָבער פארקערט, ער האָט זיך אוועקגעזעצט צו אָט דעם טיש, ניט ווארטנדיק אף מייַן ענטפער. איך האָב זיך צונויפגערעדט מיטן הויפּט־רעדאקטאָר, אז קעדיי ניט שטערן די מיטארבעטער (די מאשינקע קלאפט, עס ווערט טומלדיק), וועל איך בעסער איבערדרוקן די ערשטע מאטעריאלן אינדערהיים. אויך מיר וועט זייַן רויקער.

אָט אזוי זייַנען מיר געבליבן ארבעטן צוזאמען אין אָט דעם אייַנציקן גערוימען צימער. בלויז איינס האָבן מיר געוווּסט: עס וועט זייַן א ליטערארישע צייַטשריפט. וועגן דעם, וויאזוי זי וועט זיך אָנרופן, איז נאָך קיין רייד ניט געווען. עס זייַנען געזאָגט געוואָרן די ערשטע ווערטער וועגן די שרייַבער און דיכטער, וואָס וועלן זייַן פאָרגעשטעלט אין איר ערשטן נומער.

אינגיכן האָבן אפן אדרעס פון דער רעדאקציע אָנגעהויבן אָנקומען מאנוסקריפּטן. דאָס איז געווען אן ענטפער אפן בריוו, וועלכן די רעדאקציע האָט צעשיקט די שרייַבער און געבעטן צושיקן מאטעריאל פאר דעם נייַעם זשורנאל.

מוישע טייף איז באשטימט געוואָרן פארן פארוואלטער פון דעם פּאָעזיע־אָפּטייל גלייַך פונעם ערשטן נומער. ער איז געווען זייער אקטיוו, און אינגיכן האָט ער מיר צוגעטראָגן א גרויסן פּאַק לידער איבערצוקלאפּן אף דער מאשינקע. דערזען, אז עס האָט מיך פארכידעשט דער ניט־געוויינלעכער שטראָם פון פּאָעטישע מאנוסקריפּטן, האָט ער מיך גענומען באַרויִקן:

— איבערדרוקן דארף מען אלע לידער, וועלכע קומען אָן און לייגן זיך אוועק אפן טיש. אלצדינג, אומבאדינגט. דערנאָך וועט מען שוין אויסקלייַבן. מ'וועט זען, וועלכע לידער טויגן...

אייניקע פּאָעטישע מאנוסקריפּטן, האָט ער דערקלערט, וועט ער אָפּשיקן צוריק דעם אווטאָר. זיי

דארפן אָבער אויך זײַן איבערגעדרוקט אױף דער מאשינקע, קעדיי דער אווטאָר זאָל קאָנען גוט א קלער טאָן, וויאַזוי נאָך בעסער מאכן די זאך. יאָ, דער אווטאָר דארף גוט פארשטיין, וואָס דער רעדאקטאָר מיינט.

כויץ די אלע מאטעריאלן, וועלכע זײַנען בא מיר שוין געווען צוגעגרייט צום דרוקן, האָב איך דערזען א סאך זײַנע בריוו. ער האָט מיך געוואָרנט, כ׳זאָל די בריוו איבערדרוקן אין דער ערשטער ריי, קעדיי גלײַך אָפּשיקן די בריוו די אווטאָרן, ווײַל מע דארף דערקלערן די פּאָעטן, וועלכע ווילן אײַנדערעמעסן זיך אָנרופן פּאָעטן, אז שרײַבן לידער איז ניט קיין גרינגע זאך, מע מוז עס קאָנען, מע דארף גוט א האָרעווע טאָן. טאלאנט, טאלאנט איז צוליב דעם נייטיק!

ווען ער האָט זיך א ביסעלע בארויִקט, האָט ער געזאָגט מיט א שטיל קאָל:

— איך פארשטייט, א סאך פּראָפּעסיעס, וועלכע זײַנען פאראן אױף דער וועלט, קאָן מען זיך אויסלערנען, נאָר פאראן אזוינס... לעמאָשל, שרײַבן לידער. אױף שרײַבן לידער דארף מען באקומען א מאנדאט פון גאָט אליין. לידער זײַנען אויך פאראן פארשיידענע: פילאָסאָפישע, לירישע... — נאָר דאָ האָט אים עמעצער א רוף געטאָן און אונדזער געשפרעך האָט זיך פארענדיקט.

איך האָב איבערגעדרוקט די לידער. שפּעטער, ווען מע האָט שוין געדארפט זיי אָפּשיקן אין דער טיפּאָגראַפיע, האָב איך דערזען, אז פון דעם גרויסן פּאַק איז געבליבן ווינציק, ניט מער, ווי פון פינף פּאָעטן. און בא יעדן צו דרײַ, צוויי און בא אייניקע בלויז צו איין ליד. אָט אזא איבערקלײַבער איז ער געווען!

די בריוו זײַנען בא אים געווען טאָמיד מיט קורצע ענטפערס, ער פלעגט שרײַבן: „גיט א גוטן טראכט, ניט אלצדינג דרוקן מיר". דערבײַ פלעגט ער צוגעבן אן אָפּשאצונג פון די צוגעשיקטע לידער. זײַנע ענטפערס זײַנען געווען קורץ און שארף. שטרענג האָט ער זיך באצויגן אויך צו זיך אליין, פונקט ווי צו אלע אנדערע פּאָעטן, וועלכע פלעגן זיך צו אים ווענדן.

מוישע טייף פלעג אליין איבערדרוקן זײַנע לידער אױף א מאשינקע. מיך האָט ער געבעטן איבערדרוקן זײַן מאנוסקריפּט, ווען ער האָט געגרייט א גאנצן בוך פארן פארלאג. יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען פארלייגן מיר איבערצודרוקן א בוך פארן פארלאג, האָט ער פריִער ליב געהאט איבערלייענען פאר מיר א ליד, וואָס וועט ארײַן אין דער זאמלונג.

אין דעם ניט גרויסן בוך, וועלכער איז דערשינען אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" און האָט געטראָגן דעם נאָמען „אויסדערוויילטס", איז צווישן אנדערע פאראן די ליד „האָט ליב די פּאָעטן" (1966).

ער איז צוגעגאַן צו מיר מיטן גאנצן פּאַק קסאָוויאַדן פונעם בוך, נאָר די ליד וועגן פּאָעטן האָט ער געהאלטן באזונדער. ער האָט איבערגעלייענט אפן קאָל דאָס קעפּל, זייער הויך, ווי אן ארטיסט. איך האָב אים געפרעגט, צי דער בוך וועט זיך אזוי אָנרופן, צי ער ווענדט זיך צו די פרויען, זיי זאָלן ליב האָבן פּאָעטן. ער האָט זיך צעלאכט. ביכלאָל פלעג איך אים זען נאָר שמייכלען און דאָ האָט ער געלאכט פונעם גאנצן הארצן. מיטאמאָל ווערט ער ערנסט און זאָגט צו מיר:

— הערט אופמערקזאם: יעדע שורע, יעדעס וואָרט דארף מען דאָ באטראכטן זייער פּאָרזיכטיק, הערט זיך אײַן אופמערקזאם:

פּאָרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט פּאָרזיכטיק זײַן מיטן הארצן.
אָפּט קומט עס מיט זילבער פון האָר —
דאָס רײַפע וואָרט, דאָס געגארטע.
פּאָרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט האָבן א ריינעם געוויסן,
אים אָנטאָן מיט הײַנטיקער וואָר,
אז שפּעטער זאָל דיך ניט פארדריסן.
פּאָרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט לערנען זיך לײַדן, זײַן מוטיק! —
און שטענדיק געדענקען דאָס אָרט,
ווו דו און דײַן פאָלק האָט געבלוטיקט.

דעם בוך „אויסדערוויילטס" האָט ער מיר שפּעטער געשאָנקען א מאטאָנע מיטן אופשריפט: „דעם טײַערן פרײַנט פון אלע „גוטע שרײַבער", וועלכע איז אופמערקזאם צו מײַנע לידער און איז זייער פּאָרזיכטיק בייס זי דרוקט מײַנע לידער.

מוישע טייף
מאָסקווע, 8 אפּרעל 1966".

מוישע טייף האָט זיך זייער ערנסט באצויגן צו זײַן דיכטערישן טאלאנט. ער האָט אין זיך געגלייבט און געהאָפט, אז דאָס, וואָס ער שאפט, וועט פארבלײַבן. זייער ליב געהאט האָט ער ארן קושניראָוון, געווען אפילע ליטעראריש אונטער זײַן ווירקונג. אין דער יוגנט פלעגט ער שיקן אױף אָפּשאצן זײַנע לידער „צו ארקען". אין דעם בוך „אויסדערוויילטס" איז אָפּגעדרוקט א ליד, געווידמעט קושניראָוון. דאָרט לייענען מיר:

איין פײַער ברענט בא אונדז אין בליק,
איין פײַער צינדן מיר אױף וועגן ווײַט־
פארמאָסטענע,
עס האָבן זיך אױף צווײַגן פון איין בוים צעבליט
דײַנע רײַפע פּיירעס און אויך מײַנע קנאָספּן.

די ליד ענדיקט זיך מיט פאָלגנדע שורעס:

האגאם איך בין דערווײַלע א מיזיניק —
איך וואקס א בכאָר מיט שטײַפע פליגל.

דער פארוואלטער פונעם פּאָעטישן אָפּטייל אין „סאָוועטיש היימלאנד" האָט געקענט צוציִען שרײַבער צום זשורנאל, געהאָלפן די יונגע ארײַנצוגיין אין דער ליטעראטור. ער פלעגט אָבער פאָדערן פון די יונגע: — שרײַבן דארף מען גוט! פון זײַנע בריוו איז צו זען, אז ער פלעג זיך באציִען מיט א באזונדערן רעספּעקט צו א נײַעם נאָמען, צו א יונגן דיכטער, וואָס האָט פּעיִקייטן. ווי א לערער, פלעג ער אייצענען: לייענט וואָס מער די קלאסיקער,

טראַכט זיך אַרײַן, פאַרשטייט דעם װײַטערן ציל פון אַ װערק.

מוישע טײף האָט געװאָלט, אַז אויך זײַנע װערק, זײַן דיכטונג זאָל מען װיסן, הערן, פאַרשטיין. ער האָט ליב געהאַט אַף אַן אָװנט, אַפילע אַף אַ פאַרזאַמלונג לייענען זײַנע לידער, און האָט גוט געלייענט, אויסדריקלעך. באַם צושױער פלעגט ער אויסנעמען. אים האָט עס פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן.

אין 1964 יאָר איז די רעדקאָלעגיע מיט אַ גרופּע שרײַבער אַרױסגעפאָרן אַף אַן אָװנט אין װילנע. די באַגעגענישן זײַנען דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג. איין אָװנט איז פאָרגעקומען אינעם זאַל פון די פראָפאַרייִנען. געלייענט האָבן די דיכטער. װען די רעדקאָלעגיע האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין מאָסקװע, האָבן כאַװײרים דערציילט װעגן טײפס גרויסן דערפאָלג אינעם זאַל פון די פראָפאַרייִנען. אַ גרויסער אוילעם איז געקומען. די דיכטער, באַזונדערס מוישע טײף, האָבן זיך גוט געפילט פון דעם װאַרעמען אופנאַם.

דאַן, אין װילנע, פאַרן װילנער אוילעם, האָט ער געלייענט װעגן פאָנאַר, װוּ די װילנער ייִדן זײַנען אומגעקומען.

אַף גיטקע טײַבעלעס זאַװולעק
טיר און טויער אָפן...
פײַקל איך אין פײַקעלע און װעק:
היי, שטייט אויף! גענוג צו שלאָפן!
היי, כאָכמאַטשעס,
װערטל־זאָגער,
ספאָרים־שלינגער,
טשאָלנט־פרעסער —
קומט, די װעלט װיל זען אָט יענע,
יענע אַלע, װעלכע קענען
דאָ, אין געסעלעך פינצטער־ענגע,
װי די בינען, האָניק ברענגען —
ניט פון קװייטן אַף די בייטן,
נאָר פון װיגן, װוּ עס ליגן
נײַע װיטעבנבערגס און קולבאַקס.
. . . . . . . . . . .
עפנט זיך אַ פענצטער אין הימל:
— װעמען װעקסטו, מײַן געטרײַער, װעמען?
װאָס, דו װייסט ניט, נאַרעלע, דו נאַר,
אַז די װילנער שלאָפן שוין דאָ מער ניט,
װילנער שלאָפן אַף פאָנאַר.

נאָכן ענדיקן לייענען איז אַ װײַלע געװען שטיל, גאָר שטיל. דערנאָך האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם אַפּלאָדיסמענטן.

שטאַרק, שטאַרק האָט אויסגענומען די ליד.

פאַרשטייט זיך, אַז מוישע טײף איז אויך געװען ביז גאָר צופרידן, ער האָט מיר װעגן דעם אַ פאָר מאָל דערציילט.

אַ לענגערע צײַט האָט זיך טײף אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ קינסטלערישע איבערזעצונג אַף ייִדיש פון „שיר־השירים". צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער זיך געגרייט. איך פלעג זען, װי ער האָט געלייענט דעם נייטיקן מאַטעריאַל, זיך געגרייט, װי צו אַ ספּעציעלער מיסיע, װי צוליב אַן אופטו...

אין געגעבענעם פאַל איז מיר אויסגעקומען צו באַמערקן, אַז װען אַ שרײַבער (אַ פּראָזאַיִקער, אַ דיכטער, אַ דראַמאַטורג) איז פאַרנומען מיט שאַפן אַ לעבנס־װערק, איז ער אין דעם אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן, לעבט מיט דעם און כאָלעמט װעגן דעם, ניט באַמערקנדיק אָפט, װאָס אַרום אים טוט זיך. װען טײף האָט איבערגעזעצט „שיר־השירים", האָט ער װעגן עפּעס אַנדערש מיט קיינעם ניט גערעדט: שיר־השירים, און נאָר שיר־השירים. אַף טריט און שריט דערמאָנט און דערציילט איינצלהייטן. מיט דעם האָט ער געלעבט, געטראַכט, פאַנטאַזירט. ער איז אין אָט דער צײַט געװען מער לירישער, מער האַרציקער מיט מענטשן. אַ קלייניקייט — ער שאַפט אַף ייִדיש דאָס װעלט־באַרימטע געזאַנג פון אַלע געזאַנגען — „שיר־השירים". איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט:

— צו אײַך װעל איך קומען ניט אַליין, ניט אַליין, נאָר צוזאַמען מיטן געזאַנג פון אַלע געזאַנגען. איך האָף, אַז איר װעט מיר ניט אָפּזאָגן איבערצודרוקן אַף דער מאַשינקע, אויב אײַך װעט עס געפעלן...

און די צײַט איז געקומען, און טײפס איבערזעצונג פון „שיר־השירים" איז אַרײַנגעקומען צו מיר אין די הענט. איך האָב זיך געפילט יאָמטעװדיק. איך געדענק נאָך פון דער קינדהײַט, װי מײַן טאַטע פלעגט פאַר אַלעמען באַ אונדז אין שטוב לייענען שלוימע האַמעלעכס געזאַנג.

בייס איך האָב געקלאַפּט אַף דער מאַשינקע, האָט טײף ניט געקענט אָפּגיין אין אַ זײַט. אַלע װײַלע איז ער צוגעגאַנגען, געכאַפּט אַ קוק, צי איך קלאַפּ ניט מיט פעלערן, פאָרגעלייגט מיר דיקטירן, אָפּגעגאַנגען, נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען, אַזוי פּאָשעט פאַרבײַגעגאַנגען. איך האָב דאָ אָפן אָרט ניט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געװאַרט, איך זאָל אים זאָגן אַ גוט װאָרט. פאַרענדיקט די אַרבעט, האָב איך אויסגעשריגן: „אוי, װי גוט עס איז!". אָט אין דער מינוט איז מוישע טײף געװען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער װעלט. אַזאַ מײַנונג פון דער ערשטער לייענערן — פון דער מאַשיניסטקע...

ניט לאַנג האָבן מיר אינײנעם געאַרבעט אין זשורנאַל „סאָװעטיש היימלאַנד".

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען מוישע טײפן, װען מיר זײַנען איינמאָל װידער ביידע אינײנעם געקומען אַף דער אַרבעט, אָבער שוין אין אַן אַנדער געבײַדע — אַף קיראָװ־גאַס, נומ. 17. און ער האָט אויך דאָס מאָל אופגעעפנט די טיר, פּונקט װי דעמלט אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", און דורכגעלאָזט מיך פריִער.

יאָ, דאָס איז, צום גרויסן באַדויערן, געװען אונדזער לעצטע באַגעגעניש. זײַן טויט איז פאַר אונדז אַלעמען אין דער רעדאַקציע געװען אַן אומגעריכטער. דאָס האַרץ באַ אים האָט ניט אויסגעהאַלטן פון די אָן־אופהערדיקע איבערלאָדונגען.

איך געדענק אים אַ לעבעדיקן.

■ ■ ■

מיכאיל אָסטראָווסקי

# „קונסט פֿאַרייניקט די פֿעלקער און באַפֿרײַנדעט"

## III

אין אווגוסט 1880 איז קיין מאָסקווע געקומען אַף גאַסטראָלן די ערשטע גרופּע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אווראָם גאָלדפֿאַדענען.

גאָלדפֿאַדן, א זון פֿון א באַלמעלאָכע (זײַן טאַטע איז געווען א זייגערמאַכער), האָט די בילדונג באַקומען אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול. ווערנדיק א לערער, האָט ער אָנגעהויבן זיך צו פֿאַרנעמען מיט זשורנאַליסטיק, געשריבן לידער, דורכגעדרונגענע מיט א שטאַרקן מיטגעפֿיל צום אָרעמען האַמוין. צוערשט האָט ער געשריבן לידער אַף העברעיִש, דערנאָך זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אַפֿן מאַסן־לייענער און אַריבער אַף ייִדיש. געפֿינענדיק זיך אונטער דער ווירקונג פֿונעם רעוואָליוציאָנערן דעמאָקראַט וו. ג. בעלינסקי און דער פּראָגרעסיווער רוסישער טעאַטראַלער קונסט, האָט גאָלדפֿאַדן, פּונקט ווי אָסטראָווסקי, באַשלאָסן אײַנגאַנצן זיך צו ווידמען דער דראַמאַטישער קונסט. אין 1876, אין רומעניע, האָט ער געגרינדעט א טרופּע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן, לייגנדיק דערמיט דעם יעסאָד פֿונעם ייִדישן פּראָפֿעסיאָנעלן טעאַטער. לעכאַטכילע האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן אײַנצורעדן אַפֿילע איין ייִדישקע, זי זאָל ווערן אַן אַקטריסע, דעריבער האָבן א געוויסע צײַט די מענער אין זײַן טרופּע געשפּילט פֿרויען־ראָלן.

די מילכאָמע צווישן רוסלאַנד און טערקײַ האָט אַף לאַנג פֿאַרהאַלטן די גאָלדפֿאַדן־טרופּע אין רומעניע. ווען די מילכאָמע האָט זיך פֿאַרענדיקט, האָט די טרופּע גאַסטראָלירט אין אָדעס, יעליזאַוועטגראַד (הײַנט קיראָוואָגראַד), כאַרקאָוו. קומענדיק קיין מאָסקווע, האָט זי אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אינעם זומער־טעאַטער פֿון דעם דײַטשישן קלוב (אין פּאַרק אַף פּיאָטערס נאָמען). דער פּאַרק איז דאַן געווען איינס פֿון די סאַמע באַליבטע ערטער צוליב זומער־שפּאַצירן בא די מאָסקווער אײַנוווינער. צווישן די באַזוכער פֿון גאָלדפֿאַדענס טעאַטער האָט מען געקאָנט טרעפֿן אָסטראָווסקין. אין 1869 האָט אָסטראָווסקי אָנגעשריבן די קאָמעדיע „משוגענע געלטער", די ערשטע פֿאָרשטעלונג פֿון וועלכער איז אַדורך אין אָט דעם פּאַרק.

די ייִדישע טרופּע האָט אָנגעהויבן אירע אַרויסטרעטונגען מיט גאָלדפֿאַדענס אָפּערעטע „צוויי קונילעמלעך". די אָפּערעטע איז געווען פֿאָלקסטימלעך, האַרציק, מוזיקאַליש. זי האָט גערימט די לעבעדיקע מענטשלעכע געפֿילן און אַנטפּלעקט א סאַטירע אַף נעגידים און אַף דעם כאַסידיזם, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן בילדונג אין דער ייִדישער סוויווע.

ביז איצט האָט זיך פֿאַרהיט דער טעקסט פֿון דער פּראָגראַם פֿון אָט דער ערשטער מאָסקווער פֿאָרשטעלונג פֿון גאָלדפֿאַדענס טרופּע. אָט איז ער:

סאָף. אָנהייב זע נומ. 8, 12, 1987.

## „צוויי קונילעמלעך“

א קאָמישע אָפּערעטע אין פיר אַקטן און אַכט בילדער, פון א. גאָלדפאַדן

### ● די פּראָגראַם ●

ערשטער אַקט, בילד 1: „כאַפּט ניט!“
בילד 2: „דער ראַנדעוווּ אויפן בולוואַר“
צווייטער אַקט, בילד 3: „א געניאַרטע“.
בילד 4: „דער ייִדישער פּאַקעל־צוג אין דער נאַכט פון הוישַענע־רבּא“
דריטער אַקט, בילד 5: „און איך — ווער בין?“
בילד 6: „טויטע איידעס“
פערטער אַקט, בילד 7: „דער קונילעמל“
בילד 8: „אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט גאָר פּאַשעט!“

ווירקנדיקע פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| רעב פּינכיץ, א נאָגיד . . . . . . . . . . | ה. פּינקעל |
| ריווקע, זײַן ווײַב . . . . . . . . . . | ווײַנשטיין |
| כײַקע (קאַראָלינע), זייער טאָכטער פון א יאָר 16 . . . | פ. פּינקעל |
| מאַקס, כײַקעס געליבטער, א סטודענט . . . . . | ה. שראַגאַ |
| קאַלמען, דער מעכוטן, רעדט גיך . . . . . . . | ה. קאַן |
| ליובע, זײַן טאָכטער, א פּראָסט מיידל פון א יאָר 19 . | פ. צוקערמאַן |
| שולים, א גאַבע אין שול . . . . . . . . . | ה. קאַרפּ |

דער קונילעמל, זײַן שטיפזון, א יונגער כאָסיד (בלינד, קרום און פאַרהיקעט זיך).

כסידים, מענטשן, סטודענטן, פאַלשע טויטע אוכעדוימע.

ניט געקוקט אויף געהעכערטע פּרײַזן, האָט מען די בילעטן אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „צוויי קונילעמלעך“ אין איין קעהערעף־אײַן צעקויפט. אפילע דער רעצענזענט פון דער צײַטונג „רוסקיִע וועדאָמאָסטי“, וועלכער האָט ניט סימפּאַטיזירט די ייִדן, האָט געגעבן א פּאָזיטיוון אָפּרוף דעם ספּעקטאַקל. ער האָט געשריבן:

„....„צוויי קונילעמלעך“ האָט צונויפגעקליבן א היפּשן עולם, צווישן וועלכן דאָסראָוו זײַנען געווען אײַנוווינער פון זאַריאַדיע מיט זייערע פאַמיליעס... די פּיעסע האָט זיך אָנגעהויבן פונעם פּײַערלעכן כאָר, געזונגען זייער ניט שלעכט, און עפּשער טאַקע אָריגינעל. נאָכדעם... נאָכדעם האָבן מיר זיך גלײַך ארומגעזען צווישן קאָלערליי גוואַלדן, „וויי איז מיר“ און אַנד. מיר האָבן געהערט, און מיר זאָלן אפילע איין וואָרט פאַרשטיין. האָבן מיר זיך געווענדט צו די שכיינים, און אונדז האָט מען גאַנץ ליבעפּאַל פון אַלע זײַטן, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, אָנגעהויבן איבערצוזעצן...“

„ווי א פאָרשטעלונג פאַרן פאָלק, — האָט פאָרגעזעצט דער רעצענזענט פון „רוסקיִע וועדאָמאָסטי“, — איז אָט די אָפּערעטקע ניט אָן די מײַלעס: אין איר ווערן בײַסיק, פאַר א פּאָשעטן כײַוועקײַעם גאַנץ אָנשוילעך, אויסגעלאַכט לעפּישע זאַבאַבאָנעס, ווילדער פאַנאַטיזם פונעם קאַנאָי, וועלכער זעט נאָר די רעטונג אין אײַנהיטן מינהאָגים פון אמאָל, וואָס אַנערקענט נישט ניט די וויסנשאַפט, ניט די מענטשלעכע אַנטוויקלונג, האָט פײַנט אַלץ דאָס נײַע, פרישע. לויט אונדז נאָך, דאַרף מען אין אָט דער פּיעסע נאָר בײַטן די נעמען: דעם רעב פּינכיץ אָנרופן אוועלכן־ניט־איז קיטיטש פּאָלוגאַראָוו, כײַקען — אַקסיושע, זײַן טאָכטער, מאַקסן — עפּעס א וואָלאַדימיר, דעם קונילעמל — וואַסקע סוויסטאָבריוכאָוו, דעם פאַרקויפער — פּאָלוגאַראָוו, און פאַר אונדז שטייט אָן עמעס בילד פון דעם „סאָכרישן“ שטייגער. אויפגעפירט האָט מען די פּיעסע זייער גוט. די אָפּערעטקע פאַרמאָגט ווייניק לידער, נאָר דערפאַר זײַנען זיי גאַנץ אָריגינעלע...“



אוורהם גאָלדפאַדן

די אפישע צו א. גאָלדפאַדענס „צוויי קונילעמלעך"




די מאָסקווער גאַסטראָלן פון דער ייִדישער טרופּע האָט באַמערקט אויך די פּעטערבורגער פּרעסע. דער אַווטאָר פון דער נאָטיץ „דער ייִדישער טעאַטער אין מאָסקווע" אין דער פּעטערבורגער צײַטונג „גאָלאָס" (די שטים) האָט געשריבן:

„ס'איז גענוג בלויז איין מאָל זײַן אויף אַ ספּעקטאַקל פון גאָלדפאַדענס טרופּע, כּדי זיך איבערצײַגן אין דעם, ווי ס'איז גרויס דער ייִדישער עלעמענט אין מאָסקווע... יעדער קאַלאַמבור, וועלכן ס'פּלעגן אַרויסברענגען צוקערמאַן אָדער ווײַנשטיין, פּלעגט אַרויסרופן מאָמענטאַל אַ שטורעם פון געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן: צי איז ניט קלאָר, אַז דאָס איז געווען זײַן לאָשן פאַר דעם פּובליקום, וואָס האָט לאַנג פאַרן אָנהייב פונעם ספּעקטאַקל אָפּגערײַניקט די קאַסע פונעם טעאַטער? דער קאָנטינגענט פאַר די מאָסקווער ספּעקטאַקלען איז געווען אַבסאָליוט אַ גענוגנדיקער, מע זאָל ניט נאָר קאָמפּענסירן די הוצאָות פונעם אַנטרעפּרעניאָר, נאָר אַפילו געבן אים אַ מער אָדער ווייניקער גרויסן רעווח".

דער אַווטאָר פון דער נאָטיץ „דער ייִדישער טעאַטער אין מאָסקווע" איז פולשטענדיק געווען בײַ דער זעלבער מיינונג, וואָס די מאָסקווער דײַטשישע צײַטונג, וועלכע האָט באַמערקט, אַז טאָמער וועט דער, וואָס קען ניט די ייִדישע שפּראַך, פאַרשטיין זייער ווייניק, דערפאַר אָבער וועט ער, הערנדיק גאָלדפאַדענס אָפּערעטקעס, דאָך פיל לאַכן".

זײַענדיק אין מאָסקווע, האָבן גאָלדפאַדן און זײַנע אַקטיאָרן געהאַט אַ וואַרעמען אויפנאַם אין דעם „אַרטיסטישן קרײַז", וועלכן ס'האָבן געהאַט געגרינדעט א. נ. אָסטראָווסקי און נ. ג. רובינשטיין. בײַ די יודאָפאָבן האָט עס אַרויסגערופן אויפגעבראַכטקײַט. די צײַטונג „רוסקיִע וועדאָמאָסטי" האָט מיט אומרו געשריבן:

„עס גייט אַרום צווישן דעם מאָסקווער פּובליקום אַ ביז גאָר מאָדנער קלאַנג: מע פאַרזיכערט, אַז די רעדלפירער פונעם „אַרטיסטישן קרײַז" האָבן קלוימערשט די קאַוואָנע אײַנצולאַדן אין זייער טעאַטער אויף עטלעכע ספּעקטאַקלען די ייִדישע טרופּע פונעם הער גאָלדפאַדן. אין דעם קרײַז, וווּ ס'איז דאָ אַן אייגענע טרופּע, איז אָט די זאַך סײַ ניט קיין געווּנטשענע, סײַ ניט קיין באַקוועמע".

אין די יאָרן 1879—1881 האָט אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע זיך געלערנט, אַלס פרײַער צוהערער, ל. א. בערנשטאַם — אַ ייִד, אַ געבוירענער אין ריגע. פאַר די סקולפּטור־שאַפונגען האָט בערנשטאַם באַקומען פון דער קונסט־אַקאַדעמיע אַ קליינע און אַ גרויסע זילבער־מעדאַלן. זײַענדיק נאָך אַ פרײַער צוהערער פון דער אַקאַדעמיע, האָט בערנשטאַם פאַרטראַכט שאַפן אַ גאַלערייע סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון די אַמערסטנס פּראָמינענטע רוסישע ליטעראַטן. אין 1881, לעבעדיק אין פּעטערבורג, האָט בערנשטאַם געאַרבעט איבער די סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון גאָנטשאַראָוו, דאָסטאָיעווסקי, סאַלטיקאָוו. סאַלטיקאָוו האָט הויך געשאַצט די שאַפונגס־מעגלעכקײַטן פון דעם 22־יאָריקן סקולפּטאָר. דעם 15 דעקאַבער 1881 יאָר האָט ער געשריבן צו אָסטראָווסקין:

„פילגעערטער אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש! דער סקולפּטאָר בערנשטאַם, וועלכער פאַרענדיקט



א. נ. אָסטראָווסקי. ביוסט פון ל. א. בערנשטאם. 1882

איצט מײַן ביוסט — און דערצו נאָך זייער געלונגען, — האָט כּיישעק צו מאכן אײַער ביוסט פאַר דער מאָסקווער אויסשטעלונג.

דערלויבט רעקאָמענדירן אײַך דעם טאַלענטירטן יונגנמאַן".

בערנשטאם איז געקומען קיין מאָסקווע בײַם דער צוגרייטונג צום עפענען די אַלרוסלענדישע אינדוסטריעל־קינסטלערישע אויסשטעלונג פון 1882 יאָר און איז גלײַך אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליצײַ ווי א ייִד, וועלכער האָט ניט קיין ווינרעכט. די צײַט איז געווען זייער א שווערע. סאַכאַקל צוריק מיט א יאָר צײַט האָבן די פּאָלקיסטן געהאַרגעט דעם קייסער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און אין רוסלאַנד האָט געבושעוועט דער טעראָר. רעאַקציאָנערן, באַשולדיקנדיק די ייִדן אין אַלע זינד, האָבן אויפגעהויבן א כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם. ס'איז ניט באַוווּסט, וואָס עס וואָלט געטאָן די פּאָליצײַ מיט בערנשטאַמען, ווען אים צו הילף וואָלט ניט געקומען אָסטראָווסקי. אין דער מיט פון מײַ 1882 יאָר האָט יענער געשריבן צו זײַן לאַנגיאָריקן גוטן באַקאַנטן אי. מ. קאָנדראַטיעוו, וועלכער האָט געדינט אַלס שעף פונעם קאַנצעלאַריע־אָפּטייל פון דעם מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר פירשט וו. א. דאָלגאָרוקאָוו:

„קיין מאָסקווע איז געקומען דער קינסטלער בערנשטאם, וועלכער האָט געמאַכט ביוסטן פון אַלע ליטעראַטן פאַר דער אויסשטעלונג. ער איז אָבער געקומען מיטן פּעטערבורגער פּאַס, וועלכן ס'האָט אים געגעבן די קונסט־אַקאַדעמיע, — ניט געוווּסט, אַז מע דאַרף האָבן א ספּעציעלן פּאַס פאַר מאָסקווע, און איבער דעם איז ער פאַרפאָלגט געוואָרן מיצד דער פּאָליצײַ. צי קען מען ניט ווי־ניט־איז אים העלפן? עס ווייסן אים גריגאָראָוויטש, באָטקין און אַלע קינסטלער".

אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש אָסטראָווסקין האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַפרײַען בערנשטאַמען פון פּאָליצײַישע גזירעס. בערנשטאם האָט אויסגעקלעפּט אָסטראָווסקיס ביוסט. דער ערשטער אָוטאָר־עקזעמפּליאַר פון אָט דעם ביוסט האָט זיך עקספּאָנירט אויף דער אַלרוסלענדישער אינדוסטריעל־קינסטלערישער אויסשטעלונג פון 1882 יאָר. ווּ ער געפינט זיך איצט, איז ניט באַוווּסט. אין דעם לענינגראַדער טעאַטראַלן מעלוכע־מוזיי ווערט אָפּגעהיט דער אָוטאָר־עקזעמפּליאַר, אויסגעגאָסן פון בראָנזע, אויף וועלכן ס'איז פאַראַן די כסימע פונעם סקולפּטאָר „ל. בערנשטאם, 1882 יאָר, ספּט'ב". אָסטראָווסקיס גיפּס־ביוסט, געשאַפן פון בערנשטאַמען, געפינט זיך אין אינסטיטוט פון דער רוסישער ליטעראַטור בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר (פּושקינס הויז).

אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט האָט פּ. אי. ווײַנבערג, מיט וועמען אָסטראָווסקי איז פון לאַנג געווען באַקאַנט, שוין פאַרנומען א גאַנץ אָנגעזעען אָרט צווישן די ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן געשריבן אויף רוסיש און געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָליע אין אַנטוויקלען די קולטור פונעם ייִדישן פאָלק אַדאַנק זייער דערנעענטערן זיך מיט דער שטאַרק אויסגעוואַקסענער אין רוסלאַנד באַפרײַונגס־באַוועגונג. ווײַנבערג איז געווען באַקאַנט ניט נאָר ווי א דיכטער (דער אָוטאָר פון דער ברייט באַוווּסטער ליד „ער איז געווען א טיטולערער ראַטגעבער", צו וועלכער ס'האָט אָנגעשריבן מוזיק א. ס. דאַרגאָמיזשסקי). ער האָט אויך געקראָגן א שעם ווי אַן איבערזעצער און אַרויסגעבער אויף רוסיש פון ה. היינעס און ר. בערנס' ווערק, פון ק. גוצקאָווס „אוריעל אַקאָסטאַ", ווי דער אָוטאָר פונעם בוך „נײַע מאַטעריאַלן פאַר היינעס ביאָגראַפיע און כאַראַקטעריסטיק", פון פיל אַרטיקלען, צווישן זיי — „די ייִדישע פראַגע אין דער אויסלענדישער סאַטירישער ליטעראַטור" (אין זשורנאַל „וואָסכאָד").

אָנהייב הארבסט 1882 האָט ווײַנבערג באַשלאָסן אַרויסגעבן א זשורנאַל „איזיאַשטשנאַיאַ ליטעראַטורא" („פײַנע ליטעראַטור"). וועגן דעם האָט ער געשריבן אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש אָסטראָווסקין:

„אָנהייבנדיק פונעם נײַ־יאָר, האָב איך בעדייע אַרויסגעבן א זשורנאַל, געווידמעט אויסשליסלעך דער איבערזעצונג פון בעלעטריסטישע ווערק אין דער דערציילערישער און דראַמאַטישער פאָרם, דערצו נאָך ניט בלויז פון דער הײַנטיקער, נאָר אויך פון דער פאַרגאַנגענער צײַט. מײַן ציל —

פאריכטן ווי ווײַט מעגלעך דאָס שלעכטס, וואָס עס האָט פארשאפן דעם פײַנעם געשמאַק פון אונדזער פובליקום דער לאַכלוטן ניט־אָפּקלײַבערישער שטראָם פון קאַלעריי שאפונגען פון דער אויסלענדישער ליטעראַטור, דערצו נאָך אין מוירעדיק־העסלעכע איבערזעצונגען. ס׳ווילט זיך מיר, אזוי־ארום, מאכן מײַן אויסגאבע פאר א מוסטערהאפטער לויטן אינהאלט... פיל אונדזערע שרײַבער האָבן צוגעזאָגט מיר צו העלפן. גרויס וואָלט געווען דאָס גליק פארן זשורנאַל, ווען אויך פון אײַער זײַט וואָלט איך באקומען א האסקאָמע..."

אָסטראָווסקי האָט אין זײַן ענטפער־בריוו צוגעשטימט צו מיטארבעטן אין ווײַנבערגס זשורנאַל. דעם 25 דעקאבער 1882 יאָר האָט ווײַנבערג שריפטלעך געבעטן אים צושיקן זײַנע איבערזעצונגען פון סערוואנטעסעס אינטערמעדיעס. אָסטראָווסקי האָט געענטפערט:

„פילגעערטער פיאָטער איסײַעוויטש! ביז דעם 20־טן דעקאבער האָב איך ניט געזען די ליכטיקע שײַן מאכמעס דער קראנקהײַט און דער ארבעט. כ׳האָב געליטן פון קאָפּ־נעווראלגיִע. אין מינוטן, ווען ס׳האָט מיך אָפּגעלאָזט דער פײַנפולער ווייטיק, האָב איך פון אָקטיאבער כוידעש געשריבן א פיעסע פאר די „אָטעטשעסטווענ:יע זאפיסקי" און זי פארענדיקט ערשט אין דער ערשטער העלפט דעקאבער. איבערזעצונגען פון סערוואנטעסעס אינטערמעדיעס קאָן איך אײַך ניט צוזאָגן. כוץ דעם, דארף מען איבער זיי נאָך א סאך ארבעטן. אין מעשעך פון 25־יאָריקע אומזיסטע זוכונגען איבער די ביבליאָטעקן פון איטאַליע האָט זיך מיר, ענדלעך, אײַנגעגעבן צו געפינען אן עקזעמפּליאר פון קארלאָ גאָצים פולע ווערק. אָט דער אינטערעסאנטער דראַמאַטישער שרײַבער איז בא אונדז לאַכלוטן ניט באוווּסט. כוץ דעם, קען מען אים אין אייראָפּע מערער לויט די מעמוארן, ווי לויט די פיעסעס. שילער האָט איבערגעזעצט בלויז איין פיעסע זײַנע, און בא די פראנצויזן איז איבערגעזעצט פראָזע 5 צי 6 זאכן, און דאָס אינגאנצן, ער האָט אָבער אָנגעשריבן 14 בענדער. איך ווייס גוט איטאַליעניש און קאָן גיך איבערזעצן אין דער מאָס פונעם אָריגינאַל און קימאט אָס בעאָס. בלויז איין באַקאָשע — אײַלט מיך ניט אונטער.

אופריכטיק איבערגעגעבענער אײַך —
א. אָסטראָווסקי".

באקומענדיק ווײַנבערגס האסקאָמע, האָט אָסטראָווסקי אָנגעהויבן איבערצוזעצן פארן זשורנאַל ק. גאָצים קאָמעדיע „די פרוי, וואָס בעמעס האָט ליב" («Женщина, истинно любящая»).

ער האָט אויך פארטראכט, צוזאמען מיט איינעם א קענער פון שפאניש, איבערזעצן די דערציילונג „דער קרומער שעד", וועמענס אוטאָר לוי:ס וועלעס דע געוועראס (1570—1644) איז געווען איינער פון די גרעסטע שפאנישע דראַמאטורגן־הומאַניסטן. די דערציילונג איז געווען די איינציקע פראָזאַ:ישע ארבעט פונעם דראַמאטורג — א מערקווירדיקע שאַפונג פון דער שפאנישער פראָזע פונעם 17־טן יאָרהונדערט, וועלכע האָט בוילעט אָפּגעשפיגלט די דעגראדאציע און דעמאָראַליזירונג פון דער דעמלטיקער שפאנישער געזעלשאפט און האָט געהאט דערפאָלג ניט בלויז בא דעם שרײַבערס מיטצײַטלער, נאָר אויך בא די שפּעטערדיקע לייענער.

די פײַנפולע קראנקהײַט האָט ניט פארלאָזט אָסטראָווסקין. דערפאר מיסטאמע איז ער אינגיכן געצווּנגען געווען זיך אָפּזאָגן איבערצוזעצן די דערציילונג „דער קרומער שעד". אָף רוסיש איז די דערציילונג אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט אין אכציק יאָר ארום.

פרילינג 1883 יאָר האָט דער בארימטער טעראפעווט א. א. אָסטראָומאָוו באטראכט אָסטראָווסקין. ער האָט אים געהייסן טרינקען מינעראלע קוילנזויערע מאריענבאדער וואסער, אומבאדינגט פאָרן אָפּרוען זיך זומערצײַט קיין שטשעליקאָוואָ, און אין די הארבסטיקע כאדאָשים — אָף דאָרעם, ווײַל אנדערש קאָן דער ווינטער ווירקן אָף אים קאטאסטראָפאל. באקומענדיק די דאָזיקע רעקאָמענדאציעס, האָט אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטש געשריבן ווײַנבערגן:

„...מע צווינגט מיך היילן זיך ערנסט און מע שיקט מיך אוועק פון מאָסקווע אין דאָרף. די איבערזעצונג פון גאָצים קאָמעדיע גייט צום סאָף".

אָסטראָווסקי האָט אויך געלאָזט צו וויסן ווײַנבערגן, אז ער קאָן אָפּגעבן אין זײַן זשורנאַל סערוואנטעסעס אינטערמעדיעס. „זיי זײַנען שוין גרייט, — האָט געשריבן אָסטראָווסקי, — מע דארף זיי בלויז דורכקאָנטראָלירן לויטן אנדערן גוטן אָריגינאַל, אָף וועלכן איך ווארט פון שפאַניע".

דעם זומער האָט אָסטראָווסקי פארבראכט אין שטשעליקאָוואָ. לעבנדיק דאָרט, איז ער געווען פארנומען מיט שאפן די קאָמעדיע „אָן א שולד שולדיקע". אוועקפאָרנדיק צוזאמען מיטן ברודער מיכאי:ל קיין קאווקאז, האָט ער געשיקט ווײַנבערגן א בריוו:

„פילגעערטער פיאָטער איסײַעוויטש! מײַן ארבעט איבער די נײַע פיעסעס און איבער דער איבערארבעטונג פון די אלטע, וועלכע זײַנען באַשטימט באנײַט צו ווערן, לאָזט מיר איבער זייער ווייניק צײַט צו פארנעמען זיך מיט איבערזעצונגען; די קויכעס מײַנע זײַנען ניט די אמאָליקע—קרענקלעכע אטאקעס כאזערן זיך אָפּט איבער... אָבער איך זאָג אײַך פעסט צו, אז צום סאָף יאָר וועל איך צושיקן עטלעכע איבערזעצונגען פון סערוואַנטעסעס פיעסעס (עמעסע פערל פון קונסט) און גאָצים פיעסע. אלץ איז בא מיר גרייט, נאָר איך בין זייער א יוישערדיקער און האָב מוירע זיך ווײַזן פארן פובליקום, קאָלזמאן כ׳בין ניט זיכער, אז מײַן איבערזעצונג איז אבסאָליוט נאָענט צום

אָריגינאל, אז איך האָב איבערגעקליבן אלע ווערטער און פראזעס פון דער רוסישער שפראך, קעדיי אויסדריקן די אָדער יענע שאטירונג פון סערוואנטעסעס געדאנק, און אז מע קאָן שוין מער גאָרנישט ניט טאָן".

אָסטראָווסקי האָט איבערגעגעבן ווײַנבערגן אף צו פובליקירן אין זשורנאל איבערזעצונגען פון פיר סערוואנטעסעס אינטערמעדיעס: „דער ריכטער פאר געט־איניאָנים", „דער וואכזאמער שוימער", „דער טעאטער פון ווונדיירים", „סאלאמאנסקער הויף". די קראנקהײַט און די פארנומענקײַט איבער דער מאָס האָבן אים ניט געגעבן קיין מעגלעכקײַט פארענדיקן די איבערזעצונג פון גאָציס פיעסע. ער האָט אָבער ניט פארלאָזט דעם געדאנק צו באַרײַכערן דעם רעפערטואר פונעם פאָטערלענדישן טעאטער מיט די ווערק פון אָט דעם אויסשליסלעכן דראמאטורג.

זײַענדיק אפן קאווקאז, האָט אָסטראָווסקי זיך באקאנט מיט דעם יונגן קאָמפאָזיטאָר מ. מ. איפאָליטאָוו, דעם הויפט פון דער טיפליסער אָפטיילונג פון דער רוסישער מוזיקאלער געזעלשאפט. אין אָט דער צײַט איז איפאָליטאָוו־איוואנאָוו אָקאָרשט צוגעטראָטן צו שאפן די אָפערע „רוט" לויט די שווארץ־עקזעמפליארן פון א. ק. טאָלסטאָיס ליברעטאָ, וועלכע מע האָט געפונען אין דעם פאָעטס ארכיוו נאָך זײַן טויט. אין פאנאנדערארבעטן די דאָזיקע ליברעטאָ האָט אויך אָנטיילגענומען דער פאָעט ד. נ. צערעטעלי, וועלכער איז געווען נאָענט צו א. ק. טאָלסטאָיען. איפאָליטאָוו־איוואנאָוון האָט זיך זייער געוואָלט וויסן אָסטראָווסקיס מיינונג מיקויעך דעם אלגעמיינעם פלאן פון דער ליברעטאָ, און ער האָט אים דערציילט, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן אין אָט דער ריכטונג. אָסטראָווסקי האָט זיך זייער פארינטערעסירט, אין וואָס פאר א פאָעטישער פאָרם עס האָט זיך פארוואנדלט די ווונדערבארע ביבלישע לעגענדע וועגן דער געטרײַער רוט און אף וויפל אָט די פאָרם באפרידיקט די סצענישע פאָדערונגען.

„מיט גרויס רעגונג, — האָט זיך דערמאָנט שפעטער איפאָליטאָוו־איוואנאָוו, — האָב איך געבראכט אים די ליברעטאָ און אלץ, וואָס איז דורך מיר אָנגעשריבן געוואָרן, און געמאכט האָב איך קימאט צוויי אקטן. אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטש האָט זיך גוטוויליק באצויגן צו דער פאָעטישער זײַט פון דער ארבעט און שארף קריטיקירט די סצענישע. ביזוואנען די האנדלונגען זײַנען געגאנגען איבער דער פארקנופונג פון די געשעענישן אין פראָלאָג און אינעם ערשטן אקט, אין א ריין אידילישער שטימונג, איז אים אלץ געפעלן געוואָרן — סײַ דער פלאן און סײַ די לידער, אָבער די ווײַטערדיקע האנדלונג האָט ער אומבעראכמאָנעסדיק קריטיקירט... ער האָט געייצעט באלעבן דעם סצענארי, ארײַנטראָגנדיק אין דער ליברעטאָ שטייגער־שטריכן, ארײַנפירנדיק די סצענע פונעם פאָלקס־געריכט. דאָס האָט אינגאנצן געענדערט די אָפערע, און פון אן איינארטיקער אידיליע האָט זיך געשאפן אן אינטערעסאנט ביבליש בילד, פול מיט לעבן און באוועגונג.

איך בין, פארשטייט זיך, געווען אנציקט פון דער דאָזיקער אידיי, נאָר גלײַכצײַטיק אויך צעמישט ביז גאָר: ווער זשע וועט מיר אָנשרײַבן דעם טעקסט און ביכלאל ארומארבעטן אין ליטעראַרישן הינזיכט אָט די סצענע, און דערבײַ וואָס גיכער? איך האָב ארויסגעזאָגט מײַנע געדאנקען אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטשן, ניט דערלאָזנדיק אפילע קיין געדאנק וועגן דער מעגלעכקײַט פון זײַן אָנטייל. אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטש האָט אָבער קיינמאָל און גאָרנישט געטאָן אף האלב, דעריבער, ניט אָפלייגנדיק, איז ער באלד טאקע צוגעטראָטן צו באהאנדלען מיט מיר פראָטים פון דעם נײַעם בילד. אין צוויי שאָ ארום בין איך אוועק פון אים א טריומפירנדיקער מיט אינגאנצן א פארענדיקטער סצענע אין קעשענע".

פאר די פערציק יאָר אָנגעשטרענגטער שאַפונג האָט אָסטראָווסקי אָנגעשריבן 47 אָריגינעלע פיעסעס, 7 — צוזאמען מיט אנדערע אווטאָרן. ער האָט איבערגעזעצט 22 פיעסעס און איבערגעלאָזט ניט־פארענדיקטע איבערזעצונגען פון 16 פיעסעס (פון איטאליעניש, שפאניש, פראנצויזיש, ענגליש און לאטײַן). דער גרויסער דראמאטורג איז אויך באוווּסט ווי אן איבערזעצער פון הענריך היינעס לידער.

די זשורנאלן פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע „סאָווערעמעניק" און „אָטעטשעסטווענייע זאפיסקי" פלעגן עפענען מיט אָסטראָווסקיס פיעסעס זייערע נײַ־יאָר־נומערן. דער ארויסגעבער פון די דאָזיקע צײַטשריפטן נ. א. נעקראסאָוו האָט געשריבן אָסטראָווסקין: „איר זײַט אונדזער גיבער..." נ. ג. טשערנישעווסקי פלעגט באהויפטן: „פון אלע, וואָס האָבן אין רוסיש געשריבן פראָזע נאָך לערמאָנטאָוון און גאָגאָלן, זע איך א שטארקן טאלאנט בלויז בא דעם איינציקן דראמאטורג — אָסטראָווסקין..." ל. נ. טאָלסטאָי פלעגט אָנרופן אָסטראָווסקין „דער געניאלער, עכט פאָלקישער שרײַבער" און שיקן אים זײַנע פיעסעס „צוליב א פאָטערלעכן אורטייל". א. ס. טורגעניעוו פלעגט טײַנען, אז ער „וועט זיך ניט שטעלן לעם אָסטראָווסקין, בלויז נאָך אים". אי. א. גאָנטשאראָוו האָט עפנטלעך געמאָלדן, אז אָסטראָווסקי „איז אָן סאָפעק דער סאמע גרעסטער טאלאנט אין דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור".

אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטש אָסטראָווסקי איז געווען גרויס ניט נאָר ווי א דראמאטורג, נאָר אויך אלס דערציִער פון א גאנצער קאָהאָרטע מערקווירדיקע אקטיאָרן. אָנהייבנדיק פון די 60־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט, האָט ער זיך געשטעלט

בעראָש פון דעם קאמף פון די פראָגרעסיווע טוער פון דער דראמאטישער קונסט פאר ראדיקאל ענדערן די טעאטראלע בילדונג אין רוסלאנד. אָסטראָווסקי פלעגט איבערצײַגעוודיק דערווײַזן, אז די שול פון דער אקטיאָרישער מײַסטערשאפט „ווערט א מאמאָשעסדיקע נויטווענדיקײַט, א זאך פון מעלוכע־וויכטיקײַט". עס איז געוואָרן א קלאסישע זײַן פאָרמול: „ניטאָ קיין טעאטער אָן אקטיאָרן, ניטאָ קיין אקטיאָר אָן א שול".

ס'איז שוין לאנג צײַט צו באזיניקן די קלאסישע ווערק פון אָסטראָווסקין, וועלכע זײַנען געווידמעט דער מעטאָדאָלאָגיע פון אופדעקן דעם טאָך פון דער סצענישער שאפונג. מיר וועלן דאן באשײַמפערלעך זען, אז אָסטראָווסקיס יאָרשים זײַנען דאָ געווען ניט נאָר ק. ס. סטאניסלאווסקי, וו. אי. נעמיראָוויטש־דאנטשענקאָ, פ. אי. שאליאפין, וו. ע. מייערכאָלד, נאָר אויך דער גרויסער טוער פון דער ייִדישער דראמאטישער קונסט, קינסטלערישער אָנפירער פונעם מעלוכישן ייִדישן טעאטער, פאָלקס־ארטיסט פון ססר שלוימע מיכאָעלס. די טעמע „ש. מיכאָעלס און א. נ. אָסטראָווסקי" — איז א פראָבלעם אן און פאר זיך. זי נייטיקט זיך אין א טיפער פאנאנדערארבעטונג.

די גרונט־אופגאבע פון דער קונסט האָט אָסטראָווסקי געזען אין אָרגאניזירן די געזונטע גײַסטיקע אנטוויקלונג פונעם מענטשן. אין די זעכציקער — זיבעציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט זײַנען אין רוסלאנד צווישן דער אינטעליגענץ, בעסויכעם אויך דער ייִדישער, געווען אײַנפלוסרײַך די מיינונגען פונעם פובליציסט און ליטעראטור־קריטיקער ד. א. פיסארעוו וועגן דער קונסט ווי איינער פון די טאָרמאָזן פונעם וויסנשאפטלעכן פאָרשריט.

אָסטראָווסקי פלעגט דערווידערן פיסארעוון. די דראמאטישע קונסט, האָט ער דערוויזן, „אלס פראָדוקט פון אינטעלעקטועלער מי געהערט צו די זעלבע עקאָנאָמישע געזעצן, ווי יעדע פראָדוקטיווקײַט", פארמאָגט ניט נאָר א קינסטלערישע, נאָר אויך א מאטעריעלע ווערט.

דראמאטישע שרײַבער פלעגט אָסטראָווסקי אָנרופן „הויפט־באוועגער פון דער דראמאטישער קונסט". ער האָט געשאפן אין רוסלאנד דעם ערשטן פראָפעסיאָנעלן פארבאנד פון דראמאטישע שרײַבער און אָפערע־קאָמפאָזיטאָרן, אין וועלכן עס זײַנען ארײַן נ. א. נעקראסאָוו, מ. יע. סאלטיקאָוו, א. ק. טאָלסטאָי, אי. ס. טורגעניעוו, מ. פ. מוסאָרגסקי, נ. א. רימסקי־קאָרסאקאָוו, א. ג. רובינשטיין אא. בעראָש פון דער געזעלשאפט איז ביזן סאָף פון זײַנע טעג געשטאנען אָסטראָווסקי. קעמפנדיק, קוידעמקאָל, פאר די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דראמאטישע שרײַבער און אָפערע־קאָמפאָזיטאָרן, האָט די געזעלשאפט געלייגט דעם יעסאָד פון א קוואליטאטיוו נײַעם עטאפ אין דער דעמאָקראטיזירונג פון דער דראמאטישער קונסט אין רוסלאנד.

ווען מע האָט געפײַערט דעם 35־טן יאָרטאָג פון אָסטראָווסקיס שעפערישער טעטיקײַט, האָט א. א. גאָנטשאראָוו זיך געווענדט צום דראמאטורג מיטן בריוו, וועלכער האָט זיך מיט דער צײַט פארוואנדלט אין א כרעסטאָמאטישער אָפשאצונג פון זײַן שאפונג. גאָנטשאראָוו האָט געשריבן: „איר אליין האָט דערבויט דעם ביניען, אין יעסאָד פון וועלכן ס'האָבן געלייגט די ווינקלשטיינער פאָנוויזין, גריבאָיעדאָוו, גאָגאָל. אָבער בלויז נאָך אײַך וועלן מיר, רוסן, קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן: „מיר האָבן אונדזער אייגענעם, נאציאָנאלן טעאטער". ער, וואָס עס איז עמעס, וואָלט געדארפט זיך אָנרופן: „אָסטראָווסקיס טעאטער". טאָ לעבט זשע, גרויסער קינסטלער, לאנגע יאָרן, האָט האנאָע פון אײַער רום..."

א. נ. אָסטראָווסקי איז טאָמיד געווען פאָליטיש ניט קאָשער. מע האָט אים אָן אופהער גערוידעפט. וועגן אים האָט מען פארשפרייט פארשיידענע העסלעכע אויסטראכטענישן, באשולדיקט אין ליטעראַרישער גנייווע, אָנגערופן אים „דער קינסטלער אָן אן אידעאל", ווי אויך פראָסט און פאָשעט „א העסלעכע הנידע". ס'פלעגן זיך געפינען קאריקאטוריסטן, וועלכע האָבן געמאָלט אָסטראָווסקין, ווי ער גיסט פאָמויעס אף דער סצענע פונעם רוסישן טעאטער, מיט אָנדײַטונגען אף זײַן קלוימערשט ייִדישער אָפשטאמונג. די דירעקציע פון די קייסערלעכע טעאטערס האָט שטענדיק געטאָן קעגן אָסטראָווסקין געמיינע נידערטרעכטיקײַטן.

דעם 14 יון 1886 יאָר איז אלעקסאנדער ניקאָלײַעוויטש געשטאָרבן פון א הארץ־אטאקע אין זײַן גוט שטשעליקאָוואָ בײַם דער ארבעט איבער דער איבערזעצונג פון שעקספירס טראגעדיע „אנטאָני און קלעאָפאטרע".

מע האָט אים מעקאבער געווען אָפן בעסוילעם בערעזשקי, לעם דעם פאָטערס קייווער. ווען איינער פון די מיטגלידער פון דער מעלוכע־דומע האָט פארגעלייגט אין מאָסקווע צו באערן זײַן אָנדענק, האָט דער סויכער זשאדאיעוו דערקלערט, אז „די דומע האָט מיט אָסטראָווסקיס לעווײַע קיין שום אייסעק ניט". די צײַטונג „פעטערבורגסקיִע וועדאָמאָסטי" האָט געשריבן אין דעם טאָג פון אָסטראָווסקיס לעווײַע, אז דער פארשטאָרבענער „האָט דערנידעריקט סײַ די דראמע, סײַ דעם טעאטער", וואָרעם אין זײַן שאפונג פלעגט קימאט שטענדיק נעמען די אויבערהאנט „דער אָבסערוואטאָר פונעם וואָכעדיקן שטייגער און, אזוי צו זאָגן, פון פיזיאָלאָגישער קליינלעכקײַט און ווולגארקײַט".

די קויכעס פון רעאקציע האָבן אָבער ניט געקאָנט פארשטומען די שטים פון דעם עמעס. די צײַטונג „נאָוואָסטי" האָט אינעם ארטיקל „לעזיקאָרן א. נ. אָסטראָווסקי" געשריבן:

„מיט אָסטראָווסקיס טויט האָט די רוסישע ליטעראטור געליטן אזא פארלוסט, וועלכן ס'איז אוממעגלעך אין דער ערשטער צײַט ארומנעמען מיטן



דאָס הויז אין שטשעליקאָוואָ

געדאַנק און אָפּשאַצן. ס'איז געשטאָרבן דער גרויסער, דער איינציקער בא אונדז טעאַטראַלער אוטאָריטעט, וועלכער האָט דערוואָרבן אַלגעמיינע אָנערקענונג מיט דער פּערציקיאָריקער, פּילזײַטיקער דערפאַרונג, מיטן טיפֿן קינסטלערישן אַרײַנדרינגען אין די געהיימניסן פֿון דער קונסט, מיט דעם הויכן קריטישן כוש פֿונעם לעבנס-עמעס אַף דער בינע. ס'איז געשטאָרבן דער שעפֿער פֿונעם רוסישן עכט פֿאָלקישן טעאַטער..."

די זעלבע צײַטונג האָט אַף מאָרגן אָפּגעדרוקט אַ ליד פֿונעם יונגן רוסיש-ייִדישן דיכטער שימען פרוג, געווידמעט אָסטראָווסקיס אָנדענק.

פֿאַרמאַכט עס האָבן זיך
אויך דײַנע קלוגע אויגן,
צעריסן פֿון געדאַנקענגאַנג
נעוויִשן די קייט...
מיט אַ בליק, וואָס צו די שטערן
דורכן כאַשכעס איז דערפֿלויגן,
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט
אַף שאַפֿונג גרייט,
שטאָלץ דעם קאָפּ דערהויבן
צו די זונען-שטראַלן,
באַגריסנדיק די צוקינפֿטיקע
העלע מי,
ביסט, ווי אַ זעלנער, וועלכער גייט אין שלאַכט,
געפֿאַלן,
ווי ס'פֿאַלט אַן אָדלער,
אַ געפֿלעפֿטער בײַסן פֿלי.

פֿון רוסיש — ב. מאָגילנער

די פֿאָרגעשריטענע ייִדישע אינטעליגענץ האָט אויפֿגענומען אָסטראָווסקיס טויט ווי אַ שווערן פֿאַרלוסט, וועלכן מע קאָן ניט פֿאַרפֿולן. ביכלאַל האָט זײַן ווירקונג זיך געפֿילט אין דער שאַפֿונג פֿון די בעסטע ייִדישע שריפֿטשטעלער.

שאָלעם-אַלייכעם האָט געשריבן צו מענדעלע מויכער-ספֿאָרימען וועגן יענעמס דראַמע „דער פּריזיוו".

„אײַער פּריזיוו" האָב איך מיט דאַנק דערהאַלטן און צוויי מאָל דורכגעלייענט. עס איז דאָ דאָרטן אַף וואָס אָפּצושטעלן זיך; איך פֿיל, אַז איר האָט באַדאַרפֿט, זיידע-לעבן, גוט צו שוויצן אַף אים. באַזונדערס — אַף דעם שלוס פֿון דער דראַמע, דען עס געפֿינט זיך דאָרט אַ סאַך געדאַנק, אַ סאַך קלערעכץ און אָפּוועגעכץ, דער סאָף שמעקט מיט Темное царство פֿון אָסטראָווסקין און סע איז גוט באַקלערט, שטאַרק צוגעהאָרעוועט..."

אָסטראָווסקיס דירעקטע ווירקונג האָט געפֿילט אַף זיך ניט בלויז מענדעלע, נאָר אויך שאָלעם-אַלייכעם אַליין. זײַענדיק נאָך אַ שילער פֿון דער פּערעיאַסלאַווער רוסישער קרײַז-שול, האָט דער קומענדיקער הומאָריסט געלייענט אָסטראָווסקיס פּיעסעס און דאָבראָליובאָווס אַרטיקלען וועגן זיי. אָסטראָווסקי איז געוואָרן איינער פֿון די באַליבטסטע רוסישע שרײַבער בא שאָלעם-אַלייכעמען. אין 1888 האָט שאָלעם-אַלייכעם אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „ייִדישעס פֿאָלקסבלאַט" זײַן ערשטן ראָמאַן „סענדער בלאַנק און זײַן געזינדל", ווו ער גיט אַ סאַטיריש בילד פֿון דער נאָכרעפֿאָרמע-בורזשואַזיע. אין דער האַקדאָמע צום ראָמאַן האָט שאָלעם-אַלייכעם געשריבן, אַז „רעב סענדער — דאָס איז, לויט אונדזער פֿאַרשטאַנד, אַ מין ייִדישער קיט קיטיטש נאָר אַפֿן ייִדישן אויפֿן, אַפֿן ייִדישן פֿאַסאָן". באַגלײַך מיטן ראָמאַן „סענדער בלאַנק און זײַן געזינדל" האָט שאָלעם-אַלייכעם געשאַפֿן די ראָמאַנען „סטעמפּעניו" (1888) און „יאָסעלע סאָלאָוויי" (1889). די דאָזיקע ווערק האָבן אויך ניט אויסגעמיטן אָסטראָווסקיס ווירקונג. דעם דאָזיקן פֿאַקט האָבן שוין אָפּגעמערקט שאָלעם-אַלייכעמס ביִאָגראַפֿן. אָט וואָס עס שרײַבט, לעמאָשל, הערש רעמעניק אין זײַן בוך „שאָלעם-אַלייכעם": „זײַענדיק אַנציקט פֿון קאַטערינעס געשטאַלט אין אָסטראָווסקיס פּיעסע „דער געוויטער", שאַפֿט שאָלעם-אַלייכעם אין די ראָמאַנען „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי" די געשטאַלטן פֿון יונגע ייִדישע פֿרויען, וועלכע טרוימען פֿון אַ נײַ לעבן. זיי זײַנען פֿול מיטן אינערלעכן פּראָטעסט קעגן דער קנעכטשאַפֿט און שקלאַפֿערײַ, דער פּראָטעסט אָבער דריקט זיך ניט אויס אין אַוועלכע-ניט-איז האַנדלונגען..."

שאָלעם-אַלייכעמען האָט מיט אָסטראָווסקין פֿאַרייניקט די סינע צום „קיניגרײַך פֿון פֿינצטערניש", דאָס מיטגעפֿיל צו די אונטערדריקטע, די ליבע צו די אַרבעטס-מענטשן, דער גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפֿט. פּונקט ווי אָסטראָווסקי, האָט ער ביזן סאָף פֿון זײַן לעבן געשטרעבט פֿאַרפֿעסטיקן אין טעאַטער אַן עכט קינסטלערישן, רעאַליסטישן רעפּערטואַר, וועלכער זאָל באַרעכטיקן די פֿאַרלאַנגען פֿונעם דעמאָקראַטישן צושויער.



מ. אי. קאַלינין און א. אי. סווידערסקי אויף דער עפענונג פונעם דענקמאָל א. נ. אָסטראָווסקין 27 מײַ 1927

בעמעשעך פון צוואַנציק יאָר האָט שאָלעם־אַלייכעם געשאַפן די געשיכטע וועגן דעם פּאַשעטן האָרעפּאַשניק טעוויע דעם מילכיקן. שאָלעם־אַלייכעמס פרײַנט, פאַרערער און קריטיקער האָבן מיט רעכט געהאַלטן, אַז „טעוויע דער מילכיקער" — די זיבן דערציילונגען וועגן זײַנע טעכטער — איז די קרוין פון דעם שרײַבערס שאַפונג. זיי האָבן באַדויערט, וואָס טעוויעס געשטאַלט איז ניט געוויזן געוואָרן אויף דער בינע. פאַר אַנדערהאַלבן יאָר ביז זײַן טויט האָט שאָלעם־אַלייכעם פאַרוואַנדלט „טעוויען" אין א פּיעסע. די דאָזיקע פּיעסע האָט ער געשיקט דעם גרויסן אַמעריקאַנער ייִדישן אַקטיאָר, י. אַדלערן, וועלכער האָט געהאַט זײַן אייגענע טרופּע. אינעם בריוו צו אים האָט שאָלעם־אַלייכעם געשריבן:

„אין מײַן פּלײ (פּיעסע) וועט איר ניט געפינען יענע עפעקטן, מיט וועלכע מע האָדעוועט דאָס ייִדישע פּובליקום פון דער ייִדישער בינע שוין אַזויפיל יאָרן. קיין האַרצרײַסנדיקע טרערנדיקע סצענעס דורך קינדערשע בעטלעך, מיט טויטע־לעבעדיקע מייסימלעך, מיט מעשוגענע ווײַבער, מיט צעפּאַטלטע מוידן, וואָס שרײַען ווי אין מאַד־הויז (מעשוגאָים־הויז)... אויך ניט קיין לאַקריץ־זיסע פּאַטריאָטישע לידלעך, אויסגערעכנטע אויף „מוישעס" פּאַטריאָטיזם, וואָס איז ניט ווערט קיין ניקל און מע שלעפּט בא אים א קוואָדער; אויך ניט קיין באָרדערעס (קוואַרטיראַנטן), וואָס פאַרליבן אין זיך אויסגעלאָזענע צנועס און שיסן זיך פאַרן פּובליקום אין די אויגן; אויך ניט קיין פוילע וויצן און קיין קיצלען מיטן שפּיץ פינגער אונטער די פּאַכוועס — אַלץ צוליבן געווינטשטן קוואָדער (¼ דאָלאַר). ניין, זוכט נישט די אַלע קונצן — איר וועט עס בא מיר ניט געפינען. דערפאַר וועט איר אָבער געפינען פאַר זיך א ייִדן, א טאַטן פון פינף טעכטער — א פּראָסטער מענטש, נאָר א גאַנצער, אַן ערלעכער, א קאָשערער, א לײַדנדיקער, וואָס איז פול מיט טראַגעדיע, נאָר וואָס מאַכט לאַכנדיק דעם צוהערער פון אָנהייב ביזן סאָף, לאַכנדיק, ניט אויף אָפּצושפּעטן, נאָר פריילעך לאַכנדיק אויף צו סימפּאַטיזירן און צו מיטפילן אים אין אַלע זײַנע גרויסע פּײַנען און קליינע צאָרעס. אַלע פיר אַקטן זײַנען באַזונדערע פיר קליינע טראַגעדיעס, און צוזאַמענגענומען זײַנען זיי איין לאַנגע לעבנס־טראַגעדיע פון דער ייִדישער פאַמיליע. איך האָב עס טאַקע אַזוי א נאָמען געגעבן, ניט שרײַענדיק: פאַמיליען־בילדער אין 4 אַקטן".

באַם לייענען אָט דעם בריוו דערמאָנט זיך ניט־ווילנדיק אָסטראָווסקי. נאָך אין אָנהייב פון זײַן שעפערישן וועג האָט ער אָנגעשריבן א פּיעסע „פאַמיליען־בילד" אין איין אַקט. שאָלעם־אַלייכעם האָט, ווי באַוווּסט, זיך באַצויגן מיט גרויס כשיוועס צו דער רוסישער ליטעראַטור. שאַפנדיק די פּיעסע „פאַמיליען־בילדער אין 4 אַקטן", האָט ער געוויס גענומען אין אַכט די דערפאַרונג פון אָסטראָווסקיס דראַמאַטורגיע. „פאַמיליען־בילדער אין 4 אַקטן" פון שאָלעם־אַלייכעמען און אָסטראָווסקיס „פאַמיליען־בילד" זײַנען קרויוויש ניט בלויז לויטן נאָמען. זיי פאַרמאָגן אויך א טיפּאָלאָגישע ענלעכקײַט. פּונקט ווי אָסטראָווסקי, האָט שאָלעם־אַלייכעם ניט פאַררעכנט זײַן פּיעסע ניט צו דעם זשאַנער קאָמעדיע, ניט צום זשאַנער טראַגעדיע, האַגאַם זי האָט געטראָגן אין זיך עלעמענטן פון ביידע זשאַנרען.

דעם 15 דעקאַבער 1918 איז וולאַדימיר איליטש לענין געקומען אין מכאַט (מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער) אויף דער שטעלונג פון אָסטראָווסקיס פּיעסע „נא וסיאַקאָוואָ מודרעצא דאָוואָלנאָ פּראָסטאָטי („אויף יעדן כאָכעם איז פאַראַן גענוג פּראָסטע זאַכן"). צוזאַמען מיט לענינען האָבן דעם כּפּעקטאַקל געזען נ. ק. קרופּסקאַיא, מ. אי. יעליזאַראָוואַ־אוליאַנאָוואַ, איר דערצויגלינג — א ייִנגל פון א יאָר 13—14 מ. פּ. אַנדרייעוו. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אויף לענינען א גלענצנדיקן אײַנדרוק. ער האָט אָנגערופן די פּיעסע — „אַפילע א כאָכעם באַגייט אַמאָל א טאָעס". „דאָס איז אַן אַגיטקע אינעם בעסטן און נאָבעלן זין פון וואָרט", ספּעציעל אונטערגעשטראָכן: „מיט דעם זעלבן וועג דאַרף, לויט מיר נאָך, גיין די קונסט פון טעאַטער". נאָכן דורכקוקן אָט דעם ספּעקטאַקל האָט לענין געשמועסט מיט א. וו. לונאַטשאַרסקין וועגן אָסטראָווסקין און וועגן דער נויטווענדיקײַט צו פאַרטיידיקן „פון שאַרלאַטאַנען און פּסיכאָפּאַטן" די זוכונגען פונעם נײַעם אין דער דראַמאַטישער קונסט.

אין אַפּרעל 1923 האָט מען אָפּגעמערקט אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש אָסטראָווסקיס 100־יאָריקן געבורטסטאָג. דער ראַטפּאָלקאָם פון פּססר, האָבנדיק באַהאַנדלט די פאָרשלאָגן בענעגייע דער אָרגאַניזאַציע פונעם יובילײ, האָט באַשלאָסן נאַציאָנאַליזירן, אויף צו שאַפן דאָרט א מוזיי, אָסטראָווסקיס געוועזענעם גוט שטשעליקאָוואָ, אוועקשטעלן

אין מאָסקווע א דענקמאָל אָסטראָווסקין. די פײַערונגען אין צוזאמענהאנג מיטן יובילײ האָבן געהאט זייער א גרויסן, פאר יענער צײַט, פארנעם, וועלכן ס׳האָט זיך בוילעט אנטפּלעקט לענינס אָפּשאצונג וועגן דער ראָל פון דער דראמאטישער קונסט אין דער בויונג פון א נײַער סאָציאַליסטישער קולטור. לענין האָט זיך אינטערעסירט מיט דער יובילײ־ליטעראטור וועגן אָסטראָווסקין. אָף די פײַערונגען האָט ער מאכמעס דער קראנקהײַט ניט געקאָנט ארויסטרעטן.

דעם 13 אפּרעל 1923 יאָר איז פאָרגעקומען דאָס פארלייגן א דענקמאָל אָסטראָווסקין. דעם מיטינג האָט געעפנט דער פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג א. וו. לונאטשארסקי, וועלכער האָט אויסגעצייכנט געוווסט לענינס באציִונג צו דער יערושע פונעם גרויסן דראמאטורג. אין נאָמען פון דער פארטיי און פון דער סאָוועטן־רעגירונג האָט א. וו. לונאטשארסקי דערקלערט:

„אָסטראָווסקי איז, לויט אונדזער מיינונג, דער הויפּט־אויסדריקער פון דער גאנצער רוסישער דראמאטורגיע און נאָך אלץ דער גרויסער לערער אין דער פראגע, אוועלכער ס׳דארף זײַן דער טעאטער. די וועגן, צו וועלכע עס האָט גערופן אָסטראָווסקי, האלטן אויך מיר פאר ראציאָנעלע... אזויווי ס׳וועט געבויט ווערן א נײַער טעאטער, דארף ער ארויסגיין פון אָסטראָווסקין".

אָט די לענינישע אײַנשטעלונג אין דער פראגע וועגן דעם וועג, מיט וועלכן ס׳דארף גיין די קונסט פונעם טעאטער, האָט לונאטשארסקי ווידער איבערגעכאזערט אין מײַ 1929 באם אנטהילן דעם דענקמאָל אָסטראָווסקין. די אנטהילונג איז געוואָרן א דעמאָנסטראציע פון רעאליזירן די לענינישע אידייען פון דער קולטור־רעוואָליוציע. זי איז געווען צוגעפּאסט צו דער ארבעט פונעם 5־טן ראטן־צוזאמענפאָר, וועלכער האָט באשטעטיקט א פאנאנדערגעוויקלטע פּראָגראם פון אופשטעלן דעם עקאָנאָמישן יעסאָד פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט — דעם ערשטן פינפיאָר־פּלאן פון אנטוויקלען די פאָלקסווירטשאפט. באם אנטהילן אָסטראָווסקיס דענקמאָל זײַנען בײַגעווען אלע דעלעגאטן פונעם 5־טן ראטן־צוזאמענפאָר אין דער שפּיץ מיט זײַן פאָרזיצער מ. אי. קאלינין.

ייִדיש — ל. ראכמאן

---

# כראָניק

## פּובליקאציעס פון לענינגראדער געלערנטע

די לענינגראדער אָפּטיילונג פונעם פארלאג „נאוקא" האָט ארויסגעלאָזט דעם ערשטן זאמלבוך פון דער נײַער סעריע „עטנאָגראפיע פון פּעטערבורג—לענינגראד". אין אים זײַנען אײַנגעשלאָסן פינף ארטיקלען, צוויי פון וועלכע זײַנען דירעקט פארבונדן מיט ייִדישער טעמאטיק.

נ. וו. יוכניאָוועס פאָרשונג „פּעטערבורג אלס צענטער פון נאציאָנאל־קולטורעלע באוועגונגען פון די פעלקער פון רוסלאנד" אנטהאלט א היפּשן טייל, געווידמעט די ייִדן. די פאָרשערן שרײַבט: „אין מעשעך פון אן אמערסטן לענגערן טערמין און אמערסטן ענג איז מיט פּעטערבורג געווען פארבונדן די ייִדישע נאציאָנאל־קולטורעלע באוועגונג. די ייִדישע קולטור האָט זיך אנטוויקלט אין רוסלאנד אָף דרײַ שפּראכן — העברעיִש, ייִדיש און רוסיש. אין פּעטערבורג זײַנען פאָרגעשטעלט געוואָרן אלע דרײַ שטראָמען, אָבער דער סאמע באדײַטנדיקסטער איז דאָך געווען דער רוסיש־שפּראכיקער".

יו. פּ. ווארטאנאָווס ארטיקל „אייניקע אָנגאבן וועגן דעם שטייגער פון די פּעטערבורגער ייִדן אין די 70־ער יאָרן פונעם XIX יאָרהונדערט אָף די שפּאלטן פון דער צײַטונג „המליץ" איז אינגאנצן, ווי ס׳איז צו זען פונעם נאָמען גופע, אָפּגעגעבן דער ייִדישער טעמע. די דאָזיקע העברעיִשע וואָכנשריפט, וועלכע האָט זיך באוויזן אין אָדעס אין 1861, האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אין דער הויפּט־שטאָט פון דער רוסלענדישער אימפּעריע אין 1871. ווי עס באווײַזט דער אנאליז, האָט זי אָפּגעשפּיגלט די רעכטלעכע לאגע פונעם פּעטערבורגער ייִדנטום, ווי אויך אנדערע וויכטיקע זײַטן פון זײַן לעבן.

דער נײַער וויסנשאפטלעכער זאמלבוך האָט א טיראזש 1000 עקזעמפּליארן.

## איבער לענדער און קאָנטינענטן

אַלעג געראסימאָוו

# אַ באַגעגעניש מיט דער פֿאַרגאַנגענהייט

באַזוכן אַ לאַנד, וווּ ס'איז דיר שוין אויסגעקומען צו זײַן, איז שטענדיק אָנגענעם, בפֿרט, ווען דער באַזוך רופֿט אַרויס גוטע דערינערונגען. באַזוכן סאַנאַ, די הויפּט־שטאָט פֿון דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק, איז מיר געווען טאָפּלט אָנגענעם — מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך דאָ געמאַכט די ערשטע טריט אַלס אַ געלערנטער אַראַביסט און אָנגעהויבן זיך באַקאַנען מיטן טאַלאַנט־פֿולן און שטאָלצן פֿאָלק. די דאָזיקע באַגעגענישן זײַנען אויפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרקריצט געוואָרן אין מײַן זיקאָרן.

אין סעפּטעמבער 1962 זײַנען די אָפֿיצערן פֿון דער טײַמענער אַרמיי אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מאָנאַרכישן רעזשים. דעם מאָנאַרך האָט מען אַראָפּגעזעצט פֿונעם טראָן, און עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ערשטע אויפֿן אַראַווישן האַלבּ־אינדזל רעפּובליק. אין אָנהייב 1963, נאָך דעם, ווי כ'האָב פֿיר יאָר אָפּגעאַרבעט אין צאָפֿן־טײַמען, בין איך געקומען אַהיים. זײַענדיק שפּעטער אין פֿאַרשיידענע אַראַבישע לענדער, פֿלעג איך ניט זעלטן פֿאַרגלײַכן מײַנע נײַע אײַנדרוקן מיט די, וואָס איך האָב באַקומען אין טײַמען, און אָפֿט האָבן אין די דאָזיקע פֿאַרגלײַכונגען געווינען מײַנע טײַמענער פֿרײַנט.

איצט איז דער וועג פֿונעם אַעראָפּאָרט צו דער שטאָט אַספֿאַלטירט. אויפֿן וועג־ראַנד שײַנט אַרויס אַ רעקלאַמע פֿון נײַע האָטעלן — „שעראַטאָן", „ראַמאַדאַ־כאַדאַ", „סאַבאַ", — אויסגעבויטע שוין אין די לעצטע יאָרן. אין יענער צײַט האָט סאַנאַ פֿאַרמאָגט איין־און־איינציקע אַכסאַניע, וווּ מע פֿלעגט די געסט אויסהאַלטן אויף אַ קאַזיאָנעם כעזשבן. אין דער אַכסאַניע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אַן אימפּראָוויזירטער מוזיי: איין קליין צימערל, אין וועלכן אָן קיין שום אָרדענונג זײַנען געשטאַנען אַלעבאַסטער־סטאַטועטקעס און קאַפּיטעלן פֿון קאָלאָנעס, וועלכע מע האָט געפֿונען אין די רויִנעס פֿון די אוראַלטע שטעט, שטויס־ציין פֿון העלפֿאַנדן — מאַטאָנעס פֿונעם עטיאָפּישן אימפּעראַטאָר דעם קיניג פֿון טײַמען, קריסטאַלענע איקאָנעס און אַנדערע קעגנשטאַנדן.

לענגאויס דעם וועג ציִען זיך קליינע סעדער, וועלכע פֿאַרשטעלן פֿון פֿרעמדע אויגן די ליימענע פּאַרקאַנעס און שויך־טורעמס. ס'איז איצט פֿרילינג, און דורך די ערטערווײַז אַראָפּגעזעצטע ווענט קוקט אַרויס דאָס צאַרטע גרינס פֿון ווײַנטרויבן־בלעטער און הויכע, באַצירטע מיט בלויע שטערנדלעך שטענגלעך פֿון מיצרישן קלעווער. לעבן יעדן סאָד איז פֿאַראַן אַ ברונעם. פֿריִער פֿלעגט מען אים אויסגראָבן פֿון דער האַנט, איצטער דערלאַנגט מען דאָס וואַסער מיט מעכאַנישע און עלעקטרישע פּאָמפּעס, נאָר דער ניוואָ לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער, דער אונטערערדישער רעזערוואַר פֿון ניט־געזאַלצן וואַסער הינטער דער הויפּט־שטאָט שעפּט זיך גיך אויס, און דאָס באַאומרויִקט די טײַמענער.

אין איין אַעראָפּלאַן מיט מיר זײַנען געפֿלויגן סאָוועטישע ספּעציאַליסטן, וועלכע דאַרפֿן דורכפֿירן הידראָלאָגישע אויספֿאָרשונגען אין דער אומגעגנט פֿון סאַנאַ און אויסבויען ניט קיין גרויסע איריגאַציע־דאַמבעס, כּדי צו פֿאַרהאַלטן דאָס רעגנוואַסער און פֿאַרקלענערן זײַן געברויך פֿאַר באַוואַסערן די פֿעלדער. דאָס, וואָס מיט אָט דער זאַך וועלן זיך פֿאַרנעמען סאָוועטישע ספּעציאַליסטן, איז ניט קיין צופֿעליקייט.

די באַציִונגען צווישן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד און טײַמען שטאַמען נאָך פֿון 1927, ווען דער אומאָפּהענגיקער טײַמען, אין אָנבליק פֿון די אינטריגעס פֿון גרויסבריטאַניע, וועלכע האָט געהאַט פֿאַרכאַפּט דעם דאָרעמדיקן טייל פֿונעם לאַנד, און טײַמען האָט געזוכט עמעסע פֿרײַנט, כּדי צו פֿאַרשטאַרקן זײַנע צווישנפֿעלקערלעכע פּאָזיציעס.

דעם 1 נאָיאַבער 1928 איז אין סאַנאַ אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן פֿרײַנטשאַפֿט און האַנדל צווישן פֿססר און טײַמען. די סאָוועטישע שיפֿן „טאָבאָלסק", „אילִיטש", „מיכאַיל פֿרונזע"



אָלעג געראַסימאָוו (פּערעסיפּקין) איז אַ סאָוועטישער מיזרעכקענער און דיפּלאָמאַט, דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן, מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פּססר. ער איז דער אַוטאָר פון פּובליציסטישע אַרבעטן און פאַרצייכענונגס־ביכער וועגן די הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען פונעם נאָענטן מיזרעך, דערונטער — „10.000 קילאָמעטער איבערן מידבער רוב־על־כאַלי“, „סאַוד־אַראַוויע: פונעם מיטלאַלטער אין XX יאָרהונדערט“, „אַף קרייצוועגן פונעם נאָענטן מיזרעך“, „ביינהאַשמאַשעס פון קאַיר“. געבוירן געוואָרן אין 1935. אינעם אַווגוסט־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז פאַרעפנטלעכט זײַן פאַרצייכענונג „די וואַרעמקײַט פון דער האַנט“. הײַנט דרוקן מיר זײַן פאַרצייכענונג „אַ באַגעגעניש מיט דער פאַרגאַנגענהײַט“. אינגאַנצן גענומען, האָט דער שרײַבער־דיפּלאָמאַט איבערגעגעבן ספּעציעל פאַר „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַ גאַנצע סעריע פון זײַנע רײַזע־ווערק.

---

האָבן גענומען צושטעלן אין לאַנד סאָוועטישע סכוירעס: שוועבעלעך, קעראָסין, צײַג, איבערפירן קיין דזשידע און צוריק טײַמענער פּיליגרימען. אין כאָדיידע האָבן די סאָוועטישע ספּעציאַליסטן אויפגעשטעלט די ערשטע עלעקטראָסטאַנציע. אינעם שפּיטאָל, וועלכן עס האָבן אָרגאַניזירט די סאָוועטישע דאָקטוירים, האָט מען אָן געצאָלטס געהיילט די אָרטיקע קראַנקע. דאָ האָבן געאַרבעט דער אוראָלאָג באַבאַדזשאַן, די פּראָו־גינעקאָלאָג סלויאָזבערג, דער ציין־דאָקטער גענדעלשטיין. ביז הײַנט דערמאָנען די טײַמענער זיי מיט אַ גוט וואָרט.

אין 1929 האָט דער קינאָ־דאָקומענטאַליסט וואָלאָדימיר שניידעראָוו (אין די 60־ער יאָרן האָט ער געגרינדעט די איצט באַרימטע טעלעוויזיע־פּראָגראַם פונעם „קלוב פון קינאָ־רײַזעס“) געשאַפן אַ פילם וועגן טײַמען און אָנגעשריבן דאָס ערשטע ביכל וועגן אָט דעם וווּנדערלעכן לאַנד, וואָס האָט מיט העכער פופציק יאָר צוריק געעפנט די טירן פאַר די פאָרשטייער פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער מעלוכע.

נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן אונדזערע באַציִונגען באַקומען אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג. אין 1955 איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן עקאָנאָמישער צוזאַמענאַרבעט. אין העסקעם מיט אים האָבן סאָוועטישע ספּעציאַליסטן געהאָלפן בויען דעם מאָדערנעם פּאָרט כאָדיידע — וועגן אַזאַ האַפן האָט יאָרהונדערטער געטרוימט דאָס טײַמענער פאָלק. נאָך די געשעענישן פון 1962 האָט פּססר אָנערקענט דעם רעפּובליקאַנישן רעזשים, און דעם 21 מאַרט 1964 איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער אָפּמאַך וועגן פרײַנטשאַפט. דעם 9 אָקטיאַבער 1984 איז דער איצטיקער פּרעזידענט אַ. סאַלעך געקומען אין פּסר מיט אַן אָפיציעלן וויזיט, בײַס וועלכן ס׳איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַ נײַער אָפּמאַך וועגן פרײַנטשאַפט און צוזאַמענאַרבעט, דער פערטער לויט דער ריי. אַן אוניקאַלע דערשײַנונג אין דער געשיכטע פון אונדזערע באַציִונגען מיט זיך־אַנטוויקלענדיקע מעלוכעס! מערקווירדיק איז די געשיכטע פון אָט דעם לאַנד.

דער היסטאָריקער פון טײַמען כאַסאַן אַל־כאַמדאַני (טויזנט יאָר פון זײַן געבורט האָט מען אין סאַנאַ, לויטן באַשלוס פון יונעסקאָ, אָפּגעמערקט אין אָקטיאַבער 1981) ברענגט אין זײַן בוך, אַ פאַרפאַסטן אין 10־טן יאָרהונדערט פון אונדזער ערע, אַ ביבלישע לעגענדע, לויט וועלכער עס קומט אויס, אַז דעם ערשטן יישעוו אויפן אָרט פון דער הײַנטיקער סאַנאַ האָט געגרינדעט שעם, נויעכס זון. דערנאָך איז אויף דעם אָרט אויפגעשטעלט געוואָרן דער שלאָס גומדאַן, וואָס דער גרעסטער טורעם זײַנער האָט דערגרייכט די הייך פון אַ צוואַנציקשטאָקיק הויז.

אַ צווייטער מיטלאַלטערלעכער היסטאָריקער, זאַקאַריאַ אַל־קאַזוויני, שרײַבט אין זײַן בוך „וועגן לענדער און פעלקער“:

„סאַנאַ איז די בעסטע שטאָט לויט אירע געבײַען, אַ שטאָט מיט אַ סאַמע געזונטן קלימאַט, מיט סאַמע זיסן וואַסער, מיט פּרוכטבאַרער ערד... מע זאָגט, אַז אויב באַשפּריצן מיט אָט דעם וואַסער אַ צימער, וועט דאָרט שמעקן מיט אַמברע. דאָ זײַנען ווייניק קראַנקײַטן, פליגן און שלענג“.

דער היסטאָריקער דערציילט וועגן דער מייַסטערשאַפט פון די טייַמענער באַלמעלאָכעס, וועלכע באַאַרבעטן האַלב־איידלשטיינער, דערין דעם זוניקן סערדאָליק. אַזעלכע שטיינער, אייַנגעפאַסטע אין זילבערנע רינגען, טראָגן אַפן אַראַבישן מיזרעך איבערהויפּט מאַנצבילן. דער טייַמענער סערדאָליק, לויט דער לעגענדע, ברענגט מאַזל, באַשיצט פון קראַנקייַטן און פאַרגרעסערט דעם מענערשן קויעך. ניט אומזיסט רופט מען נאָך ביזן הייַנטיקן טאָג אין די אַראַבישע לענדער דעם בעסטן סערדאָליק מיטן נאָמען „טייַמענער”.

אָבער אין אונדזער לעבן איז אַלץ פאַרהעלטנישמעסיק. די אוראַלטע פלעגן אין זייערע מיינונגען אַרויסגיין פון די דעמלטיקע באַגריפן און קענטענישן וועגן דעם כאַראַקטער פון אונדזער פּלאַנעטע און ניט זעלטן אורטיילן וועגן אַ קלימאַט לויט ריין אויסערלעכע סימאָנים. בעעמעס, אין סאַנאַ, וועלכע געפינט זיך צוויי טויזנט פיר הונדערט מעטער העכער דעם יאַם־ניוואָ, הייבט זיך זומער די טעמפּעראַטור זעלטן העכער פון דרייַסיק גראַד. דער קילבלעכער ווינטער מיט אַ קליינער מינוס־טעמפּעראַטור, עטלעכע פּעריאָדן, ווען ס׳גייען רעגנס, וועלכע דערפילן די אונטערערדישע רעזערוואַרן פונעם צענטראַלן טייַמענער געבערג, די טרוקענע לופט און אומוואָלקנדיקע טעג — דאָס אַלץ שאַפט אַ גינסטיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם אָרטיקן קלימאַט. אָבער אין אונטערשייד פון די אוראַלטע, ווייסן מיר, אַז ס׳איז ניט אינגאַנצן אַזוי. אַפן ניוואָ פון סאַנאַ איז דער אַטמאָספער־דרוק אַ נידעריקער, זויערשטאָף איז אין דער לופט אַף צוואַנציק פּראָצענט ווייניקער פון דער נאָרמע. ס׳איז אויך קלענער די געדיכטקייַט פון דער לופט, העכער איר טרוקנקייַט. דערפאַר האַלטן די דאָקטוירים, אַז מענטשן, וועלכע לייַדן פון היפּערטאָנישע און האַרצגעפעס־קראַנקייַטן, טאָרן לאַנג אין סאַנאַ זיך ניט געפינען.

די טייַמענער הויפּט־שטאָט באַשטייט פון דרייַ טיילן: דער אַלטער קוואַרטאַל, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ ליימענער וואַנט; ביר אַל־אַזאַב, וווּ עס האָבן אַמאָל געלעבט די טערקישע באַאַמטע און די אָרטיקע אַריסטאָקראַטיע, און דער געוועזענער ייִדישער קוואַרטאַל קאַא יאַכוד. די גרעסטע צאָל געבייען פונעם אַלטן קוואַרטאַל געהערן צו די מיטלאַלטערלעכע יאָרהונדערטער. דער דאָזיקער קוואַרטאַל האָט זיך פאַרהיט אַפילע אויסערלעך אַזאַ, ווי ער איז געווען אין דער ווייַטער פאַרגאַנגענהייַט. דעריבער איז ער לויטן באַשלוס פון יונעסקאָ דערקלערט געוואָרן אַלס אַ שוצגעביט.

אַלע אייַנוווינער פונעם ייִדישן קוואַרטאַל זייַנען אין 1948 אַריבערגעפאָרן קיין ייִסראָעל, און זייערע צווייִשטאָקיקע הייַזער אין קאַא יאַכוד מיט די בלינדלעכע פענצטערלעך האָבן פאַרנומען די טייַמענער באַלמעלאָכעס און אַרבעטער. די וואַנט מיט דרייַ טויערן, וועלכע האָט אַרומגערינגלט דעם ייִדישן קוואַרטאַל, האָט מען צעבראָכן, און אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דער קוואַרטאַל זיך פאַראייניקט מיט אַנדערע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט. אין טאַיִז, דער צווייטער הויפּט־שטאָט פון טייַמען, האָט דער ייִדישער קוואַרטאַל זיך געפונען לעם באַרגפוס. דאָ האָט זיך נאָך ביזן הייַנטיקן טאָג אופגעהיט אַ מיטלאַלטערלעכע פעסטונג. אין 1959, ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל געקומען אין טאַיִז, זייַנען די דאָזיקע הייַזער שוין געווען צעשטערט.

זיבעציק טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן געלעבט אין טייַמען ביזן 1948, זייַנען געווען די איינציקע אין לאַנד נאַציאָנאַלע מינדערהייַט. וועגן דער פראַגע — ווען האָבן זיך אין טייַמען באַוויזן ייִדן — גייט ביז הייַנט־צו־טאָג אַ וויקועך צווישן די געלערנטע. אייניקע פון זיי האַלטן, אַז נאָך אין די אוראַלטע צייַטן האָט אַ טייל פון ייִדישע שוואָטים, וועלכע ס׳האָט געטריבן הונגער און נויט, פאַרלאָזט דאָס אַראַווישע האַלב־אינדזל (דאָס היימלאַנד פון אַלע סעמיטישע פעלקער) און אָנגעקומען צום שטראַנד פונעם מיטללענדישן יאַם. דער צווייטער טייל האָט זיך געלאָזט גיין לענגויס דעם ברעגלאַנד פונעם רויטן יאַם און, דערגרייכנדיק צום פרוכטבאַרן טייַמען, געוואָרן זייַנע טוישווים. די ייִדישע שוואָטים קייַנאָקע, קורייַזע און נאַדיר, וועלכע האָבן געלעבט אין אוראַלטן יאַסריב (הייַנטיקע מעדינאַ), רעכענען זיך אַלס שפּליטערן פונעם איבערוואַנדערער־שטראָם, וואָס איז געגאַנגען אַף דאָרעם קיין טייַמען לענגויס דעם רויטן יאַם.

פאַראַן געלערנטע, וועלכע זייַנען ניט מאַסקים מיט דער דאָזיקער מיינונג און האַלטן, אַז ייִדן האָבן זיך באַוויזן אין טייַמען ערשט אין 1־טן יאָרהונדערט פון אונדזער ערע, נאָך דעם, ווי די רוימער האָבן צעשטערט ירושאָלאַים. די אָנהענגער פון דער ערשטער ווערסיע פּראָפּאַגאַנדירן אַקטיוו זייער מיינונג און האַלטן, אַז די טייַמענער ייִדן, וואָס געפינען זיך איצט אין ייִסראָעל, שטעלן מיט זיך פאָר טרעגער פון די סאַמע אוראַלטע, אור־אייגענע ייִדישע טראַדיציעס. אַגעוו, צו דער צייַט, ווען כ׳בין דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין טייַמען, האָבן, דאַכט זיך, נאָך ניט אַלע ייִדן פאַרלאָזט דאָס לאַנד. אין טאַיִז האָב איך געזען צוויי ייִדישע ייִנגעלעך, וועלכע זייַנען געקומען צו פאָרן פון אַ ווייַט דערפל אין דער פּראָווינץ כאַדזשאַ. זיי זייַנען געווען אָנגעטאָן ווי אַראַבער, און נאָר די לאַנגע פייעס האָבן זיי אונטערגעשיידט פון די אַראַבישע קינדער, מיט וועלכע זיי האָבן געשפּילט אין עפּעס אַ שפּיל, אַן ענלעכער אַף רוסישע „סאַלאָטשקעס”.

די טייַמענער האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט טאָלעראַנץ צו פרעמדע עמונעס. האָגאַם מע האָט ניט דערלויבט די ייִדן צו בויען הויכע הייַזער, טראָגן געווער און פאַרמאָגן פערד, איז אין

אַלגעמײַן זייער לעבן אינעם מוסולמענישן טײַמען געווען גאַנץ אָרעמלעך. אין זייערע קוואַרטאַלן האָבן זיי געלעבט אונטער דער אָנפירונג פון די קעהילע־מאַנהיגים, געהאַט זוינע־הײַזער, אויסגעאַרבעט ווײַן און געברויכט פאַרבאָטענע מאַשקאָעס. די ייִדן זײַנען געווען גענײטע באַלמעלאָכעס: זיי האָבן אויסגעאַרבעט סאַנדאַליעס, היטלען, זילבערנע צירונגען.

אין אָנהייב פון אונדזער ערע איז די אָפיציעלע מעלוכישע עמונע אין טײַמען געווען קריסטנטום. אין יאָר 518 האָט איינער פון די טײַמענער קיניגן אָנגענומען יודאַיִזם און באַפוילן, אַז זײַנע אונטערטאַנען זאָלן נאָכפאָלגן זײַן בײַשפּיל. די טײַמענער קריסטן האָבן זיך אָנגעקלאָגט דעם אימפּעראַטאָר פון ביזאַנץ, און ער האָט פאַרגעלייגט דעם עטיאָפּישן נעגוס „פאַרטיידיקן די טײַמענער קריסטן”. אין יאָר 524 האָט די עטיאָפּישע אַרמיי זיך אַרויסגעזעצט אין טײַמען, און אינגיכן האָבן די טײַמענער פעאָדאַלן געמוזט זיך ווענדן נאָך הילף צום פּערסישן קיניג כאָסראָוו I אַנושירוואַן. אין אַראַביש קלינגט דער נאָמען פונעם טײַמענער קיניג, וועלכער האָט אָנגענומען יודאַיִזם און איז געהאַרגעט געוואָרן אין יאָר 529, — זו נאָוואַס, וואָס הייסט „דער מענטש מיט פּייעס”.

דערמאָנענדיק זיך אין די פאַקטן פון דער טײַמענער געשיכטע, לאָז איך זיך אױף אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט סאַנאַ. גראָבע ליימענע ווענט מיט קײַלעכדיקע שוימער־טורעמס רינגלען נאָך אַדהײַעם אַרום דעם אַלטן קוואַרטאַל. די צענטראַלע טויערן באַב־אַל־טײַמען, וועלכע קוקן אַרויס אױפן דאָרעמדיקן שליאַך, וואָס פאַראייניקט סאַנאַ מיט טאַיִז, זײַנען אַ ביסל באַנײַט און אָפּגעפּאַרבט. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז מיט אַ יאָר צען צוריק איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צעשטערן די ליימענע ווענט, און אין אייניקע ערטער האָט מען שוין באַוויזן עס צו טאָן. אָבער אינגיכן האָט מען אָפּגעשטעלט די דאָזיקע אָפּעראַציע. צווישן אַנדערע סיבעס איז געווען אַזאַ: מע האָט געדאַרפט אַרויספירן פיל צענדליקער טאָן ערד און מיסט. און די ווענט זײַנען געבליבן שטיין.

אינעם אַלטן קוואַרטאַל איז ניטאָ קיין איין אייראָפּעיִשע געבײַדע. די אונטערשטע עטאַזשן פון די פינף־זעקסשטאָקיקע הײַזער, וועלכע פאַרשמעלערן זיך אַרויף־צו, זײַנען צונויפגעלייגט פון אָפּגעשליפענע שטיינער; די אייבערשטע — פון אָפּגעברענטע ציגל, די וווין־צימערן געפינען זיך אין די אייבערשטע שטאָקן, וווּ ס'איז פאַראַן מערער לופט און שײַן. די הינטערשטע שטאָקן ווערן אויסגענוצט פאַר ווירטשאַפטלעכע צילן. רײַכע הײַזער פלעגן אָפט האָבן אַ קליינעם אינערלעכן הויף מיט אַ ברונעם, פון וועלכן מיט דער הילף פון אַן אייזל אָדער אַ קעמל האָט מען זיך באַזאָרגט מיט וואַסער. איצט טראַכקעט בײַ יעדן ברונעם אַ מאָטאָרל מיט אַ פּאָמפּע, וואָס פילט אָן צינקענע באַקן מיט וואַסער פאַר טאָגטעגלעכע באַדערפענישן און אױף באַגיסן דעם סאָד און דעם גאָרטן.

די הײַזער אינעם אַלטן קוואַרטאַל זײַנען רײַך באַפּוצט מיט אָרנאַמענטן פון ווײַסע, אָנגעצייכנטע מיט קאַלך, פּאַסן און מיט געאָמעטרישע פיגורן. ניט געקוקט אױף זײַן פּראָסטקײַט און אומגעקינצלטקײַט, גיט דער אָרנאַמענט צו די געבײַדעס אַ שיינעם אויסזען. אױף די פענצטער פון די הײַזער לייגט מען אויך ווײַסע פּאַסן.

אַלס אַ צענטער פון האַנטווערקערײַ און האַנדל בלײַבט אַדהײַעם אין סאַנאַ דער מאַרק אינעם אַלטן קוואַרטאַל. איינציײַטיק איז ער איינע פון די שטאָט־מערקווירדיקײַטן.

אָבער נאָר אין אייניקע געסלעך פונעם מאַרק, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנצע שטאָט אין מיניאַטיור, קאָן מען איצט נאָך קויפן זילבערנע צירונג, שמעקנדיק מומיאָ אָדער געווירצן, געבראַכטע פון מיזרעך־אַפריקאַנישע לענדער און פון אינדיע. מאַכנעס אייראָפּעיִשע טוריסטן, באַהאָנגענע מיט פאָטאָ־ און קינאָ־אַפּאַראַטן, שלעפּן זיך אום איבער די שמאָלע געסלעך פונעם אַלטן מאַרק, איבערהויפּט איבער זײַן זאַלצן־רײַ, ווו זיי קויפן אײַן אויסאַרבעטונגען פון טײַמענער האַנטווערקער, דערנאָך פירן זיי אַרויס די דאָזיקע זאַכן קיין אויסלאַנד אָן קיין שום באַגרענעצונגען, ווײַל ס'איז דערווײַל ניטאָ קיין געזעצן, וואָס זאָלן פאַרבאָטן דעם עקספּאָרט פון טײַמען וועלכע־ניט־איז אויסאַרבעטונגען. ס'וועלן אַוועק ניט קיין סאַך יאָרן, און אין טײַמען וועט שווער זײַן צו געפינען אינטערעסאַנטע אויסאַרבעטונגען פון טײַמענער האַנטווערקער.

יעדער אויסלענדער, וועלכער קומט צום ערשטן מאָל קיין טײַמען, נעמט אױף מיט וווּנדער איין דעטאַל פונעם טײַמענער נאַציאָנאַלן אָנצוג — אַ קרומען, מיט אַ ברייטן קלינג קינזשאַל, וואָס ווערט אָנגערופן דזשאַמביאַ. די דאָזיקע קינזשאַלן מאַכט מען דאָ פון פאַרשיידענער פאָרם און גרייס. מע שעצט זיי קוידעמקאָל פאַר זייער העפטל, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט פון אַ האָרן פון אַ נאָזהאָרן, און פאַרן גראַווירטן אָדער פיליגראַנען טאָוועלע, וואָס פאַרמאַכט דאָס הילצערנע שיידל. באַזונדערס שעצט מען זילבערנע שיידלען אין סטיל „מאַנסוריאַ”: זיי פאַרמאָגן אויסגעאַרבעטע פון זילבערנע געדרייטע דרעטעלעך אָרנאַמענטן — בלומען, בלעטער, געוויקסן, געאָמעטרישע פיגורן. גרויסע מײַסטערס אין געביט פון אויסאַרבעטן שיידלען אין סטיל „מאַנסוריאַ” זײַנען געווען ייִדישע האַנטווערקער. אַרויספאָרנדיק אין 1948 קיין ייִסראָעל, האָבן זיי אַוועקגעפירט מיט זיך דעם סאָד פון זייער מײַסטערשאַפט. די טײַמענער ייִדן, וואָס לעבן איצט אין ייִסראָעל, רעכענען זיך אויך דאָ אַלס די סאַמע גענײטע זילבער־מײַסטערס.

סימאָנים פֿון ציוויליזאַציע קאָן מען באַמערקן אינעם אַלטן קוואַרטאַל פֿון סאַנאַ אומעטום. אַחוץ
פּאָמפּעס, שטייען איצט כּמעט לעם יעדן הויז, אָפּהענגיק פֿון זײַן פֿאַרמעגן, אַ מאָטאָציקל אָדער אַן
אוטאָמאָביל. אין די הײַזער גופֿא קאָן מען זען נאָך מער סימאָנים פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט. טעפּיכער,
אויסגעאַרבעטע אויף אַ מאַשין, זײַנען צעשפּרייט אויפֿן דיל, פֿאַראַן דאָ קישעלעך, אָנגעפּילטע מיט שטי־
קעלעך פּאָראָלאָן, אין יעדן הויז — אַ פּאָרטאַטיווער מאַגניטאָפֿאָן אָדער אַ יאַפּאַנישער ראַדיאָ־אויפֿ־
נעמער. וואָס איז דאָ צו ריידן וועגן אינערלעכן אויסזען פֿון אַ מיטלאַלטערלעכן טײַמענער הויז, אַז
אַפֿילו אין מעטשעט איז אַרײַנגעדרונגען די הײַנטצײַטיקײַט! אַ מועדזין באַמיט זיך ניט רופֿן צו דער
טפֿילה: ער שטעלט אַרײַן אין אַ מאַגניטאָפֿאָן אַ פֿאַרשריבענעם אויף אַ טאַשמע רוף, און זײַן קאָל
פֿאַרשפּרייט זיך מיט דער הילף פֿון הויכריידער איבער עטלעכע קוואַרטאַלן. אַלע טײַמענער באַוווּנדערט
די פּראַגע, ווי אַזוי אויסצוהיטן דעם טראַדיציאָנעלן קאָלאָריט פֿון סאַנאַ, איבערהויפּט אירע אַלטע
קוואַרטאַלן, אין גאַנג פֿון דער רעקאָנסטרוקציע פֿון דער הויפּט־שטאָט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט בויען
נײַע גאַסן און פּלעצער, מיט באַגרינען די שטאָט, אײַנפֿירן אַן אײַנהײַטלעכע וואַסערלייטונג־ און
קאַנאַליזאַציע־סיסטעם. אומאָפּהענגיק פֿון זײַן מאַצעוו, פֿאַרמעגן און בילדונג לעבט יעדער טײַמענער
איבער, וואָס די הויפּט־שטאָט פֿון דער מעלוכע איז נאָך ניט אײַנגעאָרדנט ווי עס באַדאַרף צו זײַן
און איר אַלגעמיינער אויסזען רופֿט אַרויס אַן אומאָנשטענדיקע שושקערײַ מיצאַד די מײַרעווודיקע געסט
און די אַראַבער פֿון די נאַפֿט־אַרויסבאַקומענדיקע לענדער, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן אַדאַנק
זייערע קאָלאָסאַלע רעוואָכים, באַקומענע פֿון די נאַפֿט־מאָנאָפּאָליעס, באַדעקט מיט אַספֿאַלט די גאַסן
פֿון זייערע שטעט, אויסגעבויט קונציקע וואַסער־טורעמס, קאַנאַליזאַציע־סיסטעמען און אַנדערע שטאָט־
אָביעקטן. די געפֿילן פֿון די טײַמענער, ווי אויך די סיבעס, פֿאַרוואָס זיי פֿאַרמאָגן ניט אַזעלכע
אָביעקטן, קאָן מען לײַכט פֿאַרשטיין און דערקלערן. ביז סענטיאַבער 1962 האָט דער מאָנאַרכישער רע־
זשים דורכגעפֿירט אַ פּאָליטיק פֿון „פּריווויליקער איזאָליאַציע": ער האָט אַלץ געטאָן צוליב דעם,
אַז די טײַמענער זאָלן ניט בלויז וואָס ווייניקער וויסן וועגן אַנדערע לענדער און פּראָגרעסיווע פּאָלי־
טישע אידייען, נאָר אויך ווי ווייניקער באַקומען פֿינאַנץ־הילף, וועלכע מ'וואָלט געקאָנט אויסנוצן פֿאַר
דער אַנטוויקלונג פֿונעם לאַנד און ביפּראַט — פֿון דער שטאָט־ווירטשאַפֿט. נאָך דער רעוואָליוציע
פֿונעם 1962 האָט זיך אָנגעהויבן דער נײַניאָריקער אויסמאַטערנדיקער בירגערקריג, איינער פֿון זײַנע
סאַמע דראַמאַטישע עפּיזאָדן איז געווען די זיבנטאָגיקע באַלאַגערונג פֿון סאַנאַ. צו דעם אַלץ דאַרף
מען צוגעבן, אַז דאָס לאַנד האָט ניט קיין אייגענע ענערגעטישע רעסורסן, צו יענער צײַט זײַנען נאָך
ניט געווען קיין אויסגעפֿאָרשטע נוצלעכע מינעראַלן. אין לאַנד האָבן עקזיסטירט רעשטלעך פֿון פֿעאָ־
דאַלע באַציִונגען, וועלכע האָבן געהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט — דער איי־
ציקער פּראָדוקטיווער צווײַג פֿון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק.
אין די לעצטע יאָרן האָט דאָס לאַנד געמאַכט אַ גרויסן שפּאַן פֿאָרויס. אַחוץ נײַע האָטעלן זײַנען
דורכגעלייגט געוואָרן אַספֿאַלטירטע טראַסעס, וועלכע פֿאַרבינדן די גרעסטע שטעט פֿונעם לאַנד.
יונגע טײַמענער, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו שמועסן, האָבן זיך געכידעשט, האַלעמײַ אויף
דעם וועג פֿון טאַיִז ביז סאַנאַ פֿלעגט מען פֿריִער פֿאָרן אַכצן־צוואַנציק שאָ, און איצט — אַוועלכע־
ניט־איז דרײַ מיט אַ האַלבער שאָ. ס'איז אויפֿגעבויט געוואָרן עטלעכע געבײַדעס פֿאַרן אוניווערסיטעט,
שולן, שפּיטאָלן, מעלוכע־אַנשטאַלטן. באַזונדערס טיילט זיך אויס מיט איר שײַנקײַט די געבײַדע פֿונעם
טײַמענער נאַציאָנאַלן באַנק, זי איז געמאַכט פֿון רויטן קאַלכשטיין אין טראַדיציאָנעלן סטיל פֿון דער
טײַמענער אַרכיטעקטור.
בייסן שפּאַציר איבער דער שטאָט גיי איך אַרויס צום אַלטן דרײַשטאָקיקן הויז אין קוואַרטאַל
ביר אַזאַב — מע רופֿט אים בײַט כאַראַזי, אָפּטער — פּאָשעט: דאָס רוסישע הויז. דאָס דאָזיקע הויז,
וואָס האָט געהערט צו אַ טײַמענער מיטן נאָמען כאַראַזי, איז אין 1928 איבערגעגעבן געוואָרן די
סאָוועטישע פֿאַרשטייער, און כּמעט אין מעשעך פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט פֿאַרהיט עס זיך פֿאַר די
סאָוועטישע ספּעציאַליסטן. אַן אַלטיטשקע, ניט איבעריק שיינע, אַ צונויפֿגעלייגטע פֿון ציגל, מיט אַן
אָפּגעבליאַקעוועטן אָרנאַמענט פֿון די פֿענצטער, זעט מיר די געבײַדע אויס, ווי אַ נאָענטער קאָרעוו.
דאָ זײַנען געווען און האָבן געאַרבעט סאָוועטישע דיפּלאָמאַטישע פֿאָרשטייער, וועלכע האָבן געלייגט
דעם פֿונדאַמענט פֿון דער סאָוועטיש־טײַמענער פֿרײַנטשאַפֿט אין סאָף פֿון די דרײַסיקער יאָרן.
ביז דער רעוואָליוציע פֿון 1962 האָט די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע זיך געפֿונען אין דער שטאָט
טאַיִז, אין דער רעזידענץ פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם אַ וואָך פֿאַר דער רעוואָליוציע אימאַם אַכמעד.
לויטן אָפּמאַך מיט דער רעגירונג פֿון דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק איז אונדזער אַמבאַסאַדע
איבערגעפֿירט געוואָרן קיין סאַנאַ — אין דער היסטאָרישער הויפּט־שטאָט פֿון טײַמען. מ'האָט אונדז
איבערגעגעבן די פֿערמע פֿונעם אימאַם אַכמעדס ברודער — פּרינץ קאַסעם: דרײַ העקטאַר ערד, אַ
דרײַשטאָקיק הויז, וואָס איז אויסגעבויט אין סטיל פֿון דער טראַדיציאָנעלער טײַמענער אַרכיטעקטור,
צונויפֿגעלייגט פֿון פֿילפֿאַרביקן טוף, מיט אַרויסגעטראָגענע פֿון פֿאָרנט גאַנעקלעך און פֿאַרביקע וויט־
ראַזשן, אויסגעפּוצטע מיט זעקסעקיקע שטערן; דאָ געפֿינען זיך אויך פֿינף־זעקס אײַנשטאָקיקע לײַ־

מענע געבײַדעס און אַן אָפּענע װעראַנדע־ביבליאָטעק. אַזױ איז שױן געשען, אַז איך בין געװען דער ערשטער סאָװעטישער בירגער, װאָס האָט איבערגענומען פֿון די טײַמענער די אַלע געבײַדעס.

אין הױז האָט זיך אַמאָל געפֿונען אַ מיצרישער מיליטערישער טײל. אין די קאָרידאָרן, אױפֿן גרױען שטײנערנעם דיל האָבן זיך געװאַלגערט צעריסענע ביכער, קופּעס צעטעלעך, צונױפֿגעדרײטע אין טרובעלעך. די נאַכט־שאָען האָבן זיך געצױגן געפּערלעך לאַנג, און צוליב גיכער פֿאַרטרײַבן די צײַט האָב איך גענומען איבערקלײַבן די הױפֿנס ביכער. מײַן מאַרודנע, מאַנאַטאָנישע אַרבעט איז באַלױנט געװאָרן מיט אַן אומגעריכטן געװינס. צװישן אָפּיצ׳עלע, געשעפֿטלעכע פּאַפּירן, אין װעלכע עס רעדט זיך װעגן קאָמפּליצירטע, פֿאַרפּלאָנטערטע באַציִונגען צװישן קאַסעמען, דעם אײגנטימער פֿון דער ערד, מיט די אַרענדאַטאָרן, צעטעלעך װעגן טװוּ־ און פּרוכטן־ליפֿערונג צום פּרינצס טיש, האָב איך געפֿונען אַ פּאַקעט מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס. אױף אײנער פֿון זײ איז געװען אַ בילד פֿון אַן עלעגאַנטן מאַן אין אַן אײראָפּעיִשן קאָסטיום און אין אַ טאַרבוש (פֿעסקע), אױף אַן אַנדערער — דער זעלבער מאַן אין אַ נאַציאָנאַלן אַלבאַנישן קאָסטיום מיט אַ גרױסן זילבערנעם קינזשאַל אונטערן גאַרטל, אָנגעלענטער אױפֿן דיװאַן. און װידעראַמאָל ער, באַנאַנד מיט אַ פֿרױ. בײַ איר איז אַ מילד, טיפּיש סלאַװיאַניש פּאָנעם. מיט אומגעדולד קוק איך דורך די איבעריקע פֿאָטאָס און געפֿין נאָך אײנע מיטן בילד פֿון דער דאָזיקער פֿרױ, אױף װעלכן איך לײען איבער אַ רירנדיקער אױפֿשריפֿט: „פֿאַרגעס ניט דײַן Ludmilla, װעלכע האָט דיך זײער־זײער ליב. ס.־פּעטערבורג. 1.4.04”. שפּעטער האָבן זיך מיר געטראָפֿן נאָך עטלעכע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון שױן אַ פֿאַרעלטערטן פּראַנט אין אַ טערקישן טאַרבוש. און צום סוף האָב איך דערזען זײַנע אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, אַ דאַטירטע מיטן 1947 יאָר. דאָס איז געװען ראַגיב־באַ, דער אַמאָליקער רעגירער־פֿאַרשטײער פֿונעם טערקישן סולטאַן אין טײַמען, װעלכער איז איבערגעגאַנגען אױף דינסט צום אימאַם מוכיע און האָט אױסגעפֿילט ביזן טױט די פֿליכטן פֿון זײַן אױסערן־מיניסטער. גראָד אין דעם טשין האָט ער דעם 1־טן נאָיאַבער 1928 אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך װעגן פֿרײַנטשאַפֿט און האַנדל מיטן סאָװעטנפֿאַרבאַנד. אַ קלוגער, געבילדעטער, אַ קענער פֿון עטלעכע שפּראַכן, איז ער אין די יונגע יאָרן געװען אַ דיפּלאָמאַט, געדינט אין אַלבאַניע, אין סערביע. אין אָנהײב פֿונעם 20־טן יאָרהונדערט האָט מען ראַגיב־בײען באַשטימט אַלס דעם ערשטן סעקרעטאַר פֿון דער אַמבאַסאַדע פֿון דער אָסמאַנישער אימפּעריע אין פּעטערבורג, װוּ ער האָט, װאָרשײַנלעך, זיך באַקאַנט מיט ליודמילע װאָלקאָװאַ. װער איז געװען פֿאַר אים די דאָזיקע רוסישע פֿרױ? װי־אַזױ זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אַהער, אין פּרינץ קאַסעמס הױז, די פֿאָטאָגראַפֿיעס?

מײַנע דערפֿרעגענישן, װעלכע זײַנען שפּעטער באַשטעטיקט געװאָרן מיט מאַטעריאַלן פֿון שריפֿטלעכע קװעלן, האָבן דערלױבט מיר אױפֿצושטעלן דאָס פֿאָלגנדע בילד.

נאָכן פּראָקלאַמירן די אומאָפּהענגיקײַט פֿון טײַמען אין 1918 איז ראַגיב־בײ מיט נאָך עטלעכע זײַנע טשינאָװניקעס אַריבערגעגאַנגען אױף דינסט צום אימאַם יאַכיאַ און געבליבן אין סאַנאַ. ער האָט געהאַט אַ װײַב, װעלכע איז געקומען מיט אים פֿון סטאַמבול. זי האָט ניט געקענט ניט אַראַביש און ניט טערקיש, און ראַגיב־בײ האָט גערעדט מיט איר אױף פֿראַנצױזיש. די פֿרױ האָט געבױרן צװײ מײדעלעך. אײנע פֿון זײ, אַזינאַ, איז געװאָרן דעם פּרינץ קאַסעמס װײַב, אין זײַן הױז האָט זיך אַרײַבערגעקליבן ראַגיב־בײ. די צװײטע איז אַװעקגעפֿאָרן קײן סטאַמבול. אַזיזאַ איז געװען אַ בלאָנדהאָריקע, גערעדט האָט זי נאָר אױף טערקיש און זיך גערעכנט אַלס אַ טערקיניע. ליודמילע װאָלקאָװאַ איז געשטאָרבן אין אָנהײב פֿון די 30־ער יאָרן, ראַגיב־בײ — אין סוף פֿון די פֿערציקער.

אַ סך איז מיר געװאָרן קלאָר. סײַ די פּילצאָליקע קאָנװערטן, מיטן סטאַמבולישן אַדרעס, אױף װעלכן ס׳האָבן געשריבן אַזיזאַ און ראַגיב־בײ, סײַ די פֿראַנצױזישע ביכער, סײַ די טערקישע פּאָטשט־מאַרקעס. אין די יאָרן 1927—1928, װען ראַביב־בײ האָט געפֿירט געשפּרעכן װעגן שליסן אַן אָפּמאַך פֿון פֿרײַנטשאַפֿט און האַנדל מיט פּסטר, האָט זײַן װײַב נאָך געלעבט. ס׳קאָן זײַן, אַז זי האָט געזען די סאָװעטישע פֿאָרשטײער און זיך דערמאָנט אינעם שױן פֿון לאַנג פֿאַרלאָזטן סאַנקט־פּעטערבורג, װעלכער האָט צו יענער צײַט שױן געהײסן לענינגראַד.

די אָפּיצ׳עלע געשיכטע מאַכן און פֿאַרשרײַבן לעבעדיקע מענטשן. צי װילן מיר יאָ אָדער ניט, נאָר סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, פּערזענלעכע שטימונגען פֿון דעם אָדער יענעם מעלוכישן טוער װירקן, מער אָדער װײניקער (דאָס איז אָפּהענגיק פֿון די אומשטאַנדן), אױף דער פֿאָרמירונג פֿון דער פּאָליטיק, װעלכע פֿורעמט זיך אױס אונטערן דרוק פֿון דער פּאָליטיק, װעלכע פֿורעמט זיך אױס אונטערן דרוק פֿון אָביעקטיװע פֿאַקטאָרן. באַקלערנדיק איצט אָט די זאַכן, טראַכט איך װעגן ראַגיב־בײען, װעלכער האָט לױטן באַפֿעל פֿונעם אימאַם יאַכיאַ אונטערגעשריבן מיט אונדז אַן אָפּמאַך װעגן פֿרײַנטשאַפֿט און האַנדל. װער װײסט, עפּשער איז ראַגיב־בײ געװען גראָד דער דאָזיקער מענטש, װעלכער האָט, אַרױסגײענדיק פֿון זײַן דערפֿאַרונג און פֿון זײַן װיסן רוסלאַנד און איר פּאָליטיק אױפֿן נאָענטן מיזרעך, אונטערגעזאָגט דעם אימאַם אױפֿשטעלן — אָפּצולאַכעס די ענגלענדער — באַציִונגען מיטן סאָװעטנפֿאַרבאַנד.

די טײַמענער זײַנען איינע פֿון די סאַמע דינאַמישע פֿעלקער אין דער הײַנטצײַטיקער וועלט. אין אָנהייב פֿון אונדזער טקופֿע פֿלעגן טײַמענער סאָכרים איבערשנײַדן דעם אינדישן אָקעאַן און געפֿירט טײַערע קאַראַוואַנען איבער דעם ווײַסן זאַמד פֿונעם אַראַווישן האַלב־אינדזל. די ביבלישע מאַלקע שוואָ איז געוועזן, ווי עס דערציילן די טײַמענער, אַזוי נײַגעריק, אַז זי האָט זיך אײַנגעשטעלט זיך אַוועקצופֿאָרן אַף קעמלען פֿון דער טײַמענער שטאָט מאַרעב קיין ירושאָלאַיִם, צו שלוימע האַמעלעך. איר האָט ניט אָפּגעשראָקן דער שווערער, לאַנגדויערנדיקער וועג פֿון קימאַט דרײַ טויזנט קילאָמעטער, וואָס ציט זיך איבער זאַמדן, וויסטעס, אומפֿרוכטבאַרע טאָלן און פֿעלדער. די דאָזיקע רײַזע קאָן דינען אַלס בײַשפּיל פֿונעם דינאַמיזם פֿון די טײַמענער און פֿון זייערע לעגענדאַרע אָוועס.

העכער צוויי מיליאָן טײַמענער לעבן אין פֿיל לענדער פֿון אַזיע, אַפֿריקע, לאַטײַן־אַמעריקע און אייראָפּע, און מיר קאָנען הײַנט רעדן וועגן אַ טײַמענער דיאַספּאָרע. אין דער אַמעריקאַנער שטאָט דעטראָיט, אַף די אויטאָמאָביל־זאַוואָדן און אַף אַנדערע אונטערנעמונגען, אַרבעטן קימאַט 100 טויזנט אָפּשטאַמיקע פֿון טײַמען. מע קאָן זיי אויך טרעפֿן אין די קוילן־שאַכטעס פֿון קאַרדיף און אַף די מעטאַלורגישע זאַוואָדן פֿון שעפֿילד אין ענגלאַנד. זיי וואַלגערן ביימער אין דער בראַזיליער סעלווע, האַלטן סאָכרישע הײַזער אַף דער גאַנצער לענג פֿונעם ברעג פֿון מיזרעך־אַפֿריקע. אָבער מערסטנטייל אַרבעטן טײַמענער אין די שכײנישע נאַפֿט־אַרויסבאַקומענדיקע לענדער. בלויז אין סאַוד־אַראַוויע געפֿינט זיך מער פֿון אַ מיליאָן אָפּשטאַמלינגען פֿון צאָפֿן־טײַמען. זיי אַרבעטן אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, אין די פּאָרטן, פֿאַרמאָגן אייגענע קלייטלעך. די טײַמענער זײַנען איבערצײַגט, אַז דאָס האָבן זייערע האָרעפּאַשנע הענט באַרײַכערט די נאַפֿט־מאָנאַרכיעס פֿונעם אַראַווישן האַלב־אינדזל.

די עמיגראַציע פֿונעם לאַנד, אַן אַרויסגעצוווּנגענע צי אַ פֿרײַוויליקע, איז אַן ערנסטע פּראָבלעם, וואָס איז אַרויסגערופֿן מיצאַד דעמאָגראַפֿישע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סיבעס. וואָס איז עס — גוט צי שלעכט פֿאַרן לאַנד, ווען עס מוז אַרויסשטופּן איבעריקע מײַלער און אַרבעטס־הענט?

אייניקע פֿאָרשטעלונגען וועגן דער גרייס פֿון דער טײַמענער עמיגראַציע און איר ווירקונג אַף דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק קאָנען געבן די אויספֿאָרשונגען, וועלכע זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן אין דרײַ דערפֿער פֿון דער רײַכער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָווינץ איב. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פֿונעם ערשטן דאָרף, וואָס באַשטייט פֿון 40 הײַזער, אַרבעטן אין אויסלאַנד 49 מאַנצבלען, פֿון זיי — 6 אין פשא. דאָס צווייטע האָט „אַרויסגעשטופּט" קיין אויסלאַנד 123 מענטשן (אַכצן — אין פשא, די איבעריקע אין סאַוד־אַראַוויע). פֿון 300 מאַנצבלען, וועלכע לעבן אינעם דריטן דאָרף, אַרבעטן אין אויסלאַנד 98, דערין 22 אין פשא. אַנדערש גערעדט, אַ העלפֿט און אַפֿילע מער פֿון אַ העלפֿט פֿון דער אַרבעטספֿעיִקער מאַנצבלשער באַפֿעלקערונג פֿון די דרײַ דערפֿער געפֿינען זיך אין אויסלאַנד. און דאָס קומט פֿאָר אין דער רײַכסטער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָווינץ פֿונעם לאַנד, ווו עס פֿאָדערן זיך הענט פֿאַר באַאַרבעטן די ערד, בויען באַוואַסערונג־קאַנאַלן, אויפֿהאַלטן אין דער אָרדענונג די טעראַסעס, אויסגעלייגטע פֿון שטיינער און אָנגעפֿילטע מיט אַ פֿרוכטבאַרן באָדן, געבראַכט פֿון די טאָלן. פֿאַרוואָס זשע זײַנען אַוועק די מענטשן? ניט שוין זשע האָבן זיי ניט געהאַט קיין אַרבעט אַף די אין מעשעך פֿון יאָרהונדערטער אײַנגעזעסענע ערטער און זיי האָט געצויגן די מעגלעכקײַט באַקומען אַ גרינגן פֿאַרדינסט? אַזעלכע סאָציאָלאָגישע אויספֿאָרשונגען האָט מען נאָך ניט דורכגעפֿירט, הגם ס'איז שוין געקומען די צײַט זיי צו מאַכן ניט בלויז אין טײַמען, נאָר אויך אין אַנדערע זיך־אַנטוויקלענדיקע לענדער.

איסלאַם איז די מעלוכישע רעליגיע אין טײַמען, און גאַנצפֿרי וועקט אײַך אין סאַנאַ דעם מועדזינס פֿאָנפֿעוואַטע קאָל, וואָס רופֿט די רעכטגלויביקע אַף אַ טפֿילע (אין דער שטאָט געפֿינען זיך אַן ערעך הונדערט מעטשעטן). דער איסלאַם דרינגט דורך דאָס גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע און פּריוואַטע לעבן פֿון די טײַמענער: די ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־טראַנסלירונגען הייבן זיך אָן און פֿאַרענדיקן זיך מיטן לייענען אויסצוגן פֿונעם קאָראַן. די מוסולמענישע געזעצן — שאַריאַט ליגן אין גרונט פֿון דער מעלוכישער געזעצגעבונג, זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם יעסאָד פֿון דער נאַציאָנאַלער כאַרטיע, וועלכע רעכנט זיך אַלס אַן אידעאָלאָגישע פּלאַטפֿאָרם, וואָס דאַרף צעמענטירן די טײַמענער געזעלשאַפֿט.

די באַמיִונגען פֿון די איסלאַמער מאַנהיגים אין מעשעך פֿון דרײַצן יאָרהונדערטער האָבן דערפֿירט דערצו, אַז דאָס רעליגיעזע גלויבן פֿון דער באַפֿעלקערונג אין די מוסולמענישע לענדער איז אַ סאַך שטאַרקער, איידער אין די מעלוכעס, ווו עס איז פֿאַרשפּרייט, צום בײַשפּיל, קריסטנטום, און די ווירקונג פֿון די מאַנהיגים אַפֿן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿילט זיך דאָ שטאַרקער. אייניקע מײַרעווידיקע סאָציאָלאָגן פּרוּוון דערווײַזן, ווי די איבערגעגעבנקײַט צום איסלאַם איז שיר ניט אַ נאַציאָנאַלער שטריך פֿון די פֿעלקער פֿונעם נאָענטן און מיטלען מיזרעך און אַז אַ וואָסער־ניט־איז פֿאַרקלענערונג פֿון זייערע רעליגיעזע געפֿילן דאַרף מען רעכענען אַלס אַ פֿאַרקלענערונג פֿון זייער נאַציאָנאַלער רעכט. אַזעלכער מישמאַש פֿון באַגריפֿן איז לאַכלוטן ניט רעכטמעסיק. אַ רעליגיעזער גלויבן ווי אַן

איבערגעגעבנקייט צו דער אָדער יענער אָנשווינגען־סיסטעם קאָן זיך ניט רעכענען אַלס אַן אייגנאַרטיקייט פֿון אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. מיר האַלטן דאָך ניט, צום בײַשפּיל, אַז קאַטאָליציזם שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט פֿון די איטאַליענער?!

קאָנטאַקטירנדיק מיט די טײַמענער אין משך פֿון פֿיל יאָרן, קאָן איך בעפֿיירעש זאָגן, אַז בײַ הײַנטיקן טאָג שטעלן מיט זיך פֿאָר די פֿאַנאַטיש איבערגעגעבענע צום איסלאַם אין דעם דאָזיקן לאַנד, וועלכע שטאַלצירן מיט דעם, וואָס נאָך באַם לעבן פֿונעם נאָווי מוכאַמעד האָבן זיי אָנגענומען זײַן רעליגיעזע דאָקטרינע, אַן אויסנאַם. אַ טײַמענער איז רעליגיעז געשטימט, באַזוכט די מעטשעט, הערט זיך צו צו פּריידיק־רעדעס און גיט אַפֿילע אָפּ זײַן זון אין אַ שול, וווּ מע דערלערנט דעם קאָראַן, און באַפֿעלט דער טאַטע צו נײַן יאָר פֿאַרדעקן דאָס פּאָנעם פֿאַרן אַרויסגיין אויף דער גאַס. אָבער דאָס אַלץ נעמט ניט אָן קיין פֿאַרקריפּלטע פֿאָרמען. און ווען ער פֿאַלט אַרײַן אין אַנדערע באַדינגונגען, וווּ מע קען זיך באַגיין אָן די דאָזיקע מינהאָגים, זאָגט ער זיך לײַכט אָפּ פֿון זיי. הונדערטער טויזנטער טײַמענער, וואָס לעבן אין די מײַרעוו־איראָפּעישע לענדער און אין פּשאַ, זײַנען רויִק אויוועך יעדן טאָג און יעדע שאָ אויף די פֿאַראָרדענונגען פֿונעם קאָראַן און פֿילן זיך לאַכלוטן ניט פֿאַרקלעמערט.

יעדעס לאַנד פֿאַרמאָגט קויכעס, וועלכע זײַנען פֿאַרינטערעסירט אין דעם, אַז עס זאָלן זיך פֿאַרהאַלטן די אָדער יענע סאָציאַלע אינסטיטוטן. אַזעלכע קויכעס זײַנען פֿאַראַן אויך אין טײַמען. הונדערטער פּריידיקער, געבילדעטע אויף זייער שטייגער, מיט גוט אויסגעפֿורעמטע שטימען, טײַטשן אויס די טאַקאָנעס פֿונעם קאָראַן, אָדער טראָגן די אָנווײַזונגען פֿון די אָפּיציעלע מאַכטן נעמען זיי זיך אָן צו קאָמענטירן אויף זייער אויפֿן די געשעענישן פֿון דעם אינערלעכן און אויסערלעכן לעבן פֿונעם לאַנד. די אָמערסטן פֿאַנאַטישע פּאַדערן, מע זאָל פֿאַרטרײַבן פֿונעם נאַציאָנאַלן אַנסאַמבל די מיידלעך און פֿון דער אָרטיקער טעלעוויזיע — די פֿרויען־דיקטאָרן, ווײַל דאָס אַנטשפּרעכט ניט, אויף זייער מיינונג, די געזעצן פֿונעם שאַריִאַט. נאָר דאָ איז אַלץ קאַפּויר. אין מוכאַמעדס צײַטן זײַנען די פֿרויען געגאַנגען מיט אָפֿענע פּנעמער, גענומען אַן אָנטייל אין קריגס־אָפּעראַציעס; דער מינהאָג צו באַדעקן דאָס פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַ סאַך שפּעטער.

אין מײַן לעצטן באַזוך איז מיר ניט איין מאָל אויסגעקומען צו שמועסן מיט די טײַמענער טעאָלאָגן וועגן די פּריאָריטעטן אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. איך האָב זיי אויפֿגעוואָרפֿן, אַז זיי קאָנען שאַבלאָנג אין זייערע דראָשעס זיך פֿאַרנעמען מיט אויסטײַטשן דעם באַגריף „מאַזל" אָדער „געטלעכע פֿאָרויסבאַשטימונג", אָבער קיינער פֿון זיי האָט קיינמאָל ניט אויסגענוצט זײַן אויטאָריטעט אין קאַמף מיט די נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין סאָציאַלן לעבן, האַגאַם זיי ברײַען אָפּט און גערן וועגן זייער בײַטראָג צו דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג פֿונעם לאַנד. קיינער פֿון זיי האָט ניט גערופֿן זייערע פּאַראַפֿיער אָפּצוהיטן די קלאָלים פֿון סאַניטאַריע און היגיענע, האַגאַם איבער דעם, וואָס די דאָזיקע קלאָלים ווערן ניט אויסגעפֿילט, שטאַרבן יעדעס יאָר אין לאַנד טויזנטער נײַ־געבוירענע. די מוסולמענישע פּריידיקער ברײַען וועגן גאַנײדן, אָבער קיין איין וואָרט ווערט איר פֿון זיי ניט הערן וועגן דעם, אַז טײַמען, וועלכן די רוימער האָבן אָנגערופֿן אין די אוראַלטע צײַטן „גליקלעכע אַראַוויע", ווײַל מע האָט פֿאַרמאָגט אַן אַנטוויקלטע לאַנדווירטשאַפֿט, גייט איצט אַרײַן, לויט דער אונאָ־סטאַטיסטיק, אין דער צאָל פֿון דרײַסיק סאַמע אָפּגעשטאַנענע לענדער אויף אונדזער פּלאַנעטע. אַפֿילע אַזעלכע ריינטײַמענישע דערשײַנונגען, ווי קײַען בלעטער פֿון קאַט — אַ געוויקס, וואָס אַנטהאַלט נאַרקאָטישע שטאָפֿן, בלײַבן אויסער דער ווירקונג מיצאַד דעם איסלאַם, האַגאַם גראַד דאָ, אין דעם געביט, וואָלטן די פּריידיקער געקאָנט באַווײַזן זייער קונסט פֿון שיין־ריידן און אײַנשליסן זיך אין דער קאַמפּאַניע, וואָס עס פֿירן די טײַמענער צײַטונגען קעגן דעם ברויכן אָט דעם נאַרקאָטיק.

ווען עס גייט אַ רייד וועגן דעם שאָדן פֿונעם קאַט, קאָן מען אײַנצײַטיק הערן וועגן דעם נוץ פֿון פֿלאַנצן דעם באַוווּסטן טײַמענישן קאַפֿע. איך האָב דאָס דערפֿילט אויף זיך זעלבסט. איינמאָל האָבן אָפּן וועג פֿון סאַנאַ קיין טאַיז מײַנע טײַמענער פֿרײַנט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל און, אָנווײַזנדיק מיט אַ מאַיעסטעטישן זשעסט אויף די טעראַסעס, וואָס ציִען זיך פֿונעם באַרגפֿוס ביזן שפּיץ און זײַנען פֿאַרזעצט מיטן קאַט, זיך געקלאָגט, אַז די טײַמענער קאַפֿע־קולטור, וועלכע איז געווען ברייט באַוווּסט אין דער מיטלאַלטערלעכער איראָפּע, דעגראַדירט בעהאַדראָגעדיק. אויך נאָך הײַנט רופֿט מען די בעסטע סאָרטן קאַפֿע „מאָקאָ" לויטן נאָמען פֿון אַ קלײנינקן טײַמענער פּאָרט מאָכאָ, פֿונוואַנען די איראָפּייער האָבן אָנגעהויבן אין 18־טן יאָרהונדערט דעם אומיטלבאַרן עקספּאָרט פֿון קאַפֿע.

עס קומט מיר אויפֿן זיקאָרן די לעגענדע וועגן דעם, וויאַזוי עס האָט אין טײַמען זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן קאַפֿע; די לעגענדע האָט פֿאַרשריבן אין 1671 דער מאַראָניטער מאָנאַך אַנטאָניִאָ פֿאַוסטאָ נאַיראָנע. לויט דער דאָזיקער לעגענדע, האָבן די דינער פֿונעם מוסולמענישן מאָנאַסטיר שאַכאַד לעבן טאַיז און די אָרטיקע פּאַסטעכער באַמערקט, אַז די ציגן, וועלכע האָבן זיך געפּאַשעט אין די בערג, פֿירן זיך אויף באַנאַכט ניט רויִק, בלעקעך, שלאָגן זיך. אַזאַ מאָדנע אויפֿירונג פֿון די באַלעכאַיִם איז

געווען פֿאַרבונדן מיט דעם, וואָס באַטאָג האָבן די ציגן געגעסן די טונקל־רויטע יאַגעדעס, אין יעדערער פֿון זיי האָבן זיך געפֿונען צוויי העל־גרינע קערנדלעך. די מוסולמענישע כאַכאָמים האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז דעם דאָזיקן קוסטאַרניק האָבן געבראַכט קיין טײַמען די עטיאָפּישע קריסטן און פֿאַרפֿלאַנצט אויפֿן טײַמענער באָדן, אָבער אינגיכן איז ער פֿאַרווילדעוועט געוואָרן. זיי האָבן אויף זיך געפּרוּווט די ווירקונג פֿונעם אָפּזאָט פֿון די קערנדלעך און זיך איבערצײַגט, אַז זיי פֿאַרמאָגן אַן אויפֿרעגנדיקע ווירקונג. די מוסולמענישע כאַכאָמים האָבן אָנגערופֿן דאָס דאָזיקע געוויקס „קאָפֿע", לויטן נאָמען פֿון דער עטיאָפּישער פּראָווינץ קאַפֿאַ, פֿונוואַנען ס'איז געבראַכט געוואָרן דאָס געוויקס.

קאָפֿע האָט באַקומען דעם נאָמען פֿונעם מוסולמענישן ווײַן, הגם אין די מוסולמענישע לענדער איז אין מיטלאַלטער געווען פֿאַרבאָטן דער דאָזיקער געטראַנק און זײַנע ליבהאָבער פֿלעגט מען שטרענג שטראָפֿן. אין 1511 איז אין מעקע, אינעם פּאַלאַץ פֿון כייר־בעק, דעם באַפֿולמעכטיקטן פֿונעם עגיפּטישן סולטאַן, פֿאָרגעקומען אַ טעאָלאָגישער וויכוח וועגן קאָפֿע. ער האָט געדויערט עטלעכע טעג, אָבער די טעאָלאָגן האָבן ניט געקאָנט קומען צו אַן איינשטימיקער מיינונג, אונטערן דרוק פֿונעם עגיפּטישן באַפֿולמעכטיקטן, דעם קעגנער פֿון קאָפֿע, האָבן זיי באַשטימט צו רעכענען קאָפֿע אַלס אַ „ניט־געוווּנטשענע" זאַך. אָבער דער געפֿלײַסטער באַפֿולמעכטיקטער האָט געשיקט אין דער שטאָט זײַן וואַך, און זי האָט צעשטערט עטלעכע קאָפֿיינעס און זייערע באַזוכער אַרײַנגעזעצט אין טורמע.

אין מעקע און דזשידע איז פֿאַרווערט געווען צו ברויכן קאָפֿע, און פּילצאָליקע קאַראַוואַנען האָבן פֿאַרשפּרייט די דאָזיקע נײַס. די מוסולמענישע וועלט האָט אינגיכן זיך צעשפּאַלטן אויף אָנהענגער און קעגנער פֿון קאָפֿע. די און יענע האָבן קאָנסאָלידירט זייערע רייען און פֿיבערהאַפֿטיק געזוכט רײַעס אויף צו דערווײַזן זייער גערעכטיקײַט. אָבער אינגיכן האָבן די פּאָליטישע געשעענישן פֿאַרשטעלט די דאָזיקע וויכוחים: אין 1517 האָט דער טערקישער סולטאַן סעלים I צוגעייניקט עגיפּטן און דאָס אַראַווישע האַלב־אינדזל צו זײַן אימפּעריע. אין דער אָסמאַנישער אימפּעריע האָט קאָפֿע זיך גערעכנט אַלס אַ געטראַנק פֿון מיליטערלײַט, וועלכע ער פֿלעג אונטערמונטערן בײַס גרויסע מאַרשן, און אויך פֿון פֿילאָסאָפֿן, ווען ער פֿלעג צוגעבן כאָכמע. קאָפֿע איז געוואָרן אַ טערקישער נאַציאָנאַלער געטראַנק און באַגלײַך מיט ברויט און וואַסער געהאַט אַ שטענדיקן נאָכפֿרעג.

די פּאָזיציעס פֿון די קעגנער פֿון קאָפֿע זײַנען אונטערגעריסן געוואָרן, און אין 1554 האָבן צוויי סירישע סאָכרים געעפֿנט אין סטאַמבול, אויפֿן ברעג פֿון דער בוכטע „דער גאָלדענער האָרן", די ערשטע קאָפֿיינע. זי האָט זיך גערופֿן „מאַקטאַב אַל־אירפֿאַן", וואָס מע קאָן איבערזעצן ווי „אַ קלוב פֿון געבילדעטע מענטשן", און קאָפֿע האָט מען אָנגעהויבן רופֿן „מילך פֿאַר שאָך־שפּילער און דענקער". דער וווּנדערלעכער מיזרעכדיקער געטראַנק, וועלכער איז צום ערשטן מאָל צוגעגרייט געוואָרן אין טײַמען, גייט צוביסלעכווײַז אַרײַן אין געברויך בײַ דער אייראָפּעיִשער אַריסטאָקראַטיע. אין 1652 עפֿנט זיך די ערשטע קאָפֿיינע אין לאָנדאָן, אין 1671 — אין מאַרסעל, אין 1672 — אין פּאַריז.

אָבער די ברייטע פֿאַרשפּרייטונג פֿון קאָפֿע אין אייראָפּע איז פֿאַרבונדן מיטן נאָמען פֿונעם פּוילישן אָפּיצער געאָרגי קאָלטשינסקי. אין אויגוסט 1683 איז אַ ריזיקע טערקישע אַרמיי בעראָש מיטן גרויסן וויזיר קאַראַ מוסטאַפֿאַ געשטאַנען לעבן די ווענט פֿון ווין. ווייסנדיק, אַז אויב די טערקן וועלן פֿאַרנעמען ווין, וועט דאָס עפֿענען זיי דעם וועג אין די אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, האָבן די קריסטלעכע קייסאָרים פֿון צענטראַל־אייראָפּע פֿאַראייניקט זייערע קויכעס צוליב קענען געבן אַ ווידערשטאַנד דעם גרויזאַמען קעגנער. קאָלטשינסקין, וועלכער האָט זיך געפֿונען אינעם באַלאַגערטן ווין און געקענט די טערקישע שפּראַך, האָט מען באַפֿוילן איבערצוגעבן אַ דעפּעש דעם הערצאָג שאַרל לאָראַנסקי, דעם קאָמאַנדיר פֿון דער פֿאַראייניקטער אַרמיי פֿון די פֿאַרבינדעטע, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון פּאָליאַקן און פֿון אָטריאַדן פֿון גערמאַנישע פֿירשטן.

קאָלטשינסקי האָט גלענצנד אויסגעפֿילט די אויפֿגאַבע, און מע האָט אים צוגעזאָגט באַלוינען מיט צוויי טויזנט פֿלאָרינען פֿון די טראָפֿייען, וועלכע וועלן גענומען ווערן בײַ די טערקן. אַלס אַ צייכן אויף אָפּצומערקן זײַנע פֿאַרדינסטן האָט מען אים אויך צוגעזאָגט, אַז ער וועט זײַן אַן ערן־בירגער פֿון ווין און וועט באַקומען אַ דאָקומענט, וואָס דערלויבט אים זיך צו פֿאַרנעמען מיט וועלכן ער וויל פֿאַך.

אין אַ פֿאַרביסענער שלאַכט האָבן די פּאָליאַקן און דײַטשן געזיגט. אין די הענט פֿון די זיגער און די אויסגעהונגערטע אין מעשעך פֿון דער לאַנגער באַלאַגערונג ווינער טוישווים איז אַרײַנגעפֿאַלן אַ גראַנדיעזער זאַק־רויב, דערין פֿינף הונדערט זעק מיט טונקעלע קערנדלעך, וואָס האָבן אַ געשמאַקן אַראָמאַט. אויף וואָס דינען זיי, האָט קיינער ניט געוווּסט. עמעס, אַ לייטענאַנט, דער קאָמאַנדיר פֿון אַ באַוואַרישן דראַגון־אָטריאַד, וועלכער האָט פֿאַרכאַפּט דעם טערקישן אָבאָז, האָט עפּעס געהערט, אַז מיט אָט די קערנדלעך האָדעווען די טערקן זייערע קעמלען, אָבער אַזוי ווי אין אייראָפּע זײַנען קיין קעמלען ניט פֿאַראַן, האָט ער באַפֿוילן אַרויסוואַרפֿן די זעק אין דונײַ. און דאָ האָט זיך באַוויזן קאָלטשינסקי. ווער־ווער, נאָר ער האָט געוווּסט, אויף וואָס עס דינען די קערנדלעך, און זיך געאײַלט אַרײַמישן זיך. דעם בראַוון פּאָליאַק האָט מען ניט געקאָנט אָפּזאָגן, און אינגיכן זײַנען אַלע זעק מיט

קאַפֿע, פֿאַרנומענע בײַ די טערקן, געוואָרן זײַנס אַן אייגנטום. קאָלטשינסקי האָט באַקומען אַ דערלויבעניש אַף צו עפֿענען אַ קאַפֿיינע אין ווין, לעם טורעם פֿונעם הייליקן סטעפֿאַן.

די רײַכע ווײַנגערטנער אַרום ווין זײַנען געווען אויסגעטאָפּטשעט און פֿאַרברענט מיצאַד די טערקן, און ס'איז מער ניט געבליבן ווי אָנשטאָט ווײַן פֿאַרזוכן דעם געטראַנק, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אין דער טאַווערנע בײַם הייליקן סטעפֿאַנס טורעם. אָבער איינגיכן איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל. זייער פֿריש זײַנען נאָך געווען די דערינערונגען וועגן דעם טערקישן אָנפֿאַל, אַז די ווינער, וועלכע זײַנען עטלעכע כאָדאָשים געזעסן באַלאַגערטע, זאָלן קאָנען רויִק דעגוסטירן קאַפֿע אַף טערקיש. אָבער קאָלטשינסקי איז געווען ניט בלויז אַ דרייסטער אָפֿיצער, נאָר אויך אַן אונטערנעמפֿעיִקער געשעפֿטמאַכער. אויב עס געפֿעלט אײַך ניט קאַפֿע אַף טערקיש, וועלן מיר מאַכן קאַפֿע אַף וויניש. און אָט שיט ער אַרײַן אין זודיק וואַסער קאַפֿע, לאָזט עס דורך דורך אַ פֿילטער, גיט צו אין יעדער טשאַשקע דרײַ לעפֿעלעך מילך און אַ ביסל האָניק, און קאַפֿע אַף וויניש איז גרייט. קאָלטשינסקיס דערפֿינדונג האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּאַכעד אַף די טערקן, אָבער די ווינער מעשטשאַנעס האָבן ליב באַקומען דעם דאָזיקן געטראַנק. און ווען קאָלטשינסקי האָט באַשטעלט בײַם ווינער בעקער קראַפֿף בולקעלעך אין דער פֿאָרם פֿון אַ האַלב־לעוואָנע (זיי האָבן זיך גערופֿן „קיפּפֿעל"), זײַנען די פּאַטריאָטישע געפֿילן פֿון די ווינער טוישווים געווען פֿולקום באַפֿרידיקט. פֿון דאַן האָט אַ זעלטענער טוישעוו פֿון ווין אָפּגעזאָגט זיך פֿונעם פֿאַרגעניגן אויסצוטרינקען אַ טשאַשקע קאַפֿע אַף וויניש מיט אַ בולקעלע, וואָס האָט די פֿאָרם פֿון דער פֿאַרהאַסטער האַלב־לעוואָנע, וועלכע האָט געקרוינט די טערקישע פֿאָנען.

אין דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק אַרבעט מען בײַ הײַנטיקן טאָג אויס מער פֿון צוויי טויזנט טאָן קאַפֿע אַ יאָר. אין מיניסטעריום פֿון לאַנדווירטשאַפֿט איז געגרינדעט אַ ספּעציעלע פֿאַרוואַלטונג, מיט וועלכער עס פֿירט אָן דער ענערגישער אַבדעל כאַלים אַבדאַלאַ און דער ראָש פֿונעם פּראָיעקט אַבדעל אַזיז זאַריקאַ.

— דער גרעסטער טייל קאַפֿע־ביימער זײַנען בײַ אונדז אַלט פֿופֿציק־זעכציק יאָר. דאָס הייסט, אַז זיי ברענגען שוין ניט קיין פּרוכטן אָדער וועלן איינגיכן אויפֿהערן צו ברענגען, — זאָגט אַבדעל אַזיז זאַריקאַ, — דערפֿאַר צעטיילן מיר טשעפּקעס פֿון אונדזערע דרײַ פּלאַנצגערטנער. אָבער דאָס איז דאָך ווייניק! די אַגראָטעכניק איז געבליבן אַזאַ, ווי זי איז געווען מיט הונדערט, צוויי הונדערט יאָר צוריק. די ביימער אַף די קאַפֿע־פּלאַנטאַציעס זײַנען פֿאַרזעצט זייער געדיכט, די אומנוצלעכע צווײַגן שנײַדט מען ניט אָפּ, מע נוצט ניט אויס קיין כימיקאַטן קעגן די שעדיקער, און די קראַנקהײַטן, וועלכע באַווײַזן זיך אין איין ראַיאָן, צעשפּרייטן זיך אַף אַנדערע ראַיאָנען. און דער איקער — דער מאַנגל אין וואַסער. מיר דאַרפֿן האָבן אַרטעזיאַנישע ברינעמער און מאָדערנע מעטאָדן פֿון אַגראָטעכניק, אויב מיר ווילן אומקערן דעם רום פֿונעם טײַמענישן קאַפֿע.

אַבדעל אַזיז ווערט אַנשוויגן, און זײַן אומיטלבאַרער נאַטשאַלניק אַבדעל כאַלים פּרוּווט צוגעבן עטלעכע העלע טענער צום פֿינצטערן בילד, וואָס עס האָט געשילדערט זײַן אונטערגעאָרדנטער.

— מע קאָן ניט זאָגן, אַז בײַ אונדז טוט זיך גאָרניט. — הייבט ער אָן פֿונדערווײַטן. — מיר האָבן שוין דרײַ פּלאַנצגערטנער, און צענדליקער טויזנטער ביימעלעך זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן די פּויערים פֿון די באַרג־ראַיאָנען. מיר בעטן, מע זאָל מאַכן נאָך פֿינף נײַע פּלאַנצגערטנער, מע זאָל אָרגאַניזירן צען אַגראָטעכנישע פּונקטן, וווּ מע וועט לערנען די פּויערים, וויאַזוי פּלאַנצן קאַפֿע מיט דער הילף פֿון מאָדערנע מעטאָדן. מיר בעטן, מע זאָל קאָמפּלעקטירן די אַלע אָרגאַניזאַציעס מיט ספּעציאַליסטן און אַגראָנאָמען. אָבער עס זײַנען פֿאַראַן זאַכן, וואָס זײַנען אָפּהענגיק ניט פֿון אונדז. צי ווייסט איר, אַז דער הויפּט־קאָנקורענט און, כ'וואָלט געזאָגט, דער סוינע פֿונעם טײַמענער קאַפֿע איז קאַט?

אַבדעל כאַלים קוקט אַף מיר, וואַרטנדיק, מיסטאָמע, אַז איך, ווי אַן אויסלענדער, וועלכער איז ניט באָקי אין די געוווינהײַטן פֿון די טײַמענער, וועל זיך פֿאַרהאַקן אין אַ טעמפּן ווינקל פֿון זײַן ריטאָרישער פֿראַגע וועגן דעם הויפּט־סוינע פֿונעם טײַמענער קאַפֿע.

דעם עמעס זאָגנדיק, ווייס איך, וואָס עס איז אַזוינס קאַט, כ'האָב אַפֿילע אים געפּרוּווט, אָבער איך וויל הערן די מיינונג פֿון ספּעציאַליסטן. דערפֿאַר וואַקל איך זיך אַ ביסל און שאָקל מיטן קאָפּ — „ניין".

— איז אָט הערט מיך, — זעצט פֿאָר באַלערעוודיק אַבדעל כאַלים. — קאַט וואַקסט אַף די זעלבע פֿעלדער, וווּ עס וואַקסט קאַפֿע. קאַפֿע־קערנדלעך וועט דער פּויער באַקומען אין בעסטן פֿאַל נאָך פֿינף יאָר שווערער האָרעוואַניע. אָבער דעם קוסטאַרניק קאַט קאָן מען שוין איבער אַ יאָר, אין ערגסטן פֿאַל — איבער צוויי יאָר, אַרומרײַסן און אַרויסטראָגן אויפֿן מאַרק. דער דאָזיקער קוסטאַרניק איז, קאָן מען זאָגן, אַ ווילדגראָז, וואָס פּאָדערט ניט קיין אויפֿזיכט, מע דאַרף אים ניט באַוואַסערן און באַגיטיקן. אַדאַנק דעם וווּקס פֿון די האַכנאָסעס, וואָס ווערן אַריבערגעפֿירט פֿון אויסלאַנד מיצאַד די עמיגראַנטן, פֿאַרגרעסערט זיך די צאָל פֿון מענטשן, וועלכע קאָנען זיך דערלויבן אַזאַ טײַערן און צווייפֿלהאַפֿטן פֿאַרגעניגן. צי ווייסט איר, וויפֿל עס קאָסט אַ קילאָ קאַפֿע און אַ בינטל קאַט?

איך האָב געמאַכט אַ פֿאַרנייגונג־זשעסט: ווירקלעך, קאַפֿע פֿלעג איך קויפֿן, אָבער קאַט, אויב איך האָב אים יאָ געקײַעט, איז געווען מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, און באַקומען האָב איך אים אומזיסט — מע האָט מיך מעכאַבעד געווען.

— איין קילאָ קאַפֿע קויפֿט אַ סויכער באַם פּויער פֿאַר צוואַנציק ריִאַלן, און אַ בינטל קאַט קאָסט פּופֿציק — זיבעציק ריִאַלן און נאָך מער. וויִאַזוי קאָן דער פּויער, וואָס פֿאַרפֿלאַנצט קאַפֿע, קאָנקורירן מיטן קאַט! עס פֿאָדערט זיך אַ מעלוכישע רעגולירונג, מע דאַרף געבן מעלוכישע דאָטאַציעס און באַפֿרײַען די, וועלכע אַרבעטן אויס קאַפֿע, פֿון שטײַערן. אָן דער מעלוכישער הילף וועלן מיר גאָרנישט ניט מאַכן. מיר האָבן איצט אין לאַנד גענוג אַנדערע דײַגעס, אָבער, — אַבדעל כאַלים העכערט זײַן קאָל, — אומקערן דעם רום פֿונעם טײַמענישן קאַפֿע — דאָס איז אונדזער נאַציִאָנאַלע פֿליכט, די פֿליכט פֿון אונדזער יונגער אינטעליגענץ און פֿון ספּעציִאַליסטן.

אין סאָף 1987 וועט ווערן 60 יאָר זינט עס זײַנען אַנטשטאַנען די ערשטע אָפֿיציִעלע קאָנטאַקטן צווישן די פֿעלקער פֿון אונדזערע צוויי לענדער. באַ הײַנטיקן טאָג קאָן מען אין דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק באַמערקן אַ כאַך סימאָנים פֿון דער סאָוועטיש־טײַמענער מיטאַרבעט. אױף דעם ווײַזן אָן הונדערטער ספּעציִאַליסטן, צוגעגרייטע אין די סאָוועטישע אינסטיטוטן און טעכניקומען (זיי פֿאַרנעמען פֿאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס אין דער אַרמיי און אין מעלוכע־אַפּאַראַט); דער מאָדערנער פּאָרט כאָדיידאַ, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט; אַ צעמענט־זאַוואָד אין באַדזשילאַ; אַ מעלוכישע פֿערמע אין סורדוד; אַ שפּיטאָל אין סאַנאַ; דרײַ שולן, אויסגעבויטע אַלס אַ מאַטאָנע דעם טײַמענישן פֿאָלק אין סאַנאַ, טאַיִז און כאָדיידאַ. מע קאָן אויך דערמאָנען די טראַסע כאָדיידאַ — טאַיִז, וווּ די אָנווײַזער זײַנען ביז איצט אָנגעשריבן אױף צוויי שפּראַכן — אַראַבישער און רוסישער. איך בין אױף דער טראַסע געפֿאָרן פֿרילינג 1982 און געזען, וויִאַזוי עמעצער פֿון די טײַמענער האָט פֿלײַסיק באַנײַט מיט ווײַסער פֿאַרב די אויסיִעס פֿונעם רוסישן אַלעפֿבייס אױפֿן אָנווײַזער, וואָס שטייט באַם צונויפֿגוס פֿון די טראַסעס כאָדיידאַ — סאַנאַ און כאָדיידאַ — טאַיִז — „ביז כאָדיידאַ 16 קמ.".

אין דעקאַבער 1982 איז אין דער צענטראַלער פּראָווינץ דאַמאַר פֿאָרגעקומען אַן ערדציטערניש. די אונטערערדישע שטויסן, וואָס האָבן געדויערט אין מעשעך פֿון עטלעכע טעג און האָבן געהאַט אין עפּיצענטער דעם קויעך פֿון 7 באַלן לויט דער ריכטער־שקאַלע, האָבן צעשטערט די דאָרעסדיקע פּויערישע הײַזלעך, אויסגעלייגטע פֿון גראָב־אָפּגעטעסעוועטע שטיינער, אָן פֿונדאַמענטן. אַזאַ סטיכייִשער אומגליק איז אין טײַמען שוין ניט געווען מער פֿון הונדערט יאָר. די רעגירונג האָט אָנגענומען דרינגלעכע מיטלען אױף צו העלפֿן די ראַיאָנען, וואָס האָבן געליטן פֿון דער ערדציטערניש. דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד, זײַענדיק איבערגעגעבן זײַנע פֿרײַנטלעכע געפֿילן, איז ניט געשטאַנען אין דער זײַט. פּופֿציק סאָוועטישע ספּעציִאַליסטן האָבן אָפּגעגעבן זייער בלוט פֿאַר די פֿאַרוווּנדעטע טײַמענער. דער אויספֿירקאָם פֿונעם פֿאַרבאַנד פֿון די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס פֿונעם רויטן קרייץ און פֿון דער רויטער האַלב־לעוואָנע האָבן געשיקט אַ ספּעציִעלן אַעראָפּלאַן מיט מעדיקאַמענטן, איבערבינדונגס־מאַטעריאַלן, פּאַלאַטקעס, קאָלדרעס און קינדער־עסנוואַרג. אין מאָסקווע איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס איבערצוגעבן אַלס אַ מאַטאָנע דעם טײַמענישן פֿאָלק 250 טאָן אַרמאַטור־אײַזן און 600 קובישע מעטער האָלצוואַרג, — פֿאַר טײַמען, וואָס פֿאַרמאָגט ניט קיין וועלדער, איז דאָס בעעמעס געווען אַ גרויסע מאַטאָנע. אין דער טײַמענער אַראַבישער רעפּובליק זײַנען אַרויסגעפֿאָרן סאָוועטישע ספּעציִאַליסטן, וועלכע האָבן צוגעגרייט רעקאָמענדאַציעס, וויִאַזוי צו בויען סייסמאָהאַפּטיקע אָביעקטן; זיי האָבן אויך געהאָלפֿן גרינדן די נאַציִאָנאַלע סייסמאָלאָגישע דינסט.

איך האָב פֿאַרלאָזט צאָפֿן־טײַמען מיט געפֿילן פֿון פֿרייד און באַפֿרידיקונג: דעם העמשעך פֿון ערלעכער אַרבעט פֿון סאָוועטישע מענטשן, דיפּלאָמאַטן און ספּעציִאַליסטן אינעם לאַנד, וואָס איז דערווײַטערט פֿון מאָסקווע אױף זעקס טויזנט קילאָמעטער, קאָן מען זען אױף שריט און טריט. און אַלע טײַמענער, אָנהייבנדיק פֿון באַוווּסטע מעלוכישע טוער און ענדיקנדיק מיט פּאָשעטע פּויערים און אַרבעטער, ווי אַלע באַרגלײַט, דערוויסנדיק זיך, אַז איר זײַט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וועלן ניט דורכלאָזן די מעגלעכקײַט איבערצוגעבן זייער דאַנק פֿאַרן אונטערהאַלטן די סענטיאַבער־רעוואָליוציע פֿון 1962, פֿאַר דער פּאָליטישער הילף און עקאָנאָמישער שטיצע. אין דעם באַשטייט די קראַפֿט פֿון דער סאָוועטיש־טײַמענער פֿרײַנטשאַפֿט, מיט וועלכער עס שטאָלצירן מיט פֿולער רעכט די פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד און פֿונעם קליינעם אַראַבישן לאַנד, וואָס ליגט אױפֿן דאָרעם פֿונעם אַראַווישן האַלב־אינדזל.

ייִדיש — י. לאַכמאַן

■ ■ ■

צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון אַ פאָלקס־קינסטלער

אַלעמאָל, ווען איך ריר זיך צו צו די שאַפונגען פון אָט דעם פילאָסאָפיש דענקענדיקן מאָלער און גראַפיקער, איבערצײַג איך זיך אַן איבעריק מאָל אין דעם, ווי רײַך און פילאַרטיק עס איז געווען זײַן שעפערישער וועג.

איך האָב אים פיל מאָל געזען אין לעבן און אים אויך געזען אין גרויליקן טאָג פון זײַן אוועקגיין אין דער אייביקײַט, ווען באַם אָרן זײַנען געזאָגט געוואָרן אַזויפיל פאַרדינטע שוואָכים, מערערע ווי ער האָט זיי געקאָנט הערן באַ זײַן לעבן.

איך בלעטער די אַלבאָמען און קאַטאַלאָגן צו מענדל גאָרשמאַנס אויסשטעלונגען, און עס שווימען אויף פאַר מײַנע אויגן דעם קינסטלערס פאַרכאַפנדיקע גראַפישע בלעטער, פּייזאַזש־בילדער, געשטאַלטן פון מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס. גלײַכצײַטיק דערמאָנט מיר דער קויעך־האַדימיען דעם קינסטלער גאָרשמאַן אַ טעטיקן באַ דער אַרבעט אין זײַן מאָלער־וואַרשטאַט, וווּ ער פלעג פאַרברענגען די מערסטע שאָען פונעם מעסלעס. אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אויס, ביזן סאָף פון זײַן לעבן.

אין דער קינסטלערישער פּערזענלעכקײַט פון מענדל גאָרשמאַן, דעם מאָלער און אילוסטראַטאָר, האָט די ייִדישע קלאַסישע און הײַנטצײַטיקע ליטעראַטור געפונען אַ זעלטענעם אינטערפּרעטאַטאָר און אומדערמידלעכן פּאָפּוליאַריזאַטאָר.

אַף די ביכער־פּאָליצעס באַ די שעצער און ליבהאָבער פון פּאָליגראַפישער קונסט קאָן מען זען באַנאַנד מיט וולאַדימיר פּאַוואָרסקיס אויסטערליש־אילוסטרירטע אויסגאַבעס אַזעלכע, ווי „דאָס געזאַנג וועגן איגאָרס כאַיל״, „רות״ און אַנדערע, מענדל גאָרשמאַנס אילוסטראַציעס צו די ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען און מענדעלע מויכער־ספאָרימען, צו מ. דאַניעלס „יוליס״.

גאָרשמאַן איז געווען אַ טיף־עמאָציאָנעלער מײַסטער אין דער אַקוואַרעל־טעכניק. זײַנע גאַלערייען פּאָרטרעטן און סעריעס פּייזאַזשן קאָנען שטיין אין איין ריי מיט די מוסטערן פון אַזאַ אָנגעזעענעם קינסטלער, ווי נ. קופּריאַנאָוו, דעם גרינדער פון די קונסט־וואַרשטאַטן אין דער שטאָט קאָסטראָמאַ, באַ וועמען מענדל גאָרשמאַן, אַן אַכצניאָריק ייִדיש באָכערל פון אַ ווײַסרוסיש שטעטל, האָט זיך געלערנט צו באַהערשן די סודעס פון מאָלערײַ. שפּעטער, אין יאָר 1922, פאָרט דער יונגער קינסטלער אַריבער קיין מאָסקווע, וווּ ער זעצט פאָר זײַן לער אין באַרימטן וכוטעמאַס — דער העכסטער אין יענע יאָרן סאָוועטישער קונסט־שול פון אַ לאַכלוטן נײַעם טיפּ.

זײַנע לערער זײַנען דאָרט געווען אַזעלכע גלענצנדע קינסטלער, ווי וולאַדימיר פּאַוואָרסקי, פּאַוועל מיטוריטש. אין וכוטעמאַס האָט אים אָפּגעגליקט ווידער צו באַגעגענען זיך מיט נ. קופּריאַנאָוו, מיט וועמען ער איז געווען פרײַנטלעך און שעפעריש פאַרבונדן אין משך פון זײַן גאַנץ לעבן. גאָרשמאַן האָט געשריבן אין זײַנע דערמאָנונגען:

„אין נײַ־באָריסאָוו, אין מײַן געבוירן־שטעטל, וווּ איך האָב געלעבט ביז די יוגנט־יאָרן, איז געווען אַ קינסטלער מיט לאַנגע האָר, נאָך וועמען איך פלעג שטענדיק נאָכגיין פונדערווײַטנס. באַגלייט אים האָב איך אויך אין וועג אַרײַן — נאָך עטיודן, כ׳פלעג, ווידער פונדערווײַטנס, נאָכשפּירן, וויאַזוי ער אַרבעט, זען, וויאַזוי עס ווערט געבוירן אַ מאָלעריש בילד. דאָס איז געווען די ערשטע פרייד פון מײַן באַריר מיט דער קונסט...״

מ. גאָרשמאַנען האָט אַף שטענדיק זיך פאַרגעדענקט זײַן דיפּלאָם־אַרבעט, בעשאַס ער איז צוליב דעם אַרומגעפאָרן איבער די שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד, וועלכע זײַנען אים פון דער קינדהײַט פאַרבליבן ליב און טײַער. דער יונגער קינסטלער שאַפט דעמלט זעקס פאַרביקע ליטאָגראַפיעס, פאַראייניקטע אונטער איין אַלגעמיינעם נאָמען „דאָס שטעטל״. צו דער טעמע ווערט ער, אייגנטלעך, צוגעבונדן אין אַלע פּעריאָדן פון זײַן שאַפונג.

אַזאַ שעפעריש אָנגעשטרענגטן, ווי אַף זײַן אויטאָפּאָרטרעט, אין אַ שטרויענער הוט, מיטן פּענדזל אין דער האַנט, האָט מען מענדל גאָרשמאַנען געקאָנט זען אַף די נײַ־בויונגען פונעם לאַנד, אין די סאַמע „הייסע״ און פאַראַנטוואָרטלעכע ערטער פון די אַרבעטס־פראָנטן — אַפן ווײַטן מיזרעך, אין דאָנבאַס, אין די קאָלווירטן פון קרים, באַ די פישער פון קאַספּי. אָבער וווּ ער זאָל ניט זײַן, קערט ער זיך אום צו זײַן גוירלדיקער טעמע — צו די טיפּאַזשן פון שאָלעם־אַלייכעמען און פּערעצן, צום זיידן מענדעלע, צו די ווערק פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, צו איסאַק באַבעלס „קאָנאַרמיִע״, וועלכע ער האָט, אַגעוו, אילוסטרירט דער ערשטער.

נאָך דער פאָטערלענדישער מילכאָמע זעצט פאָר גאָרשמאַן זײַן אַקטיווע מיטאַרבעט מיט די פאַרלאַגן אַלס אַנערקענטער און פּאָפּולערער אילוסטראַטאָר, איבערגעבנדיק אַף אַן אייגענעם אויפן די סאַמע פאַרשיידנסטע כאַראַקטערן פון די פּערסאָנאַזשן, דעם קאָלאָריט פון די קאָסטיומען, די לאָקאַנישע אויסדריקלעכקײַט פון די אינטעריערן.

אַנומלטן זײַנען אַף אַ מאָסקווער אויסשטעלונג באַוויזן געוואָרן בלויז דרײַ זײַנע אַרבעטן: צוויי טענץ און אַ כאַראַקטער־בילד פון אַ מעשוגענעם. אָבער סאַראַ אויפמערקזאַמקײַט זיי האָבן פאַרדינט מיצאַד די באַזוכער! מיר זעען אין דעם טאַנץ פיר באַיאָרטע ייִדן, פולע מיט ענערגיע און לעבנסלוסט, און לויטן כאַראַקטער זײַנען דאָס פיר באַזונדערע געשטאַלטן. איבערגעבן אַזאַ פאָלקס־כאָרעאָגראַפיע, אַזאַ עקספּרעסיע, האָט געקאָנט נאָר אַזאַ קינסטלער, ווי מענדל גאָרשמאַן, וועלכער האָט פון דער קינדהײַט אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם שטייגער און די זיטן פונעם פאָלק.

י. שוסטער

■ ■ ■

דמיטרי ברודני

# וואָס עס קאָן פּאַסירן...

## אָנגעהויבן האָט עס זיך פֿון אַן עפּל

פֿאַרשיידענע טרעפֿן זיך אין לעבן צופֿאַלן. אָט איז איינער אַזאַ, וואָס האָט פּאַסירט אין דער מישפּאָכע פֿונעם גרויסן רוסישן אַקטיאָר מיכאיל סעמיאָנאָוויטש שטשעפּקין. וועגן דעם דאָזיקן צופֿאַל האָט ליב געהאַט דערציילן זײַן אוריינקל.

אין שטשעפּקינס פֿאַמיליע איז דער פּירשט אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש אורוסאָוו געווען אַן אייגענער מענטש. ער איז נאָך ניט געווען קיין באַוווּסטער אַדוואָקאַט און קיין באַרימטער טעאַטראַלער קריטיקער. באַרימט איז ער געוואָרן שפּעטער, אָבער אין יענער צײַט האָט ער זיך נאָך געלערנט אין דער גימנאַזיע.

מיכאיל סעמיאָנאָוויטש האָט געשעפּט נאַכעס פֿון זײַן זונס פֿרײַנטשאַפֿט מיט אורוסאָוון, האגאַם די יונגעלײַט האָבן זיך אונטערשיידט סײַ אין די יאָרן, סײַ לויטן מאַצעוו זייערן. פּיאָטערן האָט מען שוין גערופֿן באַם נאָמען און פֿאָטערנאָמען, געאַרבעט האָט ער אין מאָסקווער קרײַז־געריכט. אַלעקסאַנדער אורוסאָוו האָט ערשט געגרייט זיך צו ווערן אַן אַדוואָקאַט.

פּיאָטער מיכײַלאָוויטש האָט אַזוי ליב באַקומען זײַן ייִנגערן פֿרײַנט, אַז ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אויסגעבן פֿאַר אים זײַן עלטערע טאָכטער אָלגע. עס קאָן זײַן, אַז אַזוי וואָלט טאַקע געשען, ווען עס מישט זיך ניט אַרײַן א צופֿאַל...

אַרויסטרעטנדיק אויפֿן ערשטן פּראָצעס זײַנעם, האָט אורוסאָוו אים גלענצנדיק דורכגעפֿירט און געוווּנען לעטויוועס זײַן קליענט. דער גליקלעכער קאַנדידאַט אויף א געריכט־שטעלע האָט באַשטימט קוידעמקאָל צעטיילן זײַן פֿרייד מיט אַלעמען. אָנגעזאַמלט א גרויסן קויש פֿרוכטן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צו די שטשעפּקינס.

אויף דער שוועל פֿונעם הויז האָט אַלעקסאַנדער זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט פּיאָטער מיכײַלאָוויטשן.

— מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו! — האָט ער געזאָגט, אַרומנעמענדיק זײַן פֿרײַנט. — אָבער זײַ מיר מויכל, איך אײַל זיך אין געריכט.

אַלע האָבן גענומען בעטן, ער זאָל זיך א ביסל פֿאַרהאַלטן, אָבער ער איז געשטאַנען אויף זײַנס: „עס וואַרט אויף מיר די אַרבעט".

און דאַן האָט אָלגע אַרויסגענומען פֿונעם קויש, וועלכן ס'האָט פֿאַרגעזעצט האַלטן אין די הענט אַלעקסאַנדער, אַן עפּל און אים אונטערגעטראָגן דעם פֿאָטער.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך עס ניט קיין עפּל, — האָט אומצופֿרידן דערווידערט פּיאָטער מיכײַלאָוויטש, אָפּנייגנדיק דער טאָכטערס האַנט.

אָבער זי איז געווען אײַנגעשפּאַרט.

— אָט וואָס, — האָט אָלגע געזאָגט, — גיב איבער דעם עפּל דעם ערשטן פֿון דײַנע באַקאַנטע, וועלכן דו וועסט באַגעגענען אין געריכט.

דער פֿאָטער האָט אַרײַנגעלייגט דעם עפּל אין פּאָרטפּעל.

ווי נאָר פּיאָטער מיכײַלאָוויטש האָט זיך באַוויזן אין קרײַז־געריכט, האָט זיך אים געטראָפֿן אין קאָרידאָר דער יונגער אַדוואָקאַט לעוו קופּערניק. ער האָט דאָרט געאַרבעט ניט לאַנג, אָבער שוין באַוויזן געווינען סימפּאַטיע בא די קאָלעגן אַדאַנק זײַן ערנסטקייט. געהאַלטן האָט ער זיך שטענדיק באַשיידן, מיט א גרויסן טאַקט.

ער האָט זיך העפֿלעך פֿאַרנייגט און געוואָלט פֿאַרבײַגיין. אָבער פּיאָטער מיכײַלאָוויטש האָט אים אָפּגעשטעלט, אויפֿגעעפֿנט דעם שווערן פּאָרטפּעל, אַרויסגענומען פֿון אים א גרויסן רויטבאַקיקן עפּל און א ביסל שעמעוודיק אונטערגעטראָגן דעם יונגן אַדוואָקאַט.

— אָט... נעמט, ביטע. מײַן טאָכטער האָט געבעטן אײַך איבערגעבן.

— אײַער טאָכטער?.. מיר?.. — האָט פֿאַרוווּנדערט איבערגעפֿרעגט דער יונגערמאַן.

ער האָט גענומען דעם עפּל און איז נאָך לאַנג געשטאַנען א דערשטוינטער, קוקנדיק, ווי פּיאָטער מיכײַלאָוויטש דערווײַטערט זיך פֿון אים.

פֿונדעסטוועגן האָט לעוו קופּערניק דעם עפּל אויפֿגעגעסן. נאָכדעם, פֿאָלגנדיק עפּעס אַן אינערלעכן רוף, האָט ער זיך באַקאַנט מיטן מיידל, וועלכע האָט אים צוגעשיקט דעם עפּל.

עס איז אַוועק ניט קיין לאַנגע צײַט, און דעם גרויסן אַקטיאָרס אייניקל און דער יונגער אַדוואָקאַט לעוו אַבראַמאָוויטש קופּערניק האָבן חאַסענע געהאַט.

צווישן אַלע, וואָס האָבן זיך געפּרייט, איז געווען איין מענטש, וועלכער האָט אויפגענומען די דאָזיקע געשעעניש ווי א טראַגישע. און באַשולדיקט אין דעם האָט ער דעם שלימאַזלדיקן עפּל... דאָס איז געווען דער פּירשט אַלעקסאַנדער אורוסאָוו.

דער זיווג איז געווען א גליקלעכער. באַם יונגן פּאָרפאָלק איז געבוירן געוואָרן א טאָכטער — טאַניע, טאַטיאַנע לוואָוונאַ שטשעפּקינאַ־קופּערניק, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן א באַוווּסטע איבערזעצערן און דראַמאַטורג. דאָס איז געווען מיכאַיל סעמיאָנאָוויטש שטשעפּקינס אוריינִיקל, וועלכע האָט ליב געהאַט פריילעך דערציילן די „געשיכטע וועגן אן עפּל".

## „איינעמס" א גוירל

לעבנסוועג... פאַרשטייט זיך, דאָס איז א מעטאַפאָר. אָבער ווי יעדער וועג, איז ער ניט פּוסט. ער איז פול מיט מענטשן. און פון די באַגעגענישן מיט אָט די מענטשן הענגט אָפּ עמעצנס א גוירל. וועגן דעם, וויאַזוי ס'האָט זיך א קער געטאָן איינער א גוירל, ווילט זיך דאָ דערציילן.

לאַנג פאַר דער רעוואָליוציע איז אין א פּילצאָליקער מישפּאָכע פון א ייִד א שנײַדער געוואַקסן א ייִנגעלע. פרי האָט דאָס קינד אָנגעהויבן צוציִען די אויפמערקזאַמקייט אַדאַנק זײַנע מוזיקאַלישע פעיִקייטן. א דערפאַרענער לערער, אויסהערנדיק אים, האָט געזאָגט דעם פאָטער: „אײַער זון פאַרמאָגט אן אַבסאָליוטן געהער, א גוטן זיקאָרן און א געפיל פון ריטם".

אַזוי איז דאָס ייִנגל נאָך פאַרן אַרײַנטרעטן אין דער גימנאַזיע אָנגעקומען אין דער קיִעווער מוזיקאַלער שול. און דאָס איז געווען דער ערשטער גליקלעכער קער פון זײַן גוירל.

ס'איז געגאַנגען די צײַט. אָפט האָט מען דאָס ייִנגל געקאָנט הערן אויף היימישע אָוונטן אין פּריוואַטע הײַזער און אין שול, ווי אויך אויף צדאָקעקאָנצערטן. צו 16 יאָר, אָפּן אַרויסלאָז־עקזאַמען, האָט ער ווײַט ניט מיט קיין קינדערשער מײַסטערשאַפט אויסגעפּילט א קאָמפּליצירטן פידל־קאָנצערט פונעם אונגאַרישן קאָמפּאָזיטאָר יאָזעף יאָכים. ס'איז געקומען די צײַט פאַרצוזעצן די בילדונג אין קאָנסערוואַטאָריע.

שווער צו זאָגן, אויף וואָס עס האָט אויסגערעכנט דער יונגער אָרעמער מוזיקאַנט. די יוגנט איז אָפּט לײַכטזיניק. אָבער זי גיט צו אַנטשלאָסנקײַט. און דאָס ייִנגל האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע.

א דאַרינקער, אין א פידזשאַקל מיט קורצע אַרבעלעך, האָט ער זיך באַוויזן אינעם הויז פון זײַנע עלטערנס אַלטע באַקאַנטע.

— איך בין געקומען זיך לערנען אין דער קאָנסערוואַטאָריע, — האָט ער געזאָגט.

— מע האָט אײַך שוין אָנגענומען? — האָט שטיל א פרעג געטאָן די באַלעבאָסטע.



דמיטרי ברודני

— נאָך ניט.

די פרוי האָט א קוק געטאָן אויף איר מאַן און, ווילנדיק בײַטן דעם שמועס, געפרעגט:

— וואָס הערט זיך בא אונדזער גוטן־פרײַנט זאַלמענען?

— ס'וואָלט אַלץ געווען נישקאָשע, ווען ניט דער פּאָגראָם. מע האָט צעשעדיקט די ניימאַשין, צעבראָכן די טישן, אויסגעקלאַפּט די שויבן אין די פענצטער.

די פרוי האָט א טיפן זיפץ געטאָן:

— נו, וואָס קאָן מען טאָן, לעבט דערווײַל בא אונדז.

אָפּן אַנדערן טאָג האָט דאָס ייִנגל, ניט צעשיידנדיק זיך מיטן פידל, אַוועקגעלאָזט זיך אין דער קאָנסערוואַטאָריע אויף דער באָלשאַיאַ ניקיטסקאַיאַ — אַזוי האָט זיך דעמלט אָנגערופן די הערצען־גאַס. און דאָ האָט אים אויך אָפּגעגליקט, פונקט ווי עמעצער וואָלט ספּעציִעל געעפנט פאַר אים די טירן.

אויפגענומען האָט אים מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש איפּאָליטאָוו־איוואַנאָוו, וועלכער איז געזעסן בא א גרויסן מאַסיוון טיש, און בא די זײַטן, אין פאָטעלן, האָבן זיך אײַנגעאָרדנט דער פּראָפעסאָר איוואַן וויטשעסלאָוויטש גרזשימאַלי און דער לערער געאָרגי ניקאָלײַעוויטש דולאָוו.

— די אויפנאַם־עקזאַמענעס זײַנען שוין אַדורך, — האָט מיט באַדויערונג געזאָגט דער דירעקטאָר און דערזען, ווי דאָס ייִנגל האָט זיך געביטן אין פּאָנעם. מיכאַיִל מיכײַלאָוויטשן האָט זיך ווי איבערגעגעבן דער צושטאַנד פון האָפענונגסלאָזיקײַט, וועלכער האָט באַהערשט דעם באָכער, און ער האָט ווייך, מיט מיטלײַד געזאָגט:

— עפּשער וועט איר אונדז עפּעס אויסשפּילן?

די דאָזיקע ווערטער זײַנען געווען גענוג, אַז דאָס ייִנגל זאָל קומען צו־זיך. ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם פֿידל פֿונעם פּוטליאַר און געמאָלדן:

— יאָזעף יאָכימס קאָנצערט!

ער האָט פֿאַרגעסן אין אַלץ אויף דער וועלט. און איז אַרײַן אין דער וועלט פֿון קלאַנגען, וועלכע האָבן איבעראַשט מיט זייער ריינקײַט און מיט דער איידלקײַט פֿונעם סטיל. ווען ער וואָלט געקאָנט כאָטש אויף אַ רעגע זיך אָפּווענדן און אַ קוק טאָן אויף די פּנימער פֿון זײַנע צוהערער, וואָלט ער באַמערקט, ווי איבעראַשט זיי שפּירן נאָך זײַן דורכדרינגלעך, ווירטואָז שפּילן.

דער דירעקטאָר און די בײַוועזנדע מוזיקאַנטן האָבן זיך איבערגעקוקט, און מיכאַיל מיכײַלאָוויטש האָט קאַטעגאָריש אַרויסגעבראַכט:

— איר זײַט אָנגענומען אין דער קאָנסערוואַטאָריע, יונגערמאַן!

יאָ' דאָס איז געווען אַן אומבאַגרײַפֿלעך מאַזל! אָבער עס איז נאָך געווען צו פֿרי זיך פֿרייען.

אין עטלעכע טעג אַרום, גאַנצפֿרי, איז אין צימער אַרײַנגעלאָפֿן אַ דערשראָקענע די באַלעבאָסטע:

— מע פֿאָדערט אײַך צום פּאָליציישן פּריסטאַוו, — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.

דער פּריסטאַוו האָט אים דערלאַנגט אַ האַרט בייגעלע פּאַפּיר און געמאָלדן:

— ביטע, שרײַבט זיך אונטער.

דאָס בייגעלע האָט שטרענג מיטגעטיילט, אַז דער יונגערמאַן מוז אין מעשך פֿון פֿיר און צוואַנציק שאָ פֿאַרלאָזן מאָסקווע.

די קומענדיקע נאַכט האָט דער סטודענט פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע, דער אומגעוווּנטשענער פֿאַרן מאָסקווער גראַדאָנאַטשאַלניק באַכער פֿאַרבראַכט אויפֿן בריאַנסקער וואָקזאַל.

וויפֿל זײַנען נאָך געווען אַזעלכע היימלאָזע, הונגעריקע נעכט!

אינדערפֿרי פֿלעגט ער קומען אין קלאַס פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע אַ ניט־אויסגעשלאָפֿענער, מיט געשוואָלענע אויגן. געאָרגי ניקאָלײַעוויטש דולאָוו (דער פֿאָטער פֿון דער באַרימטער אין אונדזער צײַט האַרפֿיסטקע ווערע דולאָווע) האָט ווי אַ פּעדאַגאָג קיינעם ניט געשאָנעוועט. אָבער די אומגליקלעכע לאַגע, אין וועלכער ס'האָט זיך געפֿונען זײַן ייִדישער שילער, האָט אַרויסגערופֿן בא אים אַנגסט.

דעם סטודענטס מאַצעוו איז געוואָרן נאָך שווערער, ווען פֿון דער היים האָט ער אויפֿגעהערט באַקומען די אַזוי אויך ניט גרויסע הילף, וועלכע פֿלעגט אים כאָטש אַ ביסל אונטערהאַלטן.

וועגן אומקערן זיך אַהיים האָט ער אַפֿילע ניט געוואָלט טראַכטן. סאַפּקאָלסאָף וועט ער ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן. ס'איז אים געלונגען צונויפֿנעמען עטלעכע כאַווײרים, און אײנײנעם האָבן זיי צונויפֿגעשטעלט אַ קלייניקן אָרקעסטער. אין איינעם אַ טאָג האָט דער אָרקעסטער געגעבן וועגן זיך צו וויסן: צוויי ערשטע פֿידלען, איין צווייטער, אַ וויאָלאָנטשעל און אַ פֿאָרטעפּיאַנע. לעכאַטכילע האָט מען געשפּילט אויף כאַסענעס, דערנאָך האָבן זיי באַקומען אַן אומדערוואַרטן פֿאָרשלאָג: אַרויסטרעטן אין „צווישנפֿעלקערלעכן רעסטאָראַן", וועלכער האָט זיך געפֿונען אויפֿן טווערסקאָי בולוואַר.

מע האָט אויפֿגעהערט הונגערן, אָבער די לאַגע האָט פֿאַרגעזעצט זײַן אַן אומקלאָרע, מ'האָט געמוזט וואַנדערן פֿון איין דירע אין אַ צווייטער, זוכן אַ צופֿעליקן נאַכטלעגער. און נאָר אין קלאַס פֿלעגט דאָס ייִנגל פֿאַרגעסן אין אַלע צאָרעס, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, ניט געהאַט קיין ברעג.

און דאָך האָט אויף זײַן לעבנסוועג נאָכאַמאָל אַ שמייכל געטאָן דאָס מאַזל. וועגן דעם האָבן דערציילט יעוודאָקיִע דמיטריִעוונאַ טורטשאַניִנאָוואַ אין אירע „זיכרוינעס" און יורי מיכײַלאָוויטש יוריעוו אין זײַנע פֿאַרצייכענונגען.

...אין יענעם טאָג, שפּעט אין אָוונט, זײַנען אין רעסטאָראַן אויף טווערסקאַיאַ ניט געווען קיין סאַך מענטשן, דער אָרקעסטער האָט אָפּגערוט. בלויז איין פֿידלער האָט האַרציק־דורכדרינגלעך געשפּילט טשײַקאָווסקיס „קאַנצאָנעטע".

אויף דער שוועל פֿונעם גרויסן זאַל האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט אַ גרופּע שפּעטע געסט, געשטאַנען אַזוי בא דער טיר, ביז וואַנען דער פֿידלער האָט ניט פֿאַרענדיקט שפּילן, דערנאָך אַרײַן אין זאַל און פֿאַרנומען אַ טיש.

לויט דעם, ווי עס האָבן אָנגעהויבן אײַלן זיך דער מעטרדאָטעל און די אָפֿיציאַנטן, האָט מען געקאָנט זיך אָנשטויסן, אַז דאָס זײַנען כאָשעווע באַזוכער.

איינגיכן איז צום פֿידלער צוגעגאַן אַן אָפֿיציאַנט און איבערגעגעבן: „די הערן פֿאָדערן אײַך". דער פֿידלער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום אָנגעוויזענעם טיש. ער האָט ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן עפּעס־וואָס וועגן די דאָזיקע מענטשן. איינער פֿון זיי — מיט אַן אַקוראַט אָפּגעשוירן קליין בערדל און מיט וואָנצעס — איז געווען דער דירעקטאָר פֿונעם מאָסקווער מאַלי טעאַטער אַלעקסאַנדער פּאַוולאָוויטש לענסקי. אַ צווייטער — מיט אַן אויסזען פֿון אַ רוימישן פּאַטריצי — דער באַרימטער אַרטיסט פֿון מאַלי טעאַטער פּיאָדער פּעטראָוויטש גאָריעוו.

— זעצט זיך צו, — האָט געזאָגט דער, וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ רוימישן פּאַטריצי, — און דערקלערט אונדז, וויאַזוי האָט איר זיך אונטערגענומען שפּילן אָט דאָ, אין דעם זאַל, טשײַקאָווסקין?

דער יונגער מוזיקאַנט האָט ניט געפֿונען, וואָס צו ענטפֿערן דעם באַרימטן גאַסט.

— אויב אַזוי, דערציילט אַ ביסל וועגן זיך. ווער זײַט איר? און פֿאַרוואָס, שפּילנדיק אַזוי מײַסטערהאַפֿט, געפֿינט איר זיך דאָ?

דער יונגערמאַן האָט גענומען דערציילן מיט דער גאַנצער אָפֿנהאַרציקײַט. עס איז געווען קלאָר, אַז זײַן געשיכטע האָט געמאַכט אויף פּיאָדער פּעטראָוויטשן אַ שטאַרקן אײַנדרוק. ער האָט אָנגעגאָסן פֿונעם גראַפֿינטשיק, מיט איין אָטעם אויסגעטרונקען און געזאָגט מיט אַ טאָן, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונג:

— הײַנט וועסטו איבערנעכטיקן בא מיר. און... מיר וועלן שוין עפּעס צוטראַכטן.

ווען דער יונגער מוזיקאַנט האָט אויף מאָרגן אינדערפֿרי זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, האָט ער דערזען פֿיאָדער פּעטראָוויטשן אין אַנגעטאָנענעם אין אַ פֿראַק, וועלכער האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די גראַציעזקייט פֿונעם אַרטיסט.

— אומבאַדינגט קום צו מיר נעכטיקן, — האָט אים פֿיאָדער פּעטראָוויטש געזאָגט. — אומבאַדינגט קום. לאָז ניט, מע זאָל באַדאַרפֿן דיך זוכן...

דער יונגערמאַן האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז גאַריעוון אַליין איז גוט געווען באַקאַנט, וואָס עס הייסט היימלאָזיקייט. זײַנערצײַט, קומענדיק צום ערשטן מאָל אין אַ גרויסער שטאָט, האָט ער אויך ניט געהאַט קיין נאַכטלעגער, און לאַנגע כאָדאָשים איז אים אויסגעקומען באַהאַלטן זיך אין טונקעלן פּירהויז פֿונעם מאָנאַסטירישן קלויסטער, ווען ס'האָט זיך געענדיקט די גאָטדינסט.

שפּעט אין אָוונט האָט דער יונגערמאַן אָנגעקלאַפּט אין טיר און גלײַך באַמערקט, אַז פֿיאָדער פּעטראָוויטש איז שלעכט געשטימט.

— כ'בין הײַנט געווען בײַ זײַן עקסעלענץ. דער גראַדאָנאַטשאַלניק אַליין האָט מיר אָפּגעזאָגט...

דער יונגערמאַן איז געשטאַנען אַ בלייכער און פֿאַרלוירענער, זיך פּלוצעם דערמאָנט אינעם פּריסטאַוו, וואָס האָט אים געהייסן זיך אונטערשרײַבן אין דער פּאָוועסטקע, אַז ער מוז אין מעשך פֿון פֿיר און צוואַנציק שעה פֿאַרלאָזן מאָסקווע. ער איז אינגאַנצן אַראָפּגעפֿאַלן בײַ זיך.

— נו, לאָז ניט אַראָפּ די נאָז, — האָט געזאָגט פֿיאָדער פּעטראָוויטש, — וועסט לעבן בײַ מיר.

— און די פּאָליציי?

יאָ, דער פּאָליצייִשער פּריסטאַוו האָט ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן...

פֿיאָדער פּעטראָוויטש האָט ווידעראַמאָל אָנגעטאָן דעם פֿראַק און איז אוועק צום גענעראַל־גובערנאַטאָר.

דער גענעראַל האָט אויפֿגענומען דעם באַרימטן אַרטיסט העפֿלעך, אָבער גאַנץ קאַלט, און ווען גאַריעוו האָט איבערגעכאַזערט זײַן באַקאָשע, האָט ער געענטפֿערט:

— איך קאָן אײַך געבן אַן אייצע. אויב אײַער פּראָטעזשע איז טאַקע אַזוי טאַלאַנטפֿול, ווי איר דערציילט... — דער גובערנאַטאָר האָט געמאַכט אַ פֿילדײַטנדיקע פּויזע, — איז פֿאַראַן אַן אויסוועג: אַדאָפּטירט אים, זאָל ער איבערגיין אין פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן...

דער וואַרעמהאַרציקער פֿיאָדער פּעטראָוויטש האָט אויף אַ צײַט פֿאַרלוירן די רו. ער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי צוצוגיין צום יונגן מוזיקער, וויאַזוי פֿאָרלייגן אים אָננעמען אַן אַנדער עמונע. דער קאָרבן איז נייטיק פֿאַר דער קונסט. ער, גאָריעוו, גלייבט מער, ווי ווער־ניט־איז, אַז אַ מעכטיקן טאַלאַנט טאָר מען ניט פּאַטערן צוליב רעליגיעזע פֿאָרורטיילן. ער נעמט זיך זעלבסט אָרגאַניזירן דעם ריטואַל גאַנץ פֿאָרמעל און האָט פֿאַר דעם אַ באַקאַנטן גאַלעך...

דעם יונגנמאַן האָט געכאַפּט אַ גרויל פֿון דעם דאָזיקן פֿאָרשלאָג. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס לעבן האָט שוין ניט קיין ווערט. ער איז אוועקגעגאַנגען און צוויי נעכט ניט גענעכטיקט בײַ די גאָריעווס. מע האָט אים אָפּגעזוכט אין דעם זעלבן רעסטאָראַן אויף טווערסקאַיאַ און געבראַכט צו פֿיאָדער פּעטראָוויטשן.

די מוזיקאַנטן פֿונעם אָרקעסטער האָבן ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, צוזעענדיק, ווי ס'האָט זיך געענדערט די אויפֿפֿירונג פֿון זייער כאַווער. און ווען זיי זײַנען דערגאַנגען צו דער סיבע פֿון זײַנע ליידן, האָבן אַלע, ווי איינער, זיך געשטעלט אויף גאָריעווס זײַט. מע האָט זיך באַמיט אים איבערצײַגן, אַז גאָריעוו איז פֿולקום גערעכט און נאָך איינעם אַזאַ גוטן, מיטפֿילנדיקן מענטשן איז שווער צו געפֿינען. אַלע זײַנען געווען איבעראַשט פֿון דער גוטהאַרציקייט פֿונעם באַרימטן אַרטיסט, וועלכער האָט מיט אַלע קוויכעס געסטאַרעט זיך מיטהעלפֿן דעם יונגן מוזיקאַנט.

סאָפּקאָלסאָף האָט מען זיך וועגן אַלץ אויפֿגערעדט. צום קלויסטער פֿונעם הייליקן געאָרגי, וועלכער איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם איצטיקן מאָסקווער אָפּערעטע־טעאַטער, האָט זיך אוועקגעלאָזט אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, האַגאַם דער ריטואַל איז דורכגעגאַן שטיל, קימאַט אומבאַמערקט. ווי ס'פֿירט זיך אין אַזעלכע פֿאַלן, זײַנען דאָרט געווען אַ טויף־פֿאָטער און טויף־מוטער. דער ערשטער איז געווען פֿיאָדער פּעטראָוויטש גאָריעוו, די טויף־מוטער — אָלגאַ וולאַדימיראָוונאַ גזאָווסקאַיאַ — אַ גלענצנדיקע אַרטיסטקע, וועלכע פֿלעגט טאַלאַנטפֿול אויסשפּילן קאָמעדיע־ראָלן; אין יענער צײַט האָט זי געשפּילט אינאײנעם מיט גאָריעוון אין מאַלי טעאַטער.

לויטן נאָמען פֿונעם הייליקן געאָרגי האָט מען דעם יונגנמאַן אָנגערופֿן יורי; דעם פּאָטערנאָמען האָט אים געגעבן דער טויף־פֿאָטער. אַזוי האָט ער זיך אָנגעהויבן רופֿן — יורי פֿיאָדאָראָוויטש, און אויף אַזאַ אופֿן באַקומען בירגער־רעכט אין די באַדינגונגען פֿון דעם פֿאַר־רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד.

וואָס קאָן מען צוגעבן צו דער דאָזיקער געשיכטע?

דער יונגערמאַן, אין וועמענס גורל ס'האָט אויסגעשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל דער באַרימטער רוסישער אַקטיאָר פֿיאָדער פּעטראָוויטש גאָריעוו, איז שפּעטער געוואָרן אַ וועלט־באַוווּסטער דיריזשאָר פֿון באַלעטן־ספּעקטאַקלען. אין מעשך פֿון פֿופֿציק יאָר פֿלעגט ער זיך שטעלן צום דיריזשאָר־פּולט אין באָלשאָי טעאַטער פֿון פֿססר. דאָס איז געווען יורי פֿיאָדאָראָוויטש פֿײַער, דער פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון פֿססר.





# אפ דער בינע — יונגע ביראָבידזשאַנצעס



דאָ ניט לאַנג איז אינעמ קולטור־פּאַלאַצ פונעמ געגנטלעכנ צענטער פאַרגעקומענ דער אָרדנטלעכער עטאַפּ פונעמ צווייטנ אַלפאַרבאַנדישנ פעסטיוואַל פונ זעלבסטטעטיקער שאַפונג, געווידמעט דעמ 70סטנ יאָרטאָג פונעמ גרויסנ אָקטיאַבער אונ דעמ 50סטנ יובליי פונ דער שטאָט ביראָבידזשאַנ. אינעמ דורכקוק האָבנ זיכ באַטייליקט די מיטלשולנ פונעמ געגנטלעכנ צענטער. דער דורכקוק איז געוואָרנ אַ העלער יאָמטעוו פונ ליד, מוזיק אונ טאַנצ. דער מאַסנווער אַנטייל אינעמ דורכקוק — דאָס איז איינע פונ די הויפּט־אויפגאַבנ פונעמ פעסטיוואַל פנו דער פאָלקס־שאַפונג.

באַזונדערס דערפאָלגרייכ איז אַרויסגעטראָטנ דער שעפערישער קאָלעקטיוו פונ דער מיטלשול נומ. 1, מיט וועלכנ עס פירנ אָנ יעקאַטערינע וואַלענטינאָוונאַ אונ יורי גריגאָריעוויטש לעוואַוסקיס. ער האָט באַוויזנ אַ גוטע פילפאַרביקע קאָנצערט־פּראָגראַמ אפ אַ הויכנ פּראָפעסיאָנעלנ ניוואָ. אַ גוטע אָפּשאַצונג פונ דער זשורי האָבנ באַקומענ די אַרויסטרעטונגענ פונעמ כאָר, פונ די שילער פונ די עלטערע קלאַסנ. אינ זײַנ אויספירונג האָט האַרציק דורכגעקלונגענ די ייִדישע ליד „ווינטערדיקע שפּיל" (אויטאָר פונעמ טעקסט אונ מוזיק ב. רובינ). אינ דער שול איז אויכ טעטיק אַ טאַנצ־קאָלעקטיוו, וועלכער אַרבעט אינ הײַנצײַטיקע אונ פאָלקס־טאַנרענ. אַ באַזונדערס אינטערעס האָט אַרויסגערופנ די שפּיל פונ די שילער פונ די עלטערע קלאַסנ באָריס קאַטלערמאַנ (קלאַרנעט) אונ אַלעקסאַנדער רעווזאַ (פּאַרטעפּיאַנאָ).

דער אַלגעמיינער ניוואָ פונ די אַרויסטרעטונגענ פונ די אַרטיסטנ פונ דער דאָרפיקער שול האָט פּאָזיטיוו זיכ אָפּגערופנ אפנ דורכקוק. די זשורי האָט צוגעמישפּעט דער שול נומ. 1 דאָס ערשטע אָרט. דאָס צווייטע איז ניט צוגעטיילט געוואָרנ, דאָס דריטע האָבנ באַקומענ די שולנ נומ. נומ. 3 אונ 5.

עס ווילט זיכ אָפּמערקנ דעמ גוטנ אײַנדרוק, וועלכנ עס האָבנ איבערגעלאָזט די אַרויסטרעטונגענ פונ די בעוורע פונ דער ...ניער מיטלשול נומ. 7. ווײַטערע אַרויסטרעטונגענ זײַנענ עסטעטישע, גוט אויספאָרמירטע. ניט שלעכט זײַנענ אויכ אַרויסגעטראָטנ די יונגע זעלבסטטעטיקע אַרטיסטנ פונ די מיטלשולנ נומ. נומ. 11, 10, 5 אונ די אַכ... טיאָריקע שול־אינטערנאַט נומ. 1.

ל. קאַרסונסקי,
מיטגליד פונ זשורי.

אפ די בילדער: עס טרעט אַרוי... דער כאָר אונ טאַנצ־קאָלעקטיוו פונ דע... מיטלשול נומ. 1.

פאָטאָ — מ. ראָזענבערג



פאַר די צושויער טרעט אַרויס דער אַרטיסט פון דער שאָו־גרופּע „פריילעכס" דמיטרי קימעלפעלד

אין אָוונט באַם אַריינגאַנג פון דער געגנטלעכער פילהאַרמאָניע



# שוועסטער

אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט בערדיטשעוו איז פאַראַן א גאַס, אויפן ראָג פון וועלכער עס שטייט א רויטער דרײַשטאָקיקער בנין. אין זײַן ציגל־וואַנט איז אײַנגעמויערט א געדענקברעט: „די גאַס טראָגט דעם נאָמען פון די פּלאַמיקע רעוואָליוציאָנערקעס, מיטגלידער פונעם בערדיטשעווער באָלשעוויסטישן קאָמיטעט, די שוועסטער סלאָמניצקע, וועלכע זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן מיצאַד די פּעטליוראָווצעס אין 1919״.

אין אַפּרעל 1917 זײַנען געקומען קיין בערדיטשעוו, לויטן אויפטראָג פון דער פּעטראָגראַדער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע, ראָזע און בראָניע סלאָמניצקע, שפּעטער — אויך די ייִנגסטע, פּעפּע. אין דער אַנטשיידענער פּאַרן גורל פון דער רעוואָליוציע צײַט האָט די פּאַרטיי געשיקט אין די וויכטיקע סטראַטעגישע צענטערס פונעם לאַנד אירע בעסטע זין און טעכטער. די שוועסטער סלאָמניצקע האָבן אין דער קינדהייט שוין געוווינט אין בערדיטשעוו, גוט געוווּסט די שטאָט, באַהערשט ייִדיש, אוקראַיִניש און רוסיש. אין פּעטראָגראַד האָבן זיך די שוועסטער געלערנט. זייער טאַטע, א וואַרשעווער קליין־פאַבריקאַנט, האָט אַלץ געטאָן, זיי זאָלן נאָך דער גימנאַזיע ווערן סטודענטקעס. אין פּיטער האָבן זיי ניט נאָר באַזוכט די אַקאַדעמישע לעקציעס — אינגיכן האָבן זיי אָפּגעזוכט דעם וועג צו די רעוואָליוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער און אינטעליגענטן, געוואָרן אַקטיווע אָנטיילנעמער פון א מאַרקסיסטישן קרײַז. אין יאַנואַר 1917 טרעטן זיי אַרײַן אין דער פּאַרטיי.

בערדיטשעוו איז אין יענער צײַט אַן אויעזדנע שטאָט אין דער קיִעווער גובערניע. זי האָט פאַרמאָגט אַן ערך דרײַ טויזנט אַרבעטער־פּראָלעטאַריער. קיין באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע איז דאָרט ניט געווען. גאַנץ שטאַרקע פּאָזיציעס האָבן געהאַט די עסערן, מענשעוויקעס, בונדאָווצעס, די אוקראַיִנישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן. דערצו נאָך האָט זיך אין בערדיטשעוו דיסלאָצירט די סטאַווקע פונעם דאָרעם־מײַרעוודיקן פראָנט בעראָש מיטן גענעראַל דעניקין. אין דער אומגעגנט זײַנען געשטאַנען היפּשע מיליטער־טיילן.

די פּאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז עס איז ביז גאָר וויכטיק די אַרבעט צווישן די סאָלדאַטן און אָפיצערן פונעם בערדיטשעווער גאַרניזאָן און פון דעם גאַנצן דאָרעם־מײַרעוודיקן פראָנט, צווישן דער באַפעלקערונג פונעם בערדיטשעווער אויעזד און פון דער קיִעווער גובערניע.

אין סאָף אַפּרעל, אָנהייב מײַ 1917 גרינדן די שוועסטער סלאָמניצקע אין בערדיטשעוו א באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע. אין קאָמיטעט זײַנען אויסער זיי אַרײַן די אַרבעטער פון דער לעדער־פאַבריק באַטשקאָווסקי און גאָלושקאָ, דער סאָלדאַט לאָפּאַטין. אַלס פאָרזיצער ווערט אויסגעוויילט ראָזע סלאָמניצקאַיאַ. עס ווערן אָרגאַניזירט פּאַרטיי־קעמערלעך אויף די אָרטיקע אונטערנעמונגען, אין די מיליטער־טיילן.

אַלע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, יעדער באָלשעוויק פון דער אָרגאַניזאַציע פירן אַן אַגיטאַציאָנעלע אַרבעט אין די מיליטער־טיילן פונעם גאַרניזאָן, צווישן די אַרבעטער און פויערים, צוגענגלעך און אָנשוילעך קלערן זיי אויף אין זייערע אַרויסטרעטונגען אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען די לעניניסטישע אידייען, דעמאַסקירן די אַנטיפאָלקישע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזער צײַטווײַליקער רעגירונג און פון דער אוקראַיִנישער צענטראַלער ראַדע.

די געוועזענע בערדיטשעווער מאָדיסטקע, איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די אָרטיקע פראָפאַריינען ראָזע איצקאָוויטש דערמאָנט זיך: „אַזאַ מין פאַל. איך שפּאַן איבער דער בעלאָפּאָלסקי־גאַס (היינט ליבקנעכט־גאַס), כ׳דערזע — אויף די טרעפּ פונעם האָטעל שטייט אַן עלעגאַנט געקליידט מיידל און האַלט א רעדע. אין פּעטראָגראַד, — זאָגט זי, — האָט מען דעם קייסער אַראָפּגעשלײַדערט, אָבער אויך די צײַטווײַליקע רעגירונג פאַראַט די אינטערעסן פונעם פאָלק. בלויז די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי ווײַזט אָן די אַרבעטנדיקע, ווי אַזוי צו דערגרייכן פרידן, ערד און ברויט. עטלעכע אָפיצערן, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין האָמוין, פּרוּוון אַראָפּשלעפּן דאָס מיידל אויפן טראָטואַר. זי לייגט אויף זיי קיין אכט ניט. די אָפיצערן דראָען מיט די פויסטן. מיר, יונגע אַרבעטער, נעמען זיך דאַן פאַר די הענט, שאַפן אַרום דעם מיידל א רינג, און זי באַקומט א מעגלעכקייט פאָרצוזעצן איר רעדע. דאָס איז געווען די נײַנצניאָריקע ראָזע סלאָמניצקאַיאַ״.





די שוועסטער סלאָמניצקע (פֿון רעכטס אַף לינקס) פּעפּע, בראָניע, ראַזאַליע

די 22־יאָריקע בראָניע פֿלעג פֿירן די פּראָטאָקאָלן בײַס די זיצונגען פֿונעם קאָמיטעט, זי האָט אויך צונױפֿגעשטעלט די טעקסטן פֿון פֿלוגבלעטלעך און װענדונגען צו די סאָלדאַטן און אַרבעטער, טעקסטן פֿון לאָזונגען. אין דער אָרגאַניזאַציע פֿלעג מען שפּאַסן, אַז בראָניע איז „אַ ליטעראַט". װי דאָס זאָל ניט זײַן, נאָר אַזאַ מין אַרבעט איז אין יענע צײַטן געװען ביז גאָר נײטיק.

די יינגסטע פֿון די שוועסטער, די זיבעצניאָריקע פּעפּע, איז צוזאַמען מיט די שוועסטער געװען די נעשאָמע פֿון דער אָרגאַניזאַציע. אַ טאַלאַנטפֿולע און ענערגישע, האָט זי געהאַט אַן אויסשליסלעכן אײַנפֿלוס אַף די מאַסן, זי פֿלעג זייער אָפֿט אַרויסטרעטן אַף די אונטערנעמונגען, אינעם סאָוועט, דעראָבערנדיק פֿאַר זיך דעם אויטאָריטעט פֿון אַ געניטן פּראָפּאַגאַנדיסט.

דער אַלטער באָלשעוויק פֿיאָדער פּאָפּאָוו, וועלכער האָט אין יענע צײַטן אָנגעפֿירט מיט דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פֿונעם 12־טן אַרמייִשן קאָרפּוס און מיט זײַן מיליטעריש־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט, דערציילט, אַז דעם 16—18 נאָיאַבער 1918 איז אין בערדיטשעוו פֿאָרגעקומען אַן אויסעראָרדנטלעכער צוזאַמענפֿאָר פֿון פֿאָרשטייער פֿונעם דאָרעם־מײַרעוודיקן פֿראָנט. עס האָבן זיך צונױפֿגעזאַמלט 632 דעלעגאַטן, כאָטש בלויז 267 פֿון זיי זײַנען געװען באָלשעוויקעס. אַף אָט דעם צוזאַמענפֿאָר איז מיט אַ פֿלאַמיקער רעדע אַרויסגעטראָטן ראָזע סלאָמניצקאַיאַ. זי האָט גערעדט וועגן די סאָנים פֿון דער רעוואָליוציע, וועגן דעם, וויאַזוי זיי נאַרן אָפּ די פּראָלעטאַריער. זי האָט דערציילט וועגן לענינס קאַמף פֿאַר שאָלעם. ראָזעס רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק. זי האָט באַצויבערט די דעלעגאַטן פֿונעם צוזאַמענפֿאָר.

דער זיג פֿון די באָלשעוויקעס אַפֿן צוזאַמענפֿאָר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער צוזאַמענפֿאָר האָט אונטערגעהאַלטן זייער רעזאָליוציע און האָט אויסגעוויילט אַ מיליטעריש־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט, אין וועלכן די מערהײַט איז באַשטאַנען פֿון באָלשעוויקעס. אין באַשטאַנד פֿונעם קאָמיטעט איז אַרײַן ר. סלאָמניצקאַיאַ. דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַשטימט, אַז דער אויסגעוויילטער קאָמיטעט וועט זײַן אונטערגעוואָרפֿן אויסשליסלעך דעם סאָוועט פֿון פֿאָלקס־קאָמיסאַרן און דעם הויפּט־קאָמאַנדיר נ. וו. קרילענקאָ, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן אַף דעם פּאָסטן מיצד דער סאָוועטישער רעגירונג. פֿאַקטיש איז אַף אָט דעם צוזאַמענפֿאָר פֿאָרגעקומען די אויספֿירעמונג פֿון דער איבערקערעניש, וועלכע איז געשען אַף דעם דאָרעם־מײַרעוודיקן פֿראָנט.

אין סאָף נאָיאַבער האָבן די באַנדעס פֿון דער צענטראַלער ראַדע זיך אַרײַנגעריסן אין בערדיטשעוו און פֿאַרכאַפּט די סטאַווקע פֿונעם פֿראָנט. פֿאַר די באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אַף אַ לאַנגער צײַט אָנגעקומען שווערע, אומרויִקע טעג און כאָדאָשים.

ראָזע סלאָמניצקאַיאַ טרעט אַרויס אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אַפֿן 2־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער 7־טער אַרמיי, דערנאָך אין משך פֿון 10 טעג, אינאיינעם מיט די פֿאָרשטייער פֿונעם פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן איסאַיעוו און קאָראָליאָוו, איז זי אַרויסגעטראָטן אַף מיטינגען אין די מיליטער־טיילן פֿונעם 12־טן אַרמייִשן קאָרפּוס, פֿון דער 19־טער און 64־טער דיוויזיעס.

זי איז געווען אַ טאַלאַנטפֿולער טריבון, געקאָנט מיט פּאָשעטע ווערטער דערטראָגן די לעניניסטישע אידייען וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע ביז דער סאַמע טיפֿעניש פֿונעם באַוווסטזײַן.

אין פֿעריאָד פֿונעם בירגערקריג איז בערדיטשעוו ניט איין מאָל איבערגעגאַנגען פֿון הענט אין הענט. אין פֿאַרשיידענע צײַטן האָבן דאָ באַלעבאָטעוועט די פּעטליוראָווצעס, די ווײַספּאָליאַקן, די דײַטשישע און עסטרײַך־אונגאַרישע אָקופּאַנטן, די כאַיאָלעס פֿון דער צענטראַלער ראַדע און פֿון דער דירעקטאָריע, די דעניקינצעס און אַנדערע ווײַסבאַנדיטן. אין איינער פֿון זײַנע פֿאַרצייכענונגען האָט דער שרײַבער וואַסילי גראָסמאַן אָפּגעמערקט, אַז אין בערדיטשעוו האָט זיך די מאַכט געביטן 14 מאָל.

דאָס זײַנען געווען שווערע צײַטן פֿאַר די באָלשעוויקעס, פֿאַר די בערדיטשעווער פּראָלעטאַ־

ריער, פארן פאָשעטן פאָלק. אין די באדינגונגען פון טיפער אונטערערד האָט די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע פאָרגעזעצט איר טעטיקייט. עס האָבן געארבעט אירע קעמערלעך אף די אונטערנעמונגען און אין די מיליטער־טיילן.

אין 1918—1919 איז פון די סלאָמניצקעס פארבליבן אין שטאָט בלויז בראָניע. ראָזע — פון מארט 1918 א מיטגליד פון דעם אלרוסלענדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט — האָט אויסגעפילט פארטייישע פליכטן אין מאָסקווע און אין פעטראָגראד. פעפע איז אין אָנהייב 1918 אוועק זיך ראנגלען מיטן סוינע אין באשטאנד פון דער 7־טער ארמיי. אין אָקטיאבער 1918 קערט זי זיך אום קיין בערדיטשעוו. איניינעם מיט בראָניען, וועלכע איז געווען קראנק, און מיט די לעבנגעבליבענע מיטגלידער פון דער פארטיי האָט זי געפירט אן ארבעט צווישן די סאָלדאטן און דער באפעלקערונג, געגרייט א באוואָפנטן אופשטאנד, מיטגעהאָלפן דער אקטיוויזאציע פון דער פארטיזאנישער באוועגונג אינעם אויעזד.

עטוואָס פריער, אין אווגוסט 1918, האָט דער וויסגווארדייישער גענעראל דעניקין, וועלכן די סאָלדאטן האָבן זיינערצייט ארעסטירט און ער איז ארויסגעלאָזט געוואָרן מיצאד דער צייטווייליקער רעגירונג אף דער פריי, ארויסגעגעבן א פאָגראָמווענדונג צו זיין מיליטער. אין איר איז, צווישן אנדערס, געזאָגט געוואָרן: „קעדיי צו באצייכענען דאָס איינעמען פון דער יידישער שטאָט, דערקלער איך זי אלס מיינע, און אלץ, וואָס עס איז אין איר פאראן, איז אייערס...“

דער פראָוואָקאציאָנעלער רוף איז דערהערט געוואָרן מיצאד די שווארצמייעניקעס. פאָגראָמען זיינען אין בערדיטשעוו פאָרגעקומען אין אווגוסט 1918 און אין יאנוואר 1919. ווען די שטאָטישע דומע און די יידישע געמיינדע האָבן אָפגעשיקט א דעלעגאציע צו דער דירעקטאָריע מיט א באקאָשע, מע זאָל באשיצן די באפעלקערונג, האָט דער פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע געענטפערט, אז צווישן די יידן זיינען דאָ באָלשעוויקעס, אין בערדיטשעוו איז טעטיק זייער פארטיי־אָרגאניזאציע. דעריבער ווערן געזוכט די אָנפירער פונעם רעוואָלוציאָנערן פאָגראָם.

אין יאנוואר 1919 געלינגט די פעטליוראָווצעס אָנצופאלן אף די שפורן פון די שוועסטער. דעם 21 יאנוואר, אפן וועג צו דער יאוואָטשנער דירע, ווערט געכאפט פעפע. בראָניע פרווט אנטלויפן, שיסנדיק אין די פעטליוראָווצעס, זי ווערט אָבער שווער פארווונדעט.

די פיינט האָבן לאנג געפייניקט די שוועסטער, נאָר קיין אנערקענונגען בא זיי זיך ניט דערשלאָגן. דעם 27 יאנוואר צעשיסט מען זיי אָן א מישפעט.

אנדערש לייגט זיך צונויף ראָזע סלאָמניצקאיאס גורל. זי נעמט אן אָנטייל אין 4־טן אלרוסלענדישן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן, אף וועלכן מע ווילט זי אויס פאר א מיטגליד פונעם אלרוסלענדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט. אין די שפעטערדיקע יאָרן איז זי געווען א פאראנטוואָרטלעכע פארטייישע און סאָוועטישע טוערן, פיל יאָרן געארבעט אין די אָרגאנען פון קאָמינטערן.

דעם 27 יאנוואר 1929 האָט דער צענטראלער אָרגאן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי די צייטונג „פראוודא“ פארעפנטלעכט אן ארטיקל, געווידמעט דעם אָנדענק פון די געפאלענע שוועסטער פעפע און בראָניע סלאָמניצקע.

ס ע מ י אָ ן ב ע נ צ י א נ אָ ו,
פאָלאָנע

# נאָטע לוריע



די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור האָט געליטן אַ שווערן פאַרלוסט. דעם 28 נאָיאַבער 1987 איז אין אָדעס געשטאָרבן איינער פון אירע באַדײַטנדיקסטע מײַסטערס — נאָטע לוריע.

נאָטע לוריע איז געבוירן געוואָרן אין 1906 אין דער אַלטער ייִדישער קאָלאָניע ראָסקאָשנאיאַ, זאַפּאָראָזשיער געגנט. אין 1919, נאָך דעם, ווי די מאַכנאָווצעס האָבן אויסגעקוילעט די מערהײַט אײַנוווינער פון דער קאָלאָניע, איז ער צוזאַמען מיט זײַן מישפּאָכע אַריבערגעפאָרן קיין הולײַפּאָליע. אין דרײַ יאָר אַרום הייבט זיך אָן זײַן וואַנדער־לעבן איבער אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד. ער אַרבעט אויף אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער פאַרמע הינטער מינסק, לערנט זיך אײַנצײַטיק אויף אָוונטקורסן, ווערט אַ סטודענט אינעם מינסקער ייִדישן פּעדטעכניקום, אַ מיטגליד פון דער ליטעראַרישער גרופּע „יונגער אַרבעטער". אין 1925 דרוקט ער אויף אין דעם מאָסקווער יוגנט־זשורנאַל „יונגוואַלד" די ערשטע דערציילונג.

אין די יאָרן 1926—1931 לערנט זיך נאָטע לוריע אין דער ייִדישער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פונעם 2־טן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט, אַרבעט אין די רעדאַקציעס פון די זשורנאַלן „פּיאָנער" און „יונגוואַלד". אין 1929 פאַרעפנטלעכט ער אין דער צײַטונג „עמעס" די דערציילונג „באַנאַכט אויף פּאַשע", וואָס האָט אים גלײַך אַרײַנגעפירט אין דער גרויסער ליטעראַטור. זײַן הויפּט־טעמע ווערט דאָס לעבן פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין דאָרף, באַזונדערס דער קאַמף פאַרן נײַעם סאָציאַליסטישן סיידער אין פּעריאָד פון דער קאָלעקטיוויזאַציע. זײַן ערשטער ראָמאַן „דער סטעפּ רופט", וועלכער איז דערשינען אין 1932, האָט אים געבראַכט אָנערקענונג פון אַן ערשטראַנגיקן מײַסטער־רעאַליסט. דאָס ווערק איז געווען אײַנגעשלאָסן אין די שול־פּראָגראַמען און האָט אַרויסגערופן באַגײַסטערטע אָפּרופן פון דאָוויד בערגעלסאָנען, מוישע ליטוואַקאָוון, אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוקן, איוואַן קוליקן, אַלעס גאָנטשאַרן און אַנדערע אָנגעזעענע שרײַבער. מע האָט נאָטע לוריען אין די לייענערישע און שריפטשטעלערישע קרײַזן געקרוינט מיטן נאָמען „דער ייִדישער שאָלאָכאָוו". אויפן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־צוזאַמענפאָר איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע וועגן דער יונגער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

פונעם 1931 ביזן 1941 יאָר האָט דער שרײַבער געלעבט און געשאַפן אין אָדעס, און אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז איז ער פרײַוויליק אַוועק אין דער סאָוועטישער אַרמיי. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים צוזאַמען מיט די זיגער איבערן פאַשיזם, האָט אים ניט אויסגעמיטן דער גוירל פון די שווער געליטענע פון די רעדיפעס בײַסן סטאַלין־קולט, אָבער ווי די אַנדערע סאָוועטישע פּאַטריאָטן מיט אַזאַ גוירל, האָט ער ניט פאַרלוירן דעם מוט און נאָך דער באַפרײַונג פאַרגעזעצט צו שאַפן. אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר דערשײַנט זײַן עפּאָפּיי „הימל און ערד", דער ראָמאַן „די געשיכטע פון אַ ליבע", אַ גאַנצע ריי דערציילונגען און פאַרצייכענונגען.

גרויס זײַנען נאָטע לוריעס פאַרדינסטן פאַר דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן. ער איז איינער פון די בויער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", אַ מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע, אָנהייבנדיק פון דעם ערשטן נומער. אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ער אָפּגעדרוקט אַ גרויסע צאָל ווערק, וועלכע זײַנען אַרײַן אין גאָלדענעם פאָנד פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש, אוקראַיִניש, מאָלדאַוויש און אויף אויסלענדישע שפּראַכן.

נאָטע לוריע האָט מיט זײַן לעבן און שאַפונג דעראָבערט אָפּשײַ און ליבע בײַ דער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט אַלס פּערזענלעכקײַט, אַלס לערער און דערציִער פון עטלעכע דורות יונגע ייִדישע ליטעראַטן. אַ באַשיידענער מענטש און אַן איבערגעגעבענער פרײַנט, האָט ער מיט זײַן פּערזענלעכן בײַשפּיל זיי געלערנט טרײַ דינען דעם פאָלק, היטן די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, זיך באַציִען מיט פאַראַנטוואָרטלעכקײַט צו דעם וואָרט, צו יעדער שורע, צו יעדן ווערק, וואָס ווערט געבוירן באַם שרײַבטיש.

אַרײַנטרעטנדיק שוין אינעם נײַנטן יאָרצענדליק פון זײַן לעבן, האָט נאָטע לוריע פאַרטראַכט אַ גרויס אווטאָביאָגראַפיש ווערק, וואָס ער האָט אָנגערופן „יאָרן און טעג". די ערשטע קאַפּיטלען פון אָט דעם דאָקומענטאַלן ווערק זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונדזער זשורנאַל אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר. צום גרויסן באַדויערן, איז נאָטע לוריען ניט באַשערט געווען צו פאַרווירקלעכן זײַן פאַרטראַכט. נאָר די קאַפּיטלען, וועלכע ער האָט באַוויזן אָנצושרײַבן, וועלן, צוזאַמען מיט זײַנע גרונט־ווערק, אַרײַן אין אונדזער ליטעראַרישן אוצער.

די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אַלע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, די פרײַנט און פאַרערער פונעם ייִדישן וואָרט פאַרנייגן זייערע קעפּ פאַרן אָנדענק פון דעם גרויסן קינסטלער.

## א בריוו פון א לייענער

# מײַן באקאַנטשאַפט מיט דער געשיכטע פון ארמעניע

זײַענדיק אין ארמעניע, האָב איך באזוכט די בילדער־גאלעריי און דעם היסטאָרישן מוזיי, וועלכע געפינען זיך אין צענטער פון יערעוואַן. דאָרט האָט מען דערציילט און באוויזן, וויאַזוי דער בלוטיקער אבדול גאמיד און אויך זײַנע יאָרשים, די יונג־טערקן, האָבן דורכגעפירט דעם גענאָציד איבער די ארמענער. דאָס וואָרט „גענאָציד” איז דאָ געוואָרן אן אייגנס פאר יעדן מענטשן. „גענאָציד” איז פורנעם גריכישן „גענאָס”, וואָס באטײַט — מישפּאָכע, שייוועט און פונעם לאטײַנישן „צאעדאָ” — „איך הארגע”. די זיידעס האָבן ניט געזאָגט „גענאָציד”, נאָר „אומגליק” — אזא סינאָנים איז עס געווען...

די ארמענישע שפּראך איז אן אינדאָ־אייראָפּעיִשע, נאָר זי האָט א סאך מאָל זיך צונויפגעקרייצט מיט די שפּראכן פון די שוואָטים פונעם אוראלטן מיזרעך: אשורים, ייִדן, שפּעטער אראבער, טערקן.

די בלוטיקע פּאָליטיק פון אבדול גאמידן בענעגייע דעם ארמענישן פאָלק האָבן, ווי געזאָגט, געיארשנט זײַנע נאָכקומער — די יונג־טערקן, וועלכע זײַנען געקומען צו דער מאכט אין 1908. זײַענדיק מאָלערציכעדיקע שאָוויניסטן־פּאנטיורקיסטן, האָבן זיי איבערגעשטיגן דעם בלוטיקן סולטאַן. „זייער שטרעבונג צו פארטערקישן די סלאוויאנער, ארמענער, ייִדן, גריכן אאוו., וועלכע באפעלקערן די אָטאָמאנישע אימפּעריע, האָבן אָנגענומען א מער אכזאָריעסדיקן כאראקטער, איידער בא אבדול גאמידן”, — האָט געשריבן די צײַטונג „פּראוודא” אין 1912. מערדערישע שכיטעס, ארויסגעריסענע אויגן, נעגל און האָר, אָפּגעזעגטע און אָפּגעהאקטע נעזער, הענט, פיס און אנדערע טיילן פון גוף.

אנאלאָגישע פארברעכנס, ווי באוווּסט, זײַנען באגאנגען די נאציסטן. ערעוו דער ארײַנדרינגונג פון די פאשיסטישע כאיאָלעס אין פוילן האָט דער פיורער געזאָגט, אז מע דארף אומבעראכמאָנעסדיק הארגענען אלעמען — די מענער, פרויען, קינדער. „מע דארף ניט לייגן קיין אכט אף דער געזעלשאפטלעכער מיינונג, — האָט ער געטײַנעט, — ווער רעדט דען הײַנט וועגן דער אויסראָטונג פון די ארמענער?”

דעם 12 אָקטיאבער 1918 האָט ג. אָרדזשאָנידקידזע אין א טעלעגראם אף טשיטשערינס נאָמען מיטגעטיילט: „אף א קליינעם שטעטך פון 2 אויעזדן פון דער יערעוואנער גובערניע זײַנען קאָנצענטרירט מער פון 600.000 מענטשן, וועלכע קומען אום מאסנווײַז פון הונגער און כאָליערע. אין די באַהערשטע אויעזדן האָבן די טערקן אויסגעקוילעט א העלפט פון דער באפעלקערונג”.

אין סטאמבול זײַנען געפאלן קאָרבאָנעס פונעם גענאָציד א סאך שרײַבער. דער דיכטער סיאַמאנטא האָט געשריבן: „אין די טײַכן בלוט זײַנען אין יענע שרעקלעכע טעג אלע מײַנע געדאנקען, אלע כאלוימעס געוואָרן אף אייביק כאָסערדייעדיקע”.

אומגעקומען אינעם גענאָציד איז דער גרויסער פּאָעט גריגאָר נארעקאצי. זײַן הויפּט־ווערק „די טײַנע” איז געוואָרן א הייליקער בוך, וועלכן מ'האָט געלייענט און געשעצט אין מעשעך פון דוירעס באגלײַך מיט דעם עוואנגעליִום. א סאך מאָטיוון בא נארעקאצין רופן זיך איבער מיט דער כומעש־טעמאטיק. ער האָט אָנגעשריבן א קאָמענטאר צו „שיר־האשירים”. ביז הײַנט־צו־טאָג פאָרשט מען נארעקאציס פענאָמען לעגאבע זײַן קרויוויש איבערופן זיך מיט דער פּסיכאָלאָגישער אטמאָספער פון דאָסטאָיעווסקיס ווערק.

די ארמענער שטאָלצירן מיט זייער בילדער־גאַלעריי, באזונדערס מיט דעם גרויסן קינסטלער איוואן קאָנסטאנטינאָוויטש אײַוואזאָווסקי (אָוואנעס) (1817—1900). אין די מוזיי־עקספּאָזיציעס פארנעמט דאָס שענסטע אָרט זײַן בילד „נויעך לאָזט זיך אראָפּ פונעם בארג אראראט”. ס'איז ברייט אָנגענומען די מיינונג, אז אײַוואזאָווסקי האָט דאָ אלעגאָריש פארגלײַכט דעם אלוועלטלעכן מאבל מיטן ארמענישן גענאָציד: דאָרט האָט זיך געראטעוועט נויעך, בא די ארמענער וועט אויך דאָס לעבן גיין ווײַטער.

נאָר געראטעוועט האָט די ארמענער בעעמעס דאָס גרויסע רוסישע פאָלק, די סאָוועטנמאכט.

דער צווייטער קולטור־אנשטאלט, מיט וועלכן עס שטאָלצירן די ארמענער, איז דער „מאטענאדאראן”, דאָס הייסט „די ביבליִאָטעק פון קסאוויאדן”.

„מאטענאדאראן” שטייט אף א בערגל אין צענטראלן טייל פון יערעוואן. אף דער געבײַדע זײַנען אויסגעקריצט די ווערטער פון שלוימע האמעלעך וועגן דעם דאָרשט פון דער נעשאָמע צו דערקענען די כאָכמע. „מאטענאדאראן” איז א וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער אינסטיטוט פון אוראלטע קסאוויאדן און איינציקארטיק א מוזיי. עס זײַנען דאָרט פאראן ארום 27 טויזנט ארמענישע קסאוויאדן, 2479 קסאוויאדן אין דער גריכישער, העברעיִשער, אראבישער, פּערסישער און אנדערע שפּראכן.

מיצאס אלעקסאנדראָפּולאָס, א גריכישער שרײַבער־קאָמוניסט, לאורעאט פון דער צווישנפעלקערלעכער ליטעראטור־פּרעמיע אף א. מ. גאָרקיס נאָמען, שרײַבט:

„איך האָב געמאכט עטלעכע נעסיִעס אין דער סאָוועטישער ארמעניע, כ'האָב זיך באריִרט מיט דער אוראלטער געשיכטע און מיטן הײַנטיקן טאָג פונעם ארמענישן פאָלק. איך האָב זיך דערוווּסט א סאך אינטערעסאנטע זאכן, און אלץ, וואָס כ'האָב געזען און זיך דערוווּסט, האָט מיך דערוועקט צו אָנשרײַבן א בוך”.

מ. ר ו ב ט ש י נ ס ק י,
שט. גאָרקי

# קינסטלער מענדל גאָרשמאַן

(צו זײַן 80־טן געבורטסטאָג)

זע דעם ארטיקל אף דער זײַט 149.

אילױסטראַציעס צו די װערק
פון י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אליכעם

„באָנציע שװײַג"



דער גרױסער שױפער פון מאָשיעכס צײַטן האָט געקלונגען אין אלע זיבן הימלען:
באָנציע שװײַג איז ניפטער געװאָרן!

עסקיז צו „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס"





מאָטל פּייסי דעם כאַזנס

מאָטל און דאָס קעלבל






## אירמע דרוקערס פאָלקלאָר־אַנזאַמלונגען

# אָרעמע און רײַכע

## ליגנערס און כאַכאָמים

❁

— איך בין אויסגעווען די גאַנצע וועלט.
— און באַ די טערקן?
— אוודעי.
— און די דאַרדאַנעלער האָסטו געזען?
— אַ פּראַגע, איך בין מיט זיי אײַנגעשטאַנען אַף איין סטאַנציע.

❁

אַ באַוווּסטן ליגנער האָט מען געגעבן אַ רובל, ער זאָל גלײַך אַפּן אָרט זאָגן אַ ליגן.
— איר האָט דאָך געזאָגט, אַז פאַר אַ באַלדיקן ליגן וועט איר מיר געבן צוויי רובל.

❁

אַ צווייטער ליגנער האָט אַזוי געענטפערט אַף אַזאַ באַדינג: דעם רובל וועל איך נעמען, נאָר אויספּילן דאָס, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר, קאָן איך ניט, ווײַל זינט איך לעב האָב איך קיין ליגן ניט געזאָגט.

❁

— פאַרוואָס פירט מען אײַך אין טפיסע?
— איך האָב אַ שטריק אופגעהויבן.
— בלויז פאַר דעם?
— ניין, נאָר פאַר איין קלייניקייט — נאָך דער שטריק האָב איך נאָכגעשלעפּט אַ פערד.

❁

— פאַרוואָס האָט איר געגאַנוועט וואָלוועלע זאַכן און ניט גענומען קיין טײַערע?
— לאָזט מיך צורו, איך האָב שוין געהאַט גענוג דערפאַר פון מײַן ווײַב.

❁

— גנייווע איז אַ שלעכטע פּאַרנאָסע: ווען מ'כאַפּט דעם גאַנעוו שלאָגט מען אים.
— געזונט זאָלן זײַן די, וואָס שלאָגן די גאַנאָווים. ווען מ'וואָלט די גאַנאָווים ניט געשלאָגן, וואָלטן אַלע מענטשן אין דער וועלט געגאַנוועט, און ס'וואָלט פאַר די גאַנאָווים ניט געווען קיין ברעקל פּאַרנאָסע.

## וועגן מישפּאָכע־איניאָנים

❁

אַן אַלטער האָט גענומען אַ יונגע אַלמאָנע, האָט זי יעדן טאָג געשריגן: „דו האָסט מיך גענומען אַלס אַלמאָנע, ווײַל איך פון דיר פּאָטער ווערן אַלס אַלמאָנע".

❁

— פאַרוואָס ווילסטו זיך געטן מיט דײַן מאַן?
— ער איז מײַן מאַן, טאָר איך אַף אים קיין שלעכטס ניט רעדן.
נאָכן געט האָט זי געזאָגט:
— ער איז מיר אַ פרעמדער, אַף אַ פרעמדן טאָר מען אוודעי און אוודעי ניט ריידן.



בא שײַקע פּײַפּער זײַנען געשטאָרבן דרײַ ווײַבער שוועסטער.

— צוליב וואָס נעמסטו איין שוועסטער נאָך דער צווייטער?

— איך האָב פײַנט די מישפּאָכע און וויל זי אומברענגען.



פארן טויט האָט איינער געהייסן ברענגען דעם שאדכן.

— צוליב וואָס?

— פארן טויט דאַרף מען שאָלעם מאכן אַפילע מיטן גרעסטן סוינע.



ס'איז געווען א פולע שטוב מיט קינדער. ער האָט געבראַכט קינדער פון דעם ערשטן ווײַב, און זי פונעם ערשטן מאַן, דערבײַ האָבן זיי שוין באַוויזן ברענגען אייגענע קינדער אף דער וועלט.

ווען דאָס ווײַב פלעגט זיך צעשרײַען אפן מאַן: „וואָס קומט דאָרט פאָר אין שטוב? וואָס פאר א גוואַלדן?", פלעגט דער מאַן קאַלטבלוטיק ענט־פערן: „מײַנע קינדער און דײַנע קינדער שלאָגן אונדזערע קינדער".



— פארוואָס האָסטו ניט כאַסענע?

— אז איך דארף א גלאָז מילך, דארף איך האָ־דעווען א בעהיימע?



— וואָס וועט זײַן מיט דײַן זון, וואָס לערנט זיך אין דער אקאַדעמיע?

— דערווײַל ווייס איך בלויז איינס: ביז ער מאָלט אויס א פויגל, עסט ער אוף אַן אָקס.

# אייצעס



זײַ ניט צו דײַן כאַווער ווי א פליג, וואָס מײַדט אויס דאָס געזונטע לײַב און שטעלט זיך דאָרט, וווּ ס'איז א ווונד.



באם כאַווערס טיש אַנטפּלעק ניט די שאַנד פון אײַער אַלגעמיינעם באַקאַנטן, ווארעם דײַן כאַווער קאָן כוישעד זײַן, אז מאָרגן וועסטו אים באַריידן בא א צווייטן טיש.



אז דו עסט בא דײַן כאַווער, לויב ניט דאָס עסן, וואָס דו האָסט געגעסן בא א צווייטן.



הער אויס געדולדיק אַלע מיינונגען, ווײַל אַנדערש וועט דײַן מיינונג קיין ווערט ניט האָבן.



זיבן מאָל כאַזער איבער דאָס וואָרט, און ערשט דערנאָך זײַ זיך מעיאשעוו, צי איז קעדײַ דאָס ארויסצוברענגען.



קום צום קראַנקן מיט געזונטע שטימונגען, ווײַל א גוטע שטימונג איז די בעסטע רעפוע.



זאָל דײַן ליבע צו דײַן פרוי ניט בלויז שטערן, נאָר פאַרגרעסערן און פאַרטיפערן איר ליבע צו פאָטער און מוטער.



ליבע צו דער וועלט זאָל זיך בא דיר אָנהייבן פונעם קלענסטן גרעזל.



ווי צום סייפער, וואָס איז שטענדיק נײַ.



זײַ מויכל דעם מענטשן, ווען ער איז אין טיפן צאַר.



האַלטסטו דעם סאָד, איז דער סאָד בא דיר אין האַנט. באַלד דו האָסט אים אַנטפּלעקט, ביסטו בא אים אין האַנט.



א מענטש אָן א כּאווער איז ווי א לינקע האנט אָן א רעכטער.



מע האָט בא איינעם געפרעגט: „וועמען האָסטו בעסער ליב, דײַן ברודער אָדער דײַן געטרײַען כּאווער?”, האָט יענער געענטפערט: „איך וואָלט מײַן ברודער ניט ליב געהאַט, ווען ער וואָלט מיר ניט געווען קיין כּאווער”.



מע האָט בא איינעם געפרעגט: „פאַרוואָס האָסטו ניט ליב קיין ווײַן?”, האָט יענער געענטפערט: „ווײַל ער פעלשט אין זײַן שליכעס — איך שיק אים אין בויך, און ער קריכט אין קאָפּ ארײַן”.



אויב דו קענסט ניט פלאַנצן, איז צעטרעט כאָטש ניט.

## דער באַלעגאָלע שפּאַסט



איינער א באַלעגאָלע האָט אויסגענומען מיט זײַנע פּאַסאַזשירן:
— אז די פערד וועלן דאַרפן אַרויף־באַרג גיין, גייט נאָך נאָכן וואָגן פון ראַכמאָנעס וועגן, אַראָפּ־באַרג — מאַכמעס סאַקאָנעס. און אַפן גלײַכן וועג איז בעסער פון אַלץ שפּאַצירן.
— ווען זשע וועלן מיר זיצן אין וואָגן?
— ווען די פערד וועלן זיך פּאַשען.



— מײַנע פערד, אז זיי ווילן, מאַכן זיי 20 קילאָ־מעטער א שאָ.
— נו, אין וואָס זשע איז די מעניע?
— די מעניע באַשטייט אין דעם, וואָס זיי ווילן קיינמאָל ניט.



אײַזיק דער באַלעגאָלע האָט געהאַט א בלינד פערד. איינמאָל האָט ער אין א לאָך פון א בריק זיך צעבראָכן א פוס. האָט אײַזיק געזאָגט: „קוק אים אָן, דעם טאַכשיט מײַנעם, בלינד אַף ביידע אויגן, און די לאָך האָט ער געפונען”.

## רעטענישן



שטייט ניסל אַף איין פיסל; גייט מוישעלע און לייגט אים אין קוישעלע (א שוואָם).



איבער באַרג און טאָל גייט א פּוטערל פון וואָל (א שעפּס).



זומער טוט ער אָן דעם פּעלץ, ווינטער טוט ער אויס דעם פּעלץ (א בוים).



צוויי ברידער זיצן אַף איין בוים און זעען זיך ניט (אויגן).





דער קיִעווער דיכטער מישע מאָגילעוויטש אינעם סקולפּטור־צעך נאָכן אומבײַט



באַם ווערקשטעל — דער טאַשקענטער דיכטער יוסף איצקאָוו



פון רעכטס אף לינקס: נאָטע לוריע מיט זײַנע פֿרײַנט — סטודענטן פֿונעם ייִדישן אָפּטייל פֿון דעם 2־טן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. 1928

דער רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג „דער עמעס” מוישע ליטוואַקאָוו טרעט אַרויס פֿאַר אַ גרופּע יונגע ייִדישע רויטאַרמייער. אָנהייב 30־ער יאָרן



# מאַטעריאַלן פאַר אַ לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

**ביליאוויטשוס (סארין), עליע**
(1986—1904)

— פראָזאיִקער, זשורנאליסט. געבוירן אין ווילקאָווישק, ליטע. אין 1920 ארײַנגעטראָטן אין קאָמיוג און אין 1922 — אין דער אונטערערדישער קאָמפארטיי פון ליטע, וועלכע שיקט אים קיין מאָסקווע זיך לערנען אינעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פאר נאציִאָנאלע מינדערהײַטן פון מײַרעוו („מײַרעווקע"). נאָכן פארענדיקן דעם אוניווערסיטעט (1926) קערט ער זיך אום קיין ליטע און ווערט אויסגעוויילט אלס סעקרעטאר פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער קאָמפארטיי. צוויי מאָל ארעסטירט מען אים. שפעטער פאָרט ער אָפ קיין מאָסקווע, ווו ער ארבעט אין מעשעך פון 7 יאָר אין דער צײַטונג „דער עמעס". אין דער סאָוועטישער ליטע באשטימט מען אים פארן פאָלקס־קאָמיסאר פון דער שפײַז־אינדוסטריע. בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע ארבעט ער אינעם ליטווישן שטאב פון דער פארטיזאנישער באוועגונג. פון יול 1944 — שטעלפארטרעטער פונעם ערשטן סעקרעטאר פון צק פון דער ליטווישער קאָמפארטיי. אין די 50־ער יאָרן איז ער מיניסטער פון פישפאנג אין דער ליטווישער רעפובליק, מיניסטער פון דער שפײַז־אינדוסטריע, שטעלפארטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דעם רעפובליקאנישן סאָוונארכאָז. אין די לעצטע יאָרן, פארן ארויסגיין אָף פענסיע, איז ער געווען א ראטגעבער באם מיניסטאָרן־ראט פון דער ליטווישער רעפובליק. אין מעשעך פון א סאך יאָרן איז ער אקטיוו אין דער פובליציסטיק, לאָזט ארויס ביכער, דרוקט ארטיקלען אין דער ליטווישער, רוסישער, יִדישער פרעסע. זינט עס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען „סאָוועטיש היימלאנד" האָט ער אינעם זשורנאל פארעפנטלעכט א ריי מאטעריִאלן, דערונטער זיכרוינעס וועגן דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער פארטיי אין ליטע.

ווערק: הינטער גראטעס, דערציילונגען. מאָסקווע, פארלאג „עמעס". 1936; די געווערב־קאָאָפעראציע אין ראטנפארבאנד. דאָרט, „דער עמעס", 1940; היטלערישער רויב און מאָרד אין ליטע. דאָרט, 1943; ניט אומזיסט פארגאנגענע יאָרן, זיכרוינעס (ליטוויש און רוסיש). ווילנע, 1958; דער ניעמאן קערט זיך אום אין זײַנע ברעגן (ליטוויש). דאָרט, 1960; דעם פרילינג אנטקעגן (רוסיש). מאָסקווע, פארלאג „מאָלאָדאיא גווארדיִא", 1963; טאָג־אײַן, טאָג־אויס, ראָמאן (ליטוויש). ווילנע, 1972; געשטיינערטע שטעגן, דערציילונגען (רוסיש). דאָרט, 1985; אין „סאָוועטיש היימלאנד": זי האָט מאקריוו געווען דאָס לעבן פארן גליק פון די מענטשן (וועגן ה. גלעזערייטע). 1976, נומ. 10; בערשטער. 1980, נומ. 4; דורך צוויי גרענעצן (אווטאָביִאָגראפישע דערציילונג). 1985, נומ. 4.

**בראָווארניק, לייב**
(1942—1870)

— פובליציסט, ביבליִאָגראף, געזעלשאפטלעכער טוער. געבוירן אין שטעטל ליטין, פאָדאָליע (אוקראיִנע). זיך באזעצט אין קיִעוו. אין די ביז־רעוואָליוציִאָנערע יאָרן פלעגן איז זײַן דירע פאָרקומען באגעגענישן פון דער יִדישער פראָגרעסיווער אינטעליגענץ. זייערע נײַע ווערק פלעגן דאָרט פאָרלייענען שאָלעם־אליי כעם, שאָלעם אש, דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, שפעטער — פערעץ מארקיש, יעכעזקל דאָברושין און אנדערע. צוזאמען מיט שימען דאָבינען. מיכל לעוויטאנען האָט בראָווארניק ערעוו דער ערשטער וועלטמילכאָמע געגרינדעט די בארימטע דעמיִעווקער (קיִעוו) יִדישע שול פאר מיידלעך און צונויפגעשטעלט דאָס ערשטע יִדישע אריפמעטישע לערנביכל פאר דער אָנפאנג־שול. אין 1919, ווען אוקראיִנע האָט זיך געפונען אונטער דער דעניקינישער אָקופאציע, איז ער געווען טעטיק אין דער באָלשעוויסטישער אונטערערד אין קרעמענטשוק. אין די יאָרן פונעם בירגערקריג און פון די ערשטע פינפיאָרן איז ער געווען איינער פון די אָנפירער פון דער אוקראיִנישער אָפטיילונג פונעם געזערד, פארוואלטעט מיט דער יִדישער ווינטשעווסקי־ביבליִאָטעק אין קיִעוו. געדרוקט ארטיקלען אין דער יִדישער סאָוועטישער פרעסע, דעריקער וועגן דער ווירטשאפטלעכער פאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פארטיי. צוזאמען מיט ה. קאזאקעוויטשן און ע. פאָרטנאָי צונויפגעשטעלט אן אנטירעליגיִעזן בוך „אפיקוירעס, זאמלונג צו די יאָמים־נוראִים" (קיִעוו, 1923). געשטאָרבן אין דער עוואקואציע.

ווערק: די קיִעווער צענטראלע יִדישע מעלוכע־ביבליִאָטעק אפן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי, אינעם „ביבליִאָלאָגישן זאמלבוך". צענטערפארלאג, מאָסקווע—כארקאָוו—מינסק, 1930; רעשימע פון יִדישע ביכער און זשורנאלן, וואָס זײַנען דערשינען אין ראטנפארבאנד פארן 1930 יאָר. אין זשורנאל „ראטנבילדונג", קיִעוו, 1931, נומ. 2—3.

## לוואָווסקי, יאַנקעוו
(1972—1885)

— ליטעראַטור־קריטיקער. געבוירן אין וואָלאָטשיסק (איצט כמעלניצקער געגנט, אוקראַיִנע). געאַרבעט אין בערדיטשעוו און קיִעוו אַלס לערער, שפּעטער — אין דער יִידישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט (יעקא) אין קיִעוו. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלטמילכאָמע געווען א באַפולמעכטיקטער פון דער מאָסקווער געזעלשאַפט צו העלפן יִידן, וואָס האָבן געליטן פון דער מילכאָמע. אין 1918 אַריַינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין משך פון דריַי יאָרצענדליקער געווען אַף פּאַרטיי־אַרבעט — אין נאַציאָנאַלן אָפּטייל פון דעם ניזשעגאָראָדער גובקאָם פון רקפּ(ב), דערנאָך אין דער צענטראַל־ביוראָ פון די יִידישע סעקציעס באַם צק פון רקפּ(ב). אין די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער פון זיַין לעבן האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער ליטעראַרישער אַרבעט. צוזאַמען מיט ג. ענטינען צונויפגעשטעלט אַן אַנטאָלאָגיע „די אַרבעטערפּרוי".

ווערק: (צוזאַמען מיט ג. ענטין) ראַטנמאַכט, לייענבוך פאַר שולן און קריַיזן פון וויַיניק־איוורעדיקע. מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1929; אינעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד": א זינגער פון פעלקער־פריַינטשאַפט (וועגן איזי כאַריקן). 1979, נומ. 1; א בריוו צו בערגעלסאָנען און בריוו צו אים (זיכרוינעס). 1969, נומ. 8; אין טאָגטעגלעכן לעבן (זיכרוינעס וועגן דעם ניסטער). 1964, נומ. 6; דער ניסטער אין זיַינע יונגע יאָרן (1940—1944. זיכרוינעס). 1963, נומ. 3: דער ניסטער ווי א פּערזענלעכקיַיט. 1969, נומ. 11; דער נעכטן, דער היַינט — געקניפּט און געבונדן (רעצענזיע אַף ר. רובינעס בוך „עס שפּינט זיך א פאָדעם"). 1970, נומ. 9; וועגן איציק קיפניסעס דערציילונג „קראַסאַווטשיק". 1969, נומ. 10.

ביבליִאָגראַפיע: געשטאָרבן יאַנקעוו לוואָווסקי. „סאָוועטיש היימלאַנד", 1973, נומ. 2.

## כירגע, באָרעך
(1979—1893)

— זשורנאַליסט, פאָלקלאָריסט. געבוירן אין שטעטל אָליק, וואָליִנער געגנט, אוקראַיִנע. פאַרענדיקט דעם אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און אין משך פון פיל יאָרן געאַרבעט אַלס לערער פון יִידישער ליטעראַטור און שפּראַך אין יִידישע שולן. איינציַיטיק געווען קאָרעספּאָנדענט פון די ציַיטונגען „זיַי גרייט", „יונגע גוואַרדיע", „דער שטערן", „דער עמעס", זיך געדרוקט אין זשורנאַלן. אין 1938 איבערגעזעצט א. קאָרנייטשוקס פּיעסע „פּלאַטאָן קרעטשעט", וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אינעם קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער טעאַטער אונטער דער רעזשי פון יאַקאָוו בעלצער. די לעצטע ציַיט געלעבט אין קרעמענטשוק, זיך פאַרנומען מיט זאַמלען יִידישן פאָלקלאָר.

## גאָלדמאַן, מענדל
(1974—1897)

— דיכטער, איבערזעצער. געבוירן אין ביאַליסטאָק. אין די יאָרן 1921—1939 געווען א שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער ביאַליסטאָקער טעגלעכער ציַיטונג „דאָס נַיַיע לעבן", ווו ער האָט דעביוטירט מיט א ליד „נאָכן אָרן". שפּעטער פאַרעפנטלעכט לירישע לידער אין דער ביאַליסטאָקער, לאָדזשער, וואַרשעווער יִידישער פּרעסע (אייניקע ווערק אונטערן פּסעוודאָנים מענאַכעם גאָן). ווען די היטלערישע כאַיאָלעס האָבן אָקופּירט פּוילן, האָט ער זיך עוואַקויִרט קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו ער האָט זיך באַזעצט אין טאַשקענט. אינעם זאַמלבוך „צום זיג" (1944) אָפּגעדרוקט א ליד, געווידמעט דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. זינט עס האָט אָנגעהויבן דערשיַינען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" איז ער געווען איינער פון זיַינע אוטאָרן.

ווערק: היימוויי, בלעטלעך פון א לירישן טאָגבוך 1941—1945. ניו־יאָרק, 1967; אין „סאָוועטיש היימלאַנד": צוויי לידער. 1972, נומ. 11; ווידער פרילינג. 1974, נומ. 9; דיר דאַנקען, דיך צו לויבן (פאַרצייכענונג). 1974, נומ. 8.

ביבליִאָגראַפיע: ד. סאַן, עטלעכע ווערטער וועגן דעם מעכאַבער, פאָרוואָרט צו דער לידער־זאַמלונג „היימוויי": י. איצקאָוו, א ווירדיקע מאַציייווע. דאָרט; נאָטיצן אַפן קאַלענדאַר. זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", 1969, נומ. 4; מענדל גאָלדמאַן, נעקראָלאָג. דאָרט, 1974, נומ. 12.

## גאָלדענבערג, רעפאָעל
(1987—1906)

— פּראָזאַיִקער. געבוירן אין שטעטל טערליצע, קיִעווער געגנט, אין א מישפּאָכע פון א גלעזער. אין 1926 פאַרענדיקט א פּעדאַגאָגישן טעכניקום און אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערער אין א יִידישער קינדער־קאָלאָניע. אין 1934 אַריבערגעפאָרן קיין ניקאָליַיעוו, פאַרענדיקט היִנטער־אויגיק א פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, געווען א לערער פון מאַטעמאַטיק. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. נאָך דער דעמאָביליזאַציע (1947) זיך אומגעקערט קיין ניקאָליַיעוו, געאַרבעט אַלס לערער ביזן 1968. אָנהייבנדיק פונעם יאָר 1966, פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין „ביראָבידזשאַנער שטערן" א ריי דערציילונגען, נאָוועלן, פאַרצייכענונגען. געשטאָרבן אין ניקאָליַיעוו.

ווערק: (אין „סאָוועטיש היימלאַנד") די באָבע מיט איר אייניקל. — באַם טעלעוויזאָר. 1965, נומ. 2; אין זעקסטן „א". 1966, נומ. 1; מיניִאַטיורן. 1971, נומ. 4; א פּראָסטער אַרבעטער. 1977, נומ. 12; דריַי הומאָרעסקעס. 1987, נומ. 2.

## מעדרעש, בערל
## (געב. אין 1911)

— זשורנאַליסט. געבוירן אין ליאָכאָוויטש, ווײַסרוסלאַנד, אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע. נאָך דער רעוואָליוציע אַריבערגעפאָרן מיט די עלטערן קיין מינסק. פאַרענדיקט אַ ייִדישע זיבניאָריקע שול. אין די דרײַסיקער יאָרן געווען אַקטיוו אין דער פּיאָנערישער און קאָמיוגישער באַוועגונג. אין 1926 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט אָפן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צונויפפלי פון יונגע פּיאָנערן אין מאָסקווע. אָנגעהויבן דרוקן פאַרצייכענונגען און ליטעראַרישע מאָנטאַזשן אין 1928 אין די פּיאָנערישע צײַטונגען „דער יונגער פּיאָנער״ און „דער יונגער לענינעץ״. פאַרענדיקט אַ שאָפער־שול און אין 1933 דעם מינסקער אוטאָטעכניקום. פונעם 1925 ביזן אָנהייב פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „אָקטיאַבער״ (מינסק). געדרוקט פאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזשן, פעליעטאָנען. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. נאָך דער דעמאָביליזאַציע געאַרבעט אַלס שעף פון אַן אוטאָבאַזע אין מינסק, אין די לעצטע יאָרן — אין אַ וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער קינסטלעריש־עקספּערימענטאַלער לאַבאָראַטאָריע. וווינט אין מינסק.

ווערק: אין אַ פרײַער שאָ (צוזאַמען מיט ל. גרייוועך), הילפסבוך פאַר אָנפירער פון פּיאָנער־אַטריאַדן. מאָסקווע, צענטרפאַרלאַג, 1931 אַף דער אַכטער דיסטאַנציע, דערציילונג. מינסק, מעלוכע־פאַרלאַג, 1932; דער אווטאָמאָביל, זײַן געבוי, אָנפירונג און וויאַזוי אַרומגיין אַרום אים. מינסק, מעלוכישער טעכניש־וויסנשאַפטלעכער פאַרלאַג, 1933.



## די קלײנע פּלאַנעטע „מאַרגאָלין״



וועגן מיכאַיל מאַרגאָלינען האָט „סאָוועטיש היימלאַנד״ דערציילט די לייענער אין יאַנוואַר־נומער פאַרן 1982 יאָר. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט ניט קיין געוויינלעכן גורל. אין די צוואַנציקער יאָרן, בײַס אַ שלאַכט מיט אַן אַנטיסאָוועטישער באַנדע, איז ער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און האָט פאַרלאָרן די ריִע. בלינדערהייט האָט ער שפּעטער קאָנסטרויִרט אַ ספּאָרטיוון פּיסטאָלעט, וועלכער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס בעסטער אין דער וועלט.

דער אויבער־סאָוועט פון פססר האָט באַלוינט דעם באַגאַבטן געווער־קאָנסטרוקטאָר מיט אַ מעדאַל און מיט אַ גראַמאָטע.

ווען דער וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון דער קרימער אָבסערוואַטאָריע ל. טשערניאַק האָט אין 1969 אַנטדעקט די קליינע פּלאַנעטע 2561, האָט ער זי אָנגערופן מיטן נאָמען „מאַרגאָלין״. דעם נאָמען האָבן אין 1969 באַשטעטיקט די סמיטסאָניאַווער אַסטראָפיזישע אָבסערוואַטאָריע פון פשא און דער אינסטיטוט פון טעאָרעטישער אַסטראָנאָמיע בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר.

אָט אַזוי איז פאַרייביקט געוואָרן דאָס מענטשלעכע געשטאַלט פונעם בלינדן קאָנסטרוקטאָר און פאָרשער.

כאַסקל זײַען

**Урок V** (*продолжение*) **לימעד פינף** (פֿאָרזעצונג)

**Задание 13.** Выучите новые слова.

**Задание 14.** Спишите первые двенадцать предложений текста, соблюдая правильное начертание рукописных букв.

**Задание 15.** Упражняйтесь в обратном переводе русских предложений ключа к заданию 12 на еврейский язык. Сверьте свой обратный перевод с предложениями еврейского текста [а брив] — «Письмо».

**Задание 16*.** Запишите порядковые номера еврейских слов и рядом через черточку укажите номера соответствующих им по значению русских слов.

## I. СУЩЕСТВИТЕЛЬНЫЕ

1) друг, 2) семья,
3) лето, 4) дерево,
5) ночи (*мн. число*),
6) день, 7) ночь,
8) дни, 9) деревья,
10) комната, 11) цветок,
12) волна, 13) море,
14) рабочий, 15) письмо,
16) родители, 17) вечер,
18) девушка, 19) молодежь,
20) дом.

1) דער בריוו, 2) דער פֿרײַנט,
3) דער ′ארבעטער, 4) די מישפּ′אָכע,
5) דער יאם, 6) דער ז′ומער,
7) דער טאָג,
8) די טעג, 9) די נעכט,
10) די נאכט, 11) דער בוים,
12) די ב′יימער, 13) די בלום,
14) דער צ′ימער, 15) די כוו′אליע,
16) דער ′אָוונט, 17) דאָס הויז,
18) די יוגנט, 19) דאָס מיידל,
20) די ′עלטערן

## II. ГЛАГОЛЫ

1) оставаться, 2) купаться,
3) зеленеть, 4) отвечать,
5) цвести, 6) идти,
7) наслаждаться, 8) гулять.

1) גיין, 2) בלײַבן,
3) ′ענטפערן, 4) האנ′אָע האָבן,
5) באָדן זיך, 6) גר′ינען,
7) בל′יִען, 8) שפּאצ′ירן

## III. ДРУГИЕ ЧАСТИ РЕЧИ

1) молодой, 2) прохладный,
3) большой, 4) синий,
5) весь, 6) старый,
7) жаркий, 8) черный
9) дорогой, 10) светлый,
11) всегда, 12) у, при,
13) на, 14) из, от,
15) часто, 16) сейчас,
17) мне, 18) спокойный,
19) к, 20) снежный.

1) ט′ײַערער, 2) שוו′ארצער,
3) ה′ייסער, 4) י′ונגער,
5) ′אלטער, 6) ק′ילער,
7) גר′ויסער, 8) בל′ויער
9) ג′אנצער, 10) ה′עלער,
11) אױף, 12) בא,
13) פֿון, 14) אָפּט,
15) איצט, 16) שט′ענדיק,
17) צו, 18) מיר,
19) ר′ויִקער, 20) שנ′ייִיקער

**Ключ к заданию 16.**

**I. Существительные:** 1—15, 2—1, 3—14, 4—2, 5—13, 6—3, 7—6, 8—8, 9—5, 10—7, 11—4, 12—9, 13—11, 14—10, 15—12, 16—17, 17—20, 18—19, 19—18, 20—16.

**II. Глаголы:** 1—6, 2—1, 3—4, 4—7, 5—2, 6—3, 7—5, 8—8.

**III. Другие части речи:** 1—9, 2—8, 3—7, 4—1, 5—6, 6—2, 7—3, 8—4, 9—5, 10—10, 11—13, 12—12, 13—14, 14—15, 15—16, 16—11, 17—19, 18—17, 19—18, 20—20.

# זינאָווי קאָמפּאַנייעץ



עס איז געשטאָרבן דער אָנגעזעענער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר זינאָווי קאָמפּאַנייעץ. צוזאַמען מיט אים איז אוועק אין דער אייביקײַט דער לעצטער פון דער עפּאָכע פון דער ייִדישער קונסט, ווען ס'האָבן געשאַפן ל. פּולווער און נ. אַלטמאַן, ש. סענדעריי און ר. פּאַלק, ל. יאַמפּאָלסקי און ט. קאַפּלאַן.

ז. ל. קאָמפּאַנייעץ האָט דורכגעלעבט א לאַנג שעפעריש לעבן. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1902 אין באַקו. נאָך א ייִנגל, ביז דער רעוואָליוציע, שפּילט ער אין פּעטערבורג פּיאַנע און אימפּראָוויזירט ספּעציעל פאַר דעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר א. ק. גלאַזונאָוו. אין 1926 טרעט ער אַרײַן אין דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע און נעמט שוין דאַן אַן אַקטיוון אָנטייל אין מוזיקאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער הויפּטשטאָט — פירט אָן מיט זעלבסטטעטיקע אַרבעטער־קאָלעקטיוון, שרײַבט פאַר זיי מוזיק. אין די 30־ער יאָרן זײַנען אינעם גאַנצן לאַנד פּאָפּולער זײַנע זינגלידער „אַלץ, מיט וואָס מיר זײַנען שטאַרק און רײַך", „די ליד פון פאַרגאַנגענע מאַרשן" א. אַנד. זײַן „ערשטן קאָנצערט פאַר פידל מיט אַן אָרקעסטער" שפּילט יעליזאַוועטע הילעלס. בעשאַס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט ז. קאָמפּאַנייעץ געדינט אין אַן אַרמייִשן אַנסאַמבל און איז אַרויסגעטראָטן מיט קאָנצערטן אַף פאַרשיידענע פראָנטן — פון פּסקאָוו ביז דעם שוואַרצן יאַם.

נאָך דער מילכאָמע אַרבעט דער קאָמפּאָזיטאָר אין פאַרשיידענע זשאַנרען אין געביט פון דער סימפאָנישער און קאַמער־מוזיק, אין מיליטעריש־פּאַטריאָטישן, עסטראַדע־ און קינדער־זשאַנרען.

מיט דער ייִדישער מוזיק איז זינאָווי קאָמפּאַנייעץ געווען אומצעשיידבאַר פאַרבונדן נאָך אין דער פאַרמילכאָמע־צײַט. ער שרײַבט ייִדישע זינגלידער, פירט אָן מיט דער זעלבסטטעטיקײַט אין דעם מאָסקווער אַרבעטער־קלוב „קאָמוניסט", שרײַבט מוזיק צו טעאַטראַלע פאָרשטעלונגען. זײַנע לידער האָבן געזונגען מ. עפּעלבאַום, ז. שולמאַן, ר. פּלאָטקינע און פיל אַנדערע באַוווּסטע וואָקאַליסטן. אין 1979 האָט דער מעלוכישער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פונעם פאָלקס־אַרטיסט פון פּסר יע. סוועטלאַנאָוו אויסגעפילט ז. קאָמפּאַנייעצעס „ראַפּסאָדיע אַף ייִדישע טעמעס" און דער עסטראַדע־אָרקעסטער פון דער מעלוכישער ראַדיאָ און טעלעוויזיע האָט געשפּילט זײַנע זיבן אָרקעסטער־אוווערטיורעס — אינסטרומענטאַלע פּיעסעס, אָנגעזעטיקטע מיט ייִדישע אינטאָנאַציעס און ריטמען.

די פירמע „מעלאָדיאַ" האָט אַרויסגעגעבן ז. קאָמפּאַנייעצעס עטלעכע פּלאַטעס, צווישן זיי די פּלאַטע מיט די לידער אַף די ווערטער פון א. ווערגעליס.

זינאָווי קאָמפּאַנייעץ איז געווען א גרויסער פרײַנט פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". ער האָט אָפט באַזוכט די אָונטן, וועלכע די רעדאַקציע האָט אײַנגעאָרדנט, געשפּילט, געזונגען זײַן מוזיק, געדרוקט נײַע לידער און נאָטיצן וועגן דער געשיכטע פון מוזיק בא די ייִדן. אינעם זשורנאַל האָט ער געפירט די קעסיידערדיקע רובריקעס „לאָמיר זינגען נײַע לידער" און „שמועסן וועגן מוזיק". „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אַרויסגעגעבן א בוך־בײַלאַגע פון ז. קאָמפּאַנייעצעס נאָטיצן, אין וועלכע ער דערציילט וועגן דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער מוזיק.

זינאָווי לוואָוויטש קאָמפּאַנייעץ איז געווען א לעבנסלוסטיקער גוטהאַרציקער מענטש, אַן ערלעכער מוזיקאַנט. זײַן נאָמען וועט אַף שטענדיק פאַרנעמען אין דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור א ווירדיק אָרט.



En este número aparece la tercera y última parte del estudio del moscovita Mijaíl Ostrovski titulado "El arte une y emparienta a los pueblos" (véase el comienzo en los números 8 y 12 de 1987) y dedicado al desarrollo del multinacional teatro de Rusia en la segunda mitad del siglo pasado.

También ofrecemos al lector el ensayo "Encuentros con el pasado", del moscovita Oleg Guerásimov. O. Guerásimov encuentra temas para sus escritos en el extrajero, fundamentalmente, en Oriente Medio y Africa. "Siempre es grato visitar un país donde uno estuvo años atras —manifiesta,— sobre todo, cuando ello trae recuerdos agradables. Volver a ver Sana, capital de la República Arabe Yemení, me reporta satisfacción especial. Fue ahí donde hace 20 años de mis primeros pasos como arabista y conocí a un pueblo talentoso y orgulloso. Aquellos encuentros se grabaron en mi mente para siempre. En septiembre de 1962 en Sana se produjo un pronunciamiento de oficiales yemeníes que derrocaron la monarquía y proclamaron república, por primera vez en la península Arábiga. A inicios de 1963, despues de cuatro años de trabajo en el Yemen del Norte, regresé a mi patria. Cuando estuve en otros países árabes a menudo medía lo que allí veía con el rasero yemení". El autor aduce el siguiente dato histórico. La bíblica reina de Seba, movida por la curiosidad feminina, se aventuro a viajar en camellos de la ciudad yemení de Mareb a Jerusalén para ver al rey Salomon de Judea. No la intimidaron las adversidades de un recorrido de casi tres mil kilómetros, por entre arenas, valles esteriles y campos de lava. Es un ejemplo que caracteriza el dinamismo de los yemeníes y sus antepasados legendarios.

Se publica asimismo el artículo "Sobre la radioemisora *Voz de Israel*", de Alexandr Kriúkov (Moscú).

En los números 9 y 10 de 1987 aparecieron escritos que analizaron las indignas acciones de los líderes de la asociación *Pámiat* ("Memoria"). En esta ocasión continúa el tema el periodista moscovita A. Cherkízov que tituló su artículo "Reto".

Dmitri Brudni, de Moscú, en su ensayo "Lo que puede suceder" da a conocer al lector la trayectoria del renombrado director de orquesta Yuri Faier, Artista del Pueblo de la URSS, cuya vida fue vinculada al Teatro Bolshói.

Continuamos los tradicionales "Correo de *Soviétish Héimland*", "Materiales para el lexicón de la literatura judía soviética", "Manual autodidáctico del idioma yíddish" y "Crónica de la vida cultural y literaria".



**Suplemento al número:**
**Eduard Rozental. "Notas del periodista"**

# EL RESUMEN

"Soviétish Héimland" ("La Patria Soviética")
N° 1, enero, 1988

Abrimos el número de enero de la revista felicitando a los lectores con motivo del Año Nuevo: 1988.

Esta vez se dedica gran espacio a bellas letras, inclusive la tercera y última parte de "Erase una vez un shtetl", novela de Hershl Poliánker (véanse las partes anteriores en los números 4, 5, 6, 8 y 10 de 1987); nuevos relatos del joven prosista Boris Sándler, de Kishiniov, titulados "Viejo pozo bajo viejo nogal", "Sorbo de polvo de tabáco" y "Leib El Burro y sus tres hijos"; cuatro noveletas de la moscovita Shira Gorshman: "Doble felicitación", Chaquetitas, camisitas, abriguitos", "El primer baño de vapor" y "En Leningrado"; y "Adolescencia", cuento de Elvira Faguel (Moscú).

Este año cumplen 115 años del nacimiento del gran poeta judío Jaim Najman Biálik (1873-1934) cuyo aporte al desarrollo de las literaturas hebrea e yíddish es inapreciable. Con motivo de este aniversario publicamos "El Cantar del Pogrom", poema que J. N. Biálik escribió en hebreo y luego tradujo al yíddish. Aguda y brillanate, la obra creada a inicios del siglo presente continúa siendo actual y atractiva y constituye una de las cimas de la literatura judía. El poema aparece acompañado del artículo de Maxim Gorki titulado "J. N. Biálik".

De poesía judía moderna ofrecemos "Chernóbil", poema de Moishe Pens (Majachkalá), y un ciclo de versos de Motl Golbshtein (Simferópol).

En la sección "Nuevas traducciones" pueden verse compilaciones de poesías de Borís Pasternak (1890-1960) y Vladislav Jodasévich (1886-1939) vertidas al yíddish por Arón Verguélis (Moscú).

Al 100 Aniversario del destacado escritor y personalidad pública de Alemania Arnold Zweig (1887-1968) consagramos la publicación de un artículo sobre él de Zalman Libinzón, Doctor en Filología (Gorki), con lo cual celebramos también el 70 Anniversario del autor.

Hijo de guarnicionero judío, A. Zweig estudió en varias universidades alemanas. Comenzó a publicarse en 1908. Combatió en la primera guerra mundial; impresiones que impregnaron su novela "Tragedia del suboficial Grisha" traducida a muchos idiomas (incluido el ruso), la cual lo elevó al rango de los grandes escritores alemanes. Tras la llegada al poder de los fascistas en 1933, A. Zweig emigró de Alemania, vivió en Checoslovaquia, Suiza, Francia y al fin, en Palestina, donde fundó y luego presidió la Liga de Ayuda a la Russia Soviética. En 1943, en este país vio la luz su novela antifascista "El hacha de Wandsbeck", en hebreo. En 1948 Arnold Zweig regresó a la RD Alemana y fue uno de los promotores de la nueva cultura alemana.

Publicamos las memorias sobre el poeta judío Moishe Teif (1904-1966) de Mania Landman (Moscú).

Ofrecemos también la reseña de Tijon Jrénnikov, Artista del Pueblo de la URSS, del espectáculo "Violinista en el techo" (música: Jerry Boke, texto: Joseph Stein y Sheldon Harnik, versión rusa: Polina Melkova) realizado por el Teatro Estatal de Opereta, de Moscú. El autor manifiesta que el estreno en la capital soviética del mundialmente conocido *musical* basado en la obra de Sholom Aleichem se continuyó en un gran evento para dicho teatro y para la vida cultural de esta capital.

The January issue concludes the publication of "Art Unites and Brings People Together", part 3 (started in issues Nos 8 and 12, 1987), by art critic Mikhail Ostrovsky (Moscow), which is devoted to the development of the multi-national Russian theatre in the latter half of the 19th century.

Issue No 1 includes a new essay "Meeting with the Past" by Oleg Gerasimov (Moscow). The author draws his material from foreign countries, mostly from the Middle East and Africa. "It is always pleasant to visit a country you visited before; he writes, particularly if it is associated with agreeable memories. Visiting Sana, the capital of the Yemeni Arab Republic, was doubly pleasant for me, for twenty years ago it was there that I made by first steps as an Arabic scholar and got to know the talented and proud people meetings with whom remained in my memory for life. In September 1962, officers of the Yemeni army overthrew the monarchist regime and proclaimed the first republic on the Arabian Peninsula. At the beginning of 1963, having worked in Nothern Yemen for almost four years, I left for home. When visiting other Arab states, I often checked my impressions against the Yemeni standard". The author cites the following historical fact. The biblical queen of Sheba prompted by feminine curiosity, venstured to start on camels from the Yemeni city of Mareb for Jerusalem to visit the Judaic King Solomon. She was not frightened by the discomforts of the road almost three thousand klm long, along sands, barren valleys and lava fields. This can serve as an example of the dynamism of the Yemeni people and their legendary ancestors.

It also contains an article by Alexander Kryukov (Moscow) entitled "Voice of Israel" Radio-Station".

Issues Nos 9 and 10, 1987, carried materials about the unseemly actions of the leaders of the "Pamyat" ("Memory") informal association. In the current issue the subject is commented on by journalist A. Cherkizov (Moscow) in his article entitled "Challenge".

Dmitri Brudny's (Moscow) essay "Whatever May Happen..." introduces the readers to the carer of the world renowned conductor Yuri Fayer, National Artist of the USSR, who devoted all his life to the Bolshoi Theatre.

The issue includes its traditional sections "Sovietish Heimland Mail", "Materials for a Lexicon of Jewish Soviet Literature", "Teach Yourself Yiddish", "Chronicle of Culture and Literature".



**Supplement to the issue:**
**"Notes of a Journalist" by Eduard Rosenthal**

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 1, January, 1988

The current issue opens with New Year greetings.

It presents a wide variety of prose: the concluding part, No 3, of Hershl Polyanker's (Kiev) novel "There Was a Shtetl Once" (the foregoing parts were published in issues 4, 5, 6, 8 and 10, 1987), new stories "The Old Well under the Old Walnut Tree", "A Pinch of Snuff" and "Leib-Ass and his Three Sons" by Boris Sandler, a young prosaist from Kishinev; novellas "Double Greetings", "Little Blouses, Little Shirts, Little Jackets", "The First Bath" and "In Leningrad" by Shira Gorshman (Moscow), as well as "Adolescence", a story by Elvira Fagel (Moscow).

This year will see the 115th birthday anniversary of the great Jewish poet Chaim-Nachman Byalik (1873-1934) who made a priceless contribution to the development of Yiddish and Hebrew literature. In commemoration of this date the magazine publishes Byalik's poem "Tale of a Pogrom", first written in Hebrew and then translated into Yiddish by the author himself. Dramatically and vigorously written, urgent for the early 20th century, the time it was composed, the poem retains today its attraction and actuality, constituting as it does, an unsurpassed masterpiece of Jewish literature as a whole. The poem is supplemented with Maxim Gorky's article "Ch.-N. Byalik".

Modern poetry is represented in the issue by Moyshe Pens' (Makhachkala) poem "Chernobyl" and poems by Motl Golbshtein (Simferopol).

The "New Translations" section carries selections of poems by Boris Pasternak (1890-1960) and Vladislav Khodasevich (1886-1939) translated into Yiddish by Aron Vergelis (Moscow).

The magazine commemorates the birthday centenary of the outstanding German writer and public figure Arnold Zweig, by publishing an article devoted to him by Zalman Libinzon, Ph. D. Philology (Gorky) whose 70th birthday anniversary "Sovietish Heimland" is also marking.

Son of a Jew-saddler, Arnold Zweig went to different German universities, and began to publish his works in 1908. Participant of the First World War, he recorded his impressions in his novel "The Tragedy of Sergeant Grisha" translated into many languages (with Russian among them), which placed him in one row with the leading German writers. After the nazis came to power in Germany in 1933, A. Zweig emigrated, living in Chekhoslovakia, Switzerland, France and, finally, in mandated Palestine where he became one of the founders and subsequently president of the "Help to Soviet Russia League". It was there that his anti-fascist novel "The Wandsbeck Axe" was published in Hebrew in 1943. Arnold Zweig returned, in 1948, to the German Democratic Republic to become one of the leading figures in the new German culture.

The current issue features the memoirs of Manya Landman (Moscow) about the Jewish poet Moyshe Teyf (1904-1966).

Included in the issue is a review by Tikhon Khrennikov, National Artist of the USSR, of the performance "Fiddler on the Roof" (translated by Polina Melkova) produced by the Moscow State Operetta Theatre. The reviewer states that the production of this world renowned musical based on Sholom Aleichem's "Tevye the Milkman", has become a significant event both in the creative biography of the Operetta Theatre and the cultural life of Moscow.

